# אייניקע גרונט פרינציפּן און כללים
## בנוגע דיני ממונות און דיני נפשות

אַן אויספירלעכע—פּאָלעמישע—אָפּהאנדלונג וועגן אייניקע גרונט פּרינציפּן און כללים בנוגע דיני נפשות און דיני ממונות — אין צוזאַמענהאנג מיט דעם דרש פון די חז״ל: „שור ולא אדם״ און פילע אנדערע ענינים, וואָס שטייען אין א געוויסער שייכות מיט דעם דאָזיקן דרש.

פון

ש. צ. זעצער

פאַרלאַג „דאָס וואָרט״ ביבליאָטעק, ניו יאָרק

# איי̆ניקע גרונט פרינציפּן און כּללים בנוגע דיני ממונות און דיני נפשות

## א

איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין, פאר וואָס זיי זיינען אזוי מרעיש עולמות אין „בצרון" וועגן דעם דרש „שור ולא אדם" פון די חכמי התלמוד. איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין, פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען צו זיי אזויפיל קשיות, וואָס זיינען אין אמתן גאָר קיין קשיות ניט, פונקט ווי איך קען אויך ניט פארשטיין, פון וואַנען עס האָט זיך צו זיי אזא רייכער אוצר פון הינקעדיקע תירוצים גענומען.

און ראשית כל וועגן די קשיות און תירוצים פון הרב פורת.

פון וואַנען האָט עס הרב פורת גענומען, אז אן עבד אָדער אן אמה — אַ דינסט — ווערן זיכער, לויט דער תורה, פאַרעכנט אין יורידישן זין ווי נאָר קנין כסף — „נכסי ממוני" — ווי געלט אייגנטום נאָר, ווען עס האַנדלט זיך אפילו וועגן אזא פאַל, ווי דער פאַל, וועגן וועלכן ער רעדט, ווען א קנעכט אָדער אַ דינסט ווערט געהרגט, אריינפאַלנדיק אין א גרוב, וואָס איינער האָט אין א רשות הרבים אויסגעגראָבן. פון וואָס פאר א ספר האָט ער דאָס ארויסגעלערנט?

אמת, אז אפילו, ווען מען וואָלט אין דעם פאַל דערקלערט אלס שולדיק דעם בעל הבור אין דעם טויט פון דעם קנעכט אדער דער דינסט, וואָלט מען אים ניט צום טויט פאַראורטיילט, נאָר ער וואָלט אָפּגעקומען מיט דעם, וואָס ער וואָלט געמוזט געלט פאר דעם געהרגטן קנעכט צו זיין בעל הבית באַצאָלן. דאָס וואָלט אָבער געטאָן געוואָרן ניט מחמת דעם, וואָס מען נעמט אָן, אז נאָכאַלעמען האנדלט זיך דאָ ניט וועגן דעם, וואָס מען האָט א מענטשלעך לעבן אומגעבראַכט, נאָר וועגן דעם, וואָס מען האָט פרעמד אייגנטום פאַרניכטעט. וואָרום אויך דער סטאַטוס פון זייער לעבן איז ניט מער, ווי נאָר אן אייגנטום סטאַטוס אין יורידישן זין. פון דעם קען מען נאָך אלץ ניט ארויס־

דרינגען, אז לויט דער תורה ווערן עבד ואמה נאָר אלס קנין כסף פאררעכנט שטענדיק.

ווארום תשלומי ממון — געלט שטראָף — ווערן אין צווייערליי קאַטעגאָריען איינגעטיילט: אין אזוינע, וואָס זיינען פארבונדן מיט פּראָצעסן, וואָס באלאנגען דורכאויס און אויסשליסלעך צו דער קאַטע־גאָריע פון דיני ממונות און נזקי ממונות, און אין אזוינע, וואָס זיינען פארבונדן מיט פּראָצעסן, וואָס באלאנגען דורכאויס צו דער קאַטעגאָריע פון דיני נפשות און אבוד נפשות, כאָטש די שטראָף לאָזט זיך דאָ ניט אויס צום לעבן פון דעם באַשולדיקטן, נאָר—צו דער קעשענע זיינער.

ווארום אויך דאָס, וואָס ביי א „שור המועד", למשל, וואָס האָט א קנעכט אָדער א דינסט געטויטעט, קומט דער בעל השור אָפּ נאָר מיט באַצאָלן דרייסיק זילבער שקלים צום בעל הבית פון קנעכט, איז כלל ניט דערפאר, וואָס א קנעכט און א דינסט ווערן אין אלערליי פאר־שיידענע פאַלן באַטראַכט אין יורידישן זין, לויט דער תורה, נאָר ווי א חפץ, ווי א שטיק אייגענטום, דערפאר וואָס זייער סטאַטוס בנוגע זייער לעבן איז, לויט דער תורה, ניט דער זעלבער ווי פון יעדן אנדערן מענטשן, וואָס איז בצלם אלהים באַשאַפן געוואָרן; דערפאר, וואָס מיר האָבן פאַר זיך דאָ אַ פאַל, וואָס באַלאַנגט צו דיני ממונות נאָר, ניט צו דיני נפשות. ניין, כלל ניט דערפאַר.

אין דער זעלבער פרשה „משפטים", א וואו עס רעדט זיך וועגן מיתת עבד או אמה דורך א שור המועד, ווערט דאָרטן מיט א פּאָר שורות פריער אויך נאָר וועגן תשלומי ממון גערעדט, טראָץ דעם וואָס דער קרבן פון שור המועד דאָרטן איז א בן חורין דווקא. פון דעם איז קלאָר, אז אויך דאָס, וואָס אין אָט יענעם שור המועד פאַל — ווען דער קרבן איז א קנעכט אדער דינסט — באצאָלט ניט דער בעל השור מיט זיין לעבן, נאָר מיט געלט, איז ווי איך האָב פריער באַהויפּ־טעט, ניט דערפאַר, וואָס דאָס לעבן פון קנעכט איז ווייניקער וויכטיק, ווי דאָס לעבן פון א בן הוריך, דערפאר וואָס זיין טויט ווערט באַטראַכט ווי דער טויט פון אן אָקס אָדער אן עזעל, נאָר מחמת גאנץ אנדערע מאָטיוון; צוליב די זעלבע מאָטיוון, וואָס אפילו, ווען אנשטאָט דעם עבד וואָלט דער קרבן פון שור המועד גאָר דער בעל הבית פון עבד

געוועז, וואָלט אויך דאן דער בעל השור נאָר מיט א געלט שטראָף אָפּגעקומען.

פון דער תורה אליין, אלזא, איז קלאָר, אז ווען עס האנדלט זיך וועגן מיתת אדם, איז דאָס, וואָס דער אָנגעקלאָגטער ווערט באשטראפט — ווען ער ווערט באשטראפט — נאָר מיט געלט, ניט מיט טויט, איז כלל קיין באוויז ניט, אז מיר האָבן דא צו טאָן מיט א פאַל, וואָס איז לויט דעם כאַראַקטער זיינעם, לויט דעם נעגאַטיוון מאָראַלן אינהאלט זיינעם, נאָר אינגאנצן פון דעם ענין פון דיני נפשות אויס־געשלאָסן; איז קלאָר, אז תשלומי ממון ווערן אין צווייערליי קאַטע־גאָריען איינגעטיילט, אין אָט יענע צוויי קאַטעגאָריען, וועגן וועלכע איך האָב פריער גערעדט.

און ווי באלד אזוי בלייבט נאָך אלץ די פריערדיקע קשיה: פון וואָס פאר א ספר האָט עס הרב פורת ארויסגעלערנט, אז אן עבד אדער אן אמה ווערן, לויט דעם אידישן דין אין אלע פעלע פאַרעכנט אין יורידישן זין ווי געלט אייגנטום? פון ספר „תורה” האָט ער דאָס ניט געקענט ארויסלערנען. טאָ פון וואָס פאר אן אנדער ספר האָט ער דאָס ארויסגעלערנט?

איבעריגנס, וואָס פאַר אַ נפקא מינא איז דאָס דען, פון וואָס פאר א ספר ער האָט דאָס ארויסגענומען. ספר „תורה” און ספר „וואָס פאר אן אנדער” — איז שטענדיק ספר תורה קודם.

און אויב אזוי, פאר וואָס דענקט ער, אז מען מוז אָננעמען זיין דערקלערונג פאר דעם, וואָס, ווען א מענטש ווערט געהרגט, אריינ־פאלנדיק אין א גרוב, איז דער בעל הבור פטור, ווען ער ווערט אָבער נאָר געניזיקט, איז ער חייב. ווארום אויב ניט, האָבן מיר פאר זיך די שווערע קשיא, פאר וואָס אז אפילו דער געהרגעטער איז אן עבד אדער אן אמה — איז אויך דאן דער בעל הבור אינגאנצן פטור. אפילו דמי נזק פארן פאַרלוסט פון קנעכט פאָדערן מיר פון אים ניט.

וואָס פאר א קשיה איז דאָס? ער באַדאַרף ניט באצאָלן דמי נזק מחמת דעם זעלבן טעם — וואָס איז — אגב — כלל ניט דער זעלבער, וואָס דער חשובער אייזיק עלען גיט אָן — וואָס ווען אפילו דער קרבן זאָל דער בעל העבד זיין, ניט דער עבד, וואָלט אויך דאן דער גאנצער אינהאלט פון דעם פראָבלעם, וואָס מיר וואָלטן דאן געהאט פאר זיך אויסשליסלעך נאָר אן אינהאלט פון דיני נפשות געוועזן. פונקט ווי

דאַן וואָלטן מיר ניט אויסגעבּרייטערט דאָס פּראָבלעם, כדי איינצושליסן אין דעם נאָך א צווייטן אספּעקט — אן אַספּעקט פון דיני ממונות, ווען אפילו עס וואָלטן פאר דעם יאָ טעכנישע, אומשטענדלעכע מעג־לעכקייטן געווען, פונקט אזוי טוען מיר דאָס ניט אויך אין דעם דאָזיקן פאַל.

דער זעלבער מאָטיוו, וואָס מאכט פּרינציפּיעל אוממעגלעך פאר אונדז, ווען עס האנדלט זיך וועגן דעם פאַראורזאַכטן דורך איינעם טויט פון א בן חורין, מיר זאָלן קענען איינשליסן אין פּראָבלעם, וואָס מיר האָבן דאן פאר זיך אויף דעם ענין פון פאַראורזאַכטן געלט שאָדן, וואָס איז מיט אָט יענעם טויט פאַרבונדן, מאכט אויך אוממעגלעך, דאָס צו טאָן, ווען עס האנדלט זיך וועגן אן עבד.

דער זעלבער פּרינציפּ, אויף וועלכן עס באזירט, למשל, דער דין ביי א שור המועד, אז מיר פּריווילעגירן ניט דעם בעל העבד מיט א געלט תביעה פון בעל השור פאר דעם פאַרלוסט פון קנעכט, וואָס ער האָט געהאַט — אויף דעם זעלבן פּרינציפּ באַזירט אויך דער זעלבער דין וועגן ניט קענען מאָנען קיין שאדענערזאַץ פאַרן קנעכט אויך דאָ, אין דעם פאַל פון גרוב.

ווארום פונקט ווי דאָס לעבן פון א בן חורין איז ניט קיין נכס ממון, אזוי איז אויך דאָס לעבן פון אן עבד ניט קיין נכס ממון. און דעריבער מוזן די זעלבע פּרינציפּן, וואָס רעגולירן די אלע דינים, אין וועלכע דער ענין פון דיני נפשות געפינט זיך — ווען עס האַנדלט זיך וועגן א בן חורין, אויך די ענלעכע דינים ארום אן עבד רעגולירן. בנוגע זיין לעבן איז דער סטאַטוס פון אן עבד דער זעלבער, ווי איך האָב דאָס שוין פריער פאָרמולירט, ווי פון א בן חורין.

און איך פרעג נאָכאַמאָל: פון וואַנען האָט עס דער ווירדיקער הרב פורת גענומען, אז יורידיש איז אן עבד ניט מער — און אלס אזעלכער קען ער אויך אין אזא פאל ווי דער, וועגן וועלכן הרב פורת רעדט, באַטראַכט ווערן — ווי נאָר א נכס ממון?

די תורה מאכט קיין אונטערשייד ניט צווישן א בן חורין און אן עבד, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זייער לעבן. פאר דעם טויט פון אַן עבד קומט מיתה פונקט ווי פאר דעם טויט פון א בן חורין. און

אפילו, ווען דער מערדער איז דער בעל הבית פון קנעכט ווערט ער צום טויט פאַראורטיילט. א שיינער נכס ממון איז ער, ווען, לויט דער תורה, מוז דער בעל הבית דעם קנעכט זיינעם גאָר אינגאנצן באַ־פרייען, אויב ער האָט אים אן אויג אויסגעשלאָגן, אדער א צאָן אויס־געזעצט. אזא דין בנוגע די אנדערע נכסי ממון זיינע, ווי, למשל, בנוגע דעם אָקס זיינעם אדער זיין עזעל, האָבן מיר דערוויייל אין דער תורה נאָך ניט געפונען. און, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגע־וויזן, איז אויך ביים ענין פון א שור המועד ווערט אין דער תורה קיין שום אונטערשייד ניט געמאכט צווישן א בן חורין און אן עבד. דער קליינער אונטערשייד צווישן קנס און כופר רירט ניט אָן דעם הויפט פרינציפ. דער עיקר איז, אז אין די ביידע פעלע האנדלט זיך ניט וועגן דמים. די אלע דינים, וואָס מיר געפינען אין דער תורה, בנוגע דעם סטאַטוס פון אן עבד, זיינען אלע דורכגעדרונגען פון דעם גייסט, וועלכער ווערט אזוי וואונדערלעך שיין פאָרמולירט פון רמב"ם, אז „אויך דער קנעכט גייט אין כלל פון אחיך אריין". און באַרעכנט נאָר: דאָס אלעס רעדט זיך נאָך וועגן אן עבד כנעני דערצו. וואָס אַמבאַלאַנגט אן עבד עברי, איז דער סטאַטוס זיינער, ווי דער סטאַטוס פון א בן הורין לכל דבר. אפליו אָט די וועניקע אונטערשיידן, וואָס זיינען דאָך פאַראַן צווישן א בן חורין און אן עבד — ווערן אין פאַל פון אן עבד עברי אינגאנצן פאַרשוואונדן. איבעריקנס: אויך אָט יענע אָפּנויגונגען פון פרינציפ, אז אויך אן עבד כנעני איז בכלל אחיך, זיינען פון ניט וויכטיקער באַדייטונג. אלנפאלס, זיינען זיי ניט אזוינע, וואָס ענדערן מערקבאר — אייגנטלעך, אפילו ניט־מערקבאר. אין דער הינזיכט — ענדערן זיי בכלל גאָר ניט — דעם סטאַטוס זיינעם בנוגע זיין לעבן. זיי זיינען קליינע אויסנאַמען, פאר וועלכע עס זיינען באַ־זונדערע, אינדיווידועלע מאָטיוון פאַראַן, וואָס האָבן כלל ביט צו טאָן מיט דעם, וואָס יורידיש איז דער עבד נאָר נכס ממון, נאָר מיט דעם, וואָס ער איז יורידיש, ווען עס האַנדלט זיך ניט וועגן זיין לעבן, אדער אפילו נאָר וועגן זיין קערפּער, אויך א נכס ממון.

---

און אז בשל עוזר איז נפל עזור.

מיט דעם צעפאלן זיך פון דעם יסוד, וואָס דער הרב פורת האָט אַוועקגעשטעלט פאר דעם בנין זיינעם, צעפאלט זיך אין שטיקלעך

אויך דער בנין, וואָס ער האָט אויף דעם דאָזיקן יסוד אויפגעשטעלט. איך מיין אָט די דערקלערונג, וואָס ער גיט אונדז בנוגע דעם גאַנצן דינים געוועב ארום דעם ענין פון בור; די דערקלערונג, וואָס זאָגט אונדז, אז דערפאר זאָגן אונדז די הכמי התלמוד, אז ווען א בן חורין אָדער אַן עבד פאַלן אריין אין אַ גרוב, וואָס איינער האָט אין רשות הרבים אויסגעגראָבן, און ווערן געהרגט פון פאַל, באפרייען מיר אינ־גאַנצן דעם בעל הבור, ווען אבער זיי ווערן נאָר געניזיקט, איז דער בעל הבור חייב — ווייל אין ערשטן פאַל טראָגן מיר אריבער דעם אחריות פאר דעם וואָס האָט פאַסירט אויף דעם קרבן, ווערנד אין צווייטן פאַל לאָזן מיר פאַלן דעם גאנצן אחריות אויף דעם בעל הבור. פאַר דער דאָזיקער משונהדיקער המצאה ברענגט ער אונדז אין נאָמען פון בעל „תורה תמימה" די פאָלגנדע באַגרינדונג: אין ערשטן פאַל טראָגט מען איבער דעם אחריות פאר דעם אומגליק וואָס איז געשען אויף דעם קרבן, דערפאר וואָס מיר זאָגן: זיי — די געהרגעטע — וואָלטן געוווען באַדאַרפט אַכטונג געבן, ווען זיי זיינען אין זייער וועג געגאנגען. ווען זיי — די אריינגעפאלענע אין גרוב — זיינען אבער נאָר געניזיקט געוואָרן, לאָזן מיר פאלן די אחריות אויף דעם בעל הבור, אפילו, ווען דער ניזוק איז א מענטש, ווייל מיר זאָגן דאן: עס איז ניט דער שטייגער פון מענטשן, זיי זאָלן אַכטונג געבן אויף יעדן שריט זייערן, בשעת זיי גייען.

ווייס איך ניט. איך האָב אין „תורה תמימה" נאָך ניט נאָכגעזען. לאָמיר האָפן, אז מיט דעם „תורה תמימה" וועט זיך אויסלאָזן דאָס זעלבע, וואָס מיט דעם רא"ש, וואָס דער הרב פורת ציטירט, וועגן וועלכן מיר וועלן שפּעטער ריידן. סיי ווי אבער — אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות. וואָס פאר אונדז איז וויכטיק איז ניט, צי דער בעל תורה תמימה איז א שותף צו דער דאָזיקער דערקלערונג, אָדער ער איז צו איר ניט קיין שותף, נאָר אויסצוגעפינען, וואָס די דאָזיקע דערקלערונג שטעלט מיט זיך פאָר אזוינס. און אויף דאָס אויסצוגעפינען פאָדערט זיך כלל ניט קיין גוואַלדיקע אָנשטרענגונג. מען דאַרף כלל ניט האָרעווען פיל אויף אויסצוגעפינען, אז זי שטעלט מיט זיך קיין גוואַלדיקע אויסשטעלונג ניט פאָר.

עס זעט אויס, לויט דער דאָזיקער דערקלערונג, אז מען באַ־שטראָפט דעם קרבן נאָר דערפאר, וואָס ער האָט ניט באַוויזן קיין

קונץ, שוין אריינפאלנדיק אין גרוב, ער זאָל דאָרטן ניט דערהרגט ווערן, ניט דערפאר, וואָס ער איז ניט פאַרזיכטיק געווען, גייענדיק אין וועג זיינעם, ער זאָל ניט דארפן אין גרוב אריינפאלן. ווארום אויב מען לעגט יאָ דערפאר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט ארויף, טאָ פאר וואָס לעגט מען ניט דערפאר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט ארויף אויף איינעם, וואָס האָט דאָס גליק געהאט נאָר דעם האלדז און נאַקן זיינעם ברעכן. דאָס הייסט דאָך, פשוט, איזדיעקעווען זיך איבער א טויטן. עס קומט אויס, אז מען באשטראָפט אים מיט ארויפלעגן אויף אים די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאר זיין אריינפאלן אין גרוב, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון דער זעלבער אורזאַכע, פון וועלכער אָט אזא פאַסירונג ווערט פאַראורזאכט אויך אין אָט יענע פעלע, ווען זי ענדיקט זיך פארן קרבן נאָר מיט געניזיקט ווערן — נאָר דערפאר, וואָס זיין פינצ־טערער מזל האָט גורם געווען, ער זאָל ניט אָפּקומען נאָר מיט געניזיקט ווערן, נאָר ער זאָל דווקא דערביי זיין לעבן פארשפּילן. וואו איז דער יושר? וואו איז דאָ דער לאָגישער צוזאַמענהאנג, אז ווען ער ווערט געהרגעט אריינפאלנדיק אין גרוב, זאָגן מיר יאָ, אז ער וואָלט געוועזן באַדאַרפט אַכטונג געבן גייענדיק, און ווען ער ווערט נאָר גע־ניזיקט, זאָגן מיר שוין, אז דער שטייגער פון בעלי חיים איז ניט צו קוקן אויף יעדן טריט, וואָס זיי מאַכן. דער מאָטיוו פון יאָ אדער ניט ארויפלייגן דעם אחריות אויף וועמען קען דאָך ניט זיין אָפּהענגיק פון די רעזולטאַטן, וואָס דאָס אריינפאלן אין גרוב האָט פאראורזאַכט, נאָר פון די אורזאַכן וואָס האָבן דאָס אריינפאַלן פאַראורזאכט.

די אורזאַכן אָבער פון דעם אריינפאַלן אין גרוב זיינען דאָך אין בידע פעלע פונקט דיזעלבע: אין בידע פעלע איז די אורזאַכע פון אריינפאלן פון קרבן דאָס, וואָס ער איז ניט פאָרזיכטיק געווען גייענדיק. טאָ ווי־זשע איז דאָס מעגלעך, אז אין איין פאַל כון די בידע — ווען ער ווערט געהרגעט — זאָלן מיר יאָ די אומפאָרזיכטיקייט זיינע אים פאַר א חטא פאַררעכענען, און אין צווייטן פאל שוין ניט?

וואָס פאר א זין האָט די באַהויפּטונג, אז דערפאר באשולדיקן מיר ניט אין ערשטן פאַל דעם בעל הבור אין דעם אומגליק, וואָס עס האָט געטראָפן — ווייל ניט ער איז דער גורם געווען פון אומגליק, נאָר דער קרבן אליין, דורך דעם, וואָס ער האָט ניט אכטונג געגעבן גייענדיק, אז עס זאָל מיט אים קיין אומגליק ניט געשען; וואָס פאר

אַ זין האָט די דאָזיקע באַהויפּטונג, ווען תוך כדי דבור, ווען עס האנדלט זיך וועגן צווייטן פאַל, באהויפּטן מיר שוין, אז דווקא דער בעל הבור באַדאַרף באַטראכט ווערן אלס דער גורם פון אומגליק, אבער ניט דער קרבן, כאָטש געשען איז דאָס אריינפאלן זיינס אויך דאָ מחמת דעם, וואָס ער האָט ניט אכטונג געגעבן, עס זאָל מיט אים ניט איבער דעם וועג זיינעם קיין מכשול טרעפן? וואָס פאר א טעם קען האָבן, נאָך דער פריעריקער באַהויפּטונג, די ערקלערונג, וואָס ווערט דאָ — אין צווייטן פאל — געגעבן פאר דעם? — די דערקלע־רונג, אז ווייל דערמיט, וואָס דער קרבן איז אומפאָרזיכטיק געווען, איז ער ניט פון גדר פון אלע אנדערע מענטשן ארויסגעגאנגען, ווארום קיינער ציילט ניט די טריט זיינע, ווייל יעדער איינער איז אויף אזויפיל אומפאָרזיכטיק, ווען ער גייט אין וועג — מוז דעריבער די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאר דעם אומגליק דורכאויס נאָר אויף דעם בעל הבור פאלן. ווארום ער האָט מיט דעם בור זיינעם א מכשול לרבים אויפגעשטעלט; א מכשול ניט נאָר פאר אויסנאמליכע יחידים, וואָס זיינען אויסערגעוויינלעך אומפאָרזיכטיק, נאָר אויך פאר די דורכשניט־לעכע מענטשן.

עס איז דאָך ממה נפשך: אויב מיר זאָגן אין דעם פאַל, אז דער קרבן האָט ניט מער ווי נאָר די געוויינלעכע מענטשלעכע אומפאָרזיכטי־קייט ארויסגעוויזן, אריינפאַלנדיק אין גרוב, דארפן מיר דאָך אויך אין ערשטן פאַל דאָס זעלבע זאָגן. און פארקערט אויך דאָס זעלבע. אויב מיר באנוצן זיך ניט מיט דעם דאָזיקן מאָטיוו אין ערשטן פאַל, קענען מיר זיך מיט אים אויך אין צווייטן פאַל ניט באנוצן. וואָס פאר אן אבסורד מוז דאָס זיין — צו באנוצן זיך מיט צוויי באזונדערע פרינציפּן, וואָס דער אינהאלט פון יעדן איינעם פון זיי איז קעגנגעזעצט צום אינ־האַלט פון צווייטן, פאר פאלן צוויי, וואָס טראָגן דעם, וואָס זיי זיינען באזונדערע, באלאנגען זיי דאָך צו איין טיפּ ביידע. אין אַזאַ פאַל האָבן מיר קיין אנדער ברירה ניט, ווי נאָר מיט איינעם פון די צוויי גאָר איננאנצן כפרות שלאָגן, און מיט דעם איבערגעבליבענעם פאר די ביידע פאַלן זיך באַנוצן.

וואָס פאר אן אבסורד מוז דאָס זיין צו באַפרייען דעם בעל הבית פון אחריות נאָר דערפאר, ווי עס זעט אויס, וואָס דאָס אריינפאלן אין גרוב זיינעם האָט זיך אָט אזוי קאַטאַסטראָפאל פאר דעם קרבן

געענדיגט. עס קומט ווירקלעך אויס, אז מיר נעמען אָן, אז אריינ־פאַלנדיק האָט דער קרבן געהאט די ברירה ניט געהרגעט צו ווערן; ער האָט אָבער די דאָזיקע ברירה זיינע אַליין פאַרטאכלעוועט. עס קומט אויס, אז מיר נעמען אָן, אז ניט טראַכטנדיק וועגן דעם, אז עס קען מיט אים אן אומגליק טרעפן גייענדיק איבער דעם וועג זיינעם — וואָס נאָר דאָס איז דאָך אייגנטלעך די אורזאַכע פון זיין אריינפאַלן געוועזן — האָט ער גלייכצייטיק דערמיט אויך געטראַכט וועגן דעם, אז אויב ער וועט ניט טראַכטן וועגן דעם אומגליק וואָס דערוואַרטעט אים, אין פאַל ער וועט ניט זיין פאָרזיכטיק גייענדיק, וועט ער זיכער זיין לעבן פאַרלירן, נאָר ער האָט אבער דערויף קיין אַכט ניט געלייגט.

ב

און ווי דער לעזער האָט געקענט באַמערקן פון דעם אופן, ווי איך האָב דעם יסוד פאר מיין דאָזיקער אָפּהאנדלונג אוועקגעשטעלט, האנ־דעלט זיך דאָ כלל ניט נאָר אין דעם, וואָס אפילו בנוגע דעם ענין פון בור אליין, קענען מיר פון זיין — פון הרב פורת — דערקלערונג ניט געהאָלפן ווערן, מחמת דעם, וואָס זי ענטהאלט אין זיך מניה וביה א סתירה א גוואלדיקע. ווארום אויב דער איינציקער מאָטיוו פאר דעם, מיר זאָלן יאָ אדער ניט קענען ארויפלייגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף דעם קרבן, איז אפּהענגיק פון דעם, צי מיר האָבן יאָ אדער ניט קיין רעכט צו באַשולדיקן אין אומפאָרזיכטיקייט דעם קרבן — דאַן מוז איןביידע פעלע דער אורטייל — וואָס ער זאָל ניט זיין — א פאָזיטיווער אדער א נעגאַטיווער — אן איינהייטלעכער, איינער און דער זעלבער, זיין. דאַן קענען מיר בשום אופן ניט אין איין פאל יאָ באפרייען דעם בעל הבור פון דער באשולדיקונג און אין א צווייטן פאַל ניט באפרייען.

דער תירוץ, וואָס די דאָזיקע דערקלערונג גיט אונדז אויף דער קשיה, וואָס הרב פורת און די אַנדערע השובע דיסקוטאַנטן פרעגן: פאר וואָס, אז ווען עס האנדעלט זיך ביים ענין פון בור וועגן דעם טויט פון א מענטשן לעגן מיר קיין שטראָף ניט ארויף אויף דעם בעל הבור, דאַן, ווען, אז עס האַנדלט זיך נאָר וועגן געניזוקט ווערן באַשטראָפן מיר אים יאָ; דער תירוץ, אז דאָס איז דערפאר, וואָס אין ערשטן פאל מוזן

מיר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאר דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן, אויף דעם קרבן אליין ארויפלעגן, דאן, ווען אין צווייטן פאַל מוזן מיר זי שוין ביי דער טיר פון בעל הבור אוועקלעגן, מעג זיך אויבנ־אויף א גאנץ פיינער תירוץ זיין, אויף וויפיל עס האנדלט זיך אין דער אויבן פאָרמולירטער פראגע פון די פרעגער. א סך פריילעכער אויפן הארצן ווערט אונדז אבער פון אים ניט. וואָרום ביי א שווערער קשיה בלייבן מיר נאָך אַלץ איבער; ביי דער שווערער קשיה, וואָס איז, כמעט — אייגנטלעך, ניט נאָר כמעט, נאָר — אויב ניט לויט דער פאָרם איז לויט דעם אינהאלט — טאַקי — די זעלבע, ווי די פריער־דיקע: פאר וואָס אין ערשטן פאַל באַשולדיקן מיר יאָ דעם קרבן פאר דער אומפאָרזיכטיקייט, וואָס ער האָט ארויסגעוויזן, און אין צווייטן פאַל ניט.

ניט נאָר, אלזא, נאָר אין דעם אליין האנדלט זיך עס, ווי אויך ניט נאָר אין דעם, וואָס מיר געפינען קיין אחיזה ניט פאר דער דאָזיקער דערקלערונג אין דער תורה, נאָר הויפטזעכלעך אין דעם, וואָס זי פאר־מעסט זיך גאָר א מלחמת חרמה אָנצופירן קעגן אָט יענע אלע יסודות און עיקרים, וואָס געפינען זיך אין איר — אין דער תורה — אין אָט יענע אלע ערטער, אוואו עס קומט איר אויס צו רעדן וועגן אן ענין, וואָס קען געשטעלט ווערן אין אירגנד וועלכן צוזאַמענהאנג מיט איר.

לויט דער דאָזיקער דערקלערונג קומט אויס, אז ווען מען וואָלט ניט געקענט זאָגן, אז דער בעל הבור איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך, וואָלט מען יאָ געקענט פאָדערן ביי אים שאדנערזאץ פאר — אלנפאלס — א קנעכט, וואָס ארייַנפאלנדיק אין גרוב איז ער געהרגעט געוואָרן. אויב אזוי אָבער, פאר וואָס זשע זעען מיר, אז די תורה דערמאָנט גאָר ניט וועגן דעם, ווען עס האנדלט זיך וועגן א שור המועד, וואָס האָט אן עבד אָדער אן אמה דערהרגעט. דאָ איז דאָך שוין ניטאָ דער מאָטיוו פון „ער וואָלט געווען באדארפט פאָרזיכטיק זיין”.

אמת, דער בעל השור דארף אין דעם פאַל דרייסיק זילבער שקלים דעם בעל הבית פון קנעכט געבן. דאָס איז אבער ניט מער ווי נאָר קנס, ניט קיין געלט פארגיטיקונג. ער באצאָלט אים ניט דעם ווערט פון קנעכט. האָט דער קנעכט געמעגט אפילו ווערט זיין טויזנט זילבער שקלים גיט ער אים — דער בעל השור צו דעם בעל הבית פון קנעכט — ניט מער ווי דרייסיק זילבער שקלים, פונקט, ווי ער גיט אים,

אמת, אויך ניט וויניקער, אפילו, ווען ער איז ניט מער, ווי נאָר איין שקל ווערט.

און דאָס זעלבע קען מען אודאי פרעגן, ווען מיר שטעלן זיך אָפּ אויף דעם ענין פון שור תם. דער פאל איז דאָך שוין, ווירקלעך, כמעט דער זעלבער ווי דער פאל פון בור, וואָס אמבאלאנגט דעם אינהאַלט פון פּראָבלעם. ווי ביים בור, באפרייט מען אויך דאָ אינ־גאַנצן דעם בעל השור, ווען עס האנדלט זיך וועגן דעם טויט פון א מענטשן. אויב אבער דער קרבן איז אן אָקס אדער אן אייזעל, צאָלט שוין יאָ דער בעל השור שאָדנערזאץ — כאָטש, אמת, ניט אין דער פולער מאָס. אויך דאָ איז דאָך ניט פאראן דער מאָמענט פון קענען האָבן א טענה צום קרבן, אמאי ער איז ניט פאָרזיכטיק געווען. ער איז דאָך ניט געגאנגען צום שור בעטן זיך ,ער זאָל אים דורס זיין. פאר וואָס זשע קען דער בעל העבד — אין פאַל אויב דער נהרג איז אַן עבד געווען — ניט פאָדערן פון דעם בעל השור, ער זאָל אים א געלט פארגיטיקונג געבן פאר דעם קנעכט, וואָס ער האָט פארלאָרן?

און נאָך מער. דאָ איז פאראן נאָך א האַרבערע קשיה. לויט דער דערקלערונג, וועגן וועלכער מיר רעדן, קומט דאָך אויס, אז אויך דאָס, וואָס מיר באפרייען גאָר אינגאנצן דעם בעל הבור, ווען עס האנדלט זיך וועגן א מענטשן, סיי א בן חורין און סיי אן עבד, איז נאָר דערפאר, וואָס מיר לעגן ארויף די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף דעם קרבן, טאָ פאר וואָס זאָל מען דאָ, וואו דער מאָטיוו, וואָס איין זיין זכות באַפרייט מען דעם בעל הבור, עקזיסטירט גאָר ניט, אויך פאר דעם טויט פון א בעל חורין ניט באַשטראָפן. תאמר, וועסט זאָגן, אז אינו דומה. עס איז קיין פארגלייך ניט. ווארום לא הרי השור כהרי הבור. דעם שור קען מען ניט לחומרא צום בור פאַרגלייכן. מיט דעם, וואָס דער בעל הבור האָט געגראָבן א בור אין רשות הרבים, וועלכן ער האָט נאָכדעם ניט צוגעדעקט, האָט ער דאָך געטאָן א זאַך, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טאָן, דאן, ווען אין פאַל פון שור איז אָט דער מאָטיוו ניטאָ. איז דאָס אויך קיין תירוץ ניט. ווארום אויב דאָס איז אמת, איז אויך דאָס אמת, אז בנוגע א געוויסן אספעקט פון פּראָבלעם איןביידע פעלע איז אויך לא הרי הבור — אויף מחמיר זיין — כהרי השור. ווען ביים ענין פון שור האַנדלט זיך וועגן א דירעקטער, אַקטיווער אַקציע מצד דעם פאקטאָר, וואָס האָט צו דער קאַטאַסטראָפע

גורם געווען, איז ביים בור אָט אזא אקטיווע, דירעקטע אקציע ניט פאַראַן. דער בור איז ניט געגאנגען „אויפזוכן" דעם קרבן זיינעם, ווי דער שור האָט דאָס געטאָן — אזוי, אז וואָס אמבאלאנגט דעם ענין פון פאראנטוואָרטלעכקייט, מוזן מיר, ווירקלעך, דיביידע פעלע אויף דעם זעלבן אופן באַטראַכטן.

איבריגנס, צי דארף מען דאָס ערשט ארויסדרינגען. מיר זעען דאָך טאַקי בפירוש פון דער תורה, אז זי האלט פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל השור פאר דעם, וואָס דער שור תם זיינער האָט געטאָן. ווען ניט אזוי, וואָלט זי דאָך ניט געהייסן פארשטיינען דעם אָקס אין פאל, ווען ער האָט א מענטשן געהרגעט. ווען ניט, וואָלט זיך דאָך ניט געפסקנט, אז דער בעל השור זאָל תשלומי ממון באצאָלן, ווען עס האַנדעלט זיך אויסשליסלעך וועגן א היזק ממון פאל.

דאָ ווידער קומען מיר אבער טאַקי צו דער זעלבער קשיה, וואָס זיי פרעגן ביי בור. פונקט ווי דאָרטן, קען מען דאָ אויך פרעגן: פאר וואָס אז דער אָקס איז נאָר מזיק דעם מענטשן, זאָגן מיר, אז דער בעל הבור איז חייב. ווען אבער ער הרגעט אים איז ער פטור? פונקט ווי זיי גוואלדעווען דאָרטן: „וואו איז די לאָגיק?" וואו איז דער יושר? האָבן מיר דאָך אויך דאָ א רעכט דאָס צו טאָן. ווארום אויך דאָ גילט דאָך דער זעלבער פסק דין וואָס דאָרטן: אויב דער שור הרגעט א מענטשן, איז דער בעל השור נקי, אויב אבער ער איז נאָר מזיק, באדארף ער דער בעל השור אין די פארשיידענע, לויט דעם דין, געהעריקע פאָרמען א געלט פארגיטיקונג געבן.

און פאר וואָס, למשל, איז א שורף גדיש בשבת פטור על הגדיש אפילו ווען ער האָט דאָס בשוגג געטאָן? דער גדיש אליין איז דאָך נעביך גאָט די נשמה שולדיק. אויך דער בעל הגדיש איז נעביך גאָר ניט שולדיק. זיי האָבן דאָך ביידע דאָס ברענען ניט געוואָלט. און פאר וואָס, למשל, איז „החובל ביום השבת פטור?" פאר וואָס איז ער פון די פארשיידענע פאָרמען פון דמים, וועלכע ער וואָלט יאָ באַדאַרפט צאָלן, ווען ער וואָלט דאָס דאָזיקע שטיקל ארבעט געטאָן ניט אום שבת, נאָר אין דערוואָכן? אויך דאָ איז דאָך דער מאָטיוו פון באפרייען פון פאראנטוואָרטלעכקייט ניט פאראן: סיידן מיר זאָלן זאָגן, אז דאָס האָט אים — דעם ביילער — דער רבונו של עולם מזכה געווען מיט א ספּעציעלער מתנה דערפאר, וואָס ער האָט דווקא

דעם הייליקן טאָג שבת אויסגעקליבן פאר דעם פיינעם שטיקל ארבעט — ער זאָל דעם חבר זיינעם צובייילן — וואָס ער האָט אָפגעטאָן. און פאר וואָס איז מכה אביו ועשה בו חבורה פטור פון באצאָלן די אלע מינים דמים, וואָס ער וואָלט באַדאַרפט באַצאָלן, ווען ער וואָלט געווען, ניט דעם טאַטן זיינעם מיט דער חבורה מזכה געווען, נאָר א פרעמדן? און פאר וואָס האָבן מיר דעם זעלבן פסק דין אין פילע — אומצייליקע — מעג מען זאָגן — אנדערע ענלעכע פאַלן?

איך וואָלט ניט וועלן זיין צו שטרענג צו הרב פורת. עס זעט אָבער פאָרט אויס, אז די גאַנצע דערקלערונג זיינע קען ניט נאָר קיין אחיזה אין דער תורה ניט געפינען, נאָר אויך, אז אין נאָמען פון דער תורה מוזן מיר זי אלס שקר מוחלט דערקלערן, מוזן מיר זי פארוואָרפן אינגאנצן. ווארום זי איז קעגן דעם אלעם, וואָס די תורה לערנט אונדז.

---

און פון דעם אלעם, וואָס איך האָב געזאָגט ביז אהער מוז אויך קלאָר זיין פאר דעם לעזער, אז פון דעם, וואָס איך האָב באַוויזן, אז די דערקלערונג פון הרב פורת קען ניט אָנגענומען ווערן, קען מען כלל ניט ארויסדרינגען, אז מיר מוזן שוין די דערקלערונג, וואָס דער השובער מתהיל בדיסקוסיע, ה׳ אייזיק עלען, גיט — וועלכע איז פון הרב פורת אפגעפרעגט געוואָרן, כדי ער — דער לעצטער — זאָל אויף אירע חורבות זיין אייגענע דערקלערונג אויפשטעלן — אלס אייזן שטארק באטראכט ווערן. די דערקלערונג, וואָס הרב פורת גיט מעג טאַקי ניט טויגן. דאָס מיינט אבער ניט, אז ווי באלד זי טויג ניט, מוז שוין די דערקלערונג פון אייזיק עלען טויגן. זיי טויגן ביידע ניט. פונקט ווי די דערקלערונג פון הרב פורת קען ניט געבויט ווערן פון חורבן פון דער דערקלערונג פון ערשטן, פונקט אזוי קען אויך זיין דערקלערונג — דעם לעצטנס — ניט געבויט ווערן פון דעם חורבן פון דער דערקלערונג פון הרב פורת.

ג

אייזיק עלען דערקלערט אונדז, אז דער טעם, פאר וואָס מען באַשטראָפט ניט דעם בעל הבור, ער זאָל דמי נזק באַצאָלן פאַר דעם דערהרגעטן, איז — ווייל מען קען אין דעם פאל ניט דורכפירן דעם

אַקט פון באצאָלן געלט פאר דעם היזק, וואָס איז פאראורזאכט געוואָרן דורך דעם פארלוסט פון געהרגטן. עס איז ניטאָ וועמען די דמי היזק צו געבן. ער אליין איז דאָך שוין ניטאָ אויף דער וועלט. אים קען מען דאָס ניט געבן. די יורשים ווידער קענען דערויף קיין תביעה ניט האָבן. ווארום אויף דעם לעבן פון א מענטשן ווערט קיין ירושה רעכט ניט געגעבן. דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט ניט אין קיין געלט געשאצט. עס קען דעריבער ניט אלס קנין כסף באַטראכט ווערן, וואָס ווערט נאָכן טויט פון אייגנטימער בירושה איבערגעגעבן צו די יורשים זיינע.

מילא. וויל איך ניט רעדן וועגן דעם וואונדערלעכן לאָגישן המשך, וואָס עקזיסטירט צווישן דעם פלאַץ, וואו די דערקלערונג געפינט זיך, מיט דעם אלעם, וואָס עס איז געשריבן געוואָרן ביז דאן אין זיין אָפּ־האַנדלונג. איך האָט דאָ דעם אמתן מוסטער פון א וויסנשאפטלעך „פתח בכד וסיים בחבית" סיסטעם. הויבן הויבט ער אָן מיט דער פראַגע: פאַרוואָס, אז איינער פאַלט אריין אין גרוב און ווערט דערביי נאָר געניזוקט, איז דער בעל הבור חייב; אויב אָבער ער ווערט גע־הרגעטאיז ער שוין פטור? און פארענדיקן פאַרענדיקט שוין ער אויף אַן אופן גלייך, ווי פון אָנהויב און וואָלט גאָר נאָר די קשיה געווען, פאַר וואָס, ווען מיר באפרייען דעם בעל הבור, ווען דער דערהרגעטער איז א מענטש געווען—זאָל ער כאָטש די יורשים קיין דמי היזק*) ניט באַצאָלן פאר דעם פאַרלוסט פון זייער פאָטער? — וואָס דאָס אלעס האָט שוין גאָר אין גאנצן קיין שייכות ניט מיט דעם דרש פון חז"ל פון „שור ולא אדם", וועלכן ער האָט באַלד אין אָנהויב אלס יסוד פאַר זיין אָפּהאנדלונג אוועקגעשטעלט.

עס איז ממש אַ מעשה נסימדיקער „קפיצת הדרך„ פון דעם אויס־גאַנגס־פונקט, מיט וועלכן ער האָט אָנגעהויבן די אָפּהאַנדלונג זיינע, ביז צו אָט דער שטעלע, אין וועלכער ער הויבט אָן דעם תירוץ זיינעם צו געבן; א קפיצת הדרך, איבער וועלכן עס בלייבט קיין פאַראייני־גענדער בריק ניט הענגען. אנשטאָט צוגעבן א תירוץ אויף דער קשיה, וואָס ער האָט באַלד אין אָנהויב געפרעגט, לאָזט ער זי גאָר אינגאנצן אומפארענטפערט איבער. אנשטאָט דעם גיט ער אונדז

*) דמי היזק באַדאַרף דאָ, ווי אויך אין נאָך אייניקע אנדערע שטעלן ווייטער, אין דעם זין פון תשלומי ממון פאַרשטאַנען ווערן.

גאָר א תירוץ אויף א קשיה, וואָס ער האָט גאָר ניט געפרעגט, וואָס וואָלט אויך גאָר קיינעם ניט איינגעפאלן צו פרעגן; א תירוץ אויף א קשיה, וואָס ווען אפילו מען וואָלט זי געקענט פרעגן, האָט זי, ווי שוין געזאָגט, אלענפאלס קיין שום שייכות ניט מיט דעם „שור ולא אדם" דרש פון די חז"ל, מיט וועלכן ער האָט זיין אָפּהאנדלונג אָנגעהויבן, קען זי אלענפאלס ניט באַטראַכט ווערן אלס אזעלכע, וואָס מוז אין אָט יענעם דרש אָנגעהאנגען ווערן, פון אים פאַראורזאַכט ווערן.

עס האָט אַ זין — פון גוואַלדיקן ווערט איז אויך אָט דער זין ניט. עס האַנדלט זיך נאָר אין אויסערלעכער, שיינבאַר לאָגישער פארבינדונג — צו רעדן וועגן דער לאָגישער ניט אויסגעהאלטנקייט פון אָט יענעם דרש, ווען דאָס ווערט געטאָן אין דער פאָרם, אין וועלכער ער — עלען — טוט דאָס באלד אין אָנהויב פון זיין אָפּהאנדלונג, דורך דער קשיה: פאַר וואָס אז ווען איינער פאַלט אריין אין א גרוב, וואָס עמיצער האָט אין א רשות הרבים אויסגעגראָבן, און ער ווערט דערביי נאָר געניזוקט, איז דער בעל הבור חייב, דאָך, ווען אז ער ווערט געהרגעט, זאָגן מיר שוין, אז ער איז פּטור; דורך דער דאָזיקער קשיה, וואָס איך ברייטער, מער דעטאַליזירטער מיין מוז אין זיך איינשליסן — פאַר קיין אנדערן איז דאָרטן קיין פּלאַץ פאַראַן, אויב זי וויל בלייבן ביי איר אויסערלעכער — כאָטש — לאָגישער באַגרינדונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דרש פון די חז"ל — דעם פאָלגענדן אינהאלט: פאַר וואָס, ווען דער אין גרוב אריינגעפאַלענער קרבן ווערט געהרגעט, האַלטן מיר ניט פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור, מיר זאָלן אים באַשטראָפן מיט אָט דער שטראָף, וואָס מען באַשטראָפט געוויינלעך פאַר הרגענען א מענטשן — מיט טויט, פּונקט ווי מיר פירן זיך, ווען דער אריינגעפאַלענער ווערט נאָר געניזוקט. אין דעם פאַל האַלטן מיר דאָך דעם בעל הבור פאַראַנטוואָרטלעך געננג, אז אויך ער זאָל מוזן באשטראָפט ווערן פון אונדז מיט אָט יענער שטראָף, וואָס מען גיט אין אַנדערע פעלע פאַר מזיק זיין א מענטשן, טאָ פאַר וואָס זשע זאָלן מיר אויך דאָ ניט האַלטן אים פאַראַנטוואָרטלעך געננג, מיר זאָלן אויך אים מוזן באשטראפן מיט אָט יענער שטראף — מיט טויט שטראף — מיט וועלכער מען באַשטראָפט אין אַנדערע פעלע פאַר דעם טויט פון א מענטשן; אדער, צום ווייניקסטן, מיט כופר. עס איז דאָך ממה נפשך. אויב מיר האַלטן אים אין ערשטן פאַל פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אומגליק, וואָס עס

איז געשען, מוזן מיר דאָך אים אויך אין צווייטן פאַל פאר דעם וואָס עס איז געשען פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן. און אויב אין צווייטן פאַל האַלטן מיר אים ניט פאַראַנטוואָרטלעך, טאָ פאר וואָס האלטן מיר אים פאַראַנטוואָרטלעך אין ערשטן פאַל, ווען דער אריינגעפאַלענער ווערט נאָר געניזוקט.

און, ווי איך האָב שוין פריער דערויף מרמז געווען, איז, טיפער גענומען, סיי ווי די דאָזיקע קשיה אַן אומזיניקע, וועלכע האָט פאַר זיך קיין שום יסוד ניט. אויסערלעך על כל פנים האָט זי אָבער פאָרט א געוויסן שיינבאַרן זין. וואָס אַמבאַלאַנגט דער פאָרמעלער לאָגישער קאָנסטרוקציע אירער, קען זי דאָך פון אונדז געזען ווערן אלס אזא, וואָס האַלט זיך אויף אַ גאַנץ ראַציאָנאַלן פונדאַמענט. עס איז אַלנפאלס אַן אויסערלעכע לאָגישע פאַרבינדונג פאראן צווישן דער פאָדערונג, וואָס זי אימפּליצירט, אַז אויך אין צווייטן פאַל זאָל מען אים ניט באַ־פרייען פון אָט יענער שטראָף, וואָס עס איז פארבונדן מיט א פאַרברעכן, ווי דער פאַרברעכן, אין וועלכן מיר באַשולדיקן אים דאָ — מיט דעם דרש, וועגן וועלכן זי רעדט.

וואָס פאַר אַ זין האָט עס אבער אָנצוהענגען אָט די צווייטע קשיה, די קשיה, פאר וואָס מיר פסקענען ניט צו דמי היזק צו די יורשים פון געהרגעטן פאר דעם פאַרלוסט פון זייער אייגענעם אין אָט יענעם דרש? וואָס פאר א לאָגישע פאַרבינדונג איז דאָ פאראן צווישן זיי? וואו ליגט דאָ דער כח פון דרש צו פּראָוואָצירן אונדז צו זען א סתירה אין אים נאָר דערפאַר, וואָס ער זאָגט אונדז ניט, אז דער בעל הבור באַדאַרף באַשטראָפט ווערן מיט געבן אַ געלט פאַרגיטיקונג די יורשים פון געהרגעטן? ווי ווערט דאָס פון אים די דאָזיקע קשיה פאראור־זאַכט? פאר וואָס מוזן מיר דאָס זאָגן, אז ווייל זיי פסקענען, אז אויב דער קרבן ווערט געניזוקט דאַרף דער בעל הבור די געהעריקע דמי היזק באצאָלן, וואָלטן זיי געוועזן באַדאַרפט פסקענען, אז אויך ווען ער ווערט געהרגעט באַדאַרף ער די יורשים א געלט פארגיטיקונג געבן? אַ וואו זיינען דאָ די נויטיקע „מה דאכ"ס, „קל וחומר"ס און „כל שכנ"ס? די קשיה וואָלט געהאט א זין, ווען די שטראָף פאַר הרגענען א מענטשן, וואָס די תורה שרייבט אונדז פאָר, וואָלט געווען געלט פאַרגיטיקונג געבן די יורשים. דאן וואָלט געווען א מעגלעכקייט צו זען א סתירה אין דרש. דער אינהאלט פון דער סתירה וואָלט געווען אין דעם,

וואָס אין ערשטן פאַל האַלט מען ניט פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור. מיר זאָגן דאָ ניט אז דער בעל הבור באַדאַרף באצאָלן די געהע־ריקע דמי נזק, וואָס מען פאָדערט געוויינלעך אין פעלע, אין וועלכע מען האַלט יאָ די באַשולדיקטע פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם טויט פון דעם אומגעקומענעם. אין צווייטן פאַל אבער האַלטן מיר שוין יאָ פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור. דאָ זאָגן מיר שוין יאָ, אז דער בעל הבור דאַרף באצאָלן די דמי נזק, וואָס ווערן געוויינלעך ביי נזקי ממונות צום געניזוקטן צוגעפסקנט? דאָ וואָלטן מיר דעם נויטיקן „מה דאך" געהאַט. מה דאך, ווען ער — דער אריינגעפאלענער — איז נאָר געניזוקט געוואָרן, זאָגן מיר, אז ער דאַרף באצאָלן די דמי נזק, מיט וועלכע מען באשטראָפט געוויינלעך דעם מזיק, דאַרף ער דאך די דמי נזק וואָס קומט די יורשים אודאי באצאָלן. עס ליגט דאָך אויף די פלייצעס פון בעל הבור נאָך א גרעסערער פאַרברעכן, ווי אין ערשטן פאַל, טאָ פאר וואָס זאָל ער דאָ יאָ פריי זיין פון די דמי נזק, וואָס קומט פון אים?

וואָס פאר א מה דאָך אָבער קען דאָ איצט זיין? ווי קען מען דאָ פאַרבינדן דאָס, וואָס לויט דעם דרש פון „שור ולא אדם" דאַרף א געניזוקטער יאָ באַקומען דמי נזק, מיט א פאָדערונג, וואָס שטייט אין קיין שום פאַרבינדונג ניט מיט אָט יענער באַהויפּטונג פון דרש, מיר זאָלן קענען זאָגן: מה דאָך אז ביי געניזוקט ווערן באַדאַרף דער בעל הבור דעם געניזוקטן דמי נזק באַצאָלן, דאַרף ער דאָך די יורשים פאַר דעם פאַרלוסט פון זייער אייגנעם אוודאי א געלט פאַרגיטיקונג געבן? אַזאַ מה דאך איז דאָך הוילער אומזין? ווי קומט דאָ אהער פלוצלינג דמי נזק פאַר דעם טויט פון קרבן? פאַר וואָס זאָלן מיר זאָגן, אז ער באַדאַרף יאָ באַצאָלן אזוינע דמי נזק? וואָס פאר אן אינערלעכע סתירה זעען מיר דאָ אין דעם דרש פון די חז"ל? דו פרעגסט דאָך ניט, פאַר וואָס באפרייט מען פון שטראָף דאָ, ווען עס האַנדלט זיך וועגן א גאָר שווערן פארברעכן, דאן, אז ווען עס האנדלט זיך וועגן א פיל גרינגערן באשטראָפט מען אים יאָ? אנשטאָט אָט דער פראַגע שטעלסטו זיך גאָר אָפּ אויף א געוויסער פאָרם פון שטראף, וואָס דו וואָלסט וועלן זי זאָל ווערן אָנגעווענדעט אין דעם פאַל, וועגן וועלכן דו רעדסט. דו פרעגסט, פאר וואָס ווענדן מיר ניט אָן דאָ די פאָרם פון שטראָף, וואָס זו האָסט צוגעטראַכט; פאר וואָס פסקענען מיר ניט

אין דעם פאַל, אז דער בעל הבור זאָל באצאָלן די יורשים פון געהרגעטן פאר דעם פאַרלוסט פון דעם קרבן. וואָס פאר א קשיה איז דאָס אבער?

וואָס די דאָזיקע קשיה זאָל ניט מיינען — האָט זי קיין זין ניט. צי זי מיינטאַ דווקא אָט די פאָרם פון שטראָף, וועגן וועלכער זי רעדט, צי זי מיינט כאָטש די פאָרם פון שטראָף — איןביידע פעלע איז זי אן אומזיניקע. אין ערשטן פאַל האָט זי קיין שום לאָגישע באגרינדונג ניט, אויף וויפיל זי ווערט פארבונדן מיט דעם, וואָס די באהויפטונג פון „שור ולא אדם" זאָגט אונדז, אז אויב דער קרבן ווערט נאָר גע־ניזוקט באַדאַרף מען פון דעם בעל הבור דמי היזק אויפמאָנען — דער־פאַר, וואָס אויב עס איז דיר ניט קשה, פאר וואָס מען באשטראָפט ניט דעם בעל הבור — אין פאַל ווען דער אריינגעפאַלענער ווערט געהרגעט — מיט דער שטראָף, מיט וועלכער מען באשטראָפט געוויינ־לעך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות, דארף דיר אוודאי קיין קשיה ניט זיין, פאר וואָס מען באַשטראָפט אים ניט מיט דער שטראָף, וואָס געוויינלעך באשטראָפט מען מיט איר נאָר ווען עס האַנדלט זיך וועגן דיני ממונות.

און ניט ווייניקער אומזיניק איז זי אויך אין צווייטן זין. ווארום ווידער דאָס זעלבע: עס האַנדלט זיך דאָך וועגן דיני נפשות, טאָ וואו איז דאָ די לאָגישע באגרינדונג, אז ווייל אין פאל פון געניזוקט ווערן פסקענען מיר, אז דער בעל הבור באדארף דמי היזק באצאָלן, דארף ער דאָך, ווען א מענטש ווערט געהרגעט, אוודאי כאָטש דמי נזק צאָלן. ער צאָלט ניט קיין דמי נזק, ווייל עס גילט דאָ ניט אזא מין שטראָף. דאָ איז — אדער מען באשטראָפט מיט א טויט אורטייל אדער מען באַשטראָפט אינגאנצן ניט. פונקט ווי אין דיני ממונות גילט נאָר געלט שטראָף, אָט אזוי גילט דאָ נאָר טויט שטראָף.

מען קען זיך פאָרשטעלן, אַז עס זאָל ווען אײנפאַלן א געדאַנק אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין פון בור קעגן אָט דעם גרונט פּרינציפּ טאַקע ארויסצוטרעטן. מען קען זיך פאָרשטעלן, אז עס זאָל ווען איינפאַלן א געדאנק, אז עס וואָלט א יושר געווען, מען זאָל אויפמאָנען א געלט באַפרידיקונג פאר די יורשים — פון דעם בעל הבור. נאָך גרינגער איז זיך פאָרצושטעלן, אז עס זאָל קענען ווען איינפאלן א געדאַנק, אז בכלל וואָלט על כל פנים א יושר געווען, אז מען זאָל דאָך דעם ענין פון תשלומי ממון איינשליסן אין א פאַל פון דיני נפשות,

דאן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן א דירעקטן, בפועל ממשדיקן היזק ממון. מען קען טענהן, פאר וואָס, אז ווען איינער ליידט אזוי א היזק ממון ווערט ער פון מזיק באַפרידיקט פאר דעם שאָדן, וואָס ער האָט געליטן. ווען אבער דער היזק ממון גייט צוזאַמען מיט דיני נפשות לעגט מען שוין קיין אַכטונג ניט אויף דעם היזק ממון? פאר וואָס זאָל דער, וואָס האָט דעם היזק געהאט מוזן ליידן דערפאר, וואָס דער גורם פון היזק איז נאָך א הורג נפש דערצו. וואָס וועט ער האָבן דערפון, וואָס מען וועט יענעם למיתה דן זיין? עס קומט דאָך אויס, אַז מען באַשטראָפט אים דערפאַר, וואָס מען באדארף דעם פארברעכער טויט־שטראָף געבן?

נאָך מער וואָלט אַזאַ איינער א רעכט געהאַט צו דענקען, אז לכל הפחות וואָלט א יושר געווען צופסקענען שאדענערזאַץ, ווען עס האַנדלט זיך וועגן א דירעקטן, בפועל ממשדיקן היזק ממון, אין א פאַל פון דיני נפשות, ווען מען פאַרמשפט ניט דעם שולדיקן צום טויט. דאָ איז דאָך אוודאי פאַראַן א גרונט אָנצונעמען זיך פאר דער קריוודע פון דעם היזק ליידענדן. אין אַזאַ פאַל — אין אַ סאַל, ווען מען פארמשפט ניט דעם שולדיקן צום טויט — וואָלט מען אפילו, ווען עס זאָל זיך ניט האַנדלען וועגן דירעקטן, בפועל ממשדיקן היזק ממון, אפילו ווען עס זאָל זיך דאַן נאָר וועגן געלט פאַרגיטיקונג פאר יורשים האַנדלען — מיט אין פלוג געגרעכטע טענות געקענט ארויסקומען, טענענדיק: מילא זאָל זיין, אז מען קען איבער דעם באַשולדיקטן ניט ארויסטראָגן קיין טויט אורטייל פאר דעם, וואָס ער — דער, דורך וועלכן מיין פאָטער איז אומגעקומען — האָט דעם טויט פון מיין פאָטער גורם געווען. פאַר וואָס זאָל ער אבער גאָר אינגאנצן פריי געלאָזן ווערן? פאר וואָס זאָל ער כאָטש ניט באשטראָפט ווערן דערמיט, ער זאָל א געלט פאַרגי־טיקונג געבן. ער זאָל א געלט פאַרגיטיקונג באַצאָלן פאר דעם, וואָס איך האָב מיין פאָטער אָנגעוואָרן?

מען קען זיך דאָס אלעס פאָרשטעלן.

קיין שייכות מיט דעם דרש פון די חז״ל האָט אָט דאָס אלעס אבער ניט. אָט יענע אלע פאָדערונגען קענען בשום אופן ניט באטראכט ווערן אלס פאַראורזאַכטע פון א כלומרשטער אינערלעכער סתירה, וואָס געפינט פלאַץ פאר זיך אין אָט יענעם דרש. אויף וויפיל זיי קענען האָבן עקזיסטענץ באַרעכטיקונג פאר זיך — קענען זיי זי האָבן אין זיך

אליין. זיי קענען אבער זי פאר זיך ניט געפינען אין איין טייל פון יענעם דרש, וועלכער געפינט זיך כלומרשט אין אַ סתירה צום צווייטן טייל זיינעם.

אויב מען קען אין דעם פאל רעדן וועגן א סתירה איז נאָר אין דעם זין, אַז די טרעטן קעגן גאַנצן דרש ארויס, אז זיי געפינען זיך אין א סתירה צו איט, אָבער ניט אין דעם זין, די זאָלן קענען איינגעגלידערט ווערן אלס א טייל פון זיין אינהאלט.

זוכן פאַר זיי סאַנקציע פון דעם דרש אליין דורך אַ מה דאָך — אדער אפילו דורך אן איינפאכער אנאלאָגיע — וועלכע קענען דאָ קיין אנדערע ניט זיין, ווי נאָר: מה דאָך — אדער: פונקט אזוי ווי — ביי געניזוקט ווערן זאָגן מיר, אז דער בעל הבור דארף שאדענערזאץ צאָלן — דארף דאָך — אדער: אָט אזוי דארף — ווען עס האנדלט זיך וועגן געהרגעט ווערן אוודאי — אדער: אויך — אויפגעמאָנט ווערן שאדענערזאץ — איז אוממעגלעך, ווייל די גאנצע קאָמפּאָזיציאָנעלע קאָנסטרוקציע איז א פאלשע. דער „פועל יוצא" מיט דעם „פועל מוציא" געפינען זיך ניט אויף איינעם און דעם זעלבן שטח.

אויך דאָס, וואָס אין הינטערגרונד פון אָט יענע פאָדערונגען קענען אוועקגעשטעלט ווערן אין געדאנק אונדזערן אָט יענע אויבנדערמאָנטע טענות, אין וועלכע זייער — פון די פאָדערונגען — באגרינדונג געפינט זיך, קען דאָ גאָר ניט העלפן. מען קען נאָך אלץ ניט דורך דעם די פאָדערונגען, וועגן וועלכע מיר רעדן, אלס מסקנה פון אָט יענער באהויפטונג, אין וועלכער דער קל וחומר הענגט זיי אָן, ניט באטראכטן. קאָמפּאָזיציאָנעל בלייבט נאָך אלץ די קאָנסטרוקציע פון קל וחומר א לאָגישע פארזעעניש.

יעדער ארגומענט, יעדע באהויפטונג, וואָס איז פון דעם מין, צו וועלכן די באַהויפטונג פון די הז"ל, אז אין „שור ולא אדם" ווערט א פאל פון נאָר געניזוקט ווערן ניט איינגעשלאָסן — געהערט, רעדוצירט זיך סוף כל סוף צו א סילאגיזם. און יעדער סילאָגיזם — א דירעקט אדער אומדירעקט אויסגעדריקטער — קען געמאָלט זיין נאָר דאן, ווען די מסקנה, וועלכע מען וויל פון א פריערדיקער הנחה אדער באהויפטונג ארויסברענגען, איז שוין פון פריער פון זיך אליין אין איר איינגעשלאָסן, ווען זי — די מסקנה — איז בכלל גענומען — אָפּגעזען

פון דעם ספּעציפישן פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן — איז אַן אנער־קענטער פּרינציפּ, אַן אָנגענומענער אמת, אדער א רעאַלער פאַקט, אבער ניט דאַן, ווען זי האָט ניט קיין אחיזה אין איר—אין דער הנחה אָדער באהויפּטונג; ווען זי איז א גאַנץ נייער אויפטו ניט נאָר בנוגע דעם פאַל, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך אין דעם דירעקטן אדער אומדי־רעקטן סילאָגיזם, נאָר אויך בנוגע אנדערע ענלעכע פעלע; ניט דאַן, ווען די מסקנה איז אזא, דורך וועלכער און פאַר וועלכער עס באדאַרף פון אָנהויב אָן גאָר א שפּאָגל נייער פּרינציפּ ארויסגעבראַכט ווערן, וועלכער האָט מיט דעם אימפּליצירטן סילאָגיזמישן באזיס פון דער באַ־הויפּטונג, אין וועלכער די מסקנה ווערט אָנגעהאנגען, גאָר ניט צו טאָן, וועלכע שטייט גאָר אין קעגנזאַץ צו אַן אנגענומענעם אנדערן פּרינציפּ, צו אָט יענעם פּרינציפּ טאַקע, וועלכער איז פאַרבונדן מיט דער הנחה אדער באהויפּטונג, אויף וועלכער מען וויל אָט יענע מסקנה אָנהענגען.

אין אזא פאַל קען בכלל ניט די אימפּליצירטע פאָדערונג אלס מסקנה באַטראַכט ווערן, אפילו, ווען מיר זאָלן זי ניט באַטראַכטן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער הנחה, מיט וועלכער זי ווערט פאַרבונדן, מיט אָט יענער באהויפּטונג, וואָס רוט גאָר אויף א קעגנגעזעצטן פּרינציפּ צו דעם, אויף וועלכן זי — די מסקנה — איז באגרינדעט. מען קען ציען א מסקנה פון שוין עקזיסטירנדע פאַקטן, פון שוין אָנגענומענע פּרינציפּן ניט פון פאַקטן, וואָס, ווי איינער גלויבט, דאַרפן עקזיסטירן, פון פּרינ־ציפּן, וואָס די וועלט ווייסט פון זיי ניט, וואָס באַדאַרפן ערשט פּראָקלאַ־מירט ווערן, וואָס עס באַדאַרף ערשט א פּאָזיציע פאַר זיי אויסגעקעמפט ווערן. איידער מען קומט מיט אזא פאָדערונג ארויס, דאַרף מען פריער אויף אַן אָפענעם און דירעקטן וועג מיט דעם נייעם פּרינציפּ ארויס־קומען. אויב ניט בלייבט זי גאָר אינגאַנצן א ספר החתום פאַר אונדז, א מין גזירת הכתוב, פאַר וועלכער מיר האָבן קיין באגרינדונג ניט. אויב ניט האָבן מיר דאָ מיט א „תלה תניא בדלא תניא" צו טאָן.

אויף אויסצוקעמפן עקזיסטענץ באַרעכטיקונג פאַר אָט אַזאַ נייער פאָדערונג, באדאַרף מען זיך מיט א גאַנץ אנדער מעטאָד באנוצן. מען באדאַרף אויסקעמפן א פּאָזיציע פאַר איר ניט דורך זוכן סאַנקציע פאַר איר אין אָט יענער באהויפּטונג, אין וועלכער זי ווערט אָנגעהאנגען, נאָר דורך שטעלן זי אין קאַמף קעגן דעם גאַנצן אינהאַלט אירן, דורך שטעלן זי אין קאַמף קעגן דעם פּרינציפּ, אויף וועלכן זי איז געבויט.

וואָס איך וויל זאָגן דערמיט — איז, אז אויב ה׳ עלען האָט זיך דערטראכט צום אמתן געדאנק, אז ווען איינער ווערט געהרגעט, אריינ־פאַלנדיק אין אַ גרוב, וואָס אַן אַנדערער האָט אין א רשות הרבים אויס־געגראָבן, דארף מען כאָטש שאדענערזאַץ צו די יורשים פון געהרגעטן צאָלן, וואָלט נאָר אָט דער געדאנק טאקע באדארפט די טעמע פון זיין אָפּהאנדלונג זיין, גאָר אינגאנצן צורולאָזנדיק דעם דרש. ווארום דער דרש — אין די אלע טיילן און פארצווייגונגען זיינע — איז דאָך מער ניט ווי א פרט פון דעם גאנצן כלל, בנוגע וועלכן אָט יענער געדאַנק שטייט אין אָפּאָזיציע. ער איז דאָך בעיקר געצילט קעגן דעם גאנצן הויפּט פּרינציפּ, אויף וועלכן אָט יענער דרש שטיצט זיך; קעגן אָט יענעם הויפט פרינציפּ, אז דאָרטן וואו עס האנדלט זיך וועגן דיני נפשות *) גילט ניט דער ענין פון תשלומי ממון.

נאָך ווייניקער האָט ער א רעכט געהאט צו זוכן עקזיסטענץ באַ־רעכטיקונג פאר אים דורך געפינען א כלומרשטע סתירה אין דרש. ווארום — ווי ער גלויבט — א געוויסער טייל פון אים אנערקענט דעם אמת זיינעם. א באהויפּטונג וואָס באזירט אויף אן אלגעמיינעם פרינציפּ, וואָס נעמט ארום אלע ענלעכע פאלן, ווי דער פאל, וועגן וועלכן עס ווערט גערעדט, קען בשום אופן ניט ארויסברענגען א מסקנה, וואָס איז אין קאמף מיט אָט יענעם הויפט פרינציפּ. אין א באהויפּטונג, וואָס אלע טיילן אירע זיינען אין גייסט פון די פרינציפּן, וואָס רעגולירן די אלע אנדערע דינים אויף די זעלבע געביטן, ווי יענע, וועגן וועלכע עס ווערט אין יענער באהויפטונג גערעדט, קען אין זיך קיין סתירה ניט האלטן. זי קען בשום אופן ניט צעשניטן ווערן אויף דער העלפט, מען זאָל זיי — די ביידע טיילן — אין א קאמף צווישן זיך אריינוואַרפן. מען קען ארויסטרעטן קעגן דעם גאנצן טאָטאלן אינהאלט אירן. דעם שלום בית אין איר קען מען אבער ניט צושטערן. יעדער איינער וואָס וועט טאָן אנדערש, וועט מוזן גע־שטרויכלט ווערן — אין וואָס פאר א פאל דאָס זאָל ניט זיין — אין אויפשטעלן א פאלשע — אין לאָגישן זין — קאָנסטרוקציע, אָט פונקט ווי דער חשובער ה׳ אייזיק עלען איז אין דעם געשטרויכלט געוואָרן.

---

*) די דאָזיקע פאָרמולירונג איז לויט דעם ווי עלען שטעלט זיך פאָר דעם גאנצן ענין. אין אמתן אָבער איז אָט די באצייכנונג ניט גענוג. זי איז צו אלגעמיין.

ד

עס איז קלאָר, אלזא, פון דעם אלעם, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, אז אפילו ווען עלען וואָלט ניט געבויט דעם ארגומענט זיינעם אויף דעם אופן, ווי ער האָט אים געבויט, ווען ער זאָל אפילו ניט געוועז זוכן צו דערשלאָגן זיך צו דער עקזיסטענץ באַרעכטיקונג פאַר דעם אינהאלט פון דער מסקנה, צו וועלכער ער וויל קומען, דורך דעם ארגומענט זיינעם — דורך „מה דאכ״ס און „כל שכנ״ס, נאָר דורך אן אימפּליצירטער אויסזעצונג טאקע קעגן דעם טאָטאלן אינהאלט פון דעם דרש, וואָס דאָס מיינט טאקע קעגן דעם הויפּט פּרינציפּ, וואָס נאָר ער איז פון אָט יענעם דרש דער באזיס, ווי אויך פון אָט יענע אלע דינים בנוגע אלע אנדערע ענלעכע פאלן; ווען ער זאָל געוועז פשוט פרעגן: פארוואָס ווען דער קרבן ווערט נאָר געניזוקט באדארף דער בעל הבור יאָ באצאָלן שאדענערזאץ און ווען ער ווערט געהרגעט — ניט, ניט באגלייטנדיק די פראגע מיט א „מה דאך״ באגרינדונג, מיט דעם קאָנסטאטירן פון א סתירה צווישן אונדזער אורטייל אין די צוויי פארשיידענע פעלע, נאָר מיט דער כוונה, וואָס ער וואָלט געהאלטן דאן אין געדאנק צו באהויפּטן דורך דעם, אז דער יושר וואָלט געוועז, אז מען זאָל אויך אין דעם פאל, ווי אויך אין אלע אנדערע פעלע, ניט נאָר אויף דעם מאָמענט זייערן פון גורם זיין דעם טויט פון א מענטשן אכט לעגן, נאָר אויך א מאָמענט פון געלט פארגיטיקונג אין זיי איינ־שליסן — אפילו דאן וואָלט דאָס אויך ניט געטויגט. וואָרום מיט א מיינונג, וואָס מען האלט אין קאָפּ — מיט אזא מיינונג, וואָס מען גלויבט — מעג אָט דער גלויבן ווי שטארק זיין — אז זי באדארף פון יעדן איינעם אָנגענומען ווערן — דערווייל אבער ווייסט קיינער ניט פון איר, קען מען ניט באקעמפן קיין באהויפּטונג, וואָס באזירט אויף א פראָ־קלאמירטער, פון אלעמען אנערקענטער, פונקט פארקערטער מיינונג.

דער לעזער, ווייסט ניט, וואָס ביי עלענען אין קאָפּ טוט זיך. ער ווייסט ניט, אז ער — עלען — האָט ביי זיך אין קאָפּ א באגרינדונג פאר דער פראגע, דער אינהאלט פון וועלכער לויטעט, אז א פּרינציפּ, וואָס שליסט אויס לויט דעם דרש פון „שור ולא אדם״ ארייננצונעמען אויף דעם מאָמענט פון היזק ממון אין א פּראָבלעם פון דיני נפשות — איז ניט קיין יושרדיקער. ער אורטיילט די פראגע לויט דעם נוסח,

אין וועלכן זי געפינט זיך פאַר אים. און אין דעם נוסח מוז זי ביי אים אלס אן אבסורד באטראכט ווערן. ער פארשטייט ניט, וואָס עס איז דאָ צו פרעגן, פאר וואס מיר פסקענען ניט, אז ער — דער בעל הבור — זאָל באצאָלן היזק ממון צו די יורשים פון קרבן. לויט דעם נוסח, וואָס ער האָט פאר זיך זעט עס אויס, אז די באגרינדונג פון דער פאָדערונג איז אין דעם, וואָס אין פאל פון געניזוקט ווערן זעען מיר די דמי נזק דאָ ווערען יאָ איינגעמאָנט. פארשטייט ער ניט: מה ענין שמיטה אצל הר סיני. דארטן פסקענט מען צו דמי היזק צום געניזוקטן, ווייל עס האנדלט זיך וועגן דמי נזק. דאָ פסקנט מען ניט צו קיין דמי היזק, ווייל עס האנדלט זיך וועגן דיני נפשות. עס איז זיך ניטאָ וואָס צו וואונדערן. פון וואנען זאָל ער — דער לעזער זיך אָנשטויסן, אז אָט דעם פרינציפ טאקע, אז דאָ קען קיין רעדע ניט זיין וועגן צופסקענען דמי היזק באַקעמפט ער טאַקע, אז דאָס וואָס ער פרעגט איז ניט: פאַר־וואָס פסקענט מען דאָ ניט צו קיין דמי היזק, ווי באלד מען פסקענט דאָרטן צו, נאָר פאר וואָס זאָל מען טאקע דאָ ניט צופסקענען. עס וואָלט דאך א יושר געווען מען זאָל דאָס יאָ טאָן.

און נאָך מער מוז מען איבערצייגט ווערן פון דעם אלעם ביז איצט געזאָגטן, אז עס האָט קיין זין ניט אָנצוהענגען אָט יענע פאָדערונג אין דעם, וואָס ביי נאָר געניזוקט ווערן באצאָלט מען דעם בעל הבור דמי היזק צום געניזוקטן, דורך דער פארמיטלונג פון א קל וחומר. די קשיה באזירט דאָך שוין — אין אנקלאנג מיט דער איינציקער אויס־טייטשונג — ווי מיר האָבן אָנגעוויזן וואָס מען קען איר געבן — איצט ניט אויף דעם, וואָס מען גייט ארויס פון דער הנחה, אז אלס דער אנטשיידענדער פאקטאָר, ווי אונדזער אורטייל באדארף איןביידע פעלע זיין, מוז דער מאָמענט פון אחריות ארויסגעשטעלט ווערן.

דורך דעם וואָס מיר נעמען אָן, אז דער אינהאַלט פון דער פראגע ווערט רעדוצירט צו א טענה צום הויפט פרינציפ, אויף וועלכן דער דרש רוט, צום הויפט פרינציפ, אז ווען עס האנדלט זיך וועגן דיני נפשות ווערט גאָר אינגאנצן אויף דעם מאָמענט פון היזק ממון, וואָס גיט צוזאמען מיט דעם דיני נפשות פראָצעס, וואָס מיר האָבן פאר זיך, קיין אַכט ניט געלעגט, דורך דעם וואָס מיר נעמען אָן, אז זיין גאַנצע טענה איז, אז עס וואָלט א יושר געווען, אז כאָטש דמי היזק זאָל מען פון דעם בעל הבור אויפמאָנען, מוז דאָך שוין אויסקומען, אז ער, עלען,

האלט ניט, אז דער אנשיידענדער פאקטאָר אין די פארשיידענע אורטיילן וואָס מיר טראָגן אין די ביידע פעלע ארויס, איז דאָס, וואָס אין ערשטן פאל האלטן מיר ניט פאראנטוואָרטלעך דעם בעל הבור און אין צווייטן פאַל האַלטן מיר אים יאָ פאַראַנטוואָרטלעך. ווארום אויב ניט אזוי, וואָלט ער דאָך באדארפט פרעגן ניט פאר וואָס מען באשטראפט אים ניט מיט היזק צאָלן, נאָר פאר וואָס מען פאראורטיילט אים ניט צום טויט.

ווי באלד אבער, אז דאָס אלעס איז ווירקלעך אזוי, מוז דאָך טאקע די קל וחומר פארבינדונג צווישן אָט יענער אימפליצירטער פאָדערונג מיט דעם דרש פון די חז״ל נאָך א גרעסערער אבסורד זיין. וואָס פאַר א מה דאָך קען דאָ זיין, אז אפילו אָן דעם מה דאָך הינקט די ארגו־מענטאציע אויף ביידע פיס אונטער?

---

לאָמיר אָבער פאַרגעסן אין דעם אלעם. לאָמיר אָט דאָס אלעס אין א זייט אוועקלייגן. לאָמיר אָננעמען, אז אלעס געפינט זיך דאָ אויפן ריכטיקן פלאַץ. זאָל זיך אונדז אויסווייזן, אז די קשיה איז ווירקלעך אַן אייזערנע קשיה — און אין צוזאַמענהאנג מיט דעם דרש פון די חז״ל דוקא — און אלעס איז אין דער הינזיכט כשר וישר על הצד היותר טוב. לאָמיר זיך נאָר אויף דער דערקלערונג אליין אָפּשטעלן. לאָמיר נאָר זען, אויף ווי ווייט זי קען ווירקלעך אלס א תירוץ דינען אויף דער קשיה, וואָס זי וויל פארענטפערן — פאר וואָס ווערט ניט א געלט תביעה ארויסגעשטעלט צום בעל הבור לטובת די יורשים פון געהרגעטן?

לויט דער דאָזיקער דערקלערונג קומט אויס, אז ניט נאָר איז מעגלעך ארויסצושטעלן א געלט תביעה פאר א דירעקטן היזק ממון, וואָס איז פאַראורזאכט געוואָרן פאַר ווען דורך דעם טויט פון איינעם אונטער אומשטענדן, וואָס זיינען ענלעך צו די אומשטענדן, אין וועלכע דער קרבן אין פאַל פון בור איז אומגעקומען, אז טעאָרעטיש, אין פרינציפּ, איז אפילו אין דעם בור פאַל אליין א מעגלעכקייט פאראן פאַר אַ געלט תביעה, כאָטש דאָ איז כלל ניט קיין דירעקטער היזק ממון פאַראַן.

די איינציקע סבה, וואָס מיר מאָנען ניט אויף אין דעם פאַל קיין געלט צאָלונג פון בעל הבור, איז דאָס, וואָס מיר האָבן דאָ קיין תובע ניט, דאָס, וואָס עס איז דאָ ניטאָ, ווער עס זאָל אָט אַזאַ געלט תביעה

אַרויסשטעלן. די איינציקע, וואָס וואָלטן עס געקענט טאָן זיינען די יורשים. זיי זיינען די איינציקע, וואָס וואָלטן געקענט קומען מיט אַזאַ געלט תביעה צום בעל הבור פאר דעם פאַרלוסט פון זייער אייגן בלוט און פלייש וואָס זיי האָבן געהאט. לויט דעם אידישן דין אבער איז אויף דעם לעבן פון א מענטשן קיין ירושה רעכט ניט פאראן. דאָס רעכט פון די יורשים באַציט זיך נאָר אויף די נכסים זיינע, אבער ניט אויף זיין לעבן. ווארום דאָס לעבן פון א מענטשן איז ניט קיין איי־גענטום אין זין פון געלט און מען קען דאָס ניט אין קיין געלט שאַצן.

זיינען די דאָזיקע אלע רייד פיינע ווערטער „דערהאבענע", כאָטש זיי זיינען אפילו זייער צעשוואומען, זייער צעשויבערט, אזוי, אז עס איז זייער שווער דעם ריכטיקן דופק זייערן אָנצוטאַפּן, אזוי, אז עס איז שווער צו א תוך, צו א תכלית אין זיי זיך דערשלאָגן, צו זייער אמתן תמצית זיך דערגרונטעווען. וואָס קומט אבער ארויס פון דער דאָזיקער פיינקייט, פון דער דאָזיקער דערהאַבענקייט. מיר האָבן פאר זיך דאָ ווידער אמאָל די זעלבע קשיה פון „מה ענין שמיטה אצל הר סיני?" וואָס פאר א תירוץ איז דאָס? ווען מיר זאָלן זאָגן, אז די יורשים דארף צוגעפּסקנט ווערן א געלט פארגיטיקונג, וואָס זאָל דינען ווי א קאָמפּענסאציע פאר דעם טויט פון געהרגעטן, מיט דעם צוועק, אז עס זאָל דורך דעם א סליחת עוון פאר דעם בעל הבור דינען, וואָלט דאָס א גוטער תירוץ געווען. מען קען דאָס ניט טאָן, ווייל דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט ניט אין געלט געשאַצט. זיינע יורשים זיינען ניט די בעלי בתים איבער דעם לעבן זיינעם. זיי קענען עס ניט פארקויפן צו דעם, וואָס האָט זיין טויט גורם געווען. דאָס זאָגן מיר אָבער דאָך ניט. וואָס מיר זאָגן איז — מילא, אז הרגענען הרגעט מען אים ניט — כאָטש מיר האַלטן אים יאָ פאַראַנטוואָרטלעך פארן טויט פון קרבן — איבער דעם אדער יענעם טעם, וואָס קען געגעבן ווערן דערפאַר — אויף דעם האָבן מיר קיין טענות ניט. דאָ איז דאָך אָבער אויסער דעם ענין פון הריגת נפש, אויך דער ענין פון א געלט תביעה פאר א געליטענעם פון א געוויסער פאָרם — היזק. דורך אים — דורך דעם בעל הבור — האָבן זיי דאָך זייער נאָענטסטן אָנגעוואָרן. טאָ פאר וואָס זאָל מען קיין געלט פארגיטיקונג פון דעם בעל הבור פאַר די יורשים אויפמאָנען. דאָ האנדלט זיך דאָך ניט וועגן דעם, אז עס זאָל אויסקומען, אז דורך דעם, וואָס דער בעל הבור גיט זיי א

געוויסע סומע געלט, קויפט ער ביי זיי אויף למפרע דאָס לעבן פון קרבן אַוועק, נאָר אין אויסקויפן דעם צער — זאָל זיין אפילו, אז דעם ענין פון היזק דאָ זאָל מען נאָר אין דעם זין פארשטיין — וואָס זיי האָבן געהאט דורך דעם פארלוסט פון אומגעקומענעם, וואָס זיי האָבן דורך דעם בעל הבור געליטן.

דאַן ווידער אויף די פאָלגנדע פראגע. ווי באלד אז דער מאָטיוו פון דעם, וואָס אונדזער ווערדיקט איז: „פטור" אין דעם בור פאַל, ווען עס האַנדלט זיך אין געהרגעט ווערן, איז ניט דער מאָטיוו פון יאָ אָדער ניט פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן דעם בעל הבור פאר דעם אומגליק, וואָס עס איז געשען. עלען האלט דאָך, אז אויך אין דעם פאַל האלט מען — לויט דעם דרש — פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור. ווארום אויב ניט האָט דאָך קיין זין ניט די פראגע זיינע אין דער איינציקער מעגלעכער פאָרמולירונג, אין וועלכער מיר האָבן זי אוועקגעשטעלט, פאַר וואָס מען גאַראַנטירט ניט קיין געלט תביעה פאר די יורשים פון געהרגעטן — טאָ פאַר וואָס זאָלן מיר ניט פסקענען, אז דער בעל הבור זאָל כופר באצאָלן — נאָכאלעמען, כאָטש כופר איז ניט אינ־גאַנצן ממון, איז דאָך אין א געוויסער־פאָרם דער מאָמענט פון ממון פאַראַן אין אים — כדי די יורשים זאָלן אזוי ארום, דורך נעמען דעם כופר, וואָס געהערט צו זיי האָבן די געלט פארגיטיקונג, צו וועלכער זיי זיינען באַרעכטיקט. זיי קענען דאָך האָבן א גערעכטע טענה: מילא, הרגענען אים קען מען ניט, די מאָס פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מען לעגט ארויף אויף אים איז ניט גענוג דערויף. פאַראַנט־וואָרטלעך האַלט איר אים אָבער דאָך פאַר דעם פאַרברעכן, טאָ וואָס איז דער אומגליק, אז איר וועט אים הייסן כופר באצאָלן, וואָס וועט איבערגיין צו אונדז אומדירעקט אלס שאדנערזאַץ פארגיטיקונג.

נאָר לאָמיר אויף די אַלע טענות מוותר זיין. לאָמיר זיך נוהג זיין לפנים משורת הדין. עס לוינט זיך ניט צופיל פאר זייער וואַלי־דיטעט צו קעמפן. לאָמיר דערלאָזן די מעגלעכקייט, אז מער, אפשר, ווי עס איז אין זיי ריכטיקער תוך פאראן, איז אין זיי — אין אמתן איז ניט אזוי — א „לחדודי בעלמא"עלעמענט פאַראַן. לאָמיר אָננעמען — אין אמתן אבער איז קיין אורזאַכע פאר דעם ניטאָ — אז די דאָזיקע ארגומענטן קען מען מיט אנדערע געגן ארגומענטן מבטל זיין. קיין גרויסע ישועה וועט אבער דורך דעם פאר דער דערקלערונג ניט ארויס־

קומען. אויב די דאָזיקע קשיות טויגן ניט, שטייען גרייט אנדערע קשיות, וואָס רייסן זיך די דאָזיקע דערקלערונג צו אַטאַקירן, אנדערע קשיות, פאַר וועלכע עס איז ניט נאָר זייער שווער, נאָר טאַקע, פשוט, אוממעגלעך א ריכטיקן תירוץ צו געפינען.

און די ערשטע קשיה, וואָס מיר וועלן איר פרעגן, וועט טאַקע זיין אָט יענע קשיה, מיט וועלכער הרב פורת איז געגן איר ארויסגע־טראָטן. אויב מיר האָבן פריער די דאָזיקע קשיה מבטל געווען, אויב מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, אז זי האָט קיין האַפט ניט, איז דאָס הויפּטזעכלעך געווען אין צוזאַמענהאנג מיט דער מסקנה, וואָס הרב פורת האָט געוואָלט דורך איר קומען, צו דער מסקנה, אז דאָ האנדלט זיך וועגן יאָ אָדער ניט פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן דעם בעל הבור, אבער ניט אין צוזאַמענהאנג מיט דער דערקלערונג, געגן וועלכער זי איז ארויסגע־שטעלט געוואָרן. איך האָב ניט מבטל געווען די קשיה מיט דעם צוועק צו פאַרטיידיקן דורך דעם עלענס דערקלערונג, נאָר מיט דעם צוועק, נאָר זיין אייגענע דערקלערונג מבטל צו זיין. וואָס אמבאלאנגט דער דאָזיקער דערקלערונג, איז זי — די קשיה — קרעפּטיק געגנוג דערויף, זי זאָל דורך איר אין א הורבה פאַרוואַנדלט ווערן.

אלזא: וויבאלד, אז די גאנצע זאך, וואָס מיר פסקענען ניט, אז דעם בעל הבור זאָל א געלט תביעה צוגעשטעלט ווערן, ווייל עס איז דאָ ניטאָ, ווער עס זאָל דער תובע זיין, ווייל יורשים האָבן קיין ירושה רעכט ניט אויף דעם לעבן פון דעם, וואָס זיי זיינען באַרעכטיקט צו ירשענען, טאָ פאַר וואָס זשע זעען מיר, אז ווען אפילו דער דער־הרגעטער איז אן עבד געווען, וואָס דאָ איז שוין יאָ א תובע געווען: דער בעל הבית, וואָס דער עבד איז זיין קנין כסף געווען, ווען ער האָט געלעבט, וואָס ער האָט דאן יאָ א געוויסע — כאָטש, אמת, א זייער באַגרעניצטע, נאַטירלעך — יורידישע רעכט געהאט אויף אים — אז אפילו אין דעם פאַל פאָדערן מיר ניט פון בעל הבור קיין דמי היזק. עס איז דאָך אין דעם פאַל יאָ א תובע פאַראַן, פונקט ווי עס איז דאָ אויך אין דער ריינסטער פאָרם דירעקטער היזק ממון פאַראַן, וואָס האָט אוודאי גאָר ניט צו טאָן מיט דער אידייע, אז דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט ניט אין דאָלארן געשאַצט.

און אויך מיט דער קשיה פון השורף גדיש בשבת קען מען קומען צו אים. מיר זאָגן אין דעם פאַל, אז ער איז פטור על הגדיש.

פאַר וואָס אבער זאָל ער פּטור על הגדיש זיין? דאָ איז דאָך אויך שוין יאָ א תובע פאַראַן: דער בעל הגדיש. ער האָט דאָך היזק געליטן. איז דער עיקר — דאָ איז דאָך אפילו די קלענסטע שייכות ניט פאַראַן מיט דעם ענין, אז א מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין דאַלארן געשאצט. דאָ איז דאָך קיין מענטשלעך לעבן ניט אומגעבראכט געוואָרן. דאָ האנדלט זיך דאָך גאָר וועגן א שייער, וואָס איז פארברענט געוואָרן. און נאָך שטארקער ווערט די קשיה, ווען מען דערמאָנט זיך, אז ער — דער שורף איז פּטור פון באצאָלן פאַר נזק ממון פארן גדיש, אפילו דאן, ווען דער שייער איז דורך אים בשוגג פארברענט געוואָרן, וואָס אין דעם פאל איז דער מאָמענט פון אן אומגעבראכט לעבן גאָר אינגאנצן א חסר מן הספר. ווארום ניט נאָר האנדלט זיך דאָ ניט וועגן א באַשולדיקונג אין אומברענגען א מענטשן, נאָר אויך ניט אין א באשול־דיקונג, וואָס איז פארבונדן מיט טויט־שטראף. ווארום אין פאַל פון פארברענען א גדיש בשוגג באפרייט מען אינגאנצן דעם אונטערצינ־דער פון דער שטראף — טויט־שטראף, וואָס וואָלט אים געקומען, ווען מען וואָלט דעם גדיש במזיד פארברענט. לויט דער דערקלערונג פון אייזיק עלען וואָלט מען דאָך אין פאל פון „השורף גדיש" באדארפט פסקענען, אז דער אונטערצינדער זאָל פאר דעם גדיש באצאָלן ניט נאָר דאן, ווען ער האָט דאָס געטאָן בשוגג, נאָר אויך דאן אפילו, ווען ער האָט דאָס במזיד געטאָן. פאר וואָס זשע פּסקענט מען ניט אזוי?

און אויך מיט דעם ארגומענט פון החובל בחברו ביום השבת, מיט וועלכן מיר זיינען געגן הרב פורת ארויסגעטראָטן, קען מען געגן אים אַרויסטרעטן. אויך דאָ האנדלט זיך ניט וועגן דעם, וואָס דאָס לעבן פון א מענטשן קען ניט אין דאָלארן געשאצט ווערן. דער חובל האָט דאָך דעם חבר זיינעם ניט דערהרגעט. טאָ פאר וואָס זשע זאָל ער די געהעריקע דמי נזק, וואָס ער וואָלט געוועזן באדארפט באצאָלן, ווען ער וואָלט געוועזן געמאכט די אָפּעראציע איבער דעם חבר זיינעם ניט אום שבת, נאָר אין דערוואָכן. עס איז דאָך אין דעם פאַל אַ תובע פאַראַן. דער צעביילטער חבר נעביך.

און דאָס זעלבע איז אויך מיט דעם ענין פון „מכה אביו ואמו ועשה בהם חבורה פּטור מכולם". פאַר וואָס זאָל דאָ פּטור זיין דער „מכה" פון די „דמי נזק", וואָס ער וואָלט באדארפט געבן, ווען ער וואָלט קיין חבורה ניט געוועזן געמאכט.

און אָט אזוי פסקנט אויך דער רמב״ם, אז ווען א פרוי ווערט געטויט פון איינעם און זי איז מפיל פון דעם שטויס און נאָכדעם שטאַרבט אויך זי אליין פון דעם דאָזיקן שטויס דאַרף דער נוגף ניט באַצאָלן קיין דמי ולדות אפילו ווען דער נוגף האָט זיך ניט מתכוון געווען להריגה, אפילו דאן, ווען נאָר דער שטויס אליין איז במתכוון געווען. ווי אזוי קען מען דאָ אָנווענדן די דערקלערונג פון עלען? דאָ האַנדלט זיך דאָך ווידער וועגן ריינע דמי נזק, וואָס האָבן גאָר קיין שייכות ניט מיט דער פערזאָן, וואָס איז אומגעקומען. די דמי נזק ווערן דאָך אויפגעמאָנט פאר די וולדות.

און צו דעם אלעם באַדאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אז פון דער צווייטער זייט ווידער זעען מיר, אז אין א פּאָר פעלע, אין וועלכע עס האַנדלט זיך וועגן מיתת אדם, וואָס איז אויף אן אומדירעקטן אופן פאַראורזאכט געוואָרן דורך עמיצן, ווערן טאַקע דווקא יאָ געפאָדערט געלט צאָלונגען, וואָס לויט דעם כאַראַקטער זייערן מוזן זיי נאָר אלס ריינע תשלומי ממון באַטראַכט ווערן. ווארום זיי גייען כלל ניט אין דער קאטעגאָריע פון כופר אדער קנס אריין — ווי אין דעם פאל, למשל, אז אן אָקס א תם פון איינעם האָט שלא במתכוון געהרגעט א קנעכט פון עמיצן. אין אזא פאַל פסקנט דער רמב״ם, אז דער בעל השור באַדאַרף באַצאָלן דעם בעל העבד די געלט ווערט פון עבד.*) און דער ראב״ד זאָגט, אז אין אַזאַ פאַל, מאָנט מען אויף א געלט צאָלונג אויך דאן, ווען דער קרבן איז א בן חורין, ווי מיר האָבן שוין וועגן דעם אלעם אין די הערות פריער דרך אגב גערעדט.

און לויט דעם, ווי רבי טייטשט אויס דעם נפש תחת נפש ביים ענין פון „ונגפו אשה הרה״, וועגן וועלכן די תורה רעדט, ווי אויך לויט רבי שמעונען, ווי עס ווערט באַהויפּטעט אין מסכת סנהדרין, דאָרטן, אוואו עס רעדט זיך וועגן דער מחלוקת פון רבי מיט די חכמים וועגן דעם ווי אזוי מען זאָל דעם נפש תחת נפש איינטייטשן — לויט זיי קומט אויס — לויט רבין ביי דעם ענין — אלנפאלס פון „ונגפו אשה הרה״. און לויט רבי שמעונען אין יעדן פאל פון „נתכוון להרוג את זה והרג את זה״ — אז אפילו, ווען עס האנדלט זיך וועגן אזא מיתת אדם, וואָס איז דירעקט פון דעם באַשולדיקטן פאראורזאַכט געוואָרן,

*) חצי דמי עבד.

אפילו וועגן אזא מיתת אדם, וואָס איז אויך מיט מיתת בית דין פארבונדן, וואָס אויב מען טראָגט דאָך ניט קיין טויט אורטייל ארויס אויף אים — אויף דעם באשולדיקטן — איז דאָס נאָר דערפאר, וואָס ער איז דעם טהאָט זיינעם באגאנגען ניט איוגאַנצן במזיד, נאָר כמעט במזיד — אז אפילו אין אַזאַ פּאַל קען דער ענין פון דמים גילטן דאָן.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אז פון אייניקע סוגיות אין דער גמרא קען אויך אויסקומען, אז אין א פאל פון מיתת אדם — און נאָכאמאָל, ווען עס איז אפילו דער ענין פון מיתת בית דין אין דעם פאַרמישט — וואָס גייט צוזאַמען מיט דער מעגלעכקייט א געלט תביעה ארויסצושטעלן געגן דעם באשולדיקטן, איז טעאָרעטיש, אין פּרינציפּ ליגט בידי שמים א חוב אויף אים — אויף דעם באשולדיקטן — צו באַפרידיקן די דאָזיקע געלט תביעה, מער ניט דער בית דין האָט קיין רעכט ניט אריינצומישן אָט דעם מאָמענט פון א געלט תביעה אין זיינע אנטשיידונגען. ווען אבער די דערקלערונג פון ה׳ עלען וואָלט געווען א ריכטיקע, ווי וואָלט דאָס אלעס מעגלעך געווען? לויט זיין דערקלערונג איז דאָך דער עיקר אורזאַכע, וואָס דער בית דין נעמט ניט אריין אָט יענע געלט תביעות אין זייערע אנטשיידונגען דאָס, וואָס ראשית כל ווערן די דאָזיקע געלט תביעות דורך בידי שמים בטל.

---

עס האנדלט זיך אָבער ניט נאָר אין דעם, וואָס לויט דער דאָזיקער דערקלערונג בלייבן איבער א סך אנדערע ענינים, וואָס האָבן מיט דיני ממונות און דיני נפשות צוטון—ניט דערקלערט; נאָר אין דעם, וואָס די דערקלערונג זיינע קען ניט דינען אלס רעגולירענדער, קאָאָר־דינירענדער הויפּט פּרינציפּ, לויט וועלכן עס זאָלן קאָאָרדינירט ווערן אָט יענע אלע פעלע, וואָס שטייען אין אנאלאָגישער אדער פּאַראַלעלער שייכות מיט דעם פאַל, בנוגע וועלכן די דאָזיקע דערקלערונג ווערט אָנגעווענדט.

עס האנדלט זיך ניט נאָר אין דעם, וואָס זי קען ניט איר ממשלה אויסער אירע גרעניצן אויסשפּרייטן, נאָר אויך אין דעם, וואָס זי מוז אויך פון אירע אייגענע גרעניצן פאַריאָגט ווערן.

און פּאַריאָגט ווערן פון דאָרטן מוז זי ניט נאָר דערפאר, וואָס אויך אין אירע גרעניצן האָט זי פאר זיך קיין פעסטן באָדן ניט, וואָס אויך דאָרטן האלט זי זיך אויף הינערשע פיסלעך נעביך, נאָר הויפּט־

זעכלעך דערפאר, וואָס אויך אין דעם פאַל קען, פונקט ווי אין דעם פאַל מיט הרב פורת דערקלערונג, געזאָגט ווערן, אז ניט נאָר קענען מיר פאר איר — פאר דער עלען דערקלערונג — קיין אחיזה ניט געפינען אין דעם, וואָס די חז״ל האָבן אונדז געלערנט בנוגע אָט יענע ענינים, וואָס זיינען מיט דעם ענין, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ די גאנצע צייט, פארבונדן, נאָר זי שטייט, פשוט, אין אן אויסדריקלעכער סתירה צו דעם אלעם. ניט נאָר קען זי ניט דורך אָט יענע אלע רייד אלס תורת אמת געשטעמפלט ווערן, נאָר זי ווערט דורך זיי אויסדריקלעך אלס תורת פלסתר געשטעמפלט.

די דערקלערונג זיינע אנטהאלט אין זיך אן אימפליצירטע באַ־הויפטונג, אז ווען עס האנדלט זיך וועגן א פארברעכן, וואָס דער אינ־האלט זיינער איז מיתת אדם, איז אָט דער מאָמענט אליין שוין, וואָס א מענטשלעך לעבן איז אומגעבראכט געוואָרן, גענוג דערויף, מען זאָל אין דעם פראָצעס, וואָס דער בית דין האָט פאר זיך דאן, קיין תשלומי ממון ניט קענען איינשליסן — אפילו דאָרט, וואו עס איז פאראן א גרונד א תביעת ממון ארויסצושטעלן. מיט דער דאָזיקער באהויפטונג איז ער אָבער א חולק על דברי חז״ל. פון דעם, וואָס מיר הערן זיי זאָגן וועגן דעם דאָזיקן ענין, לערנען מיר, אז דאָס אליין איז נאָך כלל ניט גענוג דערויף.

און ניט נאָר אויף אן אומדירעקטן וועג, אויף א וועג פון „מכללא איתמר״ לערנען מיר אָט דאָס אלעס פון זייערע רייד ארויס, נאָר אויף א דירעקטן וועג טאַקע, אויף א וועג פון „בפירוש איתמר״.

אָט דאָס אלעס ווערט אונדז פון זיי אויף אן אויסדריקלעכן, בפירושן אופן געזאָגט.

ה

איידער אָבער איך וועל פארענדיקן די דאָזיקע טענות מיינע צו אייזיק עלען, וויל איך דאָ געבן פלאץ פאר א פאָר באמערקונגען, וואָס האָבן באַדאַרפט צוגעגעבן ווערן צו זייטן פינף און זעקס — זיי זיינען אָבער דאָן אויסגעלאָזן געוואָרן.

די דאָזיקע באַמערקונגען באַציען זיך אויף דריי פּאַראַגראַפן דאָרטן, וואָס איינער פון זיי הייבט זיך אָן אויף זייט פינף, צום סוף, און פאר־ענדיקט זיך אין אָנהויב פון זייט זעקס, און די צוויי אנדערע זיינען די פּאַראַגראַפן, וואָס קומען באלד נאָך אָט דעם ערשטן.

איך גיב זיי דאָ, ווייל נאָכדעם, וואָס אויפן אמתן ריכטיקן פלאַץ זייערן קענען זיי זיך שוין ניט געפינען, איז דאָ דער פּאַסיקסטער פלאַץ פאר זיי, ווי דער לעזער וועט עס אליין באַמערקן נאָכדעם ווי ער וועט איבערגיין צו דער ווייטערדיקער שקלא וטריא מיינער, וואָס וועט פאָרטגעזעצט ווערן באלד נאָך זיי.

און איצט צום עיקר הענין, צו די הערות.

א) אָט דאָס אלעס וואָס ווערט געזאָגט אין ערשטן פּאַראַגראַף, אויף וועלכן די הערה, וואָס קומט דאָ באַציט זיך, ווערט געזאָגט ניט אין מיין אייגענעם נאָמען. איך דריק דאָרטן ניט אויס מיין אייגענע מיינונג. דאָס אלעס, וואָס איך שרייב דאָרטן, האָט לויט מיין צוגאַנג צום גאַנצן ענין, סיי ווי קיין ממשות ניט. איך האָב דאָס אלעס נאָר לשיטתם געשריבן.

איך מיין מיט אָט יענעם פּאַראַגראַף צו זאָגן, אז ווי באלד, ווען ניט דער ארגומענט פון עבד, וואָלט ער — הרב פורת — גאָר ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם קאַרדינאַלן באַזיס, אויף וועלכן עס האלט זיך עלענס דערקלערונג, אז דאָ איז פאַרטראָטן דער מאָמענט פון קענען תשלומי ממון מאָנען פאר די יורשים פון קרבן; ווי באלד, אז ער האָט גאָר ניט וואָס אויסצוזעצן קעגן דער באהויפּטונג, וואָס עלען מאכט, אז דאָס, וואָס מען פסקנט ניט צו די תשלומי ממון איז דערפאר, וואָס דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט ניט געשאצט אין קיין געלט, דעריבער קענען זיי קיין תובעים ניט זיין אויף דער געלד פארגיטיקונג, וואָס מען וואָלט זיי על פי יושר באַדאַרפט געבן ווארום די געלט תביעה דאָ איז אַן אומדירעקטער רעזולטאט פון מיתת אדם, ניט קיין דירעקטער רעזולטאט פון א זעלבסטשטענדיקן אקט, וואָס האָט גאָר ניט מיט דעם ענין פון דיני נפשות צו טאָן, אזוי, אז דער עיקרדיקער שטרענג הארבער אינהאַלט פון דעם פּראָבלעם, וואָס מיר האָבן פאַר זיך — דער אינהאלט פון אַ באַשולדיקונג אין גורם זיין דעם טויט פון א מענטשן — איז זיך גובר איבער דעם אגב אורחדיקן אינהאלט פון דמי נזק — ווי אָט יענע געלט תביעה דארף הייסן — וואָס שלעפּט זיך אימנאָך, און לעזט אים אויף אין זיך אינגאנצן — ווי באַלד, אז דאָס איז אזוי, און עס איז אויך אמת — ווי מיר האָבן דאָס באַוויזן — אז אַן עבד איז כלל ניט קיין נכס ממון, ניט נאָר בנוגע זיין לעבן, נאָר אויך בנוגע זיין גוף — טאָ ווי אזוי איז דאָ די קשיה, פאר וואָס דער בעל הבור פארגיטיקט

ניט דעם בעל העבד, פאר דעם היזק, וואָס ער האָט געליטן דורך דעם, וואָס ער — דער בעל הבור — האָט גורם געווען דעם אומקום פון דעם קנעכט זיינעם. מיר האָבן דאָך דאָ דאָס זעלבע פּראָבלעם ווי אין פאַל, ווען דער קרבן איז ניט קיין עבד, נאָר א בן חורין. דער חילוק איז נאָר אין דעם, וואָס דאָרטן וואָלטן די תובעים די יורשים געווען, און דאָ וואָלט דער תובע דער בעל הבית זיין. די גאַנצע סיטואַציע איז אָבער אין די ביידע פעלע די זעלבע. דער כאַראַקטער פון דער געלט תביעה איז דער זעלבער דאָ ווי דאָרט. און ווי באַלד אזוי באַדאַרף אויך דער אורטייל אין ביידע פעלע דער זעלבער זיין. פּונקט ווי דאָרטען קענען די יורשים ניט קריגען קיין פארגיטיגונג פאר דעם פאַראורזאַכטן נזק — ווי דער ענין פון נזק זאָל דאָ ניט פאַרשטאַנען ווערען — וואָס זיי האָבען געליטן, ווייל ער — דער „נזק" איז א פאַראורזאַכטער רעזולטאַט פון גורם זיין דעם אומקום פון א מענטשלעך לעבן, וואָס ווערט ניט אין דאָלארן געשאַצט, אַט אזוי איז אויך דער היזק, וואָס דער בעל הבית פון עבד האָט געליטן, ניט קיין אוממיטלבאר פאַראורזאַכטער פון בעל הבור, נאָר אַ רעזולטאַט פון אַן אַקט זיינעם, וואָס האָט גורם געווען דעם אומקום פון א מענטשלעך לעבן. נאָר אין פאַל, ווען דער עבד זאָל קענען באַטראַכט ווערן ווי א דורכאויס נכס ממון וואָלט מעגלעך געווען צו ריידן וועגן א געלט פאַרגיטיגונג געבן דעם בעל העבד. ווארום דאַן וואָלט זיך ניט געהאַנדלט וועגן א באַ־שולדיקונג, וואָס איר דירעקטער אינהאַלט איז דאָס אומברענגען פון א מענטשלעך לעבן, נאָר אין א באַשולדיקונג, וואָס איר דירעקטער אינהאַלט איז דאָס פאַרניכטן פון פרעמדן אייגנטום.

און דאָס, וואָס איך האָב געשריבן אין דעם פּאַראַגראַף וועגן וועלכן מיר ריידן דאָ: „מחמת דעם זעלבן טעם, וואָס איז כלל ניט אגב, דער זעלבער, וואָס דער חשובער אייזיק עלען גיט אָן" האָב איך געמיינט דערמיט — און אלץ לשיטתם נאָר. עס מיינט כלל ניט, אז איך האַלט באמת, אז דאָס איז טאַקע דער ריכטיקער טעם, פאר וואָס אויך דאַן, ווען דער קרבן איז אַן עבד, קען קיין געלט תביעה ניט ארויסגעשטעלט ווערן — צו זאָגן, אז אָט דער מאָטיוו, וואָס עלען גיט צו, אז די קינדער האָבן ניט קיין ירושה רעכט אויף דעם לעבן פון זייער פאָטער איז איינגאַנצן אַן איבעריקער. ווארום דער עיקר מאָטיוו אין דער דערקלערונג איז דאָס, וואָס א מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין געלט

געשאצט — אין אַט יענער אויסטייטשונג גענומען, וואָס איך האָב אים פריער געגעבן. דעריבער איז ניט שייך צו ריידן וועגן דעם, אַז די קינדער קענען קיין תובעים ניט זיין דערפאר, וואָס זיי האָבן קיין ירושה רעכט ניט אויף דעם לעבן פון זייער פאָטער. זיי קענען קיין תובעים ניט זיין, ווייל קיינער קען קיין תובע ניט זיין — לויט דעם באַזיס, וואָס ער — עלען — לעגט אוועק פאר דער דערקלערונג, פאר וואָס מען שטעלט ניט צו קיין געלט תביעה צום בעל הבור אין נאָמען פון די יורשים — לויט דעם באַזיס, אז א מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין געלט געשאַצט. דאָס, וואָס די קינדער האָבן ניט קיין ירושה רעכט אויף דעם לעבן פון זייער פאָטער, איז ראָך ניט קיין סבה ראשונה פון דעם, וואָס מיר זאָגן, אז א מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין געלט געשאצט, נאָר א רעזולטאַט זיינער.

און דאָס מיינט, אז דער אינהאלט פון מיין אויסזעצונג קעגן הרב פורת באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב געוואָלט ארויסברענגען, אז ווי באלד אין אלגעמיינעם האָט ער ניט געהאט וואָס אויסזעצן קעגן עלענס דערקלערונג, איז צוליב דער קשיה פון עבד כלל קיין נויט־ווענדיקייט פאר אים געווען צו פארוואָרפן זי. ער וואָלט נאָר געווען באדארפט א קליינע קאָרעקציע אריינטראָגן אין איר. א קליינע קאָ־רעקציע, וואָס מוז סיי ווי סיי אין איר אריינגעטראָגן ווערן. ווארום אז ניט האָט די גאנצע דערקלערונגקייט זין ניט — די קאָרעקציע, וואָס באשטייט אין דעם עלימינירן פון דעם „סרח העודף“ אין דער דערקלערונג, אז עס זיינען דאָ קיין חובעים ניטאָ, ווייל די יורשים האָבן קיין רעכט ניט אויף דעם לעבן פון זייער פאָטער — און אלץ וואָלט כשר וישר געווען.

און וואָס אמבאלאנגט דעם צווייטן פאַראַגראַף, וואָס קומט נאָך דעם פאַראַגראַף, וועגן וועלכן איך האָב ביז איצט גערעדט — מיין איך מיט אים צו זאָגן, אז מען וואָלט געקענט זייער גוט אָפּשלאָגן מיט דעם תירוץ — מיט דעם תירוץ, וואָס געפינט זיך דאָרטן — די קשיות זייערע, ווי באלד מיר זאָלן פארקוקן, ווי זיי ביידע — אי אייזיק עלען, אי הרב פורת — טוען עס, דעם ענין פון מיתת בית דין. אין זייער שקלא וטריא איגנאָרירן זיי גאָר אינגאנצן דעם דאָזיקן פרינציפּ, ווי אויך אלע אנדערע פארמולעס און פרינציפּן, וועלכע מען מוז האַלטן אין געדאנק, ווען מען שרייבט וועגן דאָזיקן ענין — גלייך, ווי זיי

וואָלטן גאָר אויף דער וועלט ניט געווען, גלייך ווי זיי וואָלטן גאָר ניט געוואוסט פון דעם אלעם. עס זעט, ווירקלעך, גאָר ניט אויס, אז זיי זאָלן צומאָל כאָטש א טראַכט טאָן וועגן דעם אלעם. ווארום ווען זיי וואָלטן יאָ געהאט אין זינען דעם דאָזיקן ענין פון מיתת בית דין, ווי אויך די פארשיידענע קאַטעגאָריעס, אין וועלכע דיני נפשות ווערן איינגעטיילט, וואָלטן ביי זיי: ראשית, אלע יוונים ניט געהאט איין פנים. וואָלט ביי זיי ניט געקענט און ניט געמוזט אויסקומען, אז נאָר איין מאָטיוו דווקא זאָל דאָמינירן אין די אלע פעלע פון דיני נפשות פאר ניט איינשליסן דעם מאָמענט פון תשלומי ממון — אין וואָס פאר א פאָרם זיי זאָלן ניט זיין — אין זיי. שנית, וואָלט עלען די קשיות זיינע ניט געפרעגט. און ווען ער וואָלט שוין יאָ געפרעגט, וואָלט ער אויף זיי סיי ווי מיט דעם תירוץ, זיינעם, וואָס ער האָט אויף זיי געגעבן, ניט אָפּעררירט. ווארום ער וואָלט דאן געוואוסט, אז ער — דער דאָזיקער תירוץ — איז שוידערלעך פאַלש. דריטנס, וואָלט ער דאָך הרב פורת, אנשטאָט צו מטריח זיין דעם געהרגעטן עבד, ער זאָל אים העלפן עלענס דערקלערונג צו באקעמפן, אים — עלענען — ראשית כל אָנגעוויזן, אז, מיט דעם עבד אָדער אָן דעם עבד, מוז די דערקלערונג פאַרוואָרפן ווערן. ווארום „מעיקרא דדינא פירכא". דאָס ניט אריינ־נעמען אָדער יאָ אריינגעמען דעם ענין פון היזק ממון אין א פראָצעס פון דיני נפשות, ווערט ניט פארבונדן מיט דעם קרבן, נאָר מיט דעם באשולדיקטן גאָר.

די באַהויפּטונג, אלזא, וואָס ווערט דאָרטן געמאכט, אז ניט אזא, וואָס ווערט פון מיר געמאכט, נאָר אזא, וואָס וואָלט לשיטתם געקענט געמאַכט ווערן.

ווארום אין אמתן איז וואָס אמבאלאנגט דעם אינהאלט פון באַ־שפּראָכענעם פּאַראַגראַף — קען יאָ אמאָל געמאָלט זיין, אז אין א פאַל פון דיני נפשות זאָל, ווען עס האנדלט זיך וועגן אן עבד — ווי אין דעם פאַל פון שור תם שהרג עבד שלא במתכוון זאָל יאָ איינגעשלאָסן — לויט דעם פסק פון רמב"ם — ווערן דער ענין פון היזק ממון, דאן, ווען, אז עס האנדלט זיך וועגן א בן חורין, איז קיין מעגלעכקייט ניטאָ, אַז עס זאָל אין אָט יענעם דיני נפשות פאַל אָט אַזאַ ענין איינגעשלאָסן ווערן. נאָך מער — אפילו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן א בן חורין קען אמאָל דער ענין פון היזק ממון איינגעשלאָסן ווערן ניט נאָר דאן,

ווען עס האנדלט זיך וועגן דיני נפשות, וואָס זיינען אבסאָלוט פון דעם ענין פון מיתת בית דין פריי — ווי לויט דעם ראב״ד אין אויבנדערמאָנטן פאַל טאַקע פון שור תם שהרג את האדם — אפילו א בן חורין — שלא במתכוון — נאָר אויך אין אַזאַ פאַל, ווען ער איז דאָרטן אויף אַ העלפט יאָ פארטראָטן, ווי אין דעם פאַל — לויט דעם פסק פון רמב״ם — פון „שלא נתכוון אליה כלל״ ביים ענין פון „וננפו אשה הרה ויצאו ילדיה״.

און דאָס אלעס, וואָס איך האָב געשריבן דאָ, וועט קלאָר ווערן פאר דעם לעזער אין לויף פון דער ווייטערדיגער שקלא וטריא, און באַזונדערס דאן, ווען עס וועט קומען דער מאָמענט, ווען איך וועל דארפן איבערגיין צו דעם הויפט צוועק פון דער דאָזיקער ארבעט מיינער, צו באלייכטן דעם גאנצן ענין לויט מיין אייגענער שיטה. דאָ איז ניט דער פלאץ פאר דעם. די ארגומענטאציע, מיט וועלכער איך בין באַשעפטיקט דאָ, איז אויך אפילו בנוגע דעם צוועק פון באווייזן די פאלשקייט פון די באהויפטונגען, קעגן וועלכע איך טרעט ארויס, אזא, וואָס באדארף ערשט פירן צום עיקר. זי איז אָבער נאָך ניט דער עצם עיקר אליין. דער הויפט צוועק פון דעם, וואָס איך שרייב אין דער הערה אויבן, איז נאָר קלאָר צו מאכן פאר דעם לעזער, אז ביט מיין אייגענע מיינונג דריק איך אויס אין דעם פאַראַגראַף, אויף וועלכן די הערה באַציט זיך, אז ניט אליבא דידי ווערט אָט דאָס אלעס געזאָגט, נאָר אליבא דידהו.

און וואָס אמבאלאנגט דעם אינהאלט פון דעם פאראגראף, וואָס קומט נאָך דעם פאַראַגראַף, וועגן וועלכן איך האָב אָט ערשט גערעדט, איז אויך דאָס זעלבע. ניט אין יעדן פאַל, ווען עס האנדלט זיך אין דיני נפשות פון דעם טיפּ, צו וועלכן עס באאלנגען די דיני נפשות, וואָס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון שור אדער בור, וואָס אין זייער הויפט כאַראַקטעריסטיק זיינען זיי פאראייניקט אין איין קאטעגאָריע, זיינען די מאָטיוון פאר ניט איינשליסן אין זיי דעם ענין פון היזק ממון — ווען זיי ווערן דאָרטן ניט איינגעשלאָסן — די זעלבע. די אלע דיני נפשות פון בור ווערן בנוגע דעם דערקלערט מיט איין פּרינציפּ, דאן, ווען דער מאָטיוו פאר דעם אויסשליסן דעם דאָזיקן ענין, ווען דער היזק ממון איז מיט דיני נפשות פון שור פארבונדן, איז ווידער א גאנץ אַנדערער.

און אויך אלעס, וואָס איז דאָ אָט ערשט געזאָגט געוואָרן, וועט אין לויף פון דער שקלא וטריא קלאָר ווערן. איך וועל דאן אויף א ברייטן וועג דעם דאָזיקן ענין ארומרעדן און אילוסטרירן די באהויפּ־טונגען, וואָס איך מאך דאָ, מיט די נויטיקע ביישפּילן.

און צו לעצט אויך די פאָלגנדע עטלעכע שורות —

מיט דעם, וואָס איך שרייב צום סוף פון שוין דערמאָנטן ערשטן פּאַראַגראַף: „ווען עס וואָלטן פאר דעם יאָ טעכנישע אומשטענדלעכע מעגלעכקייטן געווען" — מיין איך צו זאָגן: ווען אפילו עס וואָלט אונדז מעגלעך געווען פאָרצושטעלן זיך אן אומשטענדלעכע סיטואציע אין דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר ריידן דאָרטן, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן ארויסצושטעלן א געלט תביעה, וואָס זאָל פון זעלבן כאַראַקטער זיין, ווי די געלט תביעה אין פאַל פון אן עבד איז.*)

## ו

און איצט לאָמיר ווידער אומקערן זיך צום ענין, פון וועלכן מיר האָבן זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעריסן. לאָמיר פאָרטזעצן דעם שמועס, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן וועגן דעם, אַז מיט דער דערקלערונג זיינער טרעט עלען אַלס „תנא דפליג" קעגן די חז"ל אונדזערע אַרויס.

לויט די חז"ל קען נאָר דאן אין אַ פאַל פון הריגת נפש קיין תביעת ממון ניט איינגעשלאָסן ווערן — נאָר דאן, ווען עס איז אין אים דער ענין פון „מיתת בית דין" פאַראַן. אמת, דער דאָזיקער ענין פון מיתת בית דין באַדאַרף פאַרשטאַנען ווערן אין א גאָר ברייטן, ליבעראלן זין. דער באַזיס זיינער אָבער, אז עס מוז זיך האַנדלען, ווען עס רעדט זיך וועגן א פארברעכן פון א פאַראורזאַכטן מיתת אדם, וועגן א דירעקטער, אייגענער דורכפירונג פון פארברעכן — מוז תמיד בלייבן. ווארום אָן דעם תנאי קען גאָר קיין רעדע ניט זיין וועגן מיתת בית דין אין אזא פאַל.

לויט דעם תנאי אלזא, באַדאַרף אויסקומען, אז אין דעם פאַל פון בור וואָלט מען בשום אופן ניט געקענט אויסשליסן די געלט תביעה, וועגן וועלכער עלען רעדט, ווען זי וואָלט ווירקלעך אירגענד וועלכן

*) דער לעזער דארף געדענקען, אז די דאָזיקע הערות וואָלטן אים אויסגעקומען צו לייענען, ווען ער האָט נאָך ביי זייט 5 געהאלטן.

שאַנס געהאט אלס אזעלכע — אלס אן אמתע געלט תביעה — באַטראכט צו ווערן, ווען זי וואָלט ניט זיין ניט מער ווי נאָר א חלום אן אויסגעטראכטער פון עלענס פאַנטאַזיע. ווארום דאָ אין דעם פאַל איז דער ענין פון מיתת בית דין ניט פאראן און קען ניט זיין, פונקט ווי ער איז ניטאָ און קען ניט זיין אין אלע אנדערע פעלע פון הרינת אדם, וואָס זיינען אויף דעם פאַל פון בור ענלעך. ווארום אין אָט די אלע פעלע פעלט אָט יענער אומבאַדינקטער תנאי, וועגן וועלכן מיר האָבן אָט ערשט גערעט.

און דאָס אלעס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביז אהער מיינט שוין במילא אויך, אז די באַגרינדונגען, מיט וועלכע ער באַגרינדעט די באַהויפּטונג זיינע, אז דאָרטן וואו עס האנדלט זיך וועגן אבוד נשמה — אין וואָס פאר א פאָרם עס זאָל ניט זיין — איז דער אויסשליס־לעכער מאָטיוו פאר ניט איינשליסן קיין געלט תביעה אין אזא פאַל דאָס, וואָס א מענטשלעך לעבן איז אומגעבראכט געוואָרן — די באַגרינדונג, אז דאָס איז דערפאר, וואָס דאָס לעבן פון א מענטשן ווערט ניט אין דאָלארן געשאַצט, דאָס, וואָס עס איז קיין תובע ניטאָ, זיינען קיין אויסגעבלאָזן איי ניט ווערט.

ווארום אפילו, ווען עס האנדלט זיך וועגן א מיתת אדם, וואָס איז מיט דעם ענין פון מיתת בית דין יאָ פאַרבונדן, אַפילו דאַן איז דאָס כלל ניט אַנטשיידנדער פאקטאָר אין דעם, וואָס מען קען דאַן אין דער באַשול־דיקונג דעם ענין פון א תביעת ממון ניט איינשליסן — ווען עס איז אַ באַזיס דערויף — פאַר אַזאַ תביעת ממון — פאראן — איז כלל ניט דערפאַר, ווייל עס האנדלט זיך וועגן א מענטשלעך לעבן, וואָס איז שוין אומגעבראכט געוואָרן נאָר דערפאר, וואָס עס האנדלט זיך ראַן וועגן א מענטשלעך לעבן, וואָס באַדאַרף אומגעבראכט ווערן. ניט דער אומגעקומענער איז דער גורם דערפון, וואָס מען קען ניט מצרף זיין צו דער באַשולדיקונג אירגנד וועלכע תביעת ממון, נאָר דער באַשול־דיקטער. דער מאָטיוו איז ניט, וואָס א מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין דאָלארן געשאַצט, נאָר דאָס, וואָס די שטראָף, וואָס קומט דעם באַשולדיקטן פאר דעם פארברעכן, וואָס ער איז באַגאַנגען, איז פאַר־אורטיילן אים צום טויט.

אין קורצן — ניט דער כאַראַקטער פון דעם פאַרברעכן איז דער

גורם דערפון, וואָס דער ענין פון דמי נזק ווערט ניט איינגעשלאָסן, נאָר זיער כאַראַקטער פון דער שטראָף, וואָס מען גיט דעם באשולדיקטן פאר דעם פאַרברעכן, וואָס ער איז באַגאַנגען. אויב עס האנדלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן, פאר וועלכן עס קומט טויט־שטראף, מעג דער פאַרברעכן די קלענסטע שייכות מיט מיתת אדם ניט האָבן — קען דא בשום אופן וועגן א תביעת ממון קיין רעדע ניט זיין. דאגעגן מעג זיך רעדן וועגן א פאל, וואָס מיתת אדם איז דווקא יאָ פאראן אין אים, נאָר עס פעלט אין אים דער מאָמענט פון מיתת בית דין, דאָס הייסט פון אָנהויב אָן קומט ניט קיין טויט־שטראף פאר דעם פאַרברעכן, שליסט מען אין אמתן יאָ איין דעם מאָמענט פון א תביעת ממון, ווען עס איז פאר אָט אזא תביעה א גרונד פאראן.

---

און אהרון, אחרון חביב. כל הגדול מחברו טעיותיו מרובות ממנו.

אויב מיט הרב פורת און מיט ה׳ עלען האָבן מיר צרות גרויסע ביז מיר קענען ארויסקריגן פון זיי אַקוראַט וואָס זיי ווילן; אויב בנוגע זיי ווייסן מיר נאָר, אז זיי טראָגן זיך ארום מיט פילע הויפנס מיט קשיות, מיר קענען אבער ניט בשום אופן דערגיין ווי געהעריק דעם אמתן אינהאלט פון די דאָזיקע קשיות, וואָס זיי זיינען אין אמתן אויסן מיט זיי — האַלט דאָס שוין אבער גאנץ אנדערש מיט הרב צעיר. פון זיינע רייד באקומט זיך א קלאָרער איינדרוק, אז ער צילט א סך ווייטער פון די ערשטע. אים גייט ניט נאָר אין דעם, וואָס ווען א מענטש ווערט נאָר געניזוקט, אריינפאלנדיק אין א גרוב, וואָס איינער האָט אין א רשות הרבים אויסגעגראָבן, באדארף דאן דער בעל הבור יאָ באצאָלן דמי נזק, ווען ער ווערט אבער געהרגעט באדארף ער די יורשים קיין געלט פאַרגיטיקונג ניט געבן.

לויט דעם, וואָס ער זאָגט: „נמצא, שאין להוציא מכאן כלל הדין התמוה הזה, שבעל הבור יהיה חייב על נזקי אדם ועל נזקי בהמתו ויהיה פטור על מיתתו“ קומט אויס, אז די קשיא באשטייט אין אמתן אין דעם, פאר וואָס אייגנטלעך באפרייען מיר אים — דעם בעל הבור — גאָר אינגאנצן פון אָט דער שטראָף, וואָס עס קומט געוויינלעך פאר אומברענגען א מענטשן.

און פונקט ווי ער איז געוואגט אין דעם אופן, ווי ער רעדט וועגן

דער קשיה, פונקט ווי ער שטעלט זי אין אַט יענער ראַדיקאלער, ווייטגייענדער פאַרמולירונג, וועגן וועלכער איך האָב גאָר פריער דרך אגב גערעדט, אַט אזוי איז ער אויך זייער געוואגט אין דעם תירוץ, וואָס ער גיט אויף דער קשיה. ער מאכט גאָר אינגאנצן א קורצן משפט מיט דעם רחוק מן השכלדיקן „שור ולא אדם" דרש. לויט אים נאָך האָבן מיר דאָ גאָר צו טאָן מיט א דרש, וואָס אין אמתן עקזיסטירט ער גאָר אינגאנצן ניט, אויף וויפיל עס האנדלט זיך, אז מיר האָבן אזוי ארום אן אינהאלט אין אים, וואָס זאָגט אונדז, אז על מיתת אדם איז פטור דער בעל הבור. ער פארזיכערט אונדז אויך, אז אין אמתן געפינט ער זיך גאָר ניט אין ערגעץ: ניט אין דער מכילתא און ניט אין דער משנה און ניט אין ירושלמי.

וואָלט אַט דאָס אלעס זייער גוט און פיין געווען. עס איז אבער דערביי א קליינער חסרון פאַראַן.

דער דאָזיקער קליינער חסרון באַשטייט אין דעם, וואָס: ראשית, איז די עקזיסטענץ פון דעם דאָזיקן דרש אזא זיכערע, אז מען קען זי בשום אופן ניט פאַרלייקענען. טאַקי פון אַט יענע אלע מקורות, אויף וועלכע דער רב צעיר פאַרופט זיך אין דעם „לא היה ולא נברא"-דיקן פסק דין זיינעם בנוגע דעם דאָזיקן דרש — שרייט די עקזיסטענץ זיינע בקולי קולות ארויס.

אז דער בעל הבור איז פטור ממיתת אדם געפינט זיך אי אין משנה, אי אין ירושלמי און אי אין רמב"ם. און ניט איינמאָל נאָר פיל מאָל, אויב אפילו ניט אלע מאָל אויף אדירעקטן וועג. דערויף מען זאָל קענען מאַכן אַט יענעם „שור ולא אדם" דרש פאר א „לא היה ולא נברא" באדארפן מען אַט יענע הלכות מפורשות, וואָס געפינען זיך קלאָר און דייטלעך אין אַט יענע אלע מקורות אויסגעדריקט, פון דער וועלטאומבּרענגען; דארף מען פריער אַט יענע אלע אומצייליקע סוגיות וואָס געפינען זיך אין דער גמרא, אַט יענע אלע סוגיות, וואָס שטייען אין שייכות מיט דעם פולן אינהאלט פון אַט יענעם דרש, וואָס נאָר ער איז דער צענטראלער פונקט זייערער, פון די מסכתות אַרויסרייסן. איידער מען קען זיך דערלויבן דעם דאָזיקן דרש אלס „לא היה ולא נברא" צו דערקלערן, באדארף מען פריער קענען זיך דערלויבן א שיינע עטלעכע צענדליק דפים גמרא אין פארשיידענע

מסכתות פון ש״ס פאר א „לא היה ולא נברא״ צו דערקלערן. כל זמן אבער דאס ווערט ניט און קען ניט געטאָן ווערן, מוזן מיר די עקזיס־טענץ פון אָט יענעם דרש אָנערקענען.

און עס איז באמת א וואונדער, אז אַזאַ שר וגדול בתורה, ווי רב צעיר איז, זאָל אין אזוי פיל שווערע טעותן אין אַזאַ איינפאַכן ענין געשטרויכלט ווערן.

דאָס איז, אלזא, ראשית.

והשנית — און אָט דער שנית איז דער סאַמע וויכטיקסטער אַרגומענט לטובת דעם, מען זאָל דעם מיטל זיינעם צו פאַרענטפערן די קשיה — פאַרוואַרפן — איז דאָס, וואָס, אייגנטלעך נויטיקט מען זיך כלל ניט אין דעם. דער דרש איז זייער א פיינער, א וואונדערלעכער דרש. עס איז גאָר ניטאָ וואָס אויסצוזעצן קעגן אים. וואונדערן וואָלט מען זיך באדארפט, ווען עס וואָלט זיך ביי די חז״ל אָט אַזאַ דרש ניט געפונען.

דער לעצטער סך הכל איז, אז די אלע תירוצים אויף די קשיות וואָס זיינען געגעבן געוואָרן פון די חשובע דיסקוטאַנטן, וועגן וועלכע איך האָב ביז איצט גערעדט, טויגן ניט. דער תירוץ פון הרב פורת, אז דערפאר באפרייט מען דעם בעל הבור אפילו ווען עס האנדלט זיך וועגן אן עבד — ווייל אז אפילו ווען עס האנדלט זיך וועגן א בן חורין באפרייט מען אים דאן נאָר דערפאר, ווייל דער קרבן ווערט געהאלטן דאן פאראנטוואָרטלעך פאר דעם אומגליק, וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן, איז פאַלש, כאָטש מער נאָך אביסל, ווי נאָר א קערענדל אמת איז אין אים דווקא יאָ פאראן, אויף וויפיל עס האנדלט זיך וועגן דעם ענין פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט דאָ פאר זיך גענומען. די צוויי באַהויפּטונגען פון ה׳ עלען, אויף וועלכע זיין תירוץ ווערט באַזירט, די צוויי באַהויפּטונגען, אז: א) א מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין דאָלאַרן געשאצט. ב) אז די יורשים האָבן קיין רעכט ניט אויף דעם לעבן פון זייער פאטער — זיינען — ווי פאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען אויבנאויף — שוידערלעך פאלש, כאָטש א קערנדל אמת איז דאָך אין זיי ביידע פאראן, ווען מען רייסט זיי ארויס פון אָט דעם באָדן, אויף וועלכן עלען האָט זיי אוועקגעשטעלט. און וועגן דער וואלידעט פון רב צעירס תירוץ האָבן מיר דאָך געהאט די געלעגנהייט

זיך אָט ערשט צו איבערצייגן. אין זיין תירוץ קען מען אפילו קיין קערענדל אמת ניט געפינען.

און עס איז באמת טאַקע א נס מן השמים, וואָס ניט נאָר זיינען די תירוצים קיין תירוצים ניט, נאָר אויך די קשיות זיינען קיין קשיות ניט, וואָס דער דרש, אויף וועלכן זיי האָבן זיך אזוי אכזריותדיק אָנגעז־זעצט איז גראדע, ווי איך האָב פריער געזאָגט, א זייער פיינער, וואונ־דערלעכער דרש, וואָס עס איז גאָר ניטאָ וואָס אויסזעצן קעגן אים. ווען ניט אָט דער גרויסער נס מן השמים, וואָלט טאַקע זייער שלעכט געווען. מיר וואָלטן זיך דאן אין א קאַטאַסטראָפּאַלער לאַגע געפונען.

און דאָ קומען מיר צו אונדזער הויפּט קשיה אויף די קשיות שטעלער, וועלכע מיר האָבן פריער נאָר פארבייגייענדיק דערמאָנט. איך מיין די קשיה: וואָס פאר א מאָדנער וויסנשאפטלעכער וועג איז דאָס, צו באַהאַנדלען אַזאַ טעמע, ווי די, וואָס די חשובע דיסקוטאַנטן באַהאַנדלען, אויף דעם אופן. ווי זיי טוען דאָס?

וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז מען זאָל אויף אירגענד וועלכן וויסנשאפטלעכן געביט ארויסכאַפּן אן איינציקן פאַל, אן איינציקע דערשיינונג פון א גאַנצן קאָמפּלעקס דערשיינונגען און דרשענען אויף אים תלי תלים של דרשות, פאַרגעסנדיק דערביי, אז אָט יענע דער־שיינונג, אָט יענער פאַל, אויף וועלכן מען שטעלט זיך אָפּ, זיינען אויך אין זייער אינדיווידועלן זיין, אין זייער אייגענער עקזיסטענץ ניט מער ווי טיילן נאָר פון א קאָמפּלעקס א גאַנצן ענלעכע צו זיי פאַלן, ענלעכע צו זיי דערשיינונגען; פאַרגעסנדיק דערביי, אז דאָס אינערלעכע לעבן פון יעדן איינצעלן פאַל, פון יעדער איינצעלנער דערשיינונג גיסט זיך צענויף מיט דעם לעבן פון די אלע אנדערע פּרטים, וואָס פאָרמירן צוזאַמען מיט אים איין גאנצן כלל, איין אידענטישן צעלן געוועב; אז זיי זיינען, ווי אלע אנדערע טיילן פון גאנצן, צו וועלכן זיי באלאנגען ניט מער ווי פאַרשיידענע מאַניפעסטאַציעס פון איין קאָאָרדינירענדן פּרינציפּ, וואָס גיט לעבן און באַוועגונג זיי אלעמען; פאַרגעסנדיק דער־ביי, אז מען קען דעריבער ניט קיין פּרט פון דעם כלל פּרטים פון דעם אלגעמיינעם באָדן, פון וועלכן ער זויגט באַגלייך מיט די אלע אנדערע פּרטים די יניקה זיינע — ארויסרייסן, דאן, ווען מיר ווילן זיך צו דעם „פאר וואָס און פאר ווען" דערגרונטעווען; פאַרגעסנדיק, אז עס

איז אומזין, צו וועלן דווקא אין זיי אליין — אין יעדן איינציקן פרט באַזונדער — דעם גאַנצן רעזאָן דע עטער זייערן צו זוכן; אין זיי אליין דווקא די נויטיקע פאַר זיי באַלייכטונג געפינען.

דער ערשטער תנאי פאַר וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג איז צו זוכן די מעגלעכקייט, אָוועקצושטעלן וואָס מער דערשיינונגען, ווי פאַרשיידן, ווי אומאָפּהענגיק זיי זאָלן ניט אויסזען איינער פון אַנדערן, אויף דעם באָדן פון איין דאָמינירענדן זיי אַלעמען פּרינציפּ. ווי דער וויסנשאַפטלער זאָל ניט זיין אַמאָל באַשעפטיקט מיט אַן איינצלנער דערשיינונג פאַר דעסקריפּטיווע צוועקן, אויף צו באַשטימען גענוי דעם אינדיווידועלן אינהאַלט אירן, פעסטצושטעלן ווי געהעריק אַלע אירע אייגנטימלעכע כאַראַקטער שטריכן, פאַרלירט ער זיך אָבער קיינמאָל ניט אין דער דאָזיקער דעטאַליזירטער דעסקריפּציע ביז צו דעם, ער זאָל זי — די דערשיינונג, וואָס איז דער אָביעקט פון זיין שטודיום — באַטראַכטן ווי אַן עקזיסטענץ, וואָס דאָס גאַנצע לעבן אירס גייט פאַרביי אין אַן אייגענער אויסשליסלעך אָפּגעשלאָסענער סיסטעם; געדענקט ער שטענדיק, אַז ווי שווער אָנגעלאָדן מיט אייגענעם אינהאַלט זי זאָל ניט זיין, ווי שאַרף אויסגעשפּראָכן די אייגנטימלעכקייט אירע זאָל ניט זיין, איז זי אָבער אין טיפסטן שורש נשמה אירן מיט נאָך פילע אַנדערע דערשיינונגען פאַרבונדן, ער דאַרף דעריבער צוזאַמען מיט דעם אינדיווידועלן, אייגנטימלעכן, וואָס זי מאַניפעסטירט, אויך דעם כאַראַקטער פון דעם אַלגעמיינעם, בשותפותדיקן, וואָס אין איר, אויספאָרשן, כדי זי זאָל ניט בלייבן אויסגעריסן פון דעם באָדן, אין וועלכן זי וואָרצלט, זי זאָל ניט אין א גוף אָן א נשמה פאַרוואַנדלט ווערן, כדי זי זאָל זיך פאַר אונדז ניט נאָר אין איר פולער אויסער־לעכקייט אַנטפּלעקן, נאָר אויך אין איר אינערלעכקייט, אין איר פילפאַכיקער געקייטלקייט מיט די אַלע אַנדערע דערשיינונגען, וואָס פאָרמירן צוזאַמען מיט איר איין גאַנצן אָפּגעשלאָסענעם קלאַס.

די וויסנשאַפט, ווי די פילאָזאָפיע, יאָגט זיך נאָך דעם עצם, נאָך דעם האָמאָגענעם סובסטאַנטיוון עלעמענט, וואָס זאָל אַלס דער באַזיס פאַר פילע העטעראָגעניש אויסזעענדע דערשיינונגען קענען באַטראַכט ווערן; נאָך דעם אולטימאַטיוון פּרינציפּ, וואָס זאָל אַלס דער סובסטראַטום פון א שווער אָנגעלאָדענעם קאָמפּלעקס פון דערשיינונגען קענען געזען ווערן.

די סאַמע וויכטיקסטע אויפגאבע, וואָס די וויסנשאפט שטעלט זיך, איז, אז די דערקלערונגען אירע פאר דעם אלעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט פון פענאָמענען, זאָלן זיין אזוינע, וואָס זאָלן קענען פריי און ברייט אָפּן האַלטן אירע גרעניצן פאר א וואָס מער גרעסערע צאָל פון דערשיינונגען; אז די צאָל פון ערשטע פרינציפּן זאָל ביז צו א קלענסטן מינימום צוגעפירט ווערן. אזוי, אז מען זאָל דארפן מיט וואָס ווייניקער קלאַסיפיקאציעס אָפּערירן, אזוי, אז ווי גרויס די צאָל פון די פארשיידענע דערשיינונגען, וואָס זאָלן קענען אונטער איין קלאַסיפיקאציע גיין, אָט אזוי קליין זאָל אויך זיין די צאָל פון די פארשיידענע קלאַסיפיקאציעס אליין.

א שיינעם פנים וואָלט די וויסנשאפט געהאט, ווען זי וואָלט באַדאַרפט פאר יעדער איינצעלנער דערשיינונג אן אייגענעם ערשטן פרינציפּ האָבן. מיר וואָלטן זיך דאן ווי אין אן עולם התוהו באַוועגט. די אלע ערשטע פרינציפּן וואָלטן ווי שווערע שטיינער אויף אונדז געפאלן און ביז צום טויט דערדריקט.

אונדזערע דעבאטאנטן האנדלען אָבער אזוי, ווי זיי וואָלטן גאָר ניט געהאלטן פון די דאָזיקע אלע זאַכן. וואָס גייט זיי אָן די אלע זאכן? דאָס נויטיקע וויסנשאפטלעכע פונט פלייש פאַר דער באַפרידיקונג פון זייער וויסנשאפטלעכן נייגיר פאָדערן זיי פון בור אליין דווקא. פון „אין הבור מתמלא מחולייתו" האַלטן זיי ניט. נאָר ער — דער בור — אליין דווקא מוז זיי א תירוץ צושטעלן אויף די אלע קשיות, מיט וועלכע זיי באַמבאַרדירן אים אזוי אומברחמנותדיק. זיי פאלט גאָר ניט איין, אז שוין דער שור אליין, וואָס געפינט זיך אין שכנהשאפט מיט דעם בור אין דעם קליינעם „חומשל", מיט וועלכן — מיט דעם חומשל, הייסט עס — מען באדארף זיך ווי עס־איז אויך אמאָל רעכענען, ווייל אין אים זיינען דאָך סוף כל סוף די אלע דינים פון אונדזער גאַנצן, פילפארצווייגטן געזעץ געוועב פאַראַנקערט, קען אים — דעם בור — ווי פארשיידן זיי זאָלןביידע ניט זיין, ארויסהעלפן מיט א ריכטיקן תירוץ צו פאַרזאָרגן אויף די אַלע קשיות, מיט וועלכע זיי האַמערן אויף אים. זיי זיינען זיך מפלפל וועגן דעם ענין פון בור פונקט ווי ער וואָלט אן אָפּגעריסענער מעטעאָר געווען, וואָס טראָגט זיך עלנד און איינזאם אין דער אומענדלעכקייט פון דעם אוניווערסאַלן יש ארום,

פונקט ווי ער וואָלט א קיילעכדיקער יתום געווען, וואָס געפינט זיך ניט אין קיין פאַרוואַנדשאַפט מיט קיינעם, וואָס פאַרמאָגט קיין קרוב און קיין גואל ניט, וואָס זאָל אים אין עת צרה קענען ביישטיין.

ניט קיין וואונדער דעריבער, וואָס זיי נעמען זיך אזוי שטארק צום האַרצן פון דעם „שור ולא אדם" דרש פון די חז"ל. ניט קיין וואונדער דעריבער, וואָס ער זעט זיי כלו מקשה אויס.

ז

שוין צייט אבער, אז מיר זאָלן דירעקט צום דרש איבערגעבן און זען צי דער „הכצעקתה" זייערער איז ווירקלעך א ממשותדיקער. לאָמיר זיך איצט ניט פאַרנעמען מער מיט די תירוצים זייערע נאָר מיט די קשיות זייערע. לאָמיר נאָר זען, צי עס איז טאַקע באמת א גרונד פאַראַן פאַר דעם, אַז דער דרש פון די חז"ל זאָל אזוי משונהדיק אין אונדזערע אויערן קלינגען.

היינט קענען זיך פארגינען פילע פון די, וואָס זיינען זיך מפלפל בהלכה צו פאַרגעסן גאָר אינגאנצן, אז עס איז פאַראַן א קליין חומש'ל אויף דער וועלט. עס פאלט זיי גאָר ניט איין, אז מען קען אמאָל א ביסל באַשיידענע הילף ארויסקריגן, בשעת מען איז אזוי שטאַרק באזאָרגט, מען זאָל אן אויסוועג געפינען פון דער שווערער לאַגע, אין וועלכער מען געפינט זיך בנוגע א געוויסן קאָמפּליצירטן הלכה ענין. זיי איגנאָרירן דאָס דאָזיקע קליינע ספר'ל בתכלית האיגנאָרירונג. און די „מהדרים" צווישן זיי פּראַקטיצירן דעם דאָזיקן ענין פון שכחה אויך בנוגע דער גמרא. זיי קענען מיילנוויט אין זייער פלפול געיעג אָפּלויפן, ניט אָפּשטעלנדיק זיך די גאַנצע צייט, כדי ארייַנצוקוקן אויף אַ מאָמענט אין דער גמרא. עס איז הימל און ערד און דער רמב"ם. זיי הויבן אָן מיט דעם רמב"ם און ענדיקן מיט דעם רמב"ם. אין תלמוד פאַרגעסן זיי, גלייך ווי ער וואָלט גאָר ניט אויף דער וועלט עקזיסטירט.

די חז"ל אָבער האָבן זיך אָט אַזאַ לוקסוס ניט געקענט דערלויבן. דער שיקזאַל האָט ניט געוואָלט, זיי זאָלן געניסן פון אָט יענער פּריווילעגיע, פון וועלכער די דאָזיקע הלכה פאָרשער געניסן. זיינען זיי געצווינגען געוואָרן פאַר מעשי בראשית נאָך. זיי האָבן זיך מיט קיין רמב"מס ניט געקענט ווארפן. ווארום די רמב"מס זיינען נאָך דאַן אויף דער וועלט

ניט געווען. זיי האָבן זיך ניט געקענט העלפן. זיי האָבן זיך געמוזט מיט דעם שטודיום פון חומש'ל אָפּגעבן. זיי האָבן זיך ניט געקענט ווי פרייע פויגלען פילן. אין אַלע זייערע חדושים האָבן זיי זיך געמוזט אויף דער תורה שטיצן. זיי האָבן געמוזט אכטונג געבן, אז די חדושי הלכה זייערע זאָלן אין הארמאָניע זיין מיט דעם וואָס די תורה זאָגט אָדער מיינט, אז זיי זאָלן זיין אזוינע, וואָס מען זאָל ניט קענען צו זיי קיין סתירה פון דער תורה געפינען. אין צענטער פון זייער גאַנצער פאָרשונג איז נאָר דאָס חומש'ל געשטאַנען. פאַר יעדן ייִן אָדער ניין, וואָס זיי האָבן ארויסגעזאָגט בנוגע דעם אדער יענעם פאַל, וואָס איז אין שייכות געשטאַנען מיט אירגענד וועלכער נאָרמע פון די פאָר־געשריבענע אימפּעראַטיוון אין דער תורה, האָבן זיי געמוזט באַגרינדונג אין דער תורה זוכן. ווען זיי זיינען פאר א שווער פּראָבלעם געשטאַנען האָבן זיי פון קיין אנדער וועג ניט געוואוסט, ווי נאָר דעם וועג, וואָס פירט צו אָט יענעם אָרט פון חומש'ל, וואָס קען אויף דעם אדער יענעם אופן מיט דעם פּראָבלעם, וואָס זיי האָבן געהאט פאר זיך, פארבונדן ווערן. דורך געהעריקער פאַרטיפונג אין דעם טעקסט דאָרטן, דורך טיפן אַנאַליזירן פון דעם אינהאלט זיינעם, האָבן זיי אויסגעפונען די ריכטיקע כוונה זיינע, דעם ריכטיקן אופן, ווי אזוי אלעס דאָרטן דארף איינגעטייטשט ווערן. און אין דעם אַלעם האָבן זיי שוין דעם שליסל געפונען, ווי אזוי דאָס שווערע פּראָבלעם, וואָס זיי האָבן געהאט פאר זיך, צו לעזן.

ווען די חז"ל זענען צוגעקומען צום פסוק: „וכי יפתח איש בור, או, כי יכרה בור, ולא יכסנו, ונפל שמה שור או חמור — בעל הבור ישלם: כסף ישיב לבעליו, והמת יהיה לו" — האָבן זיי זיך אין צווייפל געפינען, ווי אַזוי מען באַדאַרף דעם דאָזיקן פסוק פאַרשטיין: צי מען באַדאַרף אָננעמען דעם שור או חמור פשוטו כמשמעו, אָננעמען, אַז נאָר וועגן שור או חמור טאַקע רעדט זי, אַז זי מיינט אונז צו זאָגן אַז נאָר ווען דער ארייגעפאַלענער איז אַ שור או חמור, אַז נאָר אין דעם פאַל דאַרפן מיר באַטראַכטן דעם בעל הבור גלייך ווי ער וואָלט אליין דעם שור אָדער חמור געהרגעט און באַשטראָפן אים אויך אין דעם פאַל מיט דער זעלבער שטראָף, מיט וועלכער מיר וואָלטן אים דאַן באַשטראָפט. אָבער אין פאַל ווען דער אַריינגעפאַלענער זאָל אַ

מענטש זיין, באַטראַכטן מיר אים ניט ווי ער וואָלט אַליין אַ הורג נפש געווען, און מיר באַפרייען אים דעריבער פון דער שטראָף, וואָס וואָלט אים געקומען, ווען מיר זאָלן אים אַלס אַזעלכן יאָ באַטראַכטן. אָדער מיר באַדאַרפן פאַרשטיין דעם שור או חמור ניט פשוטו כמשמעו נאָר מיר באַדאַרפן אָננעמען, אַז דער עיקר אינהאַלט פון פסוק איז אין דעם „ונפל שמה ומת", אַז די הויפט־אויפגאַבע פון דער תורה איז צו לאָזן אונז וויסן, אַז טראָץ דעם וואָס דער טויט, וועגן וועלכן זי רעדט, איז ניט אַזאַ, וואָס איז דורך אַן אַקט אַן אייגענעם, פון אים אליין — פון בעל הבור — באַגאַנגענעם — פאַראורזאַכט געוואָרן, דאַרפן מיר אים — דעם טויט — יאָ אַלס אַזעלכן באַטראַכטן, אין דעם זין, מיר זאָלן דעם בעל הבור פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אומגליק האַלטן, און מיט דער געהעריקער שטראָף אים באַשטראָפן. דער עיקר איז אונז די תורה געקומען צו לערנען, אַז אויך ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אַזאַ אייגנטום,* ווי בור, פאַלט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם אומגליק,וואָס עס איז דורך דעם דאָזיקן אייגנטום געשען, אויף דעם, וואָס איז דער בעל הבית פון דעם דאָזיקן אייגנטום. זי האָט אָבער כלל ניט געמיינט אונז צו זאָגן, אז די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַלט אויף אים נאָר דאַן, ווען אָט אַזאַ אומגליק טרעפט מיט אַן אָקס אָדער אַן עזעל דווקא, אָבער ניט דאַן, ווען דער אומגליק האָט מיט אַ מענטש געטראָפן.

אמת, עס רעדט זיך אין פסוק וועגן שור וחמור טאַקע. וועגן אַ מענטשן ווערט דאָרט אַפילו מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט. מען באַדאַרף אָבער פאָרט דענקען, אַז דער שור או חמור איז לאו דווקא. וואָרום ממה נפשך, אויב ביי שור וחמור באַהאַנדלען מיר דעם בעל הבור גלייך ווי ער אליין וואָלט אין טויטן זיי באַשולדיקט געוואָרן טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר אים ניט באַהאַנדלען אויף דעם זעלבן אופן, ווען דער קרבן איז ניט קיין אָקס, נאָר אַ מענטש. אויב פאַר אָט

*דער ענין פון אייגנטום, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בור ברשות הרבים, דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אין דעם זין, וואָס דער בור איז זיין — דעם בעל הבורס — אויפטו, אַ פּראָדוקט פון זיין מי און אַרבעט, אָבער ניט אין דעם זין, אַז ער האָט אויף אים אייגנטום רעכט. אין דעם זין באַלאַנגט כלל ניט צו אים דער בור. ער איז הפקר לרבים.

יענעם טויט האַלטן מיר אים פאַראַנטוואָרטלעך, פאַר וואָס זאָלן מיר אים אויך דאָ ניט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך.

אָט אַזאַ דילעמע האָט מיט זיך דער דאָזיקער פסוק פאַר די חז"ל פאָרגעשטעלט. זייהאָבן פאַר זיך צוויי אַלטערנאַטיוון געהאַט. איינעם— אָנצונעמען, אז ווען די תורה רעדט וועגן האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור פאַר דעם טויט פון שור וחמור, מיינט זי דערמיט אונז צו זאָגען, אַז ווען דער אַריינגעפאַלענער איז אַ מענטש דאַרף מען דעם בעל הבור ניט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך*. וואָרום דער שור וחמור דאַרף טאַקע פשוטו כמשמעו פאַרשטאַנען ווערן. דער צווייטער, אַז מען דאַרף פאַרשטיין דעם שור וחמור אין זין, ווי אַ מין „דבר הכתוב בהווה". זי דערמאָנט שור או חמור, ווייל עס שיקט זיך מער צו פאַרבינדן דעם ענין פון אַריינפאַלן אין אַ גרוב מיט אַן אָקס אָדער אַן אייזל, ווי מיט אַ מענטשן. אין אמתן אָבער גילט דער זעלבער פסק דין, וואָס די תורה גיט אונז בנוגע אַ פאַל, ווען דער אַריינגעפאַלענער אין גרוב איז אַ שור או חמור, אויך דאַן, ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אַ מענטשן.

נאָך אָבער אַ געהעריק אַריינטראַכטן זיך אין דעם גאַנצן ענין האָבן זיי געמוזט איינזען, אַז אין אמתן איז כלל פאַר זיי קיין צוויי אַלטערנאַטיוון פאַרהאַן, אַז אין אמתן האָבן זיי נאָר איין אַלטערנאַטיוו פאַר זיך. זיי האָבן געמוזט באַלד איינזען, אַז זיימוזן דורכאויס נאָר דעם ערשטן אַקצעפטירן, אַז זיי קענען בשום אופן ניט דעם צווייטן אָננעמען, אַז זיי מוזן אים דורכאויס פאַרוואַרפן אינגאַנצן.

וואָרום: ראשית, עס האַנדלט זיך ניט נאָר אין דעם „ונפל שמה שור וחמור", ווען עס וואָלטן קיין אַנדערע קאָמפּאָזיציאָנעלע שוועריקייטן ניט געווען, וואָלטן די ביידע אויבנדערמאָנטע אויסטייטשונגען גלייכע שאַנסן — מצד דעם מאָטיוו פון שפּראַכלעכער דערלאָזבאַרקייט —אויף אַקצעפטירונג פאַרמאָגט. מיט דעם זעלבן רעכט, וואָס מיר וואָלטן געהאַט אויף צו באַשטיין, אַז ער מוז דווקא דאָס, וואָס ער זאָגט,

---

*זאָגן, אַז דער שור קומט ממעט זיין אַנדערע ענלעכע צו אים בהמות און חיות, און דעריבער קען ער שוין במילא ניט מיתת אדם ממעט זיין — קען מען ניט. ווייל פון שור ביים ענין פון שבת אין דער תורה לערנען מיר, אַז מיר דאַרפן אים ניט אַזוי דרשענען.

מיינען, וואָלטן מיר געקענט באַשטיין אויף דערויף, אַז ער באַדאַרף פאַרשטאַנען ווערן, ווי אַ מין „דבר הכתוב בהווה", אַז טראָץ דעם, וואָס עס רעדט זיך אין אים וועגן שור וחמור נאָר, ווערט אין אמתן מיט אים אויך אַ מענטש געמיינט. עס האַנדעלט זיך אָבער אין דעם גאַנצן קאָנ־טעקסט זיינעם. עס וואָלט גרינג געווען אָנצונעמען, אַז דער „ונפל שמה שור או חמור" איז אין זיך — מיט דעם שור וחמור איינגעטייטש אויף אַזאַ אופן, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן — אויך „או איש" כולל, ווען די שטראָף, וועגן וועלכער עס ווערט גערעדט אין דעם דאָזיקן פסוק, וואָלט אַזוי איינהייטלעך געווען איןביידע באַזונדערע פאַלן, ווי די פאַסירונג, וועגן וועלכער עס ווערט דאָרטן גערעדט. ווען פונקט אַזוי ווי דער „ונפל שמה ומת" קען בלייבן ווי ער איז אַפילו, ווען מיר זאָלן זאָגן, אַז דאָ רעדט זיך ניט נאָר וועגן שור וחמור, נאָר אויך וועגן אַ מענטשן, אַזוי וואָלט אויך געקענט אומפאַרענדערט בלייבן דער „בעל הבור ישלם. כסף ישיב לבעליו, והמת יהיה לו". אָט אַזאַ איינהייטלעכקייט איז אָבער אין פסוק ניט פאַרהאַן. דער „כסף ישיב לבעליו, והמת יהיה לו" קען זיך דאָך אויף שור וחמור, אין זין, אַז ער איז אויך איש כולל, ניט באַציען. עס איז קלאָר דעריבער, אַז מיר מוזן זאָגן, אַז די תורה מיינט מיט דעם שור וחמור נאָר שור וחמור טאַקע, אַז נאָר וועגן זיי רעדט זי, און וואָס אַנבאַלאַנגט איש האַלט זי, אַז ער באַדאַרף גאָר אינגאַנצן באַפרייט ווערן פון אירגענד וועלכער שטראָף, פונקט, ווי מיר וואָלטן אויך בנוגע שור וחמור אַזוי געהאַלטן ווען מיר געפינען ניט אין דער תורה דאָס, וואָס מיר געפינען יאָ דאָרטן וועגן דאָזיקן ענין.

פאַר אייזיק עלען און די חברים לדעה זיינע איז קלאָר, אַז על פי שכל דאַרף אויסקומען, אַז די תורה קען בשום אופן ניט ממעט זיין מיתת אדם. זיי — די חז"ל — האָבן אָבער אין אַזאַ שכל קיין שום שכל ניט געזען. ווען זיי וואָלטן אויך, ווי יענע, נאָר אויף איינצעלנע ווערטער פון אַ פסוק זיך אָפּשטעלן און דאָרטן שבת האַלטן די גאַנצע צייט, ניט רעכענענדיק זיך כלל מיט דעם גאַנצן אינהאַלט פון דעם פסוק אין וועלכן אָט יענע איינצעלנע ווערטער געפינען זיך, וואָלטן זיי, אפשר, אויך, ווי יענע, פון גרויסן שכל, וואָס ליגט אין דער אויסטייטשונג אַז „שור או חמור" מוז אין זיך אויך איש כולל זיין, פאַרכאַפּט געוואָרן. אַזוי ווי אָבער זייער מנהג איז געווען זיך יאָ צו רעכענען

מיט דעם גאַנצן אינהאַלט, מיט וועלכע די איינצעלנע ווערטער דאַרפן פאַרבונדן ווערן, האָט זיי געמוזט אַזאַ אויסטייטשונג זייער אומשכלדיק אויסזען. פאַר זיי איז קלאָר געווען, אַז מען קען ניט איבערברעכן דעם פסוק, מיר זאָלן אין דעם „ונפל שמה שור וחמור" אַריינטייטשן אויך איש אין דעם זין, אַז וואָס אַמבאַלאַנגט דעם אַלגעמיינעם פרינציפּ פון האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור, איז קיין אונטערשייד ניט פאַרהאַן, צי אַ מענטש אָדער אַן אייזל פאַלט אַריין, און דעם „כסף ישיב לבעליו" באַטראַכטן ווידער אַלס אַ באַזונדערן ענין, אַז ער באַציט זיך שוין ניט אויף דעם פולן אינהאַלט פון דעם פריערדיקן „שור וחמור נאָר אויף אַ שור וחמור, וואָס שליסט אין זיך „או איש" ניט איין.

---

און מען קען דאָס ניט טון ניט נאָר דערפאַר, וואָס דער טפל, וואָס מען וואָלט דאַן אַריינגעמען אין פּאַראַגראַף, וואָלט מרובה על העיקר, וואָס אין אים, געווען; ניט נאָר דערפאַר, וואָס עס וואָלט צופיל עטימאָלאָגישע און סינטאַקסיסטישע פאַרקריפּלונג אין אים — אין פאַראַגראַף — געווען; ניט נאָר דערפאַר, וואָס מיר וואָלטן דאַן קיין גאַראַנטיען ניט געהאַט, אַז מיר גייען אויף אַ ריכטיקן וועג מיט איינ־טייטשן דעם פסוק אויף אַן אומגעלומפּערטן, יוצא דופנדיקן אופן, אָנשטאָט דעם, וואָס מיר קענען אים איינטייטשן אויף אַ פאַרנונפטיקן וועג; מיט אַריינלייגן אין אים אַן אינהאַלט, וואָס ער אַנטהאַלט גאָרניט אָנשטאָט דעם אינהאַלט, וואָס עס ווערט אין אים אויף אַ קלאָרן, שאַרפן אופן אויסגעדרוקט; ניט נאַר דערפאַר, נאָר, הויפּטזאַכלעך, דערפאַר, וואָס ווען עס וואָלט אמת געווען, אַז, לויט דער תורה, דאַרף מען אויך פאַר מיתת אדם דעם בעל הבור האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך, וואָלט זי ניט געקענט יוצא זיין נאָר דערמיט, וואָס זי זאָל זיך פאַר־לאָזן, אַז על פי הסברה וועלן מיר זיך דערטראַכטן צו דעם, אַז זי האָט ניט געקענט מיינען מיט דעם, וואָס זי האָט געשריבן „שור או חמור" לפטור את בעל הבור מחיובי מיתת אדם. זי וואָלט געמוזט אויסטיילן מיתת אדם, צו שרייבן וועגן דעם באַזונדער. ווארום עס איז דאָך ניט גענוג, אַז מיר זאָלן וויסן, אַז וואָס אַמבאַלאַנגט דעם אַל־געמיינעם פרינציפּ פון האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור איז אדם כשור דינו. אויב לויט איר נאָך דאַרף מען טאַקע אויך אין

פאַל פון אדם האַלטן אים פאַראַנטוואָרטלעך — וואָלט זי אונז דאָך ערשט דאַן באַדאַרפט לאָזן וויסן, אין וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס דאָזיקע האַלטן אים פאַראַנטוואָרטלעך דאַרף זיך אויסדרוקן, אויף וואָס פאַר אַן אופן מיר דאַרפן אים, דעם בעל הבור, באַשטראָפן אין פאַל דער קרבן איז אַ מענטש, פונקט, ווי זי האָט דאָס געטון בנוגע דעם מיתת שור וחמור. פונקט ווי זי האָט דאָרטן ניט יוצא געווען — און ניט געקענט יוצא זיין — נאָר דערמיט, וואָס זי זאָל אונז לאָזן וויסן, אַז מען דאַרף דעם בעל הבור פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן פאַר דעם שאָדן, וואָס דער בעל השור האָט געליטן, נאָר זי האָט אונז אויספירלעך אויך געלאָזט וויסן, וואָס די שטראָף דאַרף אין דאָזיקן פאַל זיין, אָט אַזוי וואָלט זי דאָך אויך אין פאַל פון מיתת אדם באַדאַרפט אונז לאָזן וויסן, וואָס פאַר אַ שטראָף מען באַדאַרף אויף דעם בעל הבור ארויפלייגן. מיר געפינען זיך דאָך אין פאַרווירונג בנוגע דעם. עס איז פאַר אונז מער ווי קלאָר נאָך, אַז טראָץ דעם, וואָס בנוגע דעם אַלגעמיינעם פרינציפּ פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז קיין אונטערשייד ניט פאַרהאַן צווישן שור און אדם, איז דאָך שוין גאָר אַ גרויסער אונטערשייד פאַראַן וואָס אַנבאַלאַנגט דער שטראָף, מיט וועלכער מען באַדאַרף באַשטראָפן דעם בעל הבור איןביידע פאַלן. וואָרום עס קען דאָך קיין שום צווייפל ניט זיין, אַז די שטראָף, וועגן וועלכער עס ווערט גערעדט אין פסוק, קען זיך בשום אופן ניט באַציען אויך אויף דעם או איש, וואָס מיר ווילן אריינטייטשן אין דעם שור או חמור, אַז זי קען בשום אופן ניט כולל זיין אין זיך אויך די שטראָף פאַר אַ מיתת אדם, פונקט ווי מיר ווילן אָננעמען, אַז דער „ונפל שמה שור או חמור" איז אויך נפילת אדם כולל אין זיך. אָננעמענדיק, אַז, לויט דער תורה, טראָגט אויף זיך דער בעל הבור אַ שולד, פאַר וועלכער ער באַדאַרף באַשטראָפט ווערן, ווייסן מיר ערשט ניט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט מיר זענען. מיר ווייסן ניט, צי ווי באַלד אין פרינציפּ האַלטן מיר אים שולדיק אין דעם טויט פון דעם קרבן, דאַרף מען אים אויך באַשטראָפן מיט אָט יענער שטראָף, מיט וועלכער מען באַשטראָפט געוויינטלעך פאַר אומ־ברענגען אַ מענטשלעך לעבן, אָדער אויך אין דעם פאַל דאַרף מען נאָר מיט אַ געלט שטראָף אָפּקומען. אָדער , אפשר, ווי ביי שור מועד שהמית, גילט אויך דאָ דער ענין פון כופר און קנס.

און דעריבער האָבן די חז״ל, ווירקלעך, קיין אַנדערע ברירה ניט געהאַט, ווי נאָר אָנצונעמען, אַז דער שור וחמור מוז פאַרשטאַנען ווערן פשוטו כמשמעו. אַז ער אַנטהאַלט אין זיך ניט נאָר אַ יאָ בנוגע זיי, נאָר אויך אַ ניין בנוגע מיתת אדם. אַז, לויט דער תורה, באַפרייט מען דעם בעל הבור פון יעדער שטראָף, ווי באַלד דער ארייגעפאַלענער איז אַ מענטש. וואָרום עס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך צו דערלאָזן, אַז זי זאָל האַלטן, אַז מען באַדאַרף אים יאָ באַשטראָפן און זי זאָל אונז ניט דערציילן, וואָס די שטראָף באַדאַרף זיין.

אייזיק עלען און די אַנדערע זייער חשובע דיסקוטאַנטן, וואָס אַרגומענטירן אויף אַזאַ אופן, גלייך, ווי עס וואָלט זיך דאָ געהאַנדעלט וועגן אַ בלינדן יאָ אָדער ניין ארויסצוקריגן פון ערגיץ; ביי וועלכע די גאַנצע תורה שלימה פון פּראָבלעם שעפּט זיך אויס מיט די אַב־סטראַקטע, אַלגעמיינע צוויי טערמינען: חייב אָדער פּטור, ניט אָפּ־געבנדיק זיך כלל קיין דין וחשבון, וואָס עס באַדאַרף אין יעדען באַזונ־דערן פאַל דער חייב אָדער פּטור מיינען — זיי האָבן פאַר זיך קיינע שוועריקייטן ניט געזען אין דעם, זיי זאָלן קענען באַהויפּטן, אַז מיט דעם, וואָס די תורה זאָגט „שור או חמור״ איז זי מיתת אדם ניט ממעט, אַז לויט איר נאָך איז דער בעל הבור אויך אויף מיתת אדם חייב. די חז״ל אָבער, וואָס פאַר זיי האָט אין די דאָזיקע צוויי באַגריפן דאָס לעבן פון אַ קאָנקרעטן אינהאַלט באַדאַרפט פולסירן, וואָס האָבן זיך אַ דין וחשבון אָפּגעגבן, וואָס דער חיוב קען מיינען אין דעם פאַל, האָבן דאָס ניט געקענט טון.

דאָס אַלעס איז ראשית. און שוין אָט דער ראשית אַליין איז גאַנץ גענוג. אויסער אים אָבער איז נאָך אַ גאַנץ פיינער שנית פאַראַן וואָס איז נאָך מער ווי גענוג.

---

זיי — עלען וחבריו — מאַכן אַ גאַנצע טראַגעדיע דערפון, וואָס די חז״ל באַהויפּטן, אַז „שור או חמור״ אַנטהאַלט אַ מיעוט מיתת אדם אין זיך. זיי מאַכן אַזוינע „שומו שמים״ געוואַלטן, גלייך, ווי די חז״ל וואָלטן אַלע זייערע דיאַלעקטישע שיפן געזונקען. ס'טייטש, ווי קען דאָס געמאָלט זיין — האַלטן זיי אין איין טענהן — אַז פאַר מיתת בהמה זאָל מען דעם בעל הבור יאָ באַשטראָפן, און פאַר מיתת אדם זאָל מען אים ניט באַשטראָפן. מה דאָך פאַר מיתת

בהמה באַשטראָפט מען, באַדאַרף מען דאָך פאַר מיתת אדם אַוודאי באַשטראָפן. לויט דעם, ווי זיי פילן זיך געפילעפט, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגן אַ באַהויפּטונג, אַז, בכלל, דאַרף מען נאָר פאַר הרגענען אַן אָקס באַשטראָפן, אָבער ניט פאַר הרגענען אַ מענטשן. זיי רעדן וועגן דעם אין אַזאַ טאָן גלייך, ווי די דאָזיקע באַהויפּטונג פון די חז״ל וואָלט מיטזיך שיעור ניט אַ שענדונג פון מין מענטש פאַרגעשטעלט. ווי אַ מין דערקלערונג, אַז דאָס לעבן פון אַן אָקס איז ווערטפולער פון לעבן פון אַ מענטשן.

די חז״ל אָבער האָבן זיך אַפילו ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז עס וועט קענען ווען עס איז וועמען איינפאַלן, צו מאַכן אַ טראַגעדיע דערפון, אַז זיי וועלן וועמען עס איז דערמיט עגמת נפש פאַרשאַפן. זיי האָבן ניט געדענקט, אַז מצד השכל וההגיון איז דאָ וואָס אויסצוזעצן קעגן דער באַהויפּטונג. פאַרקערט, זיי זענען געווען זיכער, אַז מצד השכל וההגיון וואָלט מען געהאַט אַ סך וואָס אויסצוזעצן קעגן זיי, ווען זיי וואָלטן ניט ממעט געווען מיתת אדם פון שור או חמור. זיי זענען געווען זיכער, אַז ערשט דאַן, ווען זיי זאָלן ניט מיתת אדם ממעט זיין, וואָלט מען זיך אויף זיי וואונדערן באַדאַרפט, וואָלט מען קעגן זיי מיט קשיות געקענט אַרויסטרעטן. זיי האָבן זיך ניט מיט שטיקלעך און ברעקלעך תורה געשפּייזט. ווען זיי זענען געווען באַשעפטיקט מיטדעם שטודיום פון אַ געוויסן פרט, וואָס האָט מיט זיך פאַר זיי אַ פּראָבלעם פאָרגעשטעלט, האָבן זיי זייער אויג געהאַלטן אויפן גאַנצן כלל, אין וועלכן מען קען אָט דעם פרט איינשליסן. זיי האָבן קיינמאָל ניט אין דעם כלל פון „דברי תורה עניים במקום זה ועשירים במקום אחר״ פאַרגעסן, וועגן דעם, אַז דעם סתום אין איין אָרט קען מען פון אַ מפורש אין אַן אַנדער אָרט לערנען. עס איז פאַר זיי קלאָר געווען, אַז כאָטש די תורה זאָגט אונז גאָרניט בפירוש ביי דעם ענין פון בור ווי אַזוי מען באַדאַרף האַנדלען אין אַ פאַל, ווען דער אַריינגעפאַלענער אין גרוב איז אַ מענטש, איז קלאָר, אַז דערמיט, וואָס זי רעדט נאָר וועגן שור או חמור, מיינט זי דערמיט צו זאָגן, אַז אין פאַל פון מיתת אדם ווערט ניט דער בעל הבור באַטראַכט גלייך, ווי ער וואָלט אַליין דער הורג נפש געווען. זיי זענען געווען זיכער, אַז ווען זיי נעמען אָן, אַז אויך אין דעם פאַל באַטראַכט מען דעם בעל הבור גלייך, ווי ער אַליין וואָלט דעם טויט אויף דעם קרבן געבראַכט, וואָלט דאָס געווען

קעגן דעם גייסט פון דער תורה, קעגן דעם גייסט פון דעם, וואָס זי רעדט אין אָט יענע אַלע ערטער, אַ וואו עס האַנדעלט זיך וועגן דיני נפשות.

ה

ביי עלען און די אַנדערע, וואָס זענען ניט מסוגל, ווי עס זעט אויס איינצוזען, אַז אויך אינערהאַלב פון אַ פּאַראייניקטן, אָפּגעשלאָסענעם קלאַס פון קרימינעלער געזעצגעבונג גייט נאָך — ווי אויף יעדן אַנדערן געביט פון קאָסמישער ענטיטעט — אַ פּאַנאַנדערטיילונג אויף פאַר־שיידינע גרופּירונגען אָן; ביי זיי, וואָס אַ פאַרברעכן, וואָס האָט מיט דעם ענין פון מענטשלעכן אומקום צו טאָן, שטייט ער אין זייערע אויגן אין גאָר ניט אָפּ פון אַלע אַנדערע פאַרברעכנס, מיט וועלכע ער געפינט זיך אויף אַן אַלגעמיינעם באָדן צוזאַמען, וואָלט רעכט געווען, מען זאָל אַפילו טויט שטראָף געבן דעם בעל הבור, אַבי מען זאָל פּטור ווערן פון דער קשיא: אויב ביי מיתת שור זאָגן מיר, אַז דער בעל הבור איז חייב, באַדאַרפן מיר דאָך ביי מיתת אדם אוודאי זאָגן, אַז ער איז חייב. די חז"ל אָבער האָבן דאָס ניט געקענט טון. זיי האָבן געוואוסט, אַז לויט דער תורה האַקט מען ניט אַזוי גרינג קיין מענטש־לעכע קעפּ. זיי, וואָס האָבן אויף דעם גרונט פון טיפער שפּראַכלעכער פאָרשונג, פון אויספירלעכע לאָגישע אַנאַליזן, געמוזט קומען צו דער מסקנה, אַז מען קען קיין טויט שטראָף ניט געבן אַפילו אַזאַ איינעם, וואָס האָט אָנגעשטעלט עמיצן, ער זאָל זיינעם אַ שונא הרגענען, וואָס אַפילו „הכופת את חברו ונותנו לפני הארי" ווערט דינו, לויט זיי נאָך, נמסר לשמים. אָבער ניט לידי אדם, זיי, וואָס האָבן ניט פאַרגעסן צו געדענקן מיט וויפיל שווערע גדרים, ווי דער ענין פון צוויי עדות דווקא אין דער ענין פון התראה — וואָס ווי מיר זאָלן זיך ניט באַציען צו די אַלע פּרטים, אין וועלכע דער ענין פון התראה ווערט אונז פון די חז"ל געגעבן, מוזן מיר דאָך מודה זיין, אַז אין אַלגעמיינעם פּרינ־ציפּ זיינעם — ווערט וועגן אים שוין אין דער תורה גערעדט — די תורה האָט אַרומגעצוימט די מעגלעכקייט אַ טויט אורטייל אויף עמיצן אַרויסצוגעבן — פאַר זיי איז אוממעגלעך געווען, אַז עס זאָל זיי אויף אַ מאָמענט אַפילו אין געדאַנק קענען קומען, אַז עס איז מעגלעך צו דערלאָזן, אַז לויט דער תורה, זאָלן מיר האָבן אַ רעכט צו פאַר־

משפטן דעם בעל הבור צוס טויט. זיי האָבן אַזאַ געדאַנק ניט געקענט דערלאָזן — כלל ניט דערפאַר וואָס זיי האָבן געמוזט אָננעמען, אַז אין דעם פאַל מוזן מיר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם אומגליק, וואָס עס איז געשען, אויף דעם קרבן ארויפלייגן; אָפּגעזען גאָר אינ־גאַנצן דערפון, צי פאַקטיש, אין פּרינציפּ, זענען די אומשטענדן, אונטער וועלכע דער אומגליק איז געשען, געניגענד דערויף, מיר זאָלן קענען אויף דעם בעל הבור אַ באַדייטענדע מאָס פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַרויפלייגן — נאָר אויסשליסלעך דערפאַר, וואָס פאַר זיי איז קלאָר געווען, אַז ווי פאַראַנטוואָרטלעך מען זאָל אים ניט קענען האַלטן פאַר דעם טויט פון אומגעקומענעם, קען מען אים נאָך אַלץ ניט גענוג פאַר־אַנטוואָרטלעך האַלטן דערויף, מיר זאָלן מעגן אים צום טויט פאַראורטיילן.

אויב עלען און זיינס גלייכן האָבן זיך געקענט אין בור פאַרקלייבן און פאַרגעסן אין אַלעם דעם, וואָס גייט אַרום דעם בור אָן, האָבן די חז"ל אַזאַ לוקסוס זיך ניט געקענט דערלויבן. זיי האָבן זייערע אויגן אָפן אויף דעם חומשל געהאַלטן, און האָבן פון זייער אויפמערקזאַמקייט ניט אויסגעלאָזט די פאַרבינדונג, אין וועלכער מען דאַרף דעם בור מיט אַלעם דעם, וואָס קומט באַלד פאַר אים און נאָך אים האַלטן ווי האָט זיי געקענט איינפאַלן אַזאַ געדאַנק אין באַצוג צו בור, וואָס איז דער לייכטסטער—נאָך דעם גאַנצן „הצד השווה שבו" מיט די אַלע אַנדערע—פון די ארבעה אבות נזיקין, ווען אפילו אין באַצוג צום „וגם בעליו יומת" ביים „שור המועד", וואָס דאָרטן איז ניט נאָר דער ענין פון עדות נאָר אויך דער ענין פון התראה פאַרהאַן, האָבן זיי בשום אופן ניט געקענט פועלן ביי זיך, אַז מען באַדאַרף אים פשוטו כמשמעו פאַרשטיין, און זיי האָבן אים פיגוראַטיוו אויסגעטייטשט. וואָס פאַר אַ ווערט קענען האָבן די טענות פון עלען קעגן דער באַפרייאונג פון שטראָף פון בעל הבור קעגן די טענות, וואָס דער שור, וואָס געפינט זיך אין שכנות פון בור אין „משפטים", וואָלט געקענט ארויסשטעלן קעגן זיי,ווען זיי באַשליסן, אַז מען דאַרף זיך פירן לויטן דין פון „ נפש תחת נפש" אין פאַל, ווען איינער ווערט געהרגעט, אַריינפאַלנדיק אין אַ גרוב. פיל מער ווי זיי, וואָלט ער אַ רעכט געהאַט צו געוואַלדעווען וועגן יושר דאַן. פיל מער, ווי זיי, וואָלט ער אַ רעכט געהאַט די קריוודע פון לאָגיק זיך אָנצונעמען.

ט

אין מיין פאַל — וואָלט ער דאַן טענהן געקענט — באַנוגנט איר זיך, אַז ער, דער שענער בעל הבית מיינער, וואָס האָט גאַנץ גוט געוואוסט וואָס פאַר אַ געוואַלדיקער מענטשן פריינד איך בין, ווען מען האָט געוואָרנט, ער זאָל שטענדיק אַ וואַכזאַם אויג אויף מיר האַלטן — זאָל מיט אַ געלט שטראָף אָפּקומען; און אים, דעם בעל הבית פון בור, וואָס כאָטש, אמת, ער — דעם בור מיין איך — וועטקיינמאָל ניט אָפּשטויסן קיינעם פון זיך, ער זאָל אין אים ניט אַריינפאַלן, האָט ער אָבער אויך ניט געהאַט קיינמאָל — און וועט אויך קיינמאָל ניט האָבן — דאָס הארץ, ער זאָל ווען צו זיך מיט געוואַלד אַריינשלעפּן; וואָס פירט אַ פרידלעך, שטיל לעבן, אַזוי, אַז אין אמתן שטעלט ער מיט זיך כלל קיין געפאַר ניט פאַר פאַר קיינעם — דווקא אים באַשליסט איר צום טויט פאַרמשפּטן.

און טאָמער וואָלטן נאָך וויניק די טענות פון דעם דאָזקן שור געוועזן, וואָלט אים דער קרוב זיינער, דער תם, וועלכער, ווי דער בור, געפינט ער זיך אויך אין איין פּרשה מיט אים, מיט אַ פּעקל טענות געקענט אַרויסהעלפן.

אמת — וואָלטן זיינע טענות געוועזן — אין בין טאַקע אַ תם, און איך דאַנקאון ליב השם יתברך דערפאַר. און איין גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר עס איז אין מיר אריין, איך זאָל פּלוצלינג משוגע ווערן און אַ מענטשן אַ טויטן אַוועקלייגן. און גלייבט מיר, אַז איך האָב כלל קיין תרעומות ניט אויף דעם, וואָס איר הייסט מיך מיט שטייב־נער פאַרוואַרפן. איך בין אויף זיך מצדיק את הדין. איך בין צופרידן מיט מיין לעבן באַצאָלן פאַר דעם שענדלעכן טאַט, וואָס איך בין באַגאַנגען. איך גלויב, אַז אַזאַ נפש ווי איך וואָס האָט די צוויפלהאַפטע זכיה, אַז אַ מענטש, וואָס טראָגט דעם צלם אלהים אויף זיין פּנים, זאָל דורך אים זיין לעבן פאַרלירן, טאָר זיך מער ניט אויף דער וועלט צווישן מענטשן ארומדרייען. מיין געוויסן איז אין מיר ניט איינגעשלאָפן. און כאָטש אַן אָקס אַ תם איז מיר מיין מאַרך נאָך אויך ניט איינגעדאַרט געוואָרן. איך קען אויך, אויף מיין תמ'עוואַטן, אָקסענעם אופן, אַ געדאַנק מיט אַ געדאַנק צונויפבינדן. און דעריבער פרעג איך אייך: וואו איז יושר? פאַר וואָס זאָל מען לאָזן מיין בעל הבית — דעם אמת

מעג מען דאָך זאָגן אַפילו, ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אַן אייגענעם בעל הבית — גאָר אינגאַנצן פון שטראָף זיך ארויסצודרייען, יוצא זייענדיק נאָר דערמיט, וואָס מען וועט מיך מיט שטיינער פאַרוואַרפן? פאַר וואָס זאָל מען ניט אויך מיט אים לויט דער מדת הדין פון „נפש תחת נפש״ האַנדלען, אָט פונקט ווי איר פירט זיך מיט דעם בעל הבור, ווען דורך דעם בור זיינעם איז אַ מענטש פון דער וועלט געגאַנגען?

דאָס, וואָס מען האַלט בכלל פאַר מעגלעך צו באַשטראָפן דעם בעל הבית פון בור אָדער מיין אייגענעם בעל הבית פאַר אַן אומגליק, פון וועלכן מיר זענען די גורמים געווען, איז דאָך באַזירט, ווי עס זעט אויס, אויף דעם פרינציפ, אז ווייל מיר זענען זייער אייגנטום דאַרפן זיי פאַר אונזערע זינד דער קרבן זיין. אויב אַזוי אָבער מוז מען דאָך זיך רעכענען מיט דער האַרבקייט פון פאַרברעכן, וואָס ווערט אין יעדן פאַל באַגאַנגען. עס מוז דאָך קלאָר פאַר יעדן איינעם זיין, אַז די מאָס פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מען קען דעם בור צושרייבן פאַר דעם טויט פון אַ מענטשן, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אים איז אומגע־הייער פיל קלענער, ווי די מאָס פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מען באַ־דאַרף אַרויפלייגן אויף מיר פאַר דעם טויט פון אַ מענטשן, וואָס איז דורך מיר אומגעקומען. איך האָב זיך דאָך ווי אַ ווילדע חיה ארויפ־געוואָרפן אויף אים. דער מענטש האָט דאָך גאָרניט געטון אַזוינס, וואָס זאָל קענען אויסגעטייטשט ווערן, ווי דאָס איז דער פאַל, ווען איינער פאַלט אין בור אַריין, אַז מיט דעם, וואָס ער איז ניט פאָרזיכטיק געווען גייענדיק, האָט ער אליין פאַר זיך דעם טויט געזוכט. צי קען דען עמיצן איינפאַלן, אַז מען קען דעם בור אַלס הורג נפש באַטראַכטן, ווי מען קען צו מיין גרויסער שאַנדע, מיך אַלס אַזעלכן באַטראַכטן? ער האָט דאָך דעם קלענסטן, אַקטיוון דירעקטן אָנטייל ניט גענומען אין דעם אומגליק, וואָס עס איז געשען.

אמת, אַז אויף וויפיל עס האַנדעלט זיך וועגן דער דירעקטער פאַרבינדונג, אַלס גורמים, פון די אייגנטימער מיט דעם פאַראורזאַכטן טויט אין יעדן איינצעלנעם פאַל, איז אַ גרויסער אונטערשייד צווישן בעל השור און בעל הבור פאַרהאַן. אין דער הינזיכט מוז דער בעל הבור אַלס אַ פיל גרעסערער פאַרברעכער געזען ווערן, ווי דער בעל השור. ער מוז פיל מער אַלס שותף באַטראַכט ווערן צום פאַרברעכן,

וואָס זיין אייגנטום איז באַגאַנגען, ווי אין פאַל פון שור. וואָרום דעמאָלט ווען איך בין נאָכאַלעמען ניט מער ווי אַ תם, מוז שוין דער בור אַלס מועד מתחלתו באַטראַכט ווערן. ער — דער בעל הבור — האָט מיט דעם, וואָס ער האָט אַ גרוב אין רשות הרבים אויסגעגראָבן, געטון אַזוינס, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טון, וואָס עס קען פון דעם אַ תקלה לרבים ארויסקומען. מייך בעל הבית קען מען אין אַזאַ פאַרברעכן ניט באַשולדיקן. מען קען צו אים קיין טענות ניט האָבן, הלמאי ער האָט מיך אין גאַס אַרויסגעלאָזט. אין זיין אַרויסלאָזן מיך אין גאַס איז אין דער קלענסטער מאָס אַפילו דער עלעמענט פון פאַברעכן ניט פאַרהאַן. מיט דעם, וואָס ער האָט מיך אין גאַס אַרויסגעלאָזטהאָט ער גאָרניט געטון אַזוינס, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טון, וואָס ער וואָלט ניט באַדאַרפט טון.

אמת, פונקט ווי מען קען זאָגן, ווען דער בעל הבור זאָל ניט געווען דעם בור אויסגראָבן, וואָלט דער אומגליק ניט געווען געשען, קען מען אויך זאָגן: ווען דער בעל הבית מיינער זאָל מיך ניט געווען אין גאַס אַרויסשיקן, וואָלט דער אומגעקומענער זיין לעבן ניט געווען פאַרלוירן. דאָס אָבער, וואָס אין ערשטן פאַל — ביים בור — קען מען נאָך צוגעבן צו דער פראַזע: „ווען ער זאָל ניט געווען דעם בור אויסגראָבן" די דערגענצונג: „וואָס האָט אין זיך אַ מכשול לרבים געטראָגן", און אין מיין פאַל קען מען דאָס ניט טון, מאַכט מעגלעך, אַז אין ערשטן פאַל זאָל אָט דער זאַג דעם כאַראַקטער פון אַ באַשולדיקונג טראָגן, און אין צווייטן פאַל זאָל ער טאַקע ניט מער ווי נאָר אַ זאָג בלייבן.

עס איז דאָך קלאָר, אַז עס איז פאַראַן מער מעגלעכקייטן אָנצונעמען, אַז פון די פילע מענטשן, וואָס עס וועט אויסקומען אויף זייער וועג מיט דעם בור זיך צו באַגעגענען, וועט דאָך אויסקומען ווענען פון זיי אין בור אַריינצופאַלן, ווי אָנצונעמען, אַז עס וועט זיך מיר פאַרגלוסטן פלוצלינג פון אַ תם אויף אַ מועד זיך אָנהויבן צו שניידן. אמת, קיין אָקס, ווי תמעוואַטע ער זאָל ניט זיין, איז ניט באַוואָרנט פון דעם. צי איז אָבער אַ מענטש באַוואָרנט פון אַזוינע מעטאַמאָרפאָזן? מען קען וועגן קיינעם ניט זיכער זיין, אַז ער וועט קיינמאָל זיין פאַרשטאַנד ניט פאַרלירן, וואָס דאָס מיינט, אַז מען קען אויך

קיינמאָל ניט זיכער זיין, אַז פון די פילע מענטשן, וואָס געפינען זיך אין גאַס, זאָל ניט ווער אין אַן אָנפאַל פון משוגעת זיינעם אַ מיטמענטשן איבערפאַלן. דאָס, אַלזאָ, וואָס מיין בעל הבית האָט מיך אין גאַס אַרויסגעלאָזט — אין דעם איז ניט מער תקלה לרבים געווען, ווי אין דעם, וואָס ער לאָזט זיך אין גאַס אַרויס. איך בין ניט מער תקלה לרבים, ווי די אַלע אַנדערע מענטשן, וואָס דרייען זיך אין גאַס אַרום

דאָס אַלעס איז אמת.

אָבער ווידער אַמאָל דאָס אייגענע: מען באַשטראָפט דאָך אים ניט דערפאַר, וואָס ער האָט דעם גרוב געגראָבן. עס האַנדלט זיך דאָך ניט וועגן דעם, אַז מען זאָל אים צום טויט פאַראורטיילן פאַר אַן אַבסטראַקטן, פּאָטענציעלן פאַרברעכערישן אינהאַלט פון אַ טאַט; מען באַשטראָפט דאָך אים ניט דערפאַר וואָס ער האָט געטון אַזוינס, דורך וועלכן עס קען אַן אומגליק אויף עמיצן קומען. מען משפט דאָך אים פאַר אַ געשעענעם, קאָנקרעטן, רעאַלן פאַרפאַל. מען באַשטראָפט דאָך אים פאַר דער זינד, וואָס דאָס אייגנטום זיינס איז באַגאַנגען; דערפאַר, וואָס דורך זיין בור איז אַ מענטש פון דער וועלט געגאַנגען. וואָס אַנבאַלאַנגט אָבער דער זינד אַליין איז דאָך מיין זינד אַ פיל גרע־סערע פון דער זינד פון בור. און דעריבער מוז פאַר איר אויך אַ פיל גרעסערע שטראָף געגעבן ווערן. דאָס,וואָס מיט דעם, וואָס ער האָט דעם בור אויסגעגראָבן, האָט ער געטון אַזאַ זאַך, וואָס ער וואָלט ניט באַדאַרפט געוועזן טון — דורך דעם קען מען נאָך אַלץ ניט דעם פאַרבדעכן אַליין, וואָס נאָר וועגן אים אַליין האַנדלט זיך דאָך, וואָס אָן אים קען דאָך בכלל ניט גערעדט ווערן וועגן באַשטראָפן דעם בעל הבור — וואָרום, ווי געזאָגט, פאַר דעם אַליין, וואָס ער האָט דעם בור געגראָבן, באַשטראָפט מען אים דאָך ניט — פאַרגרעסערט ווערן ביז צו אַזאַ מדרגה, ער זאָל איבערשטייגן דעם פאַרברעכן, וואָס איך בין באַגאַנגען.

דער דאָזיקער מאָמענט איז געענוג דערויף, מען זאָל אים — דעם בעל הבור — בכלל מיט דעם פאַרברעכן פאַרבונדן. וואָרום ווען ניט דאָס, וואָלט מען אויף אים בכלל קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט ניט אַרויפגעוואָרפן. ער קען אָבער בשום אופן קיין גורם ניט זיין דעם כאַראַקטער פון פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען באַשטראָפט אים,

האַרבעטער צו מאַכן. עס בלייבט נאָך אַלץ דער פאַקט, אַז דער בור אַליין האָט זיך ניט אויף אַן אַקטיוון, דירעקטן אופן אין דעם אומגליק, וואָס עס איז געשען באַטייליקט. דער ענין פון „לא בעי אינש לעיוני ומיזל" מיינט דאָך ניט, אַז עס איז אַ מין מצוה פאַר דעם מענטשן, אַז עס ליגט אויף אים אַ חוב, ער זאָל בשום אופן ניט אַכטונג געבן, ווי ער גייט. אויב דער דאָזיקער מאָטיוו איז גענוג דערויף, מען זאָל ניט די שולד פאַר אַריינפאַלן אין גרוב גאָר אויף דעם קרבן אַרויפלייגן, בלייבט אָבער אַלץ דער פאַקט, אַז ווען ער זאָל געוועזן יאָ אַכטונג געבן, וואָלט ער ניט געוועזן אַריינגעפאַלן. סיי ווי אָבער: אַפילו, אַז מיר מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער מאָטיוו פון „בור מועד מתחלתו" פאַרגרעסערט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון בעל הבור פאַר דעם אומגליק, וואָס ער — דער בעל הבור — איז דער גורם זיינער געוועזן, קען נאָך אַלץ די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט־פאַרגרעסערונג ניט זיין פון אַזאַ פּראָפּאָרציע, אַז זי זאָל קענען איבערוועגן דעם „לא הרי" — לחומרא, וואָס אין מיין פאַל. קען נאָך אַלץ ניט דער דאָזיקער מאָטיוו נעמען די אויבערהאַנט איבער דעם מאָטיוו, וואָס אין מיין פאַל האַנדלט זיך וועגן אַ דירעקטן, אַקטיוון מערדערישן אָנפאַל פון מיין זייט.

ווי איינער זאָל זיך ניט ווען באַציען מיט רחמים צו מיר, זאָג איך ניט איין, ווי ער וואָלט געקענט נאָך ווייטער גיין מיט יענעם מאָטיוו פון „בור מועד מתחלתו", ווי נאָר קאָנטראַ באַלאַנסירן דעם „לא הרי" לחומרא מיינעם. איך וואָלט דאָס פאַר אַ גרויסן זכות פאַר מיר פאַררעכנט, ווען ער וואָלט, ווירקלעך געקענט מיט אים כאָטש קאָנטראַ באַלאַנסירן אים. מער פאַרלאַנג איך גאָר ניט, און עס איז אויך ניט מעגלעך גאָר דאָס צו דערגרייכן. מען קען דאָך ניט פאַרזען דעם פאַקט, אַז מען דעלעגירט דעם פאַרברעכן פון דעם אייגנטום פון אייגנטימער צו אים אַליין. אי אין מיין פאַל, אי אין פאַל פון בור, זאָגן מיר, אַז דער פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן אין יעדן איינציקן פאַל פון די דאָזיקעביידע פאַלן, באַטראַכטן מיר גלייך, ווי ער וואָלט פון אייגנטימער באַגאַנגען געוואָרן. ער קען זיך בשום אופן ניט פילן פריי פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער קען זיך ניט אַרויסדרייען פון איר מיט דער טענה: וואָס ווילט איר פון מיר האָבן? האָט טענות צום בור, צום אָקס. און ווייל אַזוי מוז שטענדיק די האַרבקייט פון

דער שטראָף, וואָס מען באַדאַרף אויף דעם אייגנטימער אַרויפליגן אין איינקלאַנג זיין מיט דער האַרבקייט פון פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען באַשטראָפט אים.

---

**עס איז קלאָר, אַלזאָ, אַז דאָס, וואָס די חז״ל האָבן מיתת אדם ממעט געוון, איז ניט נאָר שכלדיק און לאָגיש, נאָר עס שטימט אויך אינגאַנצן מיט דעם ווילן פון דער תורה, לויט דעם, ווי עס איז אין איר דער ענין פון בור פאָרמולירט, און מיט אַלעם דעם, וואָס זי לערנט אונדז אין אַ יענע אַלע ערטער, אַ וואו עס האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות.**

**ו**

**און פונקט, ווי מען באַדאַרף זיך ניט וואונדערן אויף זיי, פאַר וואָס זיי האָבן אַרויסגעדרשנט פון דער תורה, אַז עס קען קיין רייד ניט זיין, אַז די תורה זאָל מיינען, אַז ווען דער אַריינגעפאַלענער איז אַ מענטש באַדאַרף מען דעם בעל הבור פאַר דעם אומגליק, וואָס עס איז דורך זיין בור געשען, מיט טויט שטראָף באַשטראָפן, אָט אַזוי באַדאַרף מען זיך אויך ניט וואונדערן דערויף, וואָס זיי האָבן אין אָט דעם ענין פון מיעוט מיתת אדם אויך דעם ענין פון תשלומי ממון איינגעשלאָסן.**

**אפשר האָבן זיי אַ פאָרגעפיל געהאַט, אַז באחרית הימים וועלן זיך געפינען מענטשן, וואָס וועלן שטאַרק תרעומות האָבן אויף זיי, הלמאי זיי האָבן ניט געפסקנט, אַז ווען אַ מענטש ווערט געטויטעט, אַריינפאַלנדיק אין אַ גרוב, זאָל דער בעל הבור אַ געלט־פאַרגיטיגונג געבן צו די יורשים פון אומגעקומענעם. זיי האָבן אָבער געמוזט פאָלגן דאָס, וואָס די תורה האָט זיי געהייסן טון. ביי אונדזערע בעלי דין וואָלט דאָס זייער לאָגיש אויסגעזען, ווען מיר זאָגן, אַז וויל ביי אַן אָקס אָדער אַן אייזל, וואָס פאַלט אַריין אין גרוב, שטייט געשריבן אין דער תורה „כסף ישיב לבעליו, והמת יהיה לו" מוז הוא הדין זיין אויך דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מיתת אדם. עס איז גענוג טרויעריק, וואָס מען קען אין דעם פאַל דעם גאַנצן פסוק ניט מקיים זיין, וואָס מען קען קעגן דעם „והמת יהיה לו" ניט יוצא זיין. אָבער אויך דעם „כסף ישיב לבעליו" פאַרוואַרפן — דאָס איז שוין אַ זאַך**

דער אוממעגלעכקייט. די חז״ל אָבער, ווי באַלד זיי זענען געקומען צו דער מסקנה, אַז מען מוז ביים ענין פון בור מיתת אדם ממעט זיין לויט דער תורה, האָבן זיי געמוזט אָננעמען, אַז די תורה וויל, מען זאָל אין דעם מיעוט אויך דעם ענין פון תשלומי ממון איינשליסן. וואָרום, ווען זי זאָל מיינען, אַז דער מיעוט מיתת אדם באַציט זיך נאָר דערויף, אַז זי וויל ניט, מען זאָל דעם בעל הבור צום טויט פאַראורטיילן; זי מיינט אָבער ניט, אַז מען זאָל אים אינגאַנצן פריי פון שטראָף לאָזן — וואָלט זי אונדז דאָס געוועזן באַדאַרפט לאָזן וויסן. זי וואָלט געוועזן באַדאַרפט אויסטיילן מיתת אדם און לאָזן אונדז וויסן, מיט וואָס פאַר אַ שטראָף מען באַדאַרף אים באַשטראָפן. ווען זי האָט אָבער דאָס ניט געטון, איז קלאָר, אַז זי וויל, אַז דער מיעוט מיתת אדם, וואָס מען וויל פון איר אַרויסלערנען, זאָל מען טאַקע פאַרשטיין אין דעם זין פון גאָר אינגאַנצן דעם בעל הבור פון שטראָף באַפרייען. עס איז דעריבער ניטאָ קיין אורזאַכע פאַר אָנזעצן זיך אויף די חז״ל.

אויב, אַלזאָ, אַפילו די קשיה וואָלט געהאַט אַ ממשות קען מען זיך אָבער בשום אופן ניט ווענדן מיט איר צו די חז״ל; האָט זי קיין שום דירעקטן שייכות מיט דעם דרש זייערן, אַז דער שור קומט ממעט זיין מיתת אדם אין דעם זין, אַז דער בעל הבור ווערט אין אַזאַ פאַל פון יעדער שטראָף באַפרייט. מיט דעם דרש קען זי גאָר קיין שייכות ניט האָבן.

זיי — די חז״ל קענען די קשיות פרעגער ענטפערן: אוודאי באַמיען מיר זיך, אַז די אַלע דינים, וואָס מיר פסקענען זאָלן די פאָדערונגען פון יושר און לאָגיק נאָכקומען. מיר פאַרגעסן אָבער קיינ־מאָל ניט, אַז די אַלע מסקנות, צו וועלכע מיר קומען נאָך אַ לאַנגער און אויספירלעכער שקלא וטריא, טאָרן אין זיך קיין סתירה ניט אַנטהאַלטן צו דעם,וואָס ווערט בפירוש, אָדער, כמעט, ווי בפירוש, אין דער תורה געזאָגט. ניט צו אונדז ווענדעט זיך מיט אייערע טענות. דאָס, וואָס איר בעט זיך רחמים ביי אונדז, אַז מיר וואָלטן אייך באַדאַרפט די קליינע טובה טון און פסקענען, אַז דער בעל הבור זאָל כאָטש תשלומי ממון די יורשים געבן, וועט אייך גאָרניט העלפן. די תורה מאַכט אומ־מעגלעך פאַר אונדז, מען זאָל קענען עפּעס טון פאַר אייך אין דער הינ־זיכט. איר זענט פרייע פייגל. איר לאָזט אייער שכל — אין וועלכן

איר זענט אַזוי שטאַרק פאַרגלויבט — שפּינען און וועבן נישט געשטוי־
גענע און נישט געפלויגענע סברות און השערות אויף זיין אייגענעם
אַחריות און אין אַבסאָלוטער פרייהייט פון אַן עול תורה אויף זיך פילן.
איר פאַרגעסט גאָר אינגאַנצן, אַז עס געפינט זיך אַן אַלערהעכסטער אױ־
טאָריטעט בנוגע די די אַלע ענינים, וואָס איר באַהאַנדלט, פאַר וועלכן
איר מוזט אַ דין וחשבון אָפּגעבן פאַר די אַלע חדושים, וואָס איר זענט
מחדש, וואָס אָן זיין סאַנקציע און אָן זיין הסכמה האָבן די אַלע
פסקים אייערע קיין שום ווערט ניט — מעג זיך אייך אַפילו אויס־
ווייזן, אַז עס קען שוין גאָר קיין מער אמתער אמת ווי זיי ניט זיין.
עפּעס זעט עס אויס, אַז איר פאַרגעסט גאָר אינגאַנצן, אַז עס איז אַ תורה
פאַראַן, וואָס זי איז דער פוסק אחרון בנוגע יעדן פּסק דין, וועגן וועלכן
מען דיסקוטירט. און דעריבער מוזן מיר שטענדיק די אויפמערק־
זאַמקייט אַליין אַלס שטענדיקן שומר איבער אונדז אָוועקשטעלן,
זי זאָל אויף יעדן קער און ריר אונדזערן אין לויף פון דער אָדער יע־
נער הלכה שקלא וטריא אונדזערער אַכטונג געבן, מיר זאָלן זיך ניט
פון דעם תורה באָדן, אויף וועלכן מיר באַדאַרפן זיך האַלטן די גאַנ־
צע צייט, ניט אַראָפּגליטשן. אַכטונג געבן, מיר זאָלן זיך האַלטן די
גאַנצע צייט אין די ראַמען פון די גרונט־פּרינציפּן פון דער תורה,
וואָס האָט צו טון ניט נאָר מיט דעם ענין, וועגן וועלכן מיר זענען
זיך מפלפל, נאָר אויך מיט די אַלע אַנדערע ענינים, וואָס שטייען אין אַ
געוויסער שייכות מיט אים, אַז דער פון יעדן עול פרייער, אומגעצוימ־
טער שכל זאָל אונדז ניט דאַרפן פאַרפירן צו אַזוינע מסקנות, אויף וועל־
כע די תורה קען איר הסכמה ניט געבן.

מיר אָבער פאַרגעסן ניט אין דעם אַלעם. און דעריבער האָבן מיר
אייך ניט געקענט צוליב טון. מיר האָבן ניט געקענט פּסקענען,
ווי איר וואָלט געוואָלט, מיר זאָלן פּסקענען. מיר האָבן געמוזט
פּסקענען, ווי די תורה האָט געוואָלט, מיר זאָלן פּסקענען. און אויב
דער פּסק אונדזערער געפעלט אייך ניט, גייט האָט טענות צו דער תורה,
ניט צו אונדז.

מיר וואָרענען אייך אָבער, אַז איר זאָלט דאָס ניט טון. מיינט
ניט, אַז זי וועט אייך אַ חוב בלייבן שולדיק, אַז זי וועט אייך ניט האָבן,
וואָס צו ענטפערן. איר וועט פון איר נאָך אַ גרעסערן אָפּשניט,
ווי פון אונדז כאַפּן.

בלייענע פייגל — וועט זי אייך אָפּענטפערן — וואָס איר זענט. וואָס האַלט איר אין איין קלאַפּן איבערן בור מיט די בלייענע פליגלען אייערע. פאַר וואָס קענט איר זיך ניט אַ לאָז טון אויף זיי איבער גאָטס גרויסער, ברייטער וועלט, איר זאָלט זיך קענען אַרומקוקן אויף אַלעם דעם, וואָס אויך דאָרטן קומט פאָר. פאַר וואָס עפּעס קומען אייך אויס ניט שכלדיק די דינים פון בור, וואָס איך האָב פאַרגעשריבן. פאַר וואָס דווקא שטעלט מיט זיך דער ענין פון בור אַ פּראָבלעם פאַר אייך פאַר? וואָס וואונדערט איר זיך אַזוי, וואָס לויט מיר נאָך באַדאַרף מען ניט אויפמאָנען קיין תשלומי ממון פון דעם בעל הבור פאַרן אומגעקומענעם מענטשן, פּונקט, ווי מען פּסקענט צו תשלומי ממון דעם בעל הבית פון אומגעקומענעם אָקס. עס זעט, ווירקלעך, אויס, אַז פון די אַלע ארבעה אבות נזיקין האָט נאָר דער בור אין אייערע אויגן לייטזעליקייט געפונען, איר זאָלט אין מיר דאָס, וואָס איך זאָג וועגן דעם דאָזיקן ענין, שטודירן. דאָס אַלעס, וואָס איך זאָג וועגן די אַלע אַנדערע אבות נזיקין, אינטערעסירט אייך ניט. איר ווייסט גאָר ניט וועגן דעם. וואָרום ווען איר זאָלט יאָ וויסן, וואָלט איר דאַן אייערע אָפּהאַנדלונגען וועגן בור ניט געשריבן. איר וואָלט: אָדער די אַלע קשיות, וואָס איר פרעגט בנוגע די דינים, וואָס איך האָב פאַרגעשריבן בנוגע בור, אויך בנוגע זיי געפרעגט, אָדער איר וואָלט, סוף כל סוף, זיך דערגרונטעוועט צו דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ, דורך וועלכן זיי זענען אין איין אײנהייטלעכקייט פאַראייניקט — און איר וואָלט שוין אויך בנוגע די דינים פון בור קיין קשיות ניט געפרעגט.

וואָס פאַר אַ מאָדנע מענטשן דאָס זענען. זיי קענען זיך גאָר ניט אָפּוואונדערן, פאַר וואָס מען פּסקנט ניט, אַז די יורשים פון קרבן זאָלן אַ געלט־פאַרגיטיגונג פאַר דעם טויט פון זייער פאָטער באַקומען. וואָלסט געשוואוירן, אַז אומעטום, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ פאַל, ווי דער בור פאַל, גייט יאָ אַזאַ האַנדל אָן, נאָר דאָ ווערט אַן אויסנאָם געמאַכט, דעריבער זענען זיי אַזוי שטאַרק שאָקירט. עס איז זיי גאָרניט איינגעפאַלן זיך אַליין צו פרעגן: אייגנטלעך, וואָס וואונדערן מיר זיך דאָ? עס האַנדלט זיך דען דאָ וועגן אַ געלט ענין, וואָס מיר זאָלן זיך וואונדערן, פאַר וואָס מען פּסקנט אין דעם פאַל לטובת דעם בעל הבור, דאַן, ווען על פּי יושר וואָלט דער פּסק דין

לטובת די יורשים באַדאַרפט זיין. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַן ענין, וואָס האָט מיט דיני נפשות צו טון, מיט פאַרברעכנס, וואָס אויב אומשטענדן באַרעכטיקן דאָס, גיט מען טויט שטראָף דעם פאַרברע־כער, מיט איינער פון אָט יענער קאַטעגאָריע פון פאַרברעכנס, וואָס דאָס פּראָבלעם, וואָס דער בית דין האָט פאַר זיך בנוגע זיי, איז: צי מען באַדאַרף יאָ אָדער ניט באַשטראָפן דעם באַשולדיקטן מיט אָט יענער שטראָף, וואָס בדרך כלל ווערט אַ מענטש באַשטראָפט פאַר זיי. מיט אַזאַ איינעם, וואָס דער ענין פון געלט היזק איז טאָטאַל אָפּוועזנד דאָרטן, וואָס עס איז פון לכתחלה אָן אוממעגלעך אַריינצופלאָנטערן אַ געלט תביעה דאָרטן. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דעם, וואָס איינער איז דער גורם געווען, אַז עס זאָל דורך זיינעם אַ טאַט אַ מענטש אומ־קומען, און דאָס פּראָבלעם באַשטייט דעריק, צי מען זאָל אָט דעם אַקט אַלס גענוגנד באַטראַכטן דערויף, מען זאָל קענען אים — דעם גורם — אַלס הורג נפש דערקלערן און באַשטראָפן מיט אָט יענער איינ־ציקער שטראָף, מיט וועלכער מען באַשטראָפט אַ הורג נפש, מיט דער שטראָף פון „נפש תחת נפש”, אָדער ער איז ניט גענוגנד, און מען קען אים ניט אַלס הורג נפש דערקלערן.

עס וואָלט שוין מער זין געהאַט, ווען זיי וואָלטן אָנשטאָט מיט די קשיות, וואָס זיי טרעטן אַרויס קעגן מיר בנוגע דעם ענין פון בור, מיט אַ קשיה בנוגע דעם ענין שור קעגן מיר אַרויסטרעטן; ווען זיי וואָלטן מיר פרעגן, פאַר וואָס דאַרף עפּעס דער בעל השור כופר באַ־צאָלן די יורשים פון דעם דורכן שור מועד געהרגעטן. ווי פּאַסט זיך דאָ דער ענין פון געלט אַריין? עס האַנדלט זיך דאָך וועגן דיני נפשות. איז ממה נפשך, אויב מיר לייגן אויף דעם בעל השור אין אַ גענוגנדיקער מאָס פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַרויף, מיר זאָלן אים קענען אַלס הורג נפש באַטראַכטן, טאָ לאָמיר אים באַשטראָפן מיט דער שטראָף, וואָס מען באַשטראָפט אַ הורג נפש. אויב ווידער מען באַטראַכט אים ניט אַלס אַזעלכן — טאָ ווי קומט פּלוצלינג אַ געלט שטראָף דאַן? עס האַנדלט זיך דאָך ניט וועגן דיני ממונות, נאָר וועגן דיני נפשות, וואו דער דאָמינירנדיקער הויפּט פּרינציפּ איז, אַז דאָרטן וואו מען האַלט אַ גורם לאבוד נשמה אַלס פאַראַנטוואָרטלעך גענוג, מען זאָל אים קענען אַלס הורג נפש באַטראַכטן, פאַראורטיילט מען אים צום טויט, ווען

אָבער ניט — באַפרייט מען אים אינגאַנצן פון שטראָף. עס איז דאָך דאָ קיין געלט תביעה ניט פאַראַן. קיינער מאָנט דאָך דאָ ניט — און קען ניט מאָנען — קיין געלט פון בעל השור. עס האַנדלט זיך דאָך ניט וועגן אבוד נכס ממון, וואָס פון לכתחלה אָן איז דאָ נאָר אַ געלט פראַגע פאַרוויקלט, וואָס דער גאַנצער אינהאַלט פון פראָבלעם איז פון לכתחלה אָן, צי מען זאָל יאָ אָדער ניט צופסקענען געלט פאַרגיטי־גונג פאַר דעם געלט שאָדן, וואָס ער האָט גורם געווען. עס האַנדלט זיך דאָך אין אבוד נשמה, וואָס פון לכתחלה אָן איז פון אים — פון דעם ענין דאָ — יעדער געלט אַספּעקט אויסגעשלאָסן. ער האָט זיך מיט דעם געלט זיינעם קעגן קיינעם ניט פאַרשולדיקט. ער האָט זיך נאָר קעגן גאָט פאַרשולדיקט. און פאַרשולדיקט האָט ער זיך קעגן אים מיט דער נשמה זיינער. דערפאַר, וואָס ער האָט אַן אַנדערע נשמה, וואָס, ווי זיינע, באַלאַנגט זי אויך צו אים, פון דער וועלט אומ־געבראַכט.

און, נאַטירלעך, מיין איך ניט דערמיט צו זאָגן, אַז די טענות וואָלטן אַן אמתע ממשות געהאַט אין זיך. דאָס וואָס עס ווערט דאָ גענומען געלט פון בעל השור איז ניט דערפאַר, וואָס מען פסקענט דאָ וועמען אַ געלט פאַרגיטיגונג צו, דערפאַר, וואָס מען אָנערקענט, אַז עס איז אָדער קען זיין — דאָ מצד וועמען אַ געלט תביעה אויף אים, און מען באַשליסט, מען זאָל די דאָזיקע געלט תביעה באַפרידיקן. עס האַנדלט זיך דאָ גאָר ניט אין דעם. דאָס געלט, וואָס מען נעמט פון אים, טראָגט דעם כאַראַקטער פון כופר, פון פדיון נפש, ווי עס ווערט טאַקע אַזוי בפירוש פאָרמולירט פון מיר. פון די אַלע פאָר־מען פון ניט דירעקטן, אַקטיוון פאַראורזאַכן דעם טויט פון וועמען, איז דער פאַל פון שור אַממערסטן נאָענט צו דער פאָרם פון דירעקטן, אַקטיוון הריגת אדם. ווי נאָענט ער איז אָבער ניט, קען מען נאָך אַלץ ניט דעם בעל השור פאַר אַן אמתן הורג נפש באַטראַכטן, מען זאָל אים קענען צום טויט פאַראורטיילן, פונקט ווי מען קען אים אויך ניט אויף איין לקולא מדרגה מיט דעם בעל הבור אַוועקשטעלן, מען זאָל אים אינגאַנצן באַפרייען. איך בין דעריבער אַ ביסל חוץ לשיטה אַרויסגעגאַנגען און דעם עלעמענט פון געלט אין דעם פאַל אַריינגע־נומען. דער געדאַנק דערפון איז: אַזוי ווי הרגענען קען מען אים

ניט, און אינגאַנצן אים פריי לאָזן קען מען אויך ניט, טאָ זאָל זיך צו זיין געלט אויסלאָזן די שטראָף, וואָס וואָלט אים געקומען. זאָל ער אָנשטאָט מיט אבוד נשמה מיט אבוד נכסים אָפּקומען. זאָל דאָס פאַרלוירענע פאַר אים געלט אַלס כפרה פאַר אים דינען. דאָס, וואָס מען גיט די יורשים דאָס געלט — איז ניט אין דעם זין, אַז מען צאָלט אַזוי אַרום אָפּ אַ חוב די יורשים: מען באַפרידיקט אַ געוויסע געלט תביעה, וואָס זיי שטעלן צום בעל השור צו. פון לכתחלה אָן האָט דאָס מיט זיי גאָר קיין שייכות ניט. מען מאָנט דאָס ניט אויף פון בעל השור, ווייל מען באַדאַרף דאָס זיי אָוועקגעבן. מען מאָנט דאָס אויף פון אים, ווייל ער באַדאַרף אַ כפרה האָבן. זיי קריגן ניט דירעקט דאָס געלט פון בעל השור. זיי קריגן דאָס פון בית דין. ווייל דער בית דין האָט אין דעם פאַל אויפגעמאָנט פון בעל השור כפרה געלט — גיט ער דאָס צו די יורשים פון אומגעקומענעם, ניט אַלס פרעון חוב, וואָס דער בעל הבור איז זיי שולדיק, נאָר כדי — ווי זאָל איך דאָס אייך דערקלערן — כביכול, אַ נחת רוח אָנצוטון דער נשמה פון אומגעקו־מענעם, אַז דורך דעם אבוד ממון, צו וועלכן מען דאַרף דעם בעל השור ברענגען, זאָל פאַר זיינע יורשים אַ טובה אַרויסקומען.

וואָס איך האָב, אַלזאָ, געמיינט צו זאָגן איז כלל ניט, אַז אייערע טענות וואָלטן אַ געוואַלטיקן האַפט געהאַט. איך האָב נאָר גע־מיינט צו זאָגן, אַז אַזוינע געוואַלטיקע „שאינו יודע לשאול", ווי איר זענט, וואָלט מען נאָך ווי עס איז אַזוינע קשיות געקענט מוחל זיין. עס וואָלט אין דעם פאַל כאָטש אַ שטיקל אחיזה געווען פאַר די קשיות אייערע. אויבנאויף וואָלט עס געקענט אויסזען, אַז עס איז דאָ אַן אָפּנויג פאַראָן פון דעם אַלגעמיינעם פרינציפּ, אַז דאָרטן, וואו עס האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות, קען דער עניך פון תשלומי ממון בשום אופן ניט אָנגעבונדן ווערן אין אַ פּראָבלעם, וואָס מיר האָבן פאַר זיך. וואָס פאַר אַן אַנטשולדיקונג קען מען אָבער געפינען פאַר די קשיות אייערע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בור. דאָ איז דאָך אַלעס אין איינ־קלאַנג מיט אָט יענעם פרינציפּ, וואָס איך האָב אָט ערשט דערמאָנט. וואָס וואונדערט איר זיך, וואָס מען פסקענט ניט, אַז דער בעל הבור זאָל תשלומי ממון באַצאָלן די יורשים פון אומגעקומענעם. האָט איר געזען אַן אַנדערן פאַל, וואו עס האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות, זאָל

דאָס פּראָבלעם צוגעפּירט ווערן צו דעם גאַר: צי דער באַשולדיקטער זאָל תשלומי ממון באַצאָלן צו די יורשים, אָדער ער זאָל ניט באַצאָלן? וואו האָט איר געזען אַן אַנדערן פאַל, וואו איך שרייב ניט פאַר קיין נפש תחת נפש ביי אַ דיני נפשות פאַרברעכן, וועגן וועלכן איך רעד, איך זאָל הייסן כאָטש אַ געלט פאַרגיטיגונג געבן די יורשים פון אומגעקומענעם. וואָס איז אייך דאָ אַזוי קשה? פאַר וואָס מוז דאָ פּלוצלינג דער ענין פון תשלומי ממון אַריינגענומען ווערן אין אַ דין נפשות פאַל, ווען אין אַלע אַנדערע פאַלן קומט דאָס ניט פאַר? ממה נפשך, אויב עס געפעלט אייך ניט מיין צוגאַנג צום גאַנצן ענין, טאָ וואָס האָט איר זיך אויף דעם בור אָנגעזעצט? פאַר וואָס באַקעמפט איר אים ניט אויף אַלע פראָנטן? פאַר וואָס פרעגט איר ניט הלמאי מען פסקענט ניט — לויט דעם רמב"ם — צו קיין תשלומי ממון די יורשים פון איינעם, וואָס איז אומגעקומען דורך אַ שור תם שלא במתכוון, כאָטש דאַן לאָזט מען אַפילו דעם אָקס אַליין אומבאַשטראָפט. ניט אַנדערש טאַקע, אַז אַלע אַנדערע „מזיקים", וועגן וועלכע איך רעד, זעט איר ניט, אַז דער איינצעקער מזיק, פון וועלכן איר ווייסט, איז נאָר דער בור אַליין. דערפאַר דינט ער פאַר אייך אַלס אַן אוצר בלום, וואָס איז מיט אַזוי פיל וואונדערלעכע קשיות פול. דערפאַר ווייסט איר ניט, אַז אַ שיין פעקל פון די זעלבע „וואונדוירים" קענט איר אויך אויף דעם קרן השור געפינען.

— באַרואיקט זיך, אַלזאָ, „חשובע" — ווי מען זאָגט ביי אייך — קשיות פרעגער. און זאָל אייך ניט דאָס, וואָס מען פסקענט ניט צו קיין געלט פאַרגיטיגונג די יורשים אין פאַל פון בור, מחמת דעם, וואָס עס ווערט אים קיין טויט שטראָף ניט געגעבן, אַזוי פיל האַרץ קלעמעניש ניט פאַרשאַפן. עס איז אין דער בעסטער אָרדנונג אַלעס. דאָס איז דערפאַר, וואָס מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ פאַרברעכן, וואָס באַלאַנגט צו יענער קאַטעגאָריע פון פאַרברעכנס, וואָס די שטראָף פאַר זיי איז — אָדער וואָלט באַדאַרפט זיין — מיתה. און פונקט ווי, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַן אַנדער פאַרברעכן — וואָס האָט מיט דיני נפשות ניט צו טון — פאַר וועלכן עס קומט מיתה, בלייבט אַלץ שטענדיק דער אינהאַלט פון פּראָבלעם, וואָס דער בית דין האָט פאַר זיך: צי מען זאָל יאָ אָדער ניט דעם באַשולדיקטן פאַראורטיילן צום

טויט, און עס ווערט קיינמאָל ניט דער מאָמענט פון תשלומי ממון אַריינ־
געטראָגן אין דעם, אָט אַזוי איז אין אַ פאַל, וואָס איז פאַרבונדן מיט
דיני נפשות, דאָס זעלבע. אין דער הינזיכט איז קיין אונטערשייד
נישטאָ, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן, וואָס האָט מיט אבוד
נשמה צו טון, אָדער מיט אַ פאַרברעכן, וואָס האָט מיט אבוד נשמה קיין
שום שייכות ניט. אויף וויפיל עס האַנדלט זיך דאָ ווי דאָרט אין דעם,
אַז איןביידע פאַלן גיט מען טויט שטראָף פאַר דעם באַגאַנגענעם
פאַרברעכן אָדער זינד באַגאַנגענער, זענען זיי אין איין קלאָס פאַר־
איניקט, כאָטש אינערהאַלב דעם דאָזיקן קלאָס ווערן זיי ווידער צו
צוויי באַזונדערע קלאַסן צוגעשריבן. דער הויפט מאָמענט אויף צו
דינען אַלס אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר בנוגע דער פראַגע, וועלכע מיר
באַהאַנדלען, איז אויך דאָ, אין פאַל פון דיני נפשות, דאָס, וואָס עס
האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן עס קומט טויט שטראָף.
און אין דער הינזיכט איז קיין אונטערשייד ניט צווישן אַ פאַרברעכן
פון אבוד נשמה און אַ פאַרברעכן פון חלול שבת. פונקט ווי דאַן, ווען
איינער איז אַ חלול שבת זינד באַגאַנגען, קען דאַן קיין רייד ניט זיין
וועגן אַ געלט שטראָף באַצאָלן אין אַ פאַל, ווען מען איז ניט דן למיתה
דעם חוטא — מחמת דעם, וואָס פון לכתחלה אָן קומט ניט לויט דער
תורה קיין מיתה פאַר אַזאַ חלול שבת חטא, אָדער, ווייל עס זענען פאַראַן
אומשטענדלעכע עכובים פאַר אַרויסגעבן אַזאַ אורטייל אין אַ געוויסן
פאַל, וואָס ווען זיי וואָלטן ניט זיין, וואָלט דער טויט אורטייל יאָ אַרויס־
געטראָגן געוואָרן; פונקט ווי אין אַזאַ פאַל איז, די אורזאַך פאַר דעם
נאָר דאָס, וואָס עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן עס
קומט מיתה, אָט אַזוי איז אויך דער פאַל פון דיני נפשות. שור
המועד איז אַן אויסנאַם. איר וועט דאָך ניט צונעמען פון מיר די
פריווילעגיע, וואָס דאַרף מיר געגעבן ווערן צו מאַכן אַזאַ אויסנאַם,
כאָטש איר טאָרט זיך אַזאַ פריווילעגיע ניט נעמען. סיי ווי דער אַל־
געמיינער פרינציפּ בלייבט אָבער אויך דאָ. ניט דערפאַר, וואָס מען
באַדאַרף געלט געבן די יורשים פאַר זייער אומגעקומענעם פאָטער
נעמט מען כופר ביים בעל השור. נאָר ווייל עס איז פאַראַן געלט אויף
אַוועקצוגעבן, גיט מען עס זיי אַוועק.

## יא

און אויב אין דער קשיה אַליין — אין דער קשיה, פאַר וואָס מען מאָנט ניט אויף קיין תשלומי ממון פון בעל הבור פאַר די יורשים פון אומגעקומענעם, איז קיין ברעקל לאָגיק ניט פאַראַן, איז נאָך ווייניקער לאָגיק פאַראַן אין דער סמיכות הפרשיות, וואָס מען שטעלט זי מיט דעם, וואָס, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אָקס, וואָס איז גע־הרגעט געוואָרן, אַריינפאַלנדיק אין גרוב, באַצאָלט יאָ דער בעל הבור שאָדנערזאַץ צום בעל השור. דורך דעם דאָזיקן סמיכות הפרשיות ווערט די קשיה שוין גאָר אינגאַנצן אַן אומזיניקע. דער קל וחומר, וואָס ווערט דאָ געלערנט, איז אַ וואונדערלעכער מוסטער פון לאָגישן אַרגומענטירן. מען דאַרף זיין מיט דער לאָגיק אַליין קנעפל שבקנעפל פאַרבונדן, מען זאָל קענען מיט אַזוינע קל וחומרס אָפּערירן. איינער, וואָס איז ניט מער ווי גאָר אַ ווייטער קרוב אירער — פאַר אַזאַ איי־נעם מוז זייער שווער זיין צו פאַרשטיין דעם שכל, וואָס שטעקט אין אַזוינע „מה דאָכס". אַזאַ איינער הויבט ניט אָן אָפּילו איינצוזען, וואָס פאַר אַ סמיכות הפרשיות מען קען עס איינשטעלן צווישן די דאָזיקע ביידע פאַלן, דעם צוזאַמענהאַנג, וואָס עקזיסטירט צווישן זיי, מען זאָל מוזן באַהויפּטן, אַז ווייל אין אַ פאַל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אָקס, וואָס דער בור איז דער גורם פון זיין טויט, באַדאַרף דער בעל הבור באַצאָלן פאַר דעם שאָדן, וואָס דער בעל השור האָט געליטן, מוז מען אויך פסקענען, אַז אין פאַל, ווען דער קרבן פון בור איז אַ מענטש, האָבן די יורשים פון אומגעקומענעם אַ געלט תביעה אויף דעם בעל הבור. אויבנאויף זעט זיך עפּעס ניט די מעגלעכקייט פאַר אַזאַ מוז. וואָרום מה ענין שמיטה אצל הר סיני? פאַר וואָס עפּעס מוז אָט אַאַז פאַרבינדונג צווישן די ביידע פאַלן עקזיסטירן? אויב אַזוי — אָפּגעזען פון דעם, וואָס דער בעל הבור דאַרף דמי היזק באַצאָלן דעם בעל השור פאַר דעם פאַרלוסט, וואָס ער האָט גע־האַט— קען מען ווי עס איז פונדעסטוועגן אַראָפּשלינגען די עוולה, וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן די יורשים פון קרבן, דרוך דעם, וואָס מיר פסקענען ניט, אַז דער בעל הבור זאָל זיי אַ געלט פאַרגיטיקונג געבן, איז ניטאָ וואָס אויפצורעגן זיך, וואָס צו קלאַפּן מיט די פויסטן

אין טיש, שרייענדיק: איצט וועלן מיר ניט אפּלאָזן. איצט מוזן מיר באַשטיין דערויף, אַז אין אַ פאַל, ווען דער אַריינגעפאַלענער קרבן איז אַ מענטש, זאָלן די יורשים דורכאויס באַקומען שאָדנערזאַץ פון בעל הבור. וואָרום עס האַנדלט זיך וועגן צוויי באַזונדערע פאַלן, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אַ מלכות פאַר זיך, וועגן צוויי באַזונ־דערע פאַלן, וואָס אין מלכות אחת נוגעת בחברתה. דאָס וואָס אין בײדע פאַלן רעדט זיך וועגן אַריינפאַלן אין אַ גרוב — דורך דעם ווערן זיי נאָך ניט איינהייטלעך. זיי באַלאַנגען ביידע צו צוויי גאַנץ באַזונדערע יוריסדיקציעס. דאָרטן האַנדלט זיך וועגן אַן ענין, וואָס איז פון לכתחלה אַן ניט מער ווי אַ געלט ענין, דאַן ווען אין צווייטן פאַל האַנ־דעלט זיך וועגן אַן ענין, וואָס האָט מיט געלט גאָר קיין שייכות ניט, וואָס איז פון לכתחילה אָן אויסשליסלעך נאָר אַ דיני נפשות ענין. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן צוויי באַזונדערע ענינים, וואָס זענען אויף אַ האָר אַפילו ניט אָפּהענגיק איינער פון צווייטן. עס איז קיין אורזאַך ניט פאַראַן אַנצונעמען, אַז וואָס די אַנטשיידונג אונדזערע זאָל ניט זיין אין איין פאַל, מוז זי אַלץ אָבער אַ „מושך עצמו ואחר עמו" זיין, מוז זי אויך אין צווייטן פאַל די זעלבע זיין.

זאָגן, אַז דערפאַר, וואָס עס ווערט געלט אויפגעמאָנט פון בעל הבור פאַר דעם שור זיינעם, וואָס איז אין זיין בור אומגעקומען, מוז מען שוין פון אים אַזאַ געלט אויך פאַר די יורשים פון אַן אומגעקו־מענעם מענטשן אויפמאָנען, איז פונקט ווי טענהן צום בית דין, וואָס האָט באַפרייט אַ מענטשן, וואָס האָט אויף זיך אַ פּראָצעס פון דיני נפשות געהאַט: ס'טייטש, ערשט פאַראַיאָרן האָט איר אויף דעם זעלבן מענטשן אַ שווערע געלט שטראָף אַרויפגעלייגט דערפאַר, וואָס ער האָט אַ פרעמד הויז מיטן פייער אַוועקגעלאָזט. איך ווייס דאָך, וואָס עס איז אויף די ביידע פּראָצעסן פאָרגעקומען. מיר איז גוט באַקאַנט, אַז די מעגלעכקייט צו האַלטן אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די פאַרברעכנס, אין וועלכע מען האָט אים באַשולדיקט, איז אין יעדן פאַל די זעלבע געווען. און דאָך האָט איר אין ערשטן פאַל, וואָס עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ סך אַ לייכטערע באַשולדיקונג, ווי אין צווייטן פאַל, אַ שווערע געלט שטראָף אויף אים אַרויפגעלייגט. און אין צווייטן פאַל, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן אַ באַשולדיקונג אין הרגענען אַ מענטשן, האָט איר אויף אים אַפילו קיין לייכטע געלט

שטראָף ניט אַרויפגעלייגט. אָט אַזאַ פּנים, ווי אָט יענע טענות וואָלטן געהאַט, האָט אויך זייער טענה, אַמאַי, אַז ווען דער קרבן איז אַן אָקס ליידיקט מען דעם בעל הבורס קעשענעס אויס און ווען דער קרבן איז אַ מענטש, מאַכט מען אים ניט אַפילו קיין גראָשן צו פאַרלירן. וואָרום טראַצדעם, וואָס אין די דאָזיקעביידע פאַלן פון בור האַנדלט זיך ווענן אַ פאַראורזאַכטן טויט, שטעלט מיט זיך דער ערשטער פאַל נאָר אַ פאַל פון דיני נפשות פאַר און דער צווייטער אַ פאַל פון דיני ממונות גאָר. און פּונקט ווי אין אַ פאַל פון דיני ממונות האַנדלט זיך נאָר ווענן דעם, צי מען זאָל פון דעם פּראָ־צעסירטן יאָ אָדער ניט מאָנען שאָדנערזאַץ פאַר דעם שאָדן, וואָס איינער האָט געליטן דורך אים, און ניט ווענן קיין אַנדער זאַך, אָט אַזוי איז אין אַ פאַל פון דיני נפשות האַנדלט זיך נאָר ווענן דעם, צי מען זאָל יאָ אָדער ניט אַ טויט אורטייל אויף דעם באַשולדיקטן אַרויס־טראָגן, און ניט ווענן קיין אַנדער זאַך. פּונקט ווי אַז מען זאָגט באַ־פרייען אין אַ פאַל פון דיני ממונות מיינט דאָס ניט, אַז מען באַפרייט דעם פּראָצעסירטן פון באַצאָלן שאָדנערזאַץ, מען באַדאַרף אים אָבער אָנשטאָט דעם דעם קאָפּ אַראָפּנעמען, אַזוי אויך, ווען מיר רעדן ווענן באַפרייען אין אַ פאַל פון דיני נפשות, קען דאָס ניט מיינען, אַז מען באַפרייט אים — דעם, וואָס איז פאַרבונדן מיט אָט דעם פאַל — פון טויט שטראָף, נאָר מען באַדאַרף אויף אים אַ געלט שטראָף אַרויפ־לייגן.

עס איז קיין סמיכות הפּרשיות ניט פאַראַן צווישן די צוויי פאַלן. אונדזער פּסק דין אין איינעם פון די צוויי פאַלן קען ניט זיין אָפּהענ־גיק פון אונדזער פּסק דין אין צווייטן פאַל. עס איז ניטאָ וואָס צו ערגערן זיך, וואָס עס קומט אויס, אַז אין פאַל פון אַ באַשולדיקונג אין אומברענגען אַ מענטשן קומט דער באַשולדיקטער אַרויס פריי פון דעם פּראָצעס, וואָ סער האָט אויף זיך, און אין אַ פאַל פון אומברענגען אַן אָקס ווערט ער יאָ באַשטראָפט. מען קען זיך ניט העלפן. קיין טויט שטראָף קומט אים ניט, און מיט געלט אויפמאָנען פון אים קען מען אים ניט באַשטראָפן, ווייל דאָס איז ניט די שטראָף, וואָס קומט פאַר אומברענגען אַ מענטשן.

עס איז דאָ ניט מער לאָגיק אין פאַרבונדן דעם פאַל פון אַן אומ־געקומענעם אָקס מיט דעם פאַל פון אַן אומגעקומענעם מענטשן מיט

דעם צוועק צו באַווייזן, וואָס פאַר אַן עוולה די יוסטיץ באַגייט דאָ אין צווייטן פאַל, ווי אין פאַרבונדן אים — דעם ערשטן פאַל — מיט אַ פאַל, ווען מען באַפרייט איינעם פון שטראָף פאַר אַן אַקט פון חלול שבת, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן פון אַט יענעם מענטשן אונטער אַזוינע באַדינגונגען, וואָס מאַכן מעגלעך פאַר אונדז אויף אים אַרויפצולייגן ניט מער ווי נאָר אַט יענע מאָס פון פאַראַנטוואָרטלעקייט, וואָס מיר לייגן אַרויף אויף דעם בעל הבור, וואָס זיין גרוב האָט דעם טויט פון אַן אָקס גורם געווען — מיט דעם זעלבן צוועק; מיט דעם צוועק צו זען אַן עוולה, וואָס דאָ, אין אַ פאַל ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ שרייענדער זינד, ווי חלול שבת, גיט מען דעם מחלל שבת גאָר קיין שטראָף ניט, דאַן, ווען אין אַ פאַל פון אַ פיל לייכטערער זינד בע־שטראָפט מען יאָ דעם בעשולדיגטן. די סמיכות הפרשיות צווישן דיביידע פעלע ביים ענין פון בור האָט ניט מער ממשות ווי די, אויף וועלכער איך האָב אָט ערשט אָנגעוויזן. דאָרטן וואו די שטראָף איז טויט שטראָף מוז אַזוי אויסקומען, אַז דער בעשולדיגטער זאָל אין אַ געוויסן פאַל גאָר אינגאַנצן אומבעשטראָפט בלייבן, טראָץ דעם, וואָס ווען דאָס וואָלט געווען נאָר אַ פאַל פון דיני ממונות וואָלט ער יאָ בעשטראָפט געוואָרן. יאָ אַן עוולה, ניט קיין עוולה. אָט אַזוי מוז דאָס אויסקומען לויט די אימפעראַטיווען פון דער תורה. נאָכאַלעמען איז אָבער טאַקי אויך דאָ גאָר ניטאָ וועגן עוולות וואָס צוגוואַלדע־ווען. סוף כל סוף ווערט אַלעס דאָך אויסגעבאַלעגסירט. אויב עס קען מעגליך זיין אין דיני נפשות, אַז אונטער געוויסע אומשטענדן זאָל מען אַ בעשולדיגטן גאָר אינגאַנצן פרייזלאָזן, דאַן, ווען אין דיני ממונות אין אַזאַ פאַל בעפרייט מען אים ניט, איז דערפאַר אָבער, אַז מען בעשטראָפט אים יאָ איז די דאָזיגע שטראָף די העכסטע, וואָס קען אַ מענשן געגעבן ווערן — טויט שטראָף. און דאָס זעלבע איז אויך בנוגע דיני ממונות. אויב דאָ האַלט מען זיך מער פריי בנוגע אַ באַ־שולדיגונגס ווערדיקט אַרויסצוגעבן, איז די שטראָף אַליין אָבער אַ לייכטערע שטענדיק.

## י״ב

און פונקט ווי דער דרש שור ולא אדם פון די חז״ל איז אין אָרדענונג, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מיתת אדם, פונקט ווי עס איז זיך ניטאָ וואָס צו וואונדערן, פאַר וואָס די חז״ל האָבן אונדז געלערנט,

אַז דער „ונפל שמה שור או חמור״, ביי דעם ענין פון בור אין דער תורה, קומט מיתת אדם ממעט צו זיין, אַז דאָס אַלעס, וואָס ווערט געזאָגט ביי דעם ענין פון בור דאָרטן, באַציט זיך נאָר אויף אַן אָקס טאָקע, אָבער ניט אויף אַ מענטשן, אַז ווען אַ מענטש ווערט געהרגעט, אַריינפאַלנדיק אין אַ גרוב לעגן מיר דאַן ניט אַרויף קיין שטראָף אויף דעם בעל הבור, ווי מיר טוען דאָס, ווען דער אַריינגעפאַלענער אין גרוב, וואָס ווערט געהרגעט, איז אַן אָקס, פונקט אַזוי איז אויך אין אָרדענונג דער צווייטער טייל אין דרש זייערן, אַז דאָס, וואָס מיר שליסן אויס אדם דאָ איז נאָר דאַן, ווען אויך ווען אים האַנדלט זיך וועגן אַזאַ פאַל, וועגן וועלכן עס ווערט אין דער תורה ביים ענין פון בור גערעדט, דאָס הייסט נאָר דאַן, ווען אויך בנוגע אים האַנדלט זיך וועגן אַ טויט פאַל, אָבער ניט דאַן, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ פאַל פון נאָר געניזוקט ווערן. אויך דאָ איז כלל ניטאָ וואָס צו וואונדערן זיך אויף זיי. אויך דער דרש זייערער איז אַ וואונדערלעכער. נאַטירלעך, אַז מען וויל זיך באַנוגענען מיט פלאַכקייטן, קען מען האַלטן אין איין גוואַלדעווען אויף דער שוידערלעכער ניט אויסגעהאַלטנקייט זייערער, קען מען זיך דערלויבן אַרויסצוקומען מיט דער גוואַלדיקער קשיה: סטייטש, פאַר אַ קלענערן אומגליק, וואָס דער בעל הבור האָט גורם געווען צו אַ מענטשן, באַשטראָפט מען אים יאָ, פאַר אַ גרעסערן אָבער — באַשטראָפט מען אים ניט. לויט זייערע ענטשיידונגען איןביידע פאַלען קומט אויס, אַז זיי האַלטן, אַז דאָס גורם זיין נזקי גוף איז אַ גרעסערער פאַרברעכן ווי גורם זיין אבוד נשמה. אַז מען טראַכט זיך אָבער איין אין די דאָזיקע אַרגומענטן, זעט מען, אַז זיי האָבן קיין שום האפט ניט. דאָס וואָס די חז״ל זאָגן, אַז ווען עס האַנדלט זיך נאָר וועגן געניזוקט ווערן דערקלערן מיר דעם בעל הבור שולדיק, איז ניט דערפאַר, וואָס מיר האַלטן אַז דאָס גורם זיין נזקי גוף וועמען איז אַ גרעסערער פאַרברעכן ווי גורם זיין דעם טויט פון אַ מענטשן, נאָר דערפאַר, וואָס די שטראָף, וואָס די תורה לעגט אַרויף אויף נזקי גוף איז אַ קלענערע, ווי די שטראָף, וואָס זי לעגט אַרויף פאַר טויטן אַ מענטשן.

עס איז גרינג צו זען אַ סתירה אין די צוויי באַזונדערע ענטשיידונגען פון די חז״ל, ווען מען אַפּערירט מיט די טערמינען חייב און פטור, ניט אַריינטראַכטנדיק זיך אין דעם פאַרשיידענעם מיין פון די

דאָזיקע צוויי טערמינען אין יעדן באַזונדערן פאַל. ווען מען טראַכט זיך אָבער יאָ אַריין, ווען מען פאַרגעסט ניט, אַז חייב אין פאַל פון מיתת אדם דאַרף מיינען, דעם בעל הבור צום טויט פאַראורטיילן, דאַן, ווען חייב אין פאַל פון נזקי גוף מיינט דאָס נאָר, אַז ער באַדאַרף אין געוויסע פאָרמען תשלומי ממון געבן דעם קרבן, בלייבט איבער ניט מער ווי נאָר צו וואונדערן זיך, ווי אַזוי קען דאָס גאָר איינעם איינ־פאַלן, אַ סתירה צו זען אין דעם דרש פון די חז״ל דורך דעם, וואָס זיי זאָגן, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן מיתת אדם דערקלערן מיר דעם בעל הבור אַלס ניט שולדיק, ווען אָבער עס האַנדלט זיך אין נאָר געניזוקט ווערן דערקלערן מיר אים יאָ שולדיק; ווי אַזוי עס קען גאָר איינעם איינפאַלן, אַז ווייל, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן מיתת אדם, וואָס אונדזער ווערדיקט שולדיק וואָלט באַדאַרפט פירן צו דעם, דער בעל הבור זאָל זיין לעבן פאַרלירן, זאָגן מיר ניט, אַז די באַטיי־ליגונג, וואָס מיר שרייבן צו דעם בעל הבור איז געניגענד דערויף, מיר זאָלן אים אַלס אַן הורג נפש באַטראַכטן, דאַרפן מיר שוין אויך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן נאָר געניזוקט ווערן, וואָס דער ווערדיקט שולדיק דאָ קען פירן נאָר צו דעם, ער — דער, וועמען מיר באַשול־דיקן — זאָל אַ הפסד דמים לייַדן, אויך זאָגן, אַז די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס קען אַרויפגעלעגט ווערן אויף דעם בעל הבור איז ניט געניגענד, מיר זאָלן זיך קענען דערלויבן לידי הפסד ממון אים ברענ־גען; אָדער, ווייל דאָ, אין צווייטן פאַל, ווען דער ווערדיקט שולדיק קען נאָר פירן דערצו, דער בעל הבור זאָל אַ הפסד ממון לייַדן, האַלטן מיר די באַטייליגונג, וואָס מיר שרייבן אים צו אין גורם זיין דעם היזק גוף פון אַריינגעפאַלענעם געניגענד דערויף, מיר זאָלן אים פאַראַנט־וואָרטלעך האַלטן פאַר דעם אומגליק, וואָס עס איז געשען, דאַרפן מיר אויך דאָרטן, אין ערשטן פאַל, ווען דער ווערדיקט שולדיק באַ־דאַרף פירן צו דעם, דער בעל הבור זאָל דעם קאָפּ זיינעם פאַרלירן, האַלטן די באַטייליגונג זיינע אין גורם זיין דעם אומגליק, וואָס עס איז געשען, געניגענד דערויף, מיר זאָלן אים פאַר דעם טויט פון אומגעקומענעם אין דער פולער מאָס פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן.

אויב די קשיה, וואָס זיי פרעגן, די קשיה: פאַר וואָס, אַז ווען דער שור, וואָס פאַלט אַריין אין גרוב, ווערט געהרגעט, באַשטראָפט מען דעם בעל הבור, ווען אַ מענטש אָבער, וואָס פאַלט אַריין אין גרוב,

ווערט געהרגעט, באַטראַפט מען אים ניט? עס קומט דאָך אויס, אַז דער אָקס איז מער יחסן, ווי דער מענטש — אויב די דאָזיקע קשיה איז גענוג ווילד און אומגעלומפּערט, וואָרום דאָס, וואָס מען באַשטראָפט ניט דאָ דעם בעל הבור איז ניט דערפאַר, וואָס אַ מענטש איז ווייני־קער יחסן, נאָר פאַרקערט, ווייל ער איז מער יחסן. וואָרום דאָ וואָלט מען דעם בעל הבור באַדאַרפט באַשטראָפן מיט טויט שטראָף, דאַן, ווען אין פאַל פון אַן אָקס לאָזט זיך אויס די שטראָף נאָר צו דער קעשענע פון בעל הבור — וואָלט מען אָבער איצט, ווען מיר זאָלן דעם בעל הבור באַפרייען פון שטראָף, אויך דאַן, ווען דער מענטש, וואָס פאַלט אַריין אין גרוב, ווערט נאָר געניזוקט, ווירקלעך געקאָנט דאַן אַרויסקומען מיט דער קשיה: מיט וואָס איז אַ מענטש ווייניקער יחסן ווי דער אָקס? ווען דער בעל השור ליידעט געלט שאָדן דורכ־דעם, וואָס ער האָט זיין נכס ממון פאַרלאָרן, קריגט ער תשלומי ממון, און ווען ער ליידעט שאָדן דורך דעם, וואָס ער אַליין איז געניזוקט געוואָרן, באַפרייט מען דעם בעל הבור פון תשלומי ממון. ממה נפשך: אויב מען האַלט דעם בעל הבור פאַראַנטוואָרטלעך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן תשלומי ממון ווען דער נזק איז פאַרבונדן מיט אַ נכס ממון, באַדאַרף ער דאָך די געהעריגע תשלומי ממון צאָלן, אויך ווען דער היזק ממון איז פאַרבונדן מיט נזקי גוף.

---

און נאָך אַלעם דעם, וואָס עס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, איז ניט שווער פאַר דעם לעזער איינצוזען, וואָס פאַר אַ ממשות עס פאַר־מאָגט די באַהויפּטונג, וואָס עלען מאַכט באַלד אין אָנהויב פון זיין אָפּהאַנדלונג, די באַהויפּטונג זיינע, אַז אין פלוג — ביז, הייסט עס, ער וועט זיין וואונדערלעכע דערקלערונג געבן — מוז אויסקומען, אַז אין אמתן איז גאָר קיין שום לאָגישער טעם ניט פאַראַן, פאַר וואָס מיר זאָלן מיתת אדם אויסשליסן פון די חיוביי בעל הבור. די באַהויפּ־טונג זיינע, אַז מיר מוזן זאָגן דעריבער, אַז די חז״ל האָבן אונדז דעם דאָזיקן דרש אַלס גזירת הכתוב געגעבן.

און עס מאַכט ניט אויס דאָס, וואָס ער פאַרזיכערט אונדז, אַז דער רמב״ם שטייט אים אונטער די פּלייצעס אין דער דאָזיקער באַהויפּ־טונג זיינער. ער פאַרזיכערט אונדז, אַז אויך דער רמב״ם איז פון דער זעלבער מיינונג ווי ער. וואָרום דער רמב״ם שרייבט, אַז „על פי

השמועה האָבן זיי — די חז״ל — דעם דאָזיקן דרש אונדז געגעבן.״ דער אונטערשייד צווישן אים און דעם שותּף זיינעם, דעם רמב״ם — באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס ער — עלען — איז נתגלגלה זכות על ידו, ער זאָל קענען אַ מליץ יושר זיין פאַר די חז״ל, וואָס אים האָט סוף כל סוף זיך יאָ איינגעגעבן אַ לאָגישן טעם צו געפינען פאַר דעם, וואָס זיי האָבן מיתת אדם ממעט געווען, דאַן, ווען דעם רמב״ם איז אָט יענער זכות ניט בייגעשטאַנען, ווען ער האָט אָט אַזאַ לאָגישן טעם פאַר דעם דרש ניט געקענט צוטראַכטן. דער רמב״ם — לויט ווי עס קומט אויס לויט איזיק עלען — האָט זיך ניט געקענט העלפן. אין אַנגעזיכט פון די גוואַלדאָוונע קשיות, וואָס מען קען אויף דעם דאָזיקן דרש פרעגן, האָט ער געמוזט דעם מיעוט מיתת אדם אַלס אַ גזירת הכתוב באַטראַכטן. די חז״ל האָבן ממעט געווען מיתת אדם נאָר דערפאַר, וואָס עס איז זיי בקבלה איבערגעגעבן געוואָרן, אַז אַזוי באַדאַרף מען דעם פּסוק „וכי יפול שור או חמור״ איינטייטשן. קיין לאָגישן טעם אָבער האָבן זיי ניט געהאַט דערפאַר און ניט גע־קענט האָבן.

ניין. עס מאַכט ניט אויס. די דאָזיקע פאַרזיכערונג האָט די זעלבע ממשות, ווי די עיקר באַהויפּטונג אַליין פאַרמאָגט. דער רמב״ם האָט ניט געהאַלטן און ניט געקענט האַלטן, אַז די חז״ל האָבן קיין לאָ־גישן טעם ניט געהאַט. דער רמב״ם האָט ניט געקענט האַלטן, אַז דער דרש פון די חז״ל מוז נאָר אַלס גזירת הכתוב באַטראַכט ווערן. דאָס, וואָס דער רמב״ם זאָגט „מפּי השמועה אמרו״, מיינט כלל ניט, אַז ער האַלט, אַז מיר האָבן דאָ מיט אַ גזירת הכתוב צו טהון, פאַר וועלכער עס קען קיין טעם מספּיק ניט געגעבן ווערן, וואָס שטייט גאָר אינגאַנצן אויסער די גרענעצן פון לאָגישער באַגרינדונג. דער דאָזי־קער באַגריף, וואָס עלען האָט וועגן דעם אויסדרוק „מפּי השמועה״ איז דורכאויס אַ פאַלשער. ווי אין די מערסטע פעלע ענטהאַלט אויך דאָ דער „ומפּי השמועה״ ניט מער ווי דאָס, אַז אין דער תורה געפינט זיך ניט בפירוש אָט דער דין, וואָס ער גיט וועגן מיתת אָדם, נאָר מיר ווייסן דאָס פון די חז״ל, וואָס זיי האָבן נאָך געהעריקע אַנאַליזן אויסגעפינען, אַז דער „ונפל שמה שור או חמור״ מוז אַזוי אויסגע־טייטשט ווערן. דער „מפּי השמועה״ מיינט נאָר, אַז די אַנאַליזן און די אויסטייטשונגען זיינען פון די קדמונים נאָך דורכגעפירט און אויס־געפונען געוואָרן.

## י"ג.

לאָמיר איצט אין אַ קאָנצענטרירטער פאָרם אונטערציען די לעצ־טע שורה אונטער אַלעם דעם, וואָס מיר האָבן ביז איצט געשריבן, סומירן די אַלע הויפּט פּרינציפּן, וואָס האָבן מיט דיני ממונות און דיני נפשות צו טאָן — וועגן וועלכע עס איז אונדז אויסגעקומען אין די אַלע פריערדיקע קאַפּיטלעך צו רעדן אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּראָ־בלעמען, וואָס מיר האָבן אין זיי באַהאַנדלט, ווי אויך אָפּשטעלן זיך אויף אייניקע נייע פּרינציפּן, ביז אַהער נאָך ניט אַרויסגעבראַכטע כדי דורך דעם נאָך מער ליכט צו וואַרפן אויף די אַלע ביז אַהער אַרום גערעדטע ענינים, כדי אויף אַ נאָך מער זיכערן פונדאַמענט די אַלע באַהויפּטונגען, וואָס מיר האָבן ביז איצט געמאַכט אַוועקצושטעלן.

און ראשית כל, באַדאַרף מען אָנווייזן אויף דעם ערשטן עיקר, אין וועלכן מען באַדאַרף געדענקען שטענדיק ביים דיסקוטירן אירגענד וועלכן פּראָבלעם, וואָס האָט מיט די ענינים פון דיני ממונות און דיני נפשות צו טאָן. דער דאָזיקער ערשטער עיקר, אין וועלכן מען טאָר ניט פאַרגעסן קיינמאָל — איז, אַז די אַלע זינד, פאַרברעכענס און פאַרשולדיגונגען ווערן לויט דער שטראָף, אין פאַרבינדונג מיט וועל־כער מיר קענען זיי שטעלן, איינגעטיילט אין צוויי באַ־זונדערע קלאַסן — אָפּגעזען דערפון, צי די שטראָף ווערט אויסגע־פירט אין דעם אָדער אין יענעם פאַל, אָדער זי ווערט ניט אָנגעווענ־דעט דאָן, מחמת דעם, וואָס עס פעלט אין זיי דאָס עדות זאָגן פון צוויי עדות אָדער דער ענין פון התראה, אָדער אַנדערע נויטיקע פאַר דער דורכפירונג פון דער שטראָף תנאים: מחמת דעם, וואָס די חקירה ודרישה האָט ניט געקענט באַווייזן פעסטצושטעלן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, אַז דער באַשולדיקטער איז ווירקלעך דעם טהאָט, פאַר וועלכן מיר דאַרפן אים באַשטראָפן, באַגאַנגען, אָדער מחמת דעם, וואָס ער איז אים נאָר בשוגג באַגאַנגען, אָדער מחמת דעם ווידער, וואָס דער עלעמענט פון פאַרשולדיגטקייט ווערט פון לכתחילה אָן, לויט דער תורה באַטראַכט אַלס ניט געניגענד, מען זאָל באַשטראָפן פאַר זיי — פאַר אָט יענע פאַרשולדיגונגען, וואָס זיינען אַזוינע — אָט פּונקט ווי מען באַשטראָפט אין אָט יענע אַלע אַנדערע פעלע, צו וועלכע זיי — די וועגן וועלכע מיר רעדן איצט — זיינען אין זייער הויפּט אינהאַלט ענלעך.

זיי ווערן אין צוויי באַזונדערע קלאַסן איינגעטיילט, וואָס זיינען אין דער בחינה פון „אין מלכות אחת נוגעת בחברתה״, וואָס יעדע איינע פון זיי האָט זיך איר באַזונדערע דיסציפּלין און איר באַזונדערע אינערלעכע לאָגיק. זיי ווערן רעגולירט און געפירט פון אייגענע דאָמינירענדע אין זיי פּרינציפּן, און זיי רייסן זיך קיינמאָל ניט איינע אין די גרענעצן פון דער צווייטער אַריין.

די אַלע זינד און פאַרברעכענס, פאַר וועלכע עס קומט, אָדער — אין אַ פאַל, ווען מען באַשטראָפט ניט — עס וואָלט געקומען, ווען מען וואָלט יאָ באַשטראָפט — טויט־שטראָף, שטעלן פאָר מיט זיך איין אָפּגעשלאָסענעם קלאַס.

און אָט יענע אַלע אַנדערע זינד און עבירות, אין די אַלע כּל־ערליי פאָרמען, אין וועלכע עס קען זיך אויסדרוקן די פאַרשולדיגטקייט פון אַ מענטשן קעגן גאָט און לייט, פאַר וועלכע עס קומט נאָר מלקות אָדער אַ געלט שטראָף, שטעלן פאָר מיט זיך דעם צווייטן קלאַס.

און נאָך דעם דאָזיקן אַלגעמיינעם ערשטן עיקר ווערן מיר אי־בערגיין צו די אַלגעמיינע גרונד פּרינציפּן, לויט וועלכע עס ווערט די אויבנדערמאָנטע קלאַסיפיקאַציע רעגולירט, אָט יענע קלאַסיפיקאַ־ציע, פון וועלכער עס הענגט אָפּ ניט נאָר די קלאַסן אָנגעהעריקייט, וואָס באַדאַרף פאַר דער אָדער יענער זינד, פאַר דער אָדער יענער פאַרשולדיגונג באַשטימט ווערן, ניט נאָר דער גראַד פון דער מעג־לעכקייט די פאָרגעשריבענע שטראָף פאַר אַ געוויסן פאַרברעכן אָדער פאַרשולדיגונג אין לעבן דורכצופירן, נאָר זיי זיינען אויך דער גורם דערפון, אַז די אָנגעהעריקייט פון געוויסע פאַרשולדיגונגען — לויט דעם הויפּט אינהאַלט זייערן — צו דעם אָדער יענעם קלאַס פון די אויבנדערמאָנטע צוויי קלאַסן, זאָל מחמת די אויסנאַמס פאָרמען זייערע אַ סטערילע זיין, נאָר אַ פאָרמעלע, אָבער ניט קיין אַקטועלע, ניט קיין פונקציאָנירנדע; אַז פּרינציפּיעל, שוין פון לכתחילה אָן, זאָל אונטער אַלע אומשטענדן אבסאָלוט אונמעגלעך זיין צו באַשטראָפן פאַר זיי אָט פונקט ווי מען באַשטראָפט פאַר די אַלע פאַרברעכענס אין זינד, וואָס שטעלן צוזאַמען מיט זיי איין קלאַס פאָר, אַז מען זאָל אויך פאַר זיי מיט אָט יענער שטראָף באַשטראָפן, מיט וועלכער מען וואָלט פאַר זיי באַשטראָפט, ווען זיי וואָלטן אין טאָטאַלן כאַראַקטער זייערן, אין אַלע

הינזיכטן גלייכגעשטאַלטעט געווען מיט אַלע אַנדערע פון דעם קלאַס, צו וועלכן זיי באַלאַנגען. זייער אָנגעהעריקייט צו יענעם קלאַס איז אַ נעגאַטיווע נאָר. זיי באַלאַנגען צו יענעם קלאַס נאָר דערפאַר, וואָס לויט דעם אינהאַלט זייערן קענען זיי ניט צום צווייטן באַלאַנגען; נאָר דערפאַר, וואָס ווען זיי וואָלטן ניט מוזן אומבאַשטראָפט בלייבן, וואָלט די שטראָף פאַר זיי געווען ניט די זעלבע, וואָס מען גיט פאַר די זינד און פאַרברעכנס פון צווייטן קלאַס, נאָר ווי די שטראָף, וואָס מען גיט פאַר אָט יענע ערשטע.

---

דער ערשטער פרינציפּ איז, אַז, וואָס גרעסער דער פאַרברעכן איז, אַלץ גרעסער איז די שטראָף פאַר דעם.

דער צווייטער פרינציפּ איז, אַז וואָס גרעסער עס איז די שטראָף פאַר אַ פאַרברעכן, אַלץ קלענער איז די מעגלעכקייט דורכצופירן די דאָזיקע שטראָף. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ווען מיר האָבן פאַר זיך צוויי פאַלן: איינעם, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַר־ברעכן, פאַר וועלכן עס קומט טויט שטראָף, און איינעם, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן עס קומט מלקות אָדער אַ געלט שטראָף — צוויי פאַלן אַזוינע, וואָס די אומשטענדן, מיט וועלכע מיר דאַרפן זיך רעכענען ביים אַרויסגעבן אונדזער ווערדיקט, זיינען אין זיי ביידען די זעלבע, קען מעגלעך זיין, אַז אין ערשטן פאַל זאָל אונדזער ווערדיקט זיין ניט שולדיק, און אין צווייטן פאַל: יאָ שולדיק.

און די גרעסטע זינד צווישן די אַלע זינד, פאַר וועלכע עס קומט טויט שטראָף איז רציחת נפש.

„וואָרום — ווי דער רמב״ם פאָרמולירט דאָס — כאָטש עס זיינען פאַראַן נאָך האַרבערע זינד פון שפיכות דמים, געפינט זיך אָבער ניט אין זיי דער מאָמענט פון השחתת ישובו של עולם, ווי ער געפינט זיך אין שפיכות דמים. אַפילו עבודה זרה, און עריות אָדער חלול שבת אַוודאי, זיינען ניט ווי שפיכות דמים. וואָרום די דאָזיקע זינד זיינען פון די עבירות, וואָס שבין אָדם למקום. שפיכות דמים אָבער איז פון די עבירות שבינו לחברו. און יעדער איינער, וואָס האָט אין זיך די דאָזיקע זינד, איז ער אַ רשע גמור, און די אַלע מצוות, וואָס ער

האָט אין משך פון זיין גאַנצן לעבן געטאָן, קענען ניט איבערוועגן די דאָזיקע זינד און קענען אים ניט מן הדין מציל זיין".*

און דעריבער קומט אויך פאַר שפיכות דמים די העכסטע שטראָף, וואָס קען נאָר אַ מענטשן געגעבן ווערן. פאַר דעם לעבן, וואָס עס איז דורך אים פאַרניכטעט געוואָרן, דאַרף אויך זיין לעבן פאַר־ניכטעט ווערן. „שופך דם האָדם באָדם — דמו ישפך".

און ווייל עס האַנדלט זיך ․דאָ וועגן דער העכסטער שטראָף, וואָס קען אַ מענטשן געגעבן ווערן, ווייל עס האַנדלט זיך וועגן דעם, וואָס מען זאָל אַ מענטשן פון זיין לעבן באַרויבן, איז דעריבער די מעגלעכ־קייט דורכצופירן די דאָזיקע שטראָף אַרומגעצוימט מיט אַזויפיל באַ־גרענעצונגען, פאַרבאַריקאַדירט מיט פילע פאַרשיידענע שטערונגען. די פאָדערונג, אַז די אומשטענדן, אונטער וועלכע דער פאַרברעכן איז פאָרגעקומען מוזן זיין אַזעלכע, אַז עס זאָל דער קלענסטער צווייפל ניט מעגלעך זיין אין דער אַבזיכטלעכקייט פון באַגאַנגענעם מאָרד; די קאָמפּליצירטע מיט פעדאַנטישע דעטאַלן אָנגעלאָדענע געריכטלעכע פּראָצעדור בנוגע דעם עקזאַמענירן פון די עדות, די אָנגעשטרענגטע מי צו געפינען אַ צד זכות, אויסצוזוכן דעם קלענסטן פּתחון פּה אויף צומאַכן אונמעגלעך דעם ווערדיקט שולדיק אַרויסצוטראָגן, האָבן, ווי אַלע אַנדערע, כמעט, פאַלן, אין וועלכע עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן עס קומט טויט שטראָף, אויך ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ מאָרד פון אַ מענטשן, געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל, כמעט, אונמעגלעך זיין פאַר דעם בית דין אַ טויט אורטייל אויף וועמען אַרויסצוטראָגן, אַז נאָר אין אַ זעלטענעם פאַל זאָל דער „שופך דם האָדם באָדם — דמו ישפך" פון דער תורה קענען דורכ־געפירט ווערן.

אין דעם פאַל זיינען נאָך מער טעכנישע מעגלעכקייטן געווען צו מאַכן מעגלעך פאַר דעם בית דין אַרויסצוטראָגן אַ טויט אורטייל אויף דעם באַשולדיקטן. די שטערונגען פאַר דעם האָבן זיך געפונען אויף אַ פיל גרעסערן שטח, ווי די שטערונגען, וואָס האָבן זיך פאַר־דעם געפינען, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן עבירות, וואָס בין אָדם למקום.

---

* רמב"ם, הלכות רוצח ושמירת נפש, פ"ד ה"ט.

און אין צוזאַמענהאַנג מיט די דערמאָנטע צוויי פּרינציפּן קען מען אַלס פעסטגעשטעלטן כלל באַטראַכטן, אַז דאָרטן, וואו עס האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות, קען גאָר פון לכתחילה ניט מעגלעך זיין, מען זאָל קענען רעדן וועגן דעם, אַז מען זאָל דעם באַשולדיקטן קענען פאַראורטיילן צום טויט, אויב עס האַנדלט זיך ניט וועגן אַ דירעקטן, אַליינהענדיקן טהאַט מצד דעם באַשולדיקטן. דער ערש־טער תנאי דערויף, אַז מען זאָל קענען וועמען צום טויט פאַראורטיילן פאַר דעם אומברענגען פון אַ מענטשלעך לעבן פון וועלכן ער איז דער גורם געווען — איז אַז דאָ זאָל זיך ניט האַנדלען וועגן אַ מאָרד וואָס אַן אַנדערער האָט אין זיין נאָמען גורם געווען; וועלכער איז דורך אָב־יעקטן וואָס זענען זיין אייגנטום דורכגעפירט געוואָרן.

---

און פון דעם, וואָס עס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, פון דעם הויפּט עיקר און די צוויי פּרינציפּן צוזאַמען מיט דעם כלל, וואָס גייט מיט זיי, וועלן מיר איבערגיין צום דריטן פּרינציפּ, אַז אין מערבין עונש בעונש, אַז פּונקט ווי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ דיני ממונות פאַל קען ניט מעגלעך זיין, אַז מען זאָל די געלד שטראָף, אונטער וועלכער דער באַשולדיקטער באַדאַרף אונטערגעוואָרפן ווערן, פאַרבייטן אויף טויט שטראָף, פּונקט אַזוי איז אויך אין אַ פאַל, ווען עס האַנדלט זיך אין אַ זינד, וואָס דער הויפּט אינהאַלט איז אַזאַ, פאַר וועלכן עס קומט טויט שטראָף אָדער עס וואָלט באַדאַרפט קומען טויט שטראָף, ווען ניט אָט יענע פּרניציפּיעלע אָדער אומשטענדלעכע שטערונגען, וואָס דער־לאָזן דאָס ניט — קען קיין רעדע ניט זיין וועגן פאַרבייטן די טויט־שטראָף, וואָס קומט, אָדער, וואָס וואָלט באַדאַרפט קומען אויף תשלומי ממון?

אין צוזאַמענהאַנג מיט פאַלן פון אבוד נשמה מיינט אָט דער פּרינציפּ צו זאָגען, אַז עס קען קיין רעדע ניט זיין וועגן תשלומי ממון ניט נאָר דאַן, ווען מען האָט צו טאָן מיט אַזאַ פאַל, אין וועלכן דער בית דין האָט קיין אַנדער ברירה ניט, ווי נאָר אַרויסטראָגן דעם ווער־דיקט שולדיג, ניט נאָר אין דעם זינען קען קיין רעדע ניט זיין, מען זאָל מעגן פאַרבייטן די טויט שטראָף, וואָס קומט דאַן אויף תשלומי ממון, נאָר אַפילו אויך דאַן, ווען דער בית דין האָט ניט די מעגלעכקייט אָט אַזאַ ווערדיקט אַרויסצוטראָגן, אָדער אויך אין אַזאַ פאַל, וואָס פון

לכתחילה אָן איז אויסגעשלאָסן צו פאַראורטיילן צום טויט דעם פאַרשול־דיקטן. עס שיקט זיך ניט בשום אופן צו זאָגן: היות מען קען דאָך ניט אין אַזוינע פעלע דעם פאַרשולדיגטן צום טויט פאַראורטיילן, טאָ לאָמיר אים כאָטש מיט תשלומי ממון באַשטראָפן. אין די אַלע פעלע וואָס האָבן — אין וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל ניט זיין — מיט דעם ענין פון אבוד נשמה — אָן אַ צוגאָב פון נאָך אָן אַנדער מאָמענט אין אים — צו טאָן, איז קיין פּלאַץ פאַר תשלומי ממון פאַראַן. דאָ איז ווי דער רמב"ם זאָגט: „אם אין מחייבים אותו — אזי פוטרים אותו לגמרי". ענטוועדער — הייסט עס — מען באַשטראָפט אים מיט טויט, אָדער מען באַפרייט אים אינגאַנצן.

אין פּרינציפּ באַציט זיך, הייסט עס, דער דאָזיקער כלל אויך אויף אַזאַ פאַל, וואָס פון לכתחילה אָן באַלאַנגט ער צו אָט יענער קאַטעגאָריע פון אבוד נשמה פאַרשולדיקונגען, וואָס זענען אין כלל פון „פוטרין אותו". אָן אויסנאַמע זעען מיר נאָר ביים ענין פון „שור המועד". דאָ האָט די תורה אָן אויסנאַמע געמאַכט.

און ווייל מיר געפינען אין דער תורה אַזאַ אויסנאַמע ביי אַ שור המועד, קען מען אָננעמען, אַז מיר האָבן אַ רעכט דעם ווירקונגס שטח פון דער אויסנאַמע צו פאַרברייטערן, אַזוי, אַז ער זאָל אַריינגעמען אויך אַזוינע שור המועד פעלע — אָדער אפשר, אויך אַנדערע ענייני שור *) — וואָס זייער פאָרם איז ניט די זעלבע, ווי די פאָרם פון דעם פאַל, בנוגע וועלכן די תורה מאַכט די אויסנאַמע ביים „שור המועד". מיר קענען אָננעמען, אַז מען מעג דאָס טאָן, ווייל כאָטש לויט זייער פאָרם זענען זיי אַנדערש, ווי דער פאַל, וועגן וועלכן די תורה רעדט, זענען זיי אָבער לויט זייער עיקר אינהאַלט מיט דעם עניין פון שור המועד — אָדער ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פולערער אויסברייטונג: בכלל מיט די עניינים פון שור — פאַרבונדן. איבער־טראָגן אָבער זי אויך אויף אַנדערע געביטן — דערויף האָבן מיר זיכער קיין רעכט ניט.

דערביי באַדאַרף דאָ אָנגעוויזן ווערן אויף דעם „נעוץ סופו בתחלתו" פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ. איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז אין דעם גאַנצן אינהאַלט זיינעם ליגט ער אין דעם גאָר ערשטן עיקר

*) אויספירלעך וועלן מיר וועגן דעם ווייטער ריידן.

איינגעוויקלט, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז די אַלע פאַרשיידענע זינד און פאַרברעכנס ווערן איינגעטיילט לויט די שטראָפן, וואָס ווערן פאַר זיי געגעבן, אין צוויי באַזונדערע קלאַסן, וואָס זענען אָפּגעגרע־נעצט איינער פון צווייטן. דאָס אַלעס מוז קאָלעראַטיוו פון אָט יענעם עיקר אַרויסגעבראַכט ווערן. וואָרום וואָס קען דען אַנדערש מיי־נען אָט יענער עיקר אין דער פאָרמולירונג, אין וועלכער מיר האָבן אים געגעבן, אויב ניט, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרשולדי־גונג, וואָס דער אינהאַלט אירער איז ניט פון לכתחלה אָן אַ געלד תביעה, קען קיין רעדע ניט זיין וועגן אַרויפלייגן אַ געלד שטראָף אויף דעם באַשולדיגטן?

ער איז אין דעם אינהאַלט פון די גרונד פרינציפן פון דער תורה בנוגע דיני נפשות פאַרקערפערט. מען באַדאַרף אויף אים קיינע תירוצים ניט זוכן.

י״ד

*) אַז די באַפרייאונג פון בעל הבור איז ניט דערפאַר, וואָס מיר וואַרפן איבער די אחריות פון בעל הבור אויף דעם קרבן, איז צו זען שוין דערפון אַליין **) וואָס מיר באַפרייען דעם בעל־הבור ניט נאָר דאַן, ווען דער אַריינגעפאַלענער איז אַ דערוואַקסענער מענש, וואָס מען קען דאָ זאָגן: „איבעי ליה לעיוני ומיזל״, נאָר אויך דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ „בן או בת שהם קטנים״, אָדער אַ בלינדער, וואָס דאָ איז שוין אונמעגלעך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם אומגליק אויף דעם קרבן אַרויפצואוואַרפן; איז צו זען דערפון, וואָס אין אַ פאַל, ווען דער אַריינגעפאַלענער איז נאָר געניזוקט געוואָרן, פסקענען מיר שוין, אַז דער בעל הבור באַדאַרף באַצאָלן דאַן דעם געניזוקטן די דמי נזק אין אָט יענע אַלע פאָרמען, אין וועלכע די דמי נזק דאָ קענען אויפגעמאָנט ווערן.

---

*) דער פאַראַגראַף באַציט זיך אויף דעם פאַראַגראַף „און אין צוזאַמענהאַנג פון דיט 85.

**) איך מיין צו זאָגן: אויסער די ראיות, וואָס איך האָב גע־בראַכט אין אַ גאַר פריערדיגן אָרט.

אויסער דעם איז בנוגע אַ מענטשן זאָגן מיר קיינמאָל ניט „איבעי ליה לעיוני ומיזל. און אַפילו נאָך רב און שמואל און רבי יוחנן ווערט דער דאָזיקער „איבעי ליה לעיוני ומיזל״ אָנגעווענדעט אין פאַלן פון נזקי גוף און נזקי ממון דורך אַ תקלה נאָר דאָן — זע „בבא קמא״, כ״ז, ב׳ — ווען עס איז אין איר — אין דער דאָזיקער תקלה — דער עניין פון איסור מעשה ניט פאַרטראָטן. און אויך נאָר דאַן, ווען דער נתקל איז דער מזיק, אָבער ניט דאַן, — זע תוספות דאָרטן — ווען דער נתקל איז דער ניזוק. און בכלל איז דער עניין פון „איבעי ליה לעיוני ומיזל״ זייער אַ קאָמפּליצירטער. ער קען כלל ניט אַזוי איינפאַך און דאגמאטיש גענומען ווערן. ער איז אויך בנוגע בעלי חיים זייער באַגרענעצט אין זייןווירקזאַמקייט.

די ראיה, וואָס הרב פורת ברענגט פון רא״ש פאַר זיין ערקלערונג, איז קיין ראיה ניט. דער רא״ש רעדט ניט וועגן אַ פאַל, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן אבוד נשמה, נאָר וועגן אַ פאַל, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן היזק ממון דורך אַ מענטשן אָדער אַ בהמה. ער באַציט זיך אויף דעם דין, אַז ווען איינער האָט זיין שטיין און מעסער איבערגעלאָזט אין רשות הרבים, און אַ דורכגייער איז געניזוקט געוואָרן דורך אים — דורך דעם שטיין אָדער מעסער — זענען מיר מחייב דעם אייגענטימער בנזיקין, מחמת דעם טעם פון „אין דרכו של אדם להתבונן בדרכים״. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן דין זאָגט דער רא״ש, אַז אין אַ פאַל, ווען דער היזק איז ניט געשען דורך זיי — דורך דעם „אבנו וסכינו״ — ווען זיי האָבן זיך געפונען אויף דעם אָרט, וואָס זייער אייגנטימער האָט זיי אַוועקגעלייגט, נאָר ער איז געשען דורך דעם, וואָס איינער האָט זיי מיט די פיס געשליידערט, און שליידערנדיק זיי אַזוי, האָבן זיי עמיצן געטראָפן און אים געניזוקט — אַז אין אַזאַ פאַל דאַרף דער, וואָס האָט זיי מיט זיינע פיס געשטויסן דעם גאַנצן היזק באַצאָלן. וואָרום דאָס, וואָס מיר זאָגן: „אין דרכו של אדם להתבונן בדרכים״, באַציט זיך אויף אַ פאַל, ווען איינער צוברעכט אַ כלי, אויף וועלכער ער שטויסט זיך אָן גייענדיק. נאָר אין דעם פאַל באַפרייען מיר אים. וואָרום מיר זאָגן: ער האָט דאָך ניט צובראָכן די כלי, ווייל ער האָט זי געוואָלט צעברעכן, נאָר מחמת דעם, וואָס ער האָט זי ניט באַמערקט. וואָרום אַזוי איז דער שטייגער פון מענטשן. זיי האַלטן ניט זייערע אויגן

צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט, זיי זאָלן קענען דערזען יעדן מכשול, וואָס געפינט זיך איבער דעם וועג, איבער וועלכן זיי גייען. מיר מיינען אָבער ניט מיט דעם „אין דרכו של אדם להתבונן בדרכים״ צו זאָגן, אַז ער — דער מענטש, וואָס גייט אין גאַס — האָט אַ רעכט צו פּראָווען משוגענע שטיק, ווען ער גייט. אַז ער האָט אַ רעכט אַרומ־צושליידערן כלים מיט די פיס גייענדיק אין גאַס, צו טאָן אָבזיכטליך אַזוינע זאַכן, ווען ער גייט, וואָס קענען גורם זיין שאָדן ווּעמען. אין דעם אויבנדערמאָנטן פאַל דעריבער, אין וועלכן עס האַנדלט זיך ניט אין אַנשטויסן זיך אין אַ כלי, נאָר אין שטויסן אַ כלי, מוז די גאַנצע שולד פאַר דעם פאַראורזאַכטן שאָדן דורך דער כלי אויף דעם שטוי־סער פאַלן. דאָ האָבן מיר ניט מיט אַ נתקל צו טאָן, נאָר מיט אַ פּושע — און דער בעל התקלה טראָגט אויף זיך קיין שולד פאַר דעם, וואָס עס איז געשען.

און ווי שוין געזאָגט טויג די דאָזיקע ערקלערונג ניט, ווייל מען דאַרף זי ניט. ווען אפילו מען זאָל קענען אויף דעם בעל הבור אַרויפוואַרפן נאָך מער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי די מאָס פאַראַנט־וואָרטלעכקייט, וואָס מיר וואַרפן אויף אים אַרויף, ווען מיר זאָגן ניט „איבעי ליה לעיוני ומיזל״, וואָלט מען אַלץ נאָך ניט געקענט אַרויס־טראָגן דעם ווערדיקט שולדיק אויף דעם בעל הבור. ווען אפילו אין אַן אַנדער פאַל — ווען עס זאָל זיך ניט האַנדלען וועגן דעם, וואָס דער ווערדיקט שולדיק מוז מיינען טויט שטראָף געבן דעם בעל הבור — וואָלטן מיר באַפרייט דעם באַשולדיקטן מחמת דעם, וואָס מיר וואָלטן דאָס אַריינפאַלן אַלס די אייגענע שולד פון דעם אַריינגעפאַלענעם באַ־טראַכט, וואָלט אָט דער מאָטיוו דאָ, אין אונדזער פאַל, אינגאַנצן אַן איבעריקער געווען. וואָרום מען באַדאַרף גאָר ניט אָנקומען צו אים אויף צו באַפרייען דעם באַשולדיקטן פון שטראָף. וואָרום ווי יעדער אַנדער באַשולדיקונג, וואָס איז פון דעם מין, פון וועלכן עס איז אויך אָט די באַשולדיקונג, מיט וועלכער מיר קענען קעגן דעם בעל הבור אַרויסטרעטן, קען פון לכתחלה אָן ניט מיטברענגען מיט זיך קיין שטראָף פאַר דעם באַשולדיקטן, אונאבהענגיג גאָר אינגאַנצן פון דער מאָס פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מען קען אויף אים אַרויפוואַרפן פאַר דעם מכשול, וואָס עס איז דורך אים געקומען. עס קען דאָ קיין רעדע ניט זיין פון באַשטראָפן דעם בעל הבור פאַר דעם טויט פון אומגעקו־

מענעם, ווייל עס פעלט דאָ דער ערשטער תנאי, וואָס עס פאָדערט זיך דערויף, מען זאָל קענען איינעם ערקלערן שולדיק, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ באַשולדיקונג — וואָס האָט מיט אבוד נשמה צו טאָן: דער ערשטער תנאי, אַז עס מוז זיך האַנדלען וועגן אַן אבוד נשמה אַקט, וואָס איז בידיו של הבאַשולדיקטן דווקא באַגאַנגען געוואָרן, ניט וועגן אַזאַ, וואָס ער איז ניט דער אונמיטלבאַרער גורם פון אים געווען.

אין תוך קען זיך זיין אמת, אַז ביי עניין פון בור קענען זיין געוויסע פעלע, אין וועלכע עס וואָלט אונמעגלעך געווען צו וואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויסשליסלעך אויף דעם בעל הבור; וואָס מען זאָל קענען אָנווענדן אין זיי דעם מאָטיוו פון „איבעי ליה לעיוני ומיזל". מיט דעם פאַל אָבער, וועגן וועלכן מיר רעדן, האָט דער דאָזיקער מאָטיוו גאָר ניט וואָס צו טאָן. דאָ איז ער ניט מעלה און ניט מוריד. ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז סתם אַזוי קען ער יאָ גילטן, איז ניט צוליב אים אָבער באַפרייט מען דעם בעל הבור, קען ער ניט גילטן אין דעם זינען אַז ווען ער וואָלט ניט געווען, וואָלט מען דעם בעל הבור געמוזט דערקלערן אַלס שולדיק.

## ט"ו

און אין ליכט פון דעם אַלעם, וואָס עס איז גאָר פריער און אָט ערשט געזאָגט געוואָרן, איז קלאָר, אַז נאָך אַ גרעסערער אַבסורד ווי דער, וואָס עס שטעלט פאָר מיט זיך די פראַגע: פאַרוואָס מען באַפרייט פון שטראָף דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון טויט דורך אַריינפאַלן אין זיין גרוב, ווען דער אַריינגעפאַלענער איז אַ מענטש, דאַן, ווען אַז אַן אָקס פאַלט אַריין אין גרוב באַשטראָפט מען יאָ דעם בעל הבור, ווען דער אינהאַלט אירער איז: אַמאי מען באַשטראָפט אים ניט מיט אָט דער שטראָף, מיט וועלכער מען באַשטראָפט געוויינלעך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ באַשולדיקונג אין אבוד נשמה—איז די דאָזיקע פראַגע, ווען דער אינהאַלט אירער איז — לויט דעם, ווי די דאָזיקע קשיה דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אין עלענס פאָרמולירונג — אַמאי פסקט מען דאָ ניט צו קיין געלט צאָלונג צו די יורשים פון קרבן,

פונקט, ווי מען פסקנט צו דעם בעל השור דמי היזק פאַר דעם אָקס, וואָס איז געטויטעט געוואָרן, אַריינפאַלנדיק אין אַ גרוב.

דערויף מיר זאָלן קענען ווי געהעריק אָפּשאַצן די טיפזיניקייט פון דער דאָזיקער קשיה, וואָלט עלען פריער געוועזן באַדאַרפט זיך מטריח זיין צו באַווייזן, אַז אַ מענטש איז ניט נאָר צו אַ שניידער געגליכן, נאָר אויך צו אַן אָקס. צום ווינציקסטן וואָלט ער געוועזן באַדאַרפט פריער אַנולירן אָט יענעם כלל, אַז־ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַל פון אבוד נשמה, אין וועלכןמען קען ניט דעם פאַרשולדיקטן פאַראורטיילן צום טויט, מיינט דאָס, אַז מען באַפרייט אים דאַן אינגאַנצן; מיינט דאָס, אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן פאַרבייטן דאַן די טויט שטראָף אויף מלקות אָדער אַ געלט שטראָף.

עלען מאַכט דעם אָנשטעל גלייך ווי ער וואָלט אַ גוואַלדיקן חידוש מחדש געוועזן מיט דעם תירוץ, וואָס ער גיט אויף דער גוואַלדיקער קשיה זיינער, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס אַ „מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין קיין געלט געשאַצט". אין דער דאָזיקער באַהויפּטונג איז ווירקלעך אַ סך אמת פאַראַן. אויף וויפיל אָבער זי ענטהאַלט אַן אמת אין זיך, האָט ער דאָ גאָר ניט מחדש געוועזן. אין עצם תוך אירן געפינט מען זי אין דער תורה. וואָס עלען האָט דאָ אויפגעטאָן, איז נאָר דאָס, וואָס ער האָט זיך ניט אָריענטירט ווי געהעריק אין דעם, וואָס די תורה זאָגט, וואָס ער אָפּערירט מיט איר אויף אַן אופן, וואָס מען קען ניט, וואָס מען טאָר ניט מיט איר אָפּערירן, און באַנוצט זיך מיט איר אַלס אַ תירוץ אין אַ פאַל, וואָס מען באַדאַרף גאָר אינאַגנצן קיין תירוץ ניט.

אין אַלגעמיין איז טאַקע אמת, אַז אַ מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין קיין געלט געשאַצט. און אויב מען מיינט דערמיט צו זאָגן, אַז קיינער קען ניט אָפּקויפן ביי וועמען זיין לעבן אויף צו פאַרניכטן עס, איז דאָס זייער ריכטיק. זי — די דאָזיקע באַהויפּטונג — איז אויך ריכטיק ווי גאָלד, אויב מ'מיינט מיט איר צו זאָגן, אַז דאָס פּראָבלעם, וואָס דער בית דין האָט פאַר זיך אין אַ פאַל פון אבוד נשמה, באַשטייט ניט אין דעם, וואָס פאַר אַ געלט שטראָף, זיי זאָלן אויף דעם באַשולדיקטן אַרויפלייגן; אויב מען מיינט מיט איר צו זאָגן, אַז אין אַ פאַל פון אבוד נשמה, וואו די שולדיקייט פון באַשולדיקטן איז פאַלשטענדיק עטאַבלירט געוואָרן, ווען דער בית דין מוז אַרויסטראָגן דעם אורטייל,

אַז מען באַדאַרף דעם באַשולדיקטן באַשטראָפן, מוז דער דאָזיקער אורטייל טויט שטראָף זיין.

מען קען אָבער משום אופן ניט אַ דאַגמאַטישן אינהאַלט אַריינלייגן אין איר. מען קען בשום אופן ניט אַפּערירן מיט איר אין דעם זינען, עס זאָל דאַרפן אויסקומען, אַז אונטער אַלע אומשטענדן קען דער ענין פון תשלומי ממון ניט פאַרבונדן ווערן מיט אַ פאַל פון אבוד נשמה.

אין איר לאָגישן צוזאַמענהאַנג מיט דער אויבענדערמאַנטער אויסשליסלעכער אויסטייטשונג, וואָס קען איר געגעבן ווערן, איז דער איינציקער אינהאַלט אירער ניט מער, ווי נאָר האָס קאָנסטאַטירן פון דעם פאַקט, אַז די שטראָף, וואָס באַדאַרף געגעבן ווערן — ווען זי קען געגעבן ווערן — אין פאַל פון אַ באַשולדיקונג אין אבוד נשמה — איז צום טויט דעם פאַרברעכער פאַראורטיילן. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז דידאָזיקע פאָרמולע טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ באַהויפּטונג — פון אַ באַהויפּטונג וועגן דעם, אַז פאַר אבוד נשמה קומט טויט שטראָף — אָבער ניט דעם כאַראַקטער פון אַ מאָטיוו פאַר אַן אַנדער באַהויפּטונג. אַלס מאָטיוו פאַר דעם, וואָס מען באַשטראָפט נאָר מיט טויט שטראָף פאַר אבוד נשמה, קען זי בשום אופן ניט פיגורירן. דער אמתער מאָטיוו פאַר דעם, איז דאָס, וואָס פון לכתחלה אָן האַנדלט זיך דאָ ניט וועגן גורם זיין נזק ממון צו וועמען עס איז. דער אמתער מאָטיוו איז דאָס, וואָס עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ פעסטגעשטעלטן, גרעסטן פאַרברעכן מצד איינעם — דעריבער באַדאַרף מען אויך אין דעם פאַל דעם פאַרברעכער באַשטראָפן מיט דער גרעסטער שטראָף, וואָס קען נאָר אַ מענטשן געגעבן ווערן — פון זיין לעבן אים באַרויבן, פונקט ווי מען פירט זיך. ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַלע אַנדערע שווערע זינד און פאַרברעכנס.

און ווייל אַזוי איז קלאָר, אַז מען קען זיך מיט איר בשום אופן ניט באַנוצן אין אַ פאַל פון אבוד נשמה, וואו דער בית דין טראָגט ניט אַרויס דעם ווערדיקט שולדיק אויף דעם באַשולדיקטן. און אַוודאי קען מען זיך מיט אים ניט באַנוצן דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ אבוד נשמה פאַל, וואָס דער באַשולדיקטער ווערט פון לכתחלה אָן אַלס הורג נפש ניט באַטראַכט. זי האָט דאַך, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, גאָר אינגאַנצן ניט די פונקציע פון אַ מאָטיוו. זי קען דאָך גענומען ווערן אין דעם איינציקן זינען, ווי מיר האָבן אָט ערשט אָנגעוויזן, אַז זי מיינט ניט מער ווי נאָר צו קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, אַז

פאַר אַ פעסטגעשטעלטן פאַרברעכן פון אבוד נשמה גיט מען טויט שטראָף.

אבסטראַקט, אין אַלגעמיין גענומען, קען מצד דעם, אויסשליסלעכן כאַראַקטער אַליין פון דעם פאַרברעכן אין אַזאַ פאַל, מצד דעם, וואָס עס האַנדלט זיך אין אַזאַ פאַל אין אבוד נשמה, קיין אָפּהאַלט ניט זיין, אַז דער ענין פון תשלומי ממון זאָל אין פּרינציפּ אין דער אָדער יענער פאָרם, אין וועלכער עס איז מעגלעך פאַר זיי זיך אויסצודריקן, מיט דעם אָדער יענעם אַזאַ פאַל קענען דווקא יאָ פאַרבונדן ווערן.

דער מאָטיוו פון אַ מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין געלט געשאַצט וואָלט דאָ — אין די אַלע אויבנדערמאָנטע פעלע — גאָר ניט געקענט אויפטאָן. און ניט נאָר דערפאַר, וואָס אויב ער קען ערקלערן, פאַר וואָס מיר באַשטראָפן ניט מיט תשלומי ממון דעם פאַרברעכער, וואָס דער בית דין האָט אים געפינען אין הריגת נפש שולדיק, אַנשטאָט דעם, וואָס מיר זאָלן אים מיט טויט באַשטראָפן, קען ער אָבער ניט זייןווירקזאַם צו דינען אַלס מאָטיוו, פאַר וואָס מען קען ניט קיין תשלומי ממון פון באַשולדיקטן אויפמאָנען אַלס שטראָף אין אַ פאַל, ווען מען פאַראורטיילט אים ניט צום טויט — נאָר הויפּטזעכלעך, דערפאַר, וואָס אַלס מאָטיוו ווי מיר האָבן דאָס שוין פעסטגעשטעלט, עקזיסטירט זי — די דאָזיקע פאָרמולא, אַז אַ מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין קיין געלט געשאַצט — בכלל גאָר ניט און קען ניט עקזיסטירן, נאָר אין דער פאַנטאַזיע פון עלען עקזיסטירט זי. וואָרום דער ענין פון יאָ קענען פאַרבונדן אָדער ניט קענען פאַרבונדן דעם ענין פון תשלומי ממון אין די אַלע פאַרשיידענע מעגלעכע אַספּעקטן זייערע מיט אַ פאַל פון אבוד נשמה, איז כלל ניט באַדינגט — ווי מיר האָבן דאָס שוין ערקלערט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל — פון דעם, וואָס עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשלעך לעבן, וואָס איז אומגעקומען, נאָר אין דעם, וואָס עס האַנדלט זיך אין אַ מענטשלעך לעבן, וואָס באַדאַרף אומקומען.

דער איינציקער גורם פאַר יאָ פאַרבונדן אָדער ניט פאַרבונדן דעם דאָזיקן ענין מיט אַן אבוד נשמה פאַל איז ניט דער אינהאַלט פון פאַרברעכערישן טהאַט פון באַשולדיקטן, דער כאַראַקטער זיינער פון הריגת נפש, נאָר דער כאַראַקטער פון דער שטראָף, וואָס מען גיט פאַר דעם דאָזיקן פאַרברעכן — דער ענין פון מיתת בית דין... ווען דער ענין פון

תשלומי ממון ווערט ניט פאַרבונדן מיט אַ פאַל פון אבוד נשמה, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס עס האַנדלט זיך וועגן הריגת נפש, דווקא, נאָר דערפאַר וואָס עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן עס קומט טויט שטראָף. דאָס הייסט, אַז די דיני אבוד נשמה זענען ניט קיין יוצא מן הכלל, אין דער הינזיכט, נאָר אַ בא מן הכלל. דער פאַל פון אבוד נשמה — איז ניט קיין אויסנאַמע פון אַנדערע זינד און פאַר־ברעכענס, פאַר וועלכע עס קומט טויט שטראָף. אויף וויפיל אויך אבוד נשמה באַלאַנגט צו דעם קלאַס זינד און פאַרברעכענס, פאַר וועלכע עס קומט טויט שטראָף, אויף אַזוי פיל איז אויך אין אים דאָס איינשליסן אָדער ניט איינשליסן דעם ענין פון תשלומי ממון אין דער אָדער יענער פאָרם מיט דעם אָדער יענעם אספעקט פון אָט יענעם מאָמענט פאַר־בונדן: מיט דעם העכערן אָדער נידעריקן גראַד פון מיתת בית דין, וואָס עס איז אין אים פאַרטראָטן. מיט דעם, וואָס אַ מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין געלט געשאַצט, וואָס לויט דעם ווי עלען באַנוצט זיך מיט דעם דאָזיקן געדאַנק, דאַרף אויסקומען, אַז אונטער אַלע אומשטענדן, קען דער ענין פון תשלומי ממון ניט פיגורירן — האָט דאָס גאָר ניט צו טאָן.

וואָרום דער אמת איז אַז אין מאַנכע אַזוינע פעלע — ווי איך האָב שוין דערויף אין אַנדערע צוזאַמענהאַנגען אָנגעוויזן — גילט טאַ־קע יאָ דער ענין פון תשלומי ממון.

דאָס איז דערלאָזבאַר דאַן, ווען עס זענען דערויף אויסעראָר־דענטלעכע אומשטענדן פאַראַן, וואָס טיילן אויס אַ געוויסע קאַטעגאָריע פון פאַלן פון דיני נפשות — איך מיין דערמיט צו זאָגן פאַרברעכענס, פאַר וועלכע עס קומט טויט שטראָף — וואָס זענען אונטערוואָרפן דער ווירקזאַמקייט פון דעם צווייטן פרינציפ — זע זייט 83 — און מאַכן זיי פאַר אַ באַזונדער אויטאָנאָמישן קלאַס אינערהאַלב דעם קלאַס, אַ טייל פון וועלכן זיי זענען. דער ערשטער אַזאַ אויסערגעוויינטלעכער אומשטאַנד איז דאָס, וואָס די מאָס פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מען מוז אין אַ גע־וויסן פאַל פון אבוד נשמה צושרייבן צום באַשולדיקטן, איז פיל גרע־סער פון דער מאָס פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מען קען צושרייבן צו די באַשולדיקטע אין אַנדערע ענלעכע — מחמת דעם בשותפותדיקן כאַראַקטער שטריך, וואָס צווישן זיי — צו אים פעלע. ווי, למשל, אין פאַל פון אַ „שור המועד" וואָס האָט געהרגעט אַ מענטשן. כאָטש אויך

דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן אַ דירעקטן, ניט אונמיטלבאַרן מאָרד, איז ער אָבער, כמעט אַזאַ. דאָ גילט יאָ — זאָל זיין אין דער פאָרם פון כּופר און קנס — דער ענין פון תשלומי ממון.

דער צווייטער אויסעראָרדענטלעכער אומשטאַנד איז, ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ פאַל — אין אַ פאַל פון אונדירעקטן גורם זיין אבוד נשמה — ניט נאָר אין דעם, וואָס אַ מענטשלעך לעבן איז אומגעבראַכט געוואָרן, נאָר צוזאַמען דערמיט אויך וועגן אַ בפועל ממש־דיקער געלט תביעה, ווי אין צווייטן פאַל ביים ענין פון שור, אויף וועלכן איך האָב שוין אָנגעוויזן, אין פאַל פון אַ שור תם, וואָס האָט געהרגט אַן עבד שלא במתכוון.

און אויב דער ערשטער אומשטאַנד קען ניט פאַרבונדן ווערן — פאַר דעם צוועק פון תשלומי ממון גורם זיין — מיט אַ דיני נפשות פאַל, וועלכער האָט גאָר ניט צו טאָן מיט אַ פאַרברעכן פון אבוד נשמה, נאָר מיט אַ בין אדם למקום פאַרברעכן, מחמת אין אַ פאַל פון אַזאַ פאַרברעכן איז ניט מעגלעך צו רעדן וועגן אויפמאַנען געלט פון באַ־שולדיקטן פאַר ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ פאַר־ברעכן גילט ניט אין אַזאַ פאַל, וואָס איז ענלעך צו יענעם פאַל פון „שור המועד" בנוגע דער מאָס פון פאַרשולדיקטקייט, וואָס מען קען אַרויפלייגן אויף דעם באַשולדיקטן — אין אַ פאַל, ווען כאָטש מען קען ניט באַ־טראַכטן דעם צו גאָט פאַרזינדיקטן אַלס זינדיק געענוג, מען זאָל אים קענען צום טויט פאַראורטיילן, מוז ער אָבער אַלץ נאָך אַלס שטאַרק פאַרזינדיקטער באַטראַכט ווערן, וואָס באַדאַרף אַ כּפרה האָבן — דער ענין פון תשלומי ממון, נאָר דער עניין פון אַ קרבן ברענגען; אויב, אלזא, עס האַלט אַזוי מיט דעם ערשטן אומשטאַנד, האַלט דאָס שוין גאַנץ אַנדערש מיט דעם צווייטן אומשטאַנד. אין יעדן פאַל פון דיני נפשות — צי עס איז אַ פאַל פון אבוד נשמה פאַרברעכן, אָדער אַ פאַל פון אַ בין אדם למקום פאַרברעכן — ווערט — ריכטיקער: קען. וואָרום געוויסע באַגרענעצונגען עקזיסטירן פאַר דעם אַפילו אין פעלע, ווען דער עניין פון מיתת בית דין ווערט ניט רעאַליזירט — דורך דעם דאָזיקן אומשטאַנד — וואָס אויסער דעם עיקר פאַרברעכן, וואָס באַ־לאַנגט צו דעם קלאַס פון פאַרברעכענס, פאַר וועלכע עס קומט אָדער וואָלט באַדאַרפט קומען טויט שטראָף, איז דאָ אויך דער עניין פון גורם זיין אַן היזק ממון ווערן פאַרוויקלט — דער עניין פון תשלומי ממון

אריינגעטראָגן, אויב, נאַטירלעך, דער עניין פון מיתת בית דין ווערט ניט רעאַליזירט אין זיי — אין אָט יענע פעלע.

---

עס איז קלאָר דעריבער, אַז מצד דעם, וואָס אַ מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין קיין געלט געשאַצט, וואָלט כלל קיין אָפּהאַלט ניט גע־קענט זיין, אַז אין דעם פאַל פון בור זאָלן קענען תשלומי ממון פראַק־טיצירט ווערן. ווען די קשיה זיינע וואָלט אירגענד וועלכן האַפּט פאַרמאָגן, ווען זי וואָלט אירגענד וועלכן באַזיס אונטער זיך געהאַט, וואָלט אָט דער תירוץ וואָס דער אינהאַלט זיינער איז — און קען קיין אַנדערער ניט זיין, לויט דעם, ווי עלען אָפּערירט מיט אים — אַז ביי דיני נפשות קען אונטער קיינע אומשטענדן דער עניין פון תשלומי ממון ניט איינגעשלאָסן ווערן, ניט געקענט פאַרענטפערן זי. וואָרום אין פּרינציפּ, ווי מיר האָבן געזען, איז כלל ניט אויסגעשלאָסן, אַז מיט דעם אָדער אין יענעם פאַל פון אבוד נשמה זאָל ער דווקא יאָ קענען פאַרבונדן ווערן. מען דאַרף דעריבער טאַקע דאַנקען גאָט דער־פאַר, וואָס די קשיה פאַרמאָגט קיין האפט ניט אין זיך, וואָס זי איז אויף גאָר ניט באַגרינדעט, אויסער אויף דעם געפיל פון ניט פאַרגינען דעם שור, וואָס פאַר זיין טויט גיט מען אַן עונש דעם בעל הבור, און פאַר דעם טויט פון אַ מענטשן בלייבט ער גאָר אינגאַנצן אונבאַשטראָפט.

וואָרום דער גאַנצער עניין פון אָפּשטעלן זיך דווקא אויף דעם בור מיט דער דאָזיקער קשיה איז אַן אונזין. דער בור איז אין דער הינזיכט קיין אויסנאַמע ניט פון אַלע אַנדערע ענלעכע צו אים פעלע, וואָס האָבן מיט דיני אבוד נפשות צו טאָן.

און אויך זיי אַליין — אָט יענע אַלע אַנדערע פעלע — זענען אין דער הינזיכט קיין אויסנאַמע ניט פון אָט יענע אַלע אַנדערע פעלע, וואָס האָבן מיט דעם עניין פון מיתת בית דין צו טאָן, כאָטש זיי האָבן כלל גאָר ניט מיט אבוד נשמה צו טאָן.

דער זעלבער מאָטיוו, וואָס מאַכט אונמעגלעך צו רעדן וועגן אַרויפלייגן אויף די ניט באַשטראָפטע באַשולדיקטע אַ געלט שטראָף אין די לעצטע פעלע, מאַכט אונמעגלעך צו רעדן וועגן דעם אויך אין די פעלע, וואָס האָבן מיט אבוד נשמה צו טאָן. אין די אַלע פעלע איז דער איינציקער מאָטיוו דאָס, וואָס עס האַנדלט זיך אין זיי וועגן זינד און פאַרברעכענס, וואָס זיינען מיט דעם עניין פון מיתת בית דין

פאַרבונדן, וואָס זיי אַלע באַלאַנגען צו איין קלאַס אין דער הינזיכט, צום קלאַס פון זינד און פאַרברעכענס, פאַר וועלכע עס קומט אין פרינציפ טויט שטראָף. אין זיי אַלע גילט אָט דער כלל, וועגן וועלכן מיר האָבן גאָר אויבן גערעדט, אַז פטור אין אַזוינע פעלע מיינט, אַז דער באַשולדיקטער ווערט גאָר אינגאַנצן ניט באַשטראָפט, אָט פונקט, ווי דער עניין פון חייב אין זיי מיינט, אַז מען באַדאַרף דעם באַשולדיקטן צום טויט פאַראורטיילן. אמת, עס קען מעגלעך זיין אַ פאַל פון אבוד נשמה, ווען פון דעם באַשולדיקטן ווערן יאָ תשלומי ממון אויפגעמאָנט. דאָס קען אָבער נאָר מעגלעך זיין, ווען איינער פון אָט יענע צוויי אומשטענדן, וועגן וועלכן איך האָב פריער גערעדט, געפינט זיך אין אים. אין דעם פאַל אָבער פון בור געפינט זיך ניט אַפילו קיין איינער פון זיי.

## ט"ז

און דאָס זעלבע איז אויך מיט דער צווייטער דערקלערונג עלענס, וואָס ווערט אינקאָרפּאָרירט אין זיין תירוץ, פאַר וואָס מיר לעגן ניט אַרויף קיין געלט שטראָף אויף דעם בעל השור אין אַ פאַל פון מיתת אדם, די צווייטע באַהויפּטונג, אַז די יורשים פון אומגעקומענעם האָבן קיין רעכט ניט אויף דעם לעבן פון זייער פאָטער.

אויך די דאָזיקע באַהויפּטונג טראָגט דעם כאַראַקטער פון הערן קלונגען און ניט קענען נאָכזונגען. אויך די דאָזיקע באַהויפּטונג ענטהאַלט אַ געוויסן אמת אין זיך. ווי־דער אָבער אַמאָל דאָס אייגענע. מען באַדאַרף וויסן ווי אַזוי צו אָפּערירן מיט איר. אויך מיט דער דאָזיקער באַהויפּטונג קען מען ניט דאגמאטיש זיך באַנוצן. מען קען זיך ניט באַנוצן מיט איר אָן די נויטיקע באַגרענעצונגען, אָן די נויטיקע אויסטייטשונגען. אויב מען מיינט מיט דער דאָזיקער באַהויפּטונג, אַז די קינדער קענען ניט פאַרקויפן דעם פאָטער זייערן צו וועמען, יענער זאָל אים מאַכן מיט אַ קאָפּ קירצער — איז זי ריכטיק, ווי גאָלד. מיר וויסן דאָך, אַז זיי קענען אים אַפילו ניט פאַר אַ קנעכט פאַרקויפן. זי איז אויך ריכטיק, אויב מען מיינט מיט איר צו זאָגן, אַז אויב דער בית דין האָט אַרויסגעטראָגן דעם ווערדיקט שולדיק אויף אַ מערדער, קענען ניט קומען די קינדער פון ערמאָרדעטן צום בית דין פאָדערן,

מען זאָל ניט דורכפירן דעם טויט אורטייל אויף דעם באַשולדיקטן, וואָרום פאַר אַ געוויסער געלט פאַרגיטיגונג, וואָס זיי האָבן פון אים באַקומען, האָבן זיי אים דעם מאָרד פון זייער פאָטער מוחל געווען. אָדער ווען זיי שטייען צו אין אַ פאַל, ווען דער מאָרד איז בשוגג באַ־גאַנגען געוואָרן, מען זאָל אים ניט אין גלות, אין די ערי מקלט פאַר־טרייבן דערפאַר, וואָס ער האָט ביי זיי די דאָזיקע שטראָף פאַר געלט אויסגעקויפט. אָדער ער זאָל קענען צום בית דין קומען אין אַ פאַל, ווען ער האָט דעם באַשולדיקטן באַפרייט אינגאַנצן, און מעגן טענהן: מילא, איר באַשטראָפט אים ניט מיט טויט, פאַר וואָס אָבער זאָלט איר ניט אויף אים אַ געלט שטראָף פאַר אונדזער טובה וועגן אַרויפלייגן? אָדער, זיי זאָלן קענען טענהן צום בית דין, ווען ער האָט דעם מערדער יאָ פאַראורטיילט צום טויט: וואָס קומט אונדז אַרויס, וואָס איר וועט דעם מערדער ערמאָרדן? מיר האָבן דאָך אונדזער פאָטער אָנגעוואוירן, טאָ־פאַר וואָס זאָל אונדז דער מערדער קיין געלט פאַרגיטיגונג ניט געבן פאַר דעם פאַרלוסט, וואָס מיר האָבן געהאַט.

זי איז אָבער כולה שקר, אויב מען מיינט מיט איר צו זאָגן, אַז דער איינציקער מאָטיוו, פאַר וואָס מען מאָנט ניט אויף תשלומי ממון אין דעם אָדער יענעם פאַל פון אבוד נשמה איז דאָס, וואָס עס איז ניטאָ וועמען די תשלומי ממון אַוועקצוגעבן. וואָרום די יורשים האָבן קיין רעכט ניט אויף דעם לעבן פון זייער פאָטער. וואָרום ווען דער דאָזיקער מאָטיוו וואָלט ענטהאַלטן אַן אמת אין זיך, וואָלט ניט מעגלעך געווען קיין פאַל פון אבוד נשמה — אין וועלכן נאָר דער דאָזיקער מאָמענט געפינט זיך — מיט דעם עניין פון תשלומי ממון צו פאַרבונדן — אין וואָס פאַר אַ פאָרם דער דאָזיקער פאַל זאָל ניט פאָרקומען, פון וואָס פאַר אַ כאַראַקטער ער זאָל ניט זיין. וואָלט אין קיין פאַל אַזוינס ניט מעגלעך געווען, מיר זאָלן קענען געבן אויפגעמאָנטע געלט פון דעם, וואָס האָט גורם געווען דעם אומקום פון איינעם — צו די קינדער זיינע. דאָס איז דאָך אָבער ניט אַזוי, ווי מיר ווייסן. אין געוויסע פעלע אַזוינע קריגן דאָך יאָ די קינדער אויפגעמאָנטע געלט פון באַשולדיקטן.

דער דאָזיקער מאָטיוו, אלזא, פאַרמאָגט קיין האַפט ניט אין זיך. וואָרום ווען ניט אַזוי, וואָלט דאָך ניט מעגלעך געווען, אַז עס זאָלן קענען זיין אָט אַזוינע פעלע. ווי אַזוי עפעס קריגן זיי שוין אין אָט די פעלע אַ רעכט אויף דעם לעבן פון זייער פאָטער?

די דערקלערונג, דעריבער, פון עלען, אַז אין פאַל פון בור פסקנט מען ניט צו קיין געלט באַפרידיגונג פאַר דעם פאַרלוסט פון זייער פאָטער, איז ניט ווייניגער פאַלש, ווי די באַהויפּטונג אַליין, ווען אָנגעווענדט אין אַזאַ פאַל. דערויף, אַז די קינדער זאָלן קענען רייך ווערן אויף דעם חשבון פון זייער פאָטערס טויט, איז כלל ניט נויטיג, אַז מיר זאָלן פסקענען, אַז די קינדער פון קרבן האָבן אַ רעכט אויף דעם לעבן פון זייער פאָטער. די מעגליכקייט, אַז די קינדער זאָלן קענען רייך ווערן אין אַזאַ פאַל, איז ניט אָבהענגיג פון דעם, צי די קינדער האָבן יאָ אַ רעכט אויפן לעבן פון זייער פאָטער, אָדער זיי האָבן ניט אַזאַ רעכט, נאָר פון דעם, צי דער פאַל, וואָס דער בית דין האָט פאַר זיך, איז אַזאַ, וואָס זיי — די ריכטער — קענען אַ געלט שטראָף אַרויפלעגן אויף דעם באַשולדיקטן אָדער ניט. אויב עס איז אַזאַ געלט ניטאָ ביים בית דין, בלייבן די יורשים די זעלבע קבצנים, וואָס זיי זיינען פריער געווען. אויב אָבער עס איז דאָ יאָ אַזאַ געלט פאַראַן, פאַלט דאַן דאָס געלט צו זיי אין די הענט אַריין.

און דעריבער — ווען דער איינציקער מאָטיוו דאָ — ביי דעם ענין פון בור — פאַר דעם, וואָס עס גילט דאָ ניט קיין תשלומי ממון וואָלט באַדאַרפט טאַקע זיין דאָס, וואָס עס איז ניטאָ וועמען צו געבן דאָס געלט, וואָס מען וואָלט באַדאַרפט נעמען ביים בעל הבור, ווייל די יורשים האָבן ניט קיין רעכט אויפן לעבן פון זייער פאָטער, וואָלט מען מיט אים גאָר ניט געקענט אויפטאָן. זאָל נאָר זיין געלט, זאָל נאָר דער בית דין פסקענען, אַז מען זאָל אויפמאָנען אַ מין געלט שטראָף פון דעם בעל הבור, וועט שוין זיין וועמען צו געבן. וואָרום אויב די יורשים האָבן קיין רעכט ניט אויף דעם לעבן פון זייער אייגענעם, אין דעם זין, אַז דאָרטן, וואו עס איז קיין מעגלעכקייט ניטאָ, צוליב אַנדערע מאָטיוון, אַרויפצולעגן אַגעלט שטראָף אויף דעם באַשולדיקטן אין אַ פאַל פון דיני אבוד נפשות, קען מען מחמת דעם מאָטיוו, וואָס מען וואָלט באַדאַרפט געבן אַ געלט באַפרידיגונג די יורשים פאַר דעם, וואָס זיי האָבן זייער פאָטער פאַרלאָרן — אַזאַ שטראָף אויף אים ניט אַרויפלעגן, האָבן זיי שוין יאָ אַזאַ רעכט אין דעם זין, אַז דאָס געלט, וואָס דער בית דין האָט מחמת געוויסע אַנדערע מאָטיוון אויפגעמאָנט פון באַשולדיקטן — זאָל זיי אָוועקגעגעבן ווערן.

און נאָכאַמאָל דאָס אייגענע: דער איינציקער אמתער תירוץ, איז דאָס, וואָס מען באַדאַרף דאָ גאָר אינגאַנצן קיין תירוץ ניט. און קיין תירוץ באַדאַרף מען ניט דערפֿאַר, וואָס די קשיה איז פֿון לכתחלה אָן גאָר קיין קשיה ניט. די יורשים קריגן אין דעם פֿאַל פֿון בור גאָר ניט, ניט דערפֿאַר, וואָס מען טאָר זיי ניט געבן, נאָר דערפֿאַר, וואָס עס איז זיי ניטאָ וואָס צו געבן. און ניטאָ וואָס צו געבן זיי איז דערפֿאַר, וואָס דאָ האַנדלט זיך אין אַ פֿאַל, וואָס באַלאַנגט צו אָט יענע פֿעלע, וואָס דער בית דין קען ניט קיין תשלומי ממון שטראָף אַרויפֿלעגן אויף דעם באַשולדיקטן.

ווען אָבער אפילו מיר זאָלן פֿאַרקוקן אָט דאָס אַלעס, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, קען נאָך אַלץ ניט דער דאָזיקער תירוץ, אַז דערפֿאַר מאָנט ניט אויף קיין תשלומי ממון פֿון דעם בעל הבור פֿאַר די יורשים, ווייל זיי האָבן קיין רעכט ניט אויף דעם לעבן פֿון דעם אומגעקומענעם — דעם ענין פֿון בור אין דעם גאַנצן היקף זיינעם פֿאַרענטפֿערן.

וואָרום אויב דער דאָזיקער תירוץ קען גילטן אַלס תירוץ פֿאַר אַ פֿאַל, ווען דער מענטש, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך, איז אַ בן חורין, קען ער בשום אופן ניט גילטיק זיין פֿאַר אַ פֿאַל, ווען דער אַריינגע־פֿאַלענער איז אַ קנעכט. וואָרום אויב די דאָזיקע קשיה איז קיין קשיה ניט אין דער פּרימיטיווער פֿאָרם, וואָס הרב פורת האָט איר געגעבן, דורך וועלכער עס קומט אויס, אַז דאָ האַנדלט זיך שוין גאָר אינגאַנצן ניט אין אבוד נפש, נאָר אין אבוד נכס ממון. וואָרום דאָס לעבן פֿון אַן עבד האָט נאָר פֿון אַ נכס ממון די ווערט, איז אין עצם תוך אירן, אַז ביי אַלעם דעם, וואָס דער תירוץ פֿון עלען קען גילטיק זיין אין אַ פֿאַל, ווען דער דערהרגעטער איז אַ בן חורין, קען ער בשום אופן ניט גילטיק זיין אין אַ פֿאַל, ווען אַן עבד איז דער אומגעקומענער — איז זי אונבאַשטרייטבאַר. דער אינהאַלט פֿון דער דאָזיקער קשיה, ווען ריכטיק אָוועקגעשטעלט — איז פֿאָלגענדער:

אמת, פּונקט ווי דאָס לעבן פֿון אַ בן חורין ווערט אויך ניט דאָס לעבן פֿון קנעכט אין געלט געשאַצט. מיר זאָגן דאָך אָבער ניט, ווען מיר פֿאָדערן, מען זאָל אויפֿמאָנען תשלומי ממון פֿון בעל הבור, אַז מען זאָל פֿון אים תשלומי ממון אַלס שטראָף פֿאַר דעם אבוד נפש, וואָס ער האָט דורך זיין בור גורם געווען. די דאָזיקע תשלומי ממון פֿאַ־

דערן מיר פאַר די רעזולטאַטן, וואָס דער דאַזיקער אבוד נפש האָט פאַר־אורזאַכט, פאַר דעם אבוד נכס ממון, וואָס ער האָט גורם געווען. וואָרום אויב עס איז אמת, אַז דער עבד איז ניט אויסשליסלעך נאָר אַן נכס ממון, איז דאָס אויך אמת, אַז אויך אַ נכס ממון איז ער יאָ. טאָ פאַר־וואָס זאָל דער בעל העבד ניט גוט מאַכן דעם היזק ממון, וואָס דער בעל העבד האָט געליטן? אין דעם פאַל זיינען דאָך פאַראַן בײדע זאַכן: אי אַן אמתע געלט תביעה, אי אַן אמתער באַרעכטיקער תובע.

אויב דער פרינציפּ, אַז מען דאַרף ניט אויפמאָנען קיין תשלומי ממון פון בעל הבור איז ריכטיק, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין, ווייל אַלס פאַרגיטיגונג פון אַן אבוד ממון, וואָס איז פאַראור־זאַכט געוואָרן, קען מען די דאַזיקע תשלומי ממון ניט פאָדערן, מחמת דעם, וואָס אָט אַזאַ אבוד נכס איז גאָר כלל נישטאָ אין דעם דאַזיקן פאַל. וואָרום די איינציקע, וואָס וואָלטן אַ תביעה אַזאַ פון אבוד נכס ממון געקענט אַרויסשטעלן, זיינען דאָך די יורשים. אין אמתן אָבער קענען אויך זיי דאָס ניט טאָן. וואָרום זיי האָבן קיין רעכט ניט אויף זיין לעבן, אַזוי אַז אין באַצוג צו זיי איז דאָ אויך קיין אבוד נכס ניט פאַראַן. מען זאָל ווידער אויף אים תשלומי ממון אַרויפלעגן פאַר דעם טויט אַליין קען מען אויך ניט, ווייל דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט ניט אין קיין געלט געשאַצט: אויב אלזא, אין דעם פאַל איז דער פרינ־ציפּ אַ ריכטיקער, קען ער אָבער בשום אופן ניט באַטראַכט ווערן אַלס ריכטיק אין דעם פאַל פון אַן עבד, וואו דער מאָמענט פון אבוד נכס ממון איז יאָ פאַראַן, כאָטש וואָס אנבאַלאַנגט דער פאָרמולא, אַז אַ מענטשלעך לעבן קען ניט אין קיין געלט געשאַצט ווערן, קען אויך דאָ גאַנץ גוט אָנגעווענדעט ווערן.

## י"ז

ביי דעם פונקט אָבער מוז איך גלייך אָנווייזן אויף דערויף, אַז, אייגנטלעך, לויט ווי עס זעט אויס אויבנאויף, קען די קשיה אויך אונדז אַליין געשטעלט ווערן, אויב ניט אין דער זעלבער פאָרמולי־רונג, איז אין אַן אַנדערער. מען קען פרעגן: ווי באַלד, אַז דאָס יאָ פאַרבונדן אָדער ניט פאַרבונדן דעם ענין פון תשלומי ממון מיט אַ פאַל פון אומברענגען אַ מענטשן איז ניט אָבהענגיק פון דעם עצם

פאַקט, וואָס מיר האָבן מיט דעם ענין פון אבוד נשמה צו טאָן, נאָר פון דעם, וואָס עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן, וואָס איז מיט דעם ענין פון מיתת בין דין פאַרבונדן. ווי באַלד ווידער, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אבוד נשמה, וואָס איז ניט פון באַשולדיקטן אויף אַ דירעקטן, אַקטיוון אופן פאַראורזאַכט געוואָרן, קען מען יאָ אויפּמאָנען תשלומי ממון, אויב עס איז אין דעם פּראָבלעם פון אבוד נשמה אויך דער מאָמענט פון אבוד נכסים פאַרטראָטן — טאָ פאַרוואָס זאָל מען ביים ענין פון בור, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מיתת עבד, ניט פסקענען, אַז דער בעל הבור זאָל דעם בעל העבד דמי היזק פאַר דעם פאַרלאָרענעם נכס ממון באַצאָלן? עס איז דאָך דאָ פאַראַן אַ געלט תביעה ניט פאַרן לעבן פון אומגעקומענעם, פאַר וועלכן עס קען קיין געלט שטראָף ניט קומען, נאָר פאַר דעם אומגעבראַכטן נכס ממון, וואָס איז דורך דעם אומגעבראַכטן לעבן פאַראורזאַכט געוואָרן. דאָ האַנדלט זיך דאָך ניט נאָר וועגן דעם, וואָס דער עבד האָט זיין לעבן פאַר־לאָרן, נאָר אויך וועגן דעם, וואָס דער בעל העבד האָט אַ היזק ממון געליטן.

איידער אָבער איך קום צום ענטפער אויף דער דאָזיקער קשיה, מוז איך ווידער זיך אומקערן צום פריערדיקן טעמע, פאַרענדיקן די דאַרלעגונג פון די אַלע פרינציפּן און כללים, וואָס איך האָב אין זינען געהאַט פאָרצולייגן — געטאָן אָבער האָב איך דאָס ניט, ווייל עס איז פאַר מיר נויטיק געווען אונטערצוברעכן זי צוליב דער לעצטער לענגערער שקלא וטריא, וואָס איך האָב געמוזט געבן דאָ. דערווייל וועל איך זיך באַגנוגענען מיט דעם נאָר, וואָס איך וועל באַמערקן, אַז אַלענפאַלס מיט דעם דרש פון „שור ולא אדם", וואָס די חז"ל האָבן געדרשט האָט דאָס ניט צו טאָן. מיט דער דאָזיקער קשיה קען מען זיך נאָר צו דער תורה אַליין ווענדן. צו זיי — צו די חז"ל קען מען מיט דער דאָזיקער קשיה ניט צושטען. זיי האָבן ניט געקענט פסקענען, אַז מען זאָל דעם בעל העבד צופסקענען תשלומי ממון. צוזאַמען מיט די אַלע דינים, וואָס זיי האָבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין פון בור אַרויס־געבראַכט, האָבן זיי אַזאַ דין ניט געקענט אַרויסברענגען. ווארום פונקט ווי אַט יענע אַלע דינים האָבן זיי ניט געקענט פון דער תורה ניט אַרויסטייטשן, אַט אַזוי האָבן זיי אויך ניט געקענט פון דער תורה אַט אַזאַ דין יאָ אַרויסטייטשן. פון דער תורה איז קלאָר, אַז מען קען ניט

דעם בעל העבד תשלומי ממון צופסקענען. אין דער תורה איז ניטאָ קיין תשלומי ממון ביים ענין פון בור בנוגע אַן עבד. זי מאַכט קיין שום חילוק ניט צווישן אַ בן חורין און אַן עבד אין דער הינזיכט. און אַז די תורה האָט קיין שום חילוק ניט געמאַכט, האָבן זיי אויך קיין חילוק ניט געקענט מאַכן.

לאָמיר, אַלזא, צוגיין צו דער פאַרענדיגונג, וועגן וועלכער איך האָב פריער גערעדט. לאָמיר זיך אומקערן צו דעם אָרט, וואָס מיר דאַרפן זיך צו אים אומקערן.

פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב ביז איצט געזאָגט, מיינט דער ענין פון אין מערבין עונש בעונש, ראשית: אַז פאַר די עבירות וואָס עס ווערט אין דער תורה פאַרגעשריבן טויט שטראָף, טאָר דער בית דין ניט אויסבייטן די דאָזיקע שטראָף אויף תשלומי ממון, אין וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל ניט זיין — צי אין פאָרם פון כופר, וואָס ווערט אַוועקגעגעבן די יורשים פון אומגעקומענעם, אָדער אַלס געלט וואָס זאָל בלייבן אין רשות פון בית דין, ער זאָל דאָס פאַר אירגענד וועלכן צוועק אַוועקגעבן. שנית: אַז אויך אין אַ פאַל, ווען דער בית דין טראָגט ניט אַרויס קיין טויט אורטייל אויף דעם באַשולדיקטן, ווי אין אַ פאַל פון שוגג, אָדער אין אַזוינע פעלע, ווען עס איז פון לכתחלה אַן גאָר ניט מעגלעך אַרויסצוטראָגן אַ טויט אורטייל פאַר די זינד, וועגן וועלכע עס האַנדלט זיך אין זיי — אַז אין די דאָזיקע אַלע פעלע מיינט דאָס ניט אַרויסטראָגן קיין שולדיק ווערדיקט, אַז דער פאַרזינ־דיקטער ווערט פון יעדער מין שטראָף באַפרייט. דער עניין פון באַ־פרייען אים אין אַזוינע פעלע קען בשום אופן ניט מיינען, אַז נאָר פון דער שטראָף, וואָס וואָלט אים געקומען, ווען מען ערקלערט אים יאָ שולדיק — פון טויט שטראָף — באַפרייט מען אים, מען לאָזט אָבער נאָך אַלץ ניט גאָר אינגאַנצן אונבאַשטראָפט זיין פאַרשולדיקט־קייט, וואָרום מען לעגט אויף אים אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאָרם אַ געלט שטראָף אַרויף — נאָר, אַז אין די דאָזיקע אַלע פעלע מיינט דאָס ערקלערן אים ניט שולדיק, אַז ער איז גאָר אינגאַנצן אונטער קיין שום שטראָף ניט אונטערגעוואָרפן.

דריטנס — און דער דאָזיקער דריטנס איז זייער וויכטיק — דאַרף מען אָנווייזן דערויף, אַז דער עניין פון „אין מערבין עונש בעונש" ווערט נאָך פיל מער אויסגעברייטערט. ניט נאָר איז אונמעגלעך, ווען

עס האַנדלט זיך וועגן פאַרברעכנס און עבירות, וואָס באַלאַנגען צום ערשטן קלאַס, וואָס זיינען מיט דעם עניין פון מיתת בית דין אין דער אָדער יענער פאָרם פאַרבונדן, זאָל קענען דער עניין פון תשלומי ממון פיגורירן, אין דער פאָרם פון כופר, למשל, ער זאָל פאַרבייטן דאָס דורכפירן פונם טויט אורטייל, וואָס דער בית דין האָט אין אַ געוויסן פאַל ארויסגעגעבן, אָדער אין דער פאָרם פון אַ געלט שטראָף, כדי ניט צולאָזן גאָר אינגאַנצן אונבאַשטראָפט דעם פּראָצעסירטן אין אַ פאַל, ווען מחמת געוויסע שטערונגען — אין כלל פון וועלכע עס גייט אויך אַריין דאָס,וואָס פון לכתחלה אָן קען מען דעם באַשולדיקטן ניט באַשטראָפן מיט דער שטראָף, מיט וועלכער מען וואָלט אים באַדאַרפט באַשטראָפן, ווען די זינד, וועגן וועלכע עס האַנדלט זיך וואָלט אין אַלע היגזיכטן גלייך געווען צו אָט יענע אַלע אַנדערע פון דעם קלאַס, צו וועלכע אויך זי באַלאַנגט — קען דער בית דין ניט אַרויסטראָגן קיין טויט אורטייל; ניט נאָר, אַלזאָ אין אַזוינע פעלע, וואָס פון לכתחלה אָן איז גאָר אינגאַנצן אין זיי קיין געלט תביעה ניט פאַראַן, נאָר אויך אין אַזוינע פעלע, ווען עס איז דווקא אַזאַ געלט תביעה יאָ פאַראַן, למשל, ווען די פאַרשולדיקונג פון באַשולדיקטן איז אַ צווייפאַכיקע — אויסער דעם מאָמענט פון באַגיין אַ זינד, פאַר וועלכער עס קומט מיתת בית דין, איז אין אָט דער זינד אויך איינגעפלאָנטערט אַ זינד, וועלכע האָט נאָר מיט דיני ממונות צו טאָן, וואָס דער אינהאַלט אירער איז דאָס גורם זיין זיין אַ היזק ממון צו וועמען, ווי, למשל, דער פאַל, ווען צוויי מענטשן קריגן זיך, און איינער פון זיי האָט אַ שוואַנגערנדיקע פרוי אַ שטויס געטאָן וואָס האָט גורם געווען, אַז די פרוי זאָל מפיל זיין, און דערצו נאָך האָט ער דעם צווייטן — דעם חבר זיינעם — דערהרגעט; אָדער, ווען איינער האָט אונטערגעצונדן אַ שייער פון אַ צווייטן, וואָס אין דעם פאַל איז איין פאַזע פון דער זינד דאָס מאַכן אַ פייער אום שבת — וואָס האָט מיט מיתת בית דין צו טאָן, אונד י צווייטע פאַזע האָט מיט דיני ממונות צו טאָן. וואָרום דער אינהאַלט פון דעם צווייטן מאָמענט אין דעם דאַזיקן אַקט איז דאָס, וואָס ער האָט יענעמס אַ נכס ממון פאַרניכטעט, אויך, אלזא, אויף אַזוינע פעלע באַציט זיך דער פרינציפּ פון „אין מערבין עונש בעונש". כאָטש דאָ — אין די געבראַכטעביידע פעלע — איז אַ פאַלשטענדיקע געלט תביעה פאַראַן, ווערט דאָך דער עניין פון תשלומי

ממון ניט פראַקטיציִרט. די זינד פון צווייטן קלאַס ווערט פון דער זינד פון ערשטן קלאַס איינגעשלונגען. די שווערערע זינד איז די לייכטערע מבטל. אָט אין די אַלע פעלע פירט מען זיך לויט די פאָרמולאַס, וואָס ווערט אָנגעגעבן אין דער גמרא: „קים ליה בדרבה מיניה" און „אין אדם מת ומשלם", און „אין אדם מת ולוקה".

י"ח

און דערביי באַדאַרף דאָ אויך צוגעגעבן ווערן, אַז דער פרינציפּ פון „אין מערבין עונש בעונש" אין דעם אָט ערשט דערמאָנטן זינען גילט אויך אין אַזוינע פעלע, וואו דער געמשפּטער ווערט ניט פאַראורטיילט צום טויט, ווי אין אַ פאַל, למשל, ווען אַ פאַרברעכערישער טהאַט איז בשוגג באַגאַנגען געוואָרן, אָדער שלא במתכוון.

און אין ליכט פון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, געפינט זיך די דערקלערונג — און צוזאַמען דערמיט דער זיכערסטער באַווייז פאַר דער פאַלשקייט פון הרב פורת און ה' עלנס תירוצים — פאַר וואָס אין אָט יענע אַלע פעלע, וואָס איך האָב אין אָנהויב פון דער דאָזיקער אַרבעט דערמאָנט, ווערן ניט אויפגעמאָנט קיין תשלומי ממון, כאָטש אין זיי אַלע געפינט זיך אויסער דעם מאָמענט, וואָס האָט מיט דיני נפשות צו טאָן, מיט באַגיין אַזאַ אַקט, וואָס איז מיט דעם עניין פון טויט שטראָף פאַרבונדן, אויך אַן אַקט, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז פון גורם זיין אַן היזק ממון. אין דעם פאַל, ווען איינער צינדט אונטער אַ שייער, וואָס באַלאַנגט צו אַן אַנדערן, דאַרף ער ניט — דער אונטערצינדער — באַצאָלן פאַר דעם היזק, וואָס ער האָט גורם געוועזן דעם בעל הגדיש, ווייל דער היזק איז פאַרבונדן מיט אַ טהאַט — מיט דעם טהאַט פון מאַכן אַ פייער אום שבת — פאַר וועלכן עס קומט מיתת בית דין. אין דעם פאַל, ווען איינער פאַרוואונדעט זייך חבר אום שבת, אין דעם פאַל באַצאָלט ניט דער חובל די נזקי ממון אויך צוליב דעם, וואָס דער נזק ממון איז פאַרבונדן מיט אַ טהאַט, פאַר וועלכן עס קומט מיתת בית דין. וואָרום דאָ האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן באַשטראָפן מיט אַ געלט שטראָף פאַר די נזקי גוף, נאָר אויך פאַר טאָן אַ מלאכה אום שבת. און דאָס זעלבע איז אויך מיט איינעם, וואָס האָט זייך פאָטער און מוטער געשלאָגן, און עס האָט זיך

ביי זיי אַ חבורה אָפּגעשטעלט. ער איז פּטור פון די דמי נזק, וואָס ער וואַלט זיי באַדאַרפט באַצאָלן, ווען ער וואָלט זיי קיין חבורה ניט געוועזן מאַכן. וואָרום פּאַר שלאָגן אַ פאָטער אָדער אַ מוטער מיט דעם רעזולטאַט פון אַ חבורה ביי זיי פאַראורזאַכן קומט מיתה.

און ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן, ווערט אַנולירט אין אַזוינע פּעלע די געלט תביעה ניט נאָר דאַן, ווען דער באַשולדיקטער מוז טאַקע פאַר דעם הויפּט פאַרברעכן, וואָס גייט צוזאַמען מיט דעם פאַרברעכן פון גורם זיין היזק ממון, מיט זיין לעבן באַצאָלן, נאָר אויך דאַן, ווען דער בית דין טראָגט ניט אַרויס דעם טויט אורטייל מחמת דער אָדער יענער אורזאַכע. אָט אַזוי בלייבט אין אָט יענע פּעלע די געלט תביעה אָנולירט, ווען אַפילו אָט יענע פּעלע זאָל זיך האַנדלען וועגן טהאַטן, וואָס זיינען בשוגג דורכגעפירט געוואָרן, ווי עס ווערט פון רמב״ם פאָרמולירט: לא חילק הכתוב בין שוגג למזיד בדבר שיש בו מיתת בית דין לפוטרו מן התשלומין״. דער געדאַנק דערפון איז, אַז ווען אַליין, וואָס עס האַנדלט זיך אין זיי וועגן אַ פאַרברעכן, וואָס ווען במזיד וואָלט לויט דער תורה געקומען טויט שטראָף פאַר אים, איז שוין גענוג דערויף, מען זאָל באַטראַכטן די געלט תביעה אַלס בטל. עס מוז זיך ניט האַנדלען דווקא וועגן אַ תביעת ממון, וואָס איז אויף אַלע הונדערט פּראָצענט מיט דעם ענין פון מיתת בית דין פאַרבונדן. אויב אפילו נאָר אויף אַ העלפט פאַרבונדן, ווי אין דעם פאַל פון השורף את הגדיש ביום השבת בשוגג — אויך דאַן ווערט די געלט תביעה אַנולירט. וואָרום דער עיקר איז ניט דאָס דורכאויסיקע דורכפירן פון טויט שטראָף אין פאַל, וועגן וועלכן עס דאַרף זיך האַנדלען, נאָר דער כאַראַקטער פון דער שטראָף, וואָס מען דאַרף געבן אין דעם פאַל; דאָס, וואָס בכלל גענומען, קומט טויט שטראָף פאַר דעם פאַרברעכן, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך.

און דאָס זעלבע איז אויך ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַר־ברעכן, וואָס איז שלא במתכוון געטאָן געוואָרן דאָרטן וואו עס איז באַגאַנגען געוואָרן.

און אָט אַזוי פּסקענט דער רמב״ם, אַז ווען אַ פּרוי ווערט גע־שטויסן פון איינעם און זי איז מפּיל פון דעם שטויס, און נאָכדעם שטאַרבט אויך זי אַליין פון דעם שטויס, דאַרף דער נוגף ניט באַצאָלן קיין דמי וולדות אפילו, דאַן, ווען נאָר דער שטויס אַליין איז במתכוון געוועזן.

און פון דעם אַלעם איז קלאָר צו זען, אַז דער איינציקער טעם, וואָס קען בכלל געגעבן ווערן כאַר יאָ אַריינגעמען אָדער ניט אַריינגעמען דעם ענין פון תשלומי ממון — אין אָט די אַלע פעלע וואו עס איז באמת דאָ אַ גרונד פאַר אַזאַ שקלא וטריא, ניט ווי אָט יענע פעלע, וועגן וועלכע עלען רעדט, וואָס זוכן בנוגע זיי אַ טעם, פאַר וואָס מען פסקענט ניט קיין תשלומי ממון צו, הייסט אין אַן אָפענער טיר זיך אַריינברעכן — ווען עס האַנדלט זיך וועגן דיני אבוד נפשות, איז ניט דערפאַר וואָס אַ מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין געלט געשאַצט, ניט דערפאַר, וואָס עס האַנדלט זיך אין דעם, וואָס אַ מענטשלעך לעבן איז אומגעקומען, נאָר אין דעם, וואָס, ווי איך האָב דאָס שוין פאָר־מולירט ווי אַלע אַנדערע פעלע פון שווערע זינד און פאַרברעכענס קומט אויך פאַר אומברענגען אַ מענטשן טויט שטראָף. אין די דאָ־זיקע אַלע פעלע איז דער ענטשיידענדער פאַקטאָר פאַר דעם ניט דער פאַרברעכן אַליין, נאָר די שטראָף, וואָס מען באַדאַרף פאַר דעם פאַרברעכן געבן. אויב און ווען עס קען בשום אופן קיין געלט תביעה ניט איינגעשלאָסן ווערן אין אַ פאַרברעכן, וואָס האָט מיט דיני אבוד נפשות צו טאָן איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס עס האַנדעלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן פון גורם זיין דעם אומקום פון אַ מענטשן, נאָר דער־פאַר, וואָס עס האַנדלט זיך וועגן אַ שטראָף, וואָס באַדאַרף צום אומקום פון אַ מענטשן פירן.

און נאָך מער. ווען ה' עלען זאָל ניט געווען פאַרזען דאָס, וואָס ער וואָלט יאָ געווען באַדאַרפט זען, וואָלט ער געווען געקענט אויסגע־פינען, אַז ניט נאָר זיינען ניט פאַלן פון אבוד נפש מער מיוחסים, אין דער הינזיכט פון ניט קענען פאַרבונדן דעם ענין פון תשלומי ממון מיט זיי — פון אַנדערע חיוב מיתה זינד, נאָר, פאַרקערט נאָך — וואָס פאַר אַן איבערראַשונג דאַרף דאָס זיין פאַר אים — אַ סך ווייניקער מיוחסים פון זיי. ער וואָלט דאַן געקענט אויסגעפינען, אַז דווקא ביי דיני אבוד נשמה, וואָס, לויט אים נאָך דאַרף דער פאַקט אַליין, וואָס עס האַנדלט זיך וועגן דעם, וואָס אַ מענטשלעך לעבן איז אומגעקומען גענוג זיין דערויף, אַז עס זאָל בשום אופן, אונטער קיינע אומשטענדן ניט קענען געמאָלט זיין דעם ענין פון תשלומי ממון אין אַזאַ פאַל איינשליסן ניט נאָר דאַן, ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַ פאַל פון חיוב מיתה, נאָר אַפילו, ווען דער מאָמענט פון חיוב מיתה פעלט דאָרטן פון

לכתחלה אָן גאָר אינגאַנצן; אַז פון די אַלע זינד און פאַרברעכנס, וואָס האָבן מיט דעם מאָמענט פון חיוב מיתה צו טאָן זיינען גראַדע פאַלן פון אבוד נשמה די, אין וועלכע עס גילט אַן אָבנויגונג פון דעם כלל פון אין מערבין עונש בעונש. און דווקא אין די, אין וועלכע דער ענין פון אבוד נשמה איז אַמשטאַרקסטן פאַרטראָטן, ווי אויך דווקא נאָר אין אַזוינע, וואָס זיינען אין זייער גאַנצער טאָטאַליטעט נאָר דיני נפשות, און עס איז זיי גאָר אינגאַנצן דער ענין פון קענען אַ געלט תביעה אַרויפשטעלן, ניט פאַראַן.

אויב ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אַ במזיד אַקט פון שפיכות דמים פון אַן אבוד נשמה במתכוון, קען נאַטירלעך, קיין רעדע ניט זיין אליבא דכולי עלמא פון תשלומי ממון, ניט אַלס סאבסטיטוט פאַר דער טויט שטראָף, וואָס באַדאַרף אין אַזאַ פאַל דורכגעפירט ווערן, און ניט אַלס אַ באַפרידיקונג פון אַ געלט תביעה, אין אַ פאַל, ווען צו־זאַמען מיט דעם מאָרד, פון וועלכן ער — דער וואָס איז דעם אַקט פון שפיכות דמים באַגאַנגען — איז דער גורם געווען, איז ער אויך דער גורם געווען פון אַ בפועל ממשדיקן היזק ממון — קומט דאָס אָבער שוין יאָ פאָר אין אַ פאַל — און דווקא נאָר דאָן — פון כמעט במזיד, אין אַ פאַל פון אבוד נשמה שלא במתכוון. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן דערויף, אַז לויט כמה סוגיות אין דער גמרא קומט אויס, אַז ביי נתכוון להרוג את זה והרג את זה פסקענט רבי שמעון, אַז מען באַדאַרף צו די יורשים דמי נהרג באַצאָלן. און רבי האַלט אין פאַל פון „ונגפו אשה הרה״, אַז דער נפש תחת נפש מיינט ממון.*)

און אמת, אַז דער דאָזיקער אָבנויג איז נאָר אַ דעת יחידים. די הלכה איז, ווי מיר האָבן אויבן אים פאָרמולירט. עס ווערט אָבער גאָר ניט פון זיין ווערט געמינערט, ווען גענומען אין דעם צוזאַמענ־האַנג, אין וועלכן איך האָב אים געשטעלט. ער איז גענוג אויף צו באַווייזן, ווי ווייט פאַלש עס מוז אויסזען די באַהויפטונג, אַז אויב מיר זעען, אַז ביי בור באַשטימט מען ניט קיין תשלומי ממון, וואָס זאָלן אויפגעמאָנט ווערן פון בעל הבור, איז דאָס מחמת דעם אנערקענטן

*) לויט רבין נאָך באַדאַרף אויסקומען, אַז דער „ואם יהיה אסון״ באַציט זיך אויף דער אשה. עס רעדט זיך, הייסט עס, דאָ וועגן אבוד נשמה שלא במתכוון.

פּרינציפּ, אַז אַ מענטשלעך לעבן ווערט ניט אין קיין געלט געשאַצט. ‏'זען דאָס זאָל אמת זיין, וואָלט בשום אופן ניט געקענט מעגלעך זיין, אַז עס זאָלן זיך געפינען אַזעלכע יחידים צווישן די חז"ל, וואָס זאָלן דווקא אין אַ פאַל, וואָס דער מאָמענט פון אבוד נשמה איז אין אים פיל מער פאַרטראָטן, ווי אין פאַל פון בור, אין אַ פאַל, וואָס איז כמעט אבוד נשמה במזיד, אין אַ פאַל, וואָס זיין אָנגעהעריקייט צום קלאַס פון זינד און עבירות, פאַר וועלכע עס קומט מיתת בית דין, איז ניט נאָר אַ נעגאַטיווע, ווי דער פאַל פון בור, נאָר איז בפועל ממש מיט דעם עניין פון מיתת בית דין פאַרבונדן, כאָטש די טויט שטראָף ווערט ניט דורכגעפירט, פסקענען, אַז דאָרטן דאַרף יאָ גילטן תשלומי ממון. און דערצו נאָר דווקא אין דער פאָרם פון אַ סאָבסטי־טוט פון דער טויט שטראָף, וואָס וואָלט דעם באַשולדיקטן געקומען.

און עס איז פשוט צום שטוינען, ווי אַזוי מענטשן קענען פאַר־בייגן אָט יענע אַלע וויכטיקע עניינים, אויף וועלכע זיי וואָלטן זיך באַדאַרפט אָפּשטעלן, באַהאַנדלענדיק די אַלע עניינים, וואָס זיי באַ־האַנדלען. עס איז פשוט צום שטוינען, ווי אַזוי מענטשן קענען אַזוי פאַרזען אָט יענע אַלע פילע פאָרמולעס און כּללים ווי „קים ליה בדרבא מיניה״; „כדי רשעתו״ — „ברשעה אחת אתה מחייבו ואין אתה מחייבו בשתי רשעות״ „אין אדם מת ומשלם״; „אין אדם מת ולוקה״ און ענלעכע, לויט וועלכע מען באַדאַרף זיך ריכטן אין יעדן פּראָבלעם, וואָס האָט מיט דיני ממונות און דיני נפשות צו טאָן; דורך וועלכע מען קען איבער אַן אויסגעטראָטענעם דרך המלך געפירט ווערן בנוגע אַלעם דעם, וואָס מיר דאַרפן אין יעדן פאַל וויסן; אין ליכט פון וועלכע עס מוזן אָט יענע אַלע קשיות, וואָס זיי פרעגן און די אַלע תירוצים, וואָס זיי געבן, ניט נאָר אַלס פאַלש בתכלית הפאַלשקייט זיך אַרויסווייזן, נאָר אויך אַלס מעשה חוזק.

י"ט

לאָמיר זיך איצט אומקערן צום פריערדיקן עניין, צו דעם עניין פון אין מערבין עונש בעונש. לויט דער אויסטייטשונג, וואָס מיר האָבן דעם דאָזיקן פּרינציפּ געגעבן, באַציט זיך דער דאָזיקער פּרינ־ציפּ אויף פעלע, וואָס צוזאַמען מיט דער באַשולדיקונג פון אבוד נשמה

גייט אויך אַ תביעת ממון. דער דאָזיקער כלל אָבער, ווי מיר האָבן דאָס שוין פעסטגעשטעלט האַל,ט אויס נאָר דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פעלע, וואָס זיינען מיט חיוב מיתה פאַרבונדן. אמת, אַז עס איז כלל ניט נויטיק, אַז מיר זאָלן האָבן צו טאָן מיט אַזאַ פאַל דווקא, אין וועלכן דער חיוב מיתה ווערט טאַקע רעאַליזירט. אַז דער פאַר־ברעכן אָבער זאָל זיין אַזאַ, וואָס פּרינציפּיעל קומט פאַר אים מיתה — דאָס איז אבסאלוט נויטיק. אַזוינע פעלע אָבער, וואָס פון לכתחלה אָן איז פאַר זיי קיין חיוב מיתה ניט פאַראַן, זיינען אויסגעשלאָסן פון דעם דאָזיקן כלל. אין פּרינציפּ איז אין אַזוינע פעלע קיין שטערונג ניט פאַראַן, אַז מ׳מען זאָל קענען אויפמאָנען אין זיי תשלומי ממון פאַר די נזקי גוף אָדער נזקי ממון, וואָס גייט אין זיי צוזאַמען מיט דעם אבוד נשמה אינהאַלט זייערן. און דעריבער, אויב עס איז ניטאָ וואָס צו פרעגן קיין קשיות ביי דעם עניין פון בור: פאַר וואָס מען פסקענט ניט צו קיין תשלומי ממון די יורשים פון אומגעקומענעם? אויב עס האַנדעלט זיך וועגן אַ בן חורין. וואָרום אין דעם פאַל איז דאָך פון לכתחלה אָן גאָר קיין געלט תביעה ניט פאַראַן — איז שוין יאָ אַזאַ פראַגע פאַראַן, ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אַן עבד. דאָ איז דאָך יאָ דאָ אַ געלט תביעה. וואָרום דער אינהאַלט פון דער פאַסירונג, וועגן וועלכער עס האַנדלט זיך, באַשטייט דאָך אין דעם פאַל ניט נאָר אין דעם, וואָס אַ מענטש איז אומגעקומען, וואָס איז אַ ריינער דיני נפשות פאַל, דאָס פראָבלעם פון וועלכן קען באַשטייט נאָר אין דעם, צי מען זאָל דאָ יאָ אָדער ניט מחייב מיתה זיין דעם גורם פון אבוד נשמה, נאָר באַשטייט אויך אין דעם, וואָס דורך דעם דאָזיקן אבוד נשמה איז דעם בעל העבד אַ געלט שאָדן פאַראורזאַכט געוואָרן. ער האָט זיינעם אַ קנעכט אָנגעוואוירן. דער דאָזיקער מאָמענט איז דאָך אַ ריינער דיני ממונות עניין. עס איז דאָך אין דעם פאַל אַ בפירושע געלט תביעה פאַראַן. פאַר וואָס זשע זאָל די דאָזיקע תביעה אויך דאָ אַנולירט ווערן? דער גאַנצער טעם, פאַר וואָס אַ געלט תביעה ווערט אין פאַל פון אבוד נשמה פאַרלאָרן, איז דאָך דאָס, וואָס עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַר־ברעכן, וואָס האָט מיט חיוב מיתה צו טאָן. אין דעם פאַל אָבער איז דאָך קיין חיוב מיתה ניט פאַראַן?

און, ווי געזאָגט, קען די דאָזיקע קשיה ניט געשטעלט ווערן צו די חז״ל. איידער זיי האָבן געהאַט וואָס צו זאָגן און געקענט זאָגן

וועגן אַן עניין, האָבן זיי פריער באַדאַרפט זען, וואָס די תורה זאָגט וועגן דעם דאָזיקן עניין. און אין דער תורה האָבן די חז״ל ניט געפינען ביים עניין פון בור דאָרטן, וואו עס האַנדלט זיך וועגן אַן אַריינגעפאַלענעם מענטשן אין אים, דעם חילוק, וואָס מען קען מאַכן צווישן אַ בן חורין און אַן עבד.

לויט דער תורה איז אין תשלומין לעבד. זי דערמאָנט כלל ניט, אַז אויב דער אריינגעפאַלענער איז אַן עבד, דאַרף דער בעל הבור חצי דמי עבד באַצאָלן. ווייל עס האַנדלט זיך דאָך ניט נאָר אין אבוד נשמה, נאָר אויך אין אבוד ממון. פאַרקערט, פון דעם, וואָס זי שרייבט ביים: „ונפל שור או חמור״ — בעל הבור ישלם. כסף ישלם ישיב לבעליו, והמת יהיה לו״, קען מען, כמעט, אַ „בפירוש איתמר״ אַרויסטייטשן, אַז ביי אַן עבד איז אין תשלומי ממון. וואָרום מען קען דרשענען סמיכות הפרשיות צווישן דעם „כסף ישיב לבעליו״, און דעם „והמת יהיה לו״, אַז נאָר דאַן קען מען מקיים זיין דעם עניין פון „כסף ישיב לבעליו״, ווען מיר קענען אויך דעם עניין פון „והמת יהיה לו״ מקיים זיין, ווי אין פאַל, ווען עס פאַלט אַריין אַן אָקס אָדער אַן עזעל. אַנדערש איז דאָס אָבער, ווען דער אַרייַגעפאַלענער איז אַ מענטש. דאָ קען דער „והמת יהיה לו״ ניט דורכגעפירט ווערן, דאַרף אויך קיין „כסף ישיב לבעליו״ ניט פאָרקומען.

סיי ווי אָבער, צי מען קען יאָ אָדער ניט קומען צו די חז״ל מיט קשיות וועגן דאָזיקן עניין, די קשיא אַליין פאַר זיך געגומען ווערט אָבער גאָר ניט אָן פון איר האפט צוליב דעם, און מיר קענען זיך ניט באַפרייען פון איר מיט דעם תירוץ, אַז נאָר צו דער תורה אַליין קען מען צושטיין מיט דער דאָזיקער קשיא, אָבער ניט צו די חז״ל.

לאָמיר, אלזא, זען, ווי אַזוי מען קען דעם דאָזיקן עניין דערקלערן. די ערשטע דערקלערונג, וואָס קען געגעבן ווערן איז דאָס, וואָס נאָכאַלעמען איז די קנעכטשאָפט אינסטיטוציע זייער אַן אַלטע. שוין אין די פרימאָרגן שטונדן פון דעם מענטשלעכן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זי עקזיסטירט. עס איז דעריבער מן הנמנע, כמעט, אַז מיר זאָלן זיך ניט אָנשטויסן אויף איניקע פונקטן, וואָס מוזן בלייבן פאַר אונדז אונדערקלערבאַר אין דעם גאַנצן געוועב פון די נייע געזעצן אין באַצוג צו שקלאַפן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן פון די גאָר ערשטע יידישע געזעץ־געבער. ביי אַלעם דעם, וואָס מיר קענען אָנצייכענען

די אַלגעמיינע טענדענץ, וואָס רעגולירט די דאָזיקע געזעצן, וואָס מיר קענען דערזען די איינהייטלעכע הויפּט פּרינציפּן, אויף וועלכע די מאזאאישע פאַרשריפטן בנוגע שקלאַפעריי באַזירן, מוזן דאָך איניקע פּרטים, וואָס רירן ניט אָן דעם נייעם פונדאַמענט, אויף וועלכן די דאָזיקע געזעצן זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן, וואָס דער אינהאַלט זייערער שטייט ניט אין אַ ווידערשפּרוך מיט די עיקר רעגולירנדע פּרינציפּן, דער גייסט פון וועלכע דרינגט דורך דעם גאַנצן נייעם צו־גאַנג צום ענין פון שקלאַפעריי — ווי מחוץ לשיטה אויסזען. געוויסע מאָטיוון, וואָס זענען אַ פּראָדוקט פון אָט יענער גרויַ אַלטער צייט, און וואָס עס איז אונמעגלעך פאַר אונדז צו רעסטאַווירן זיי, האָבן צו די דאָזיקע „מחוץ לשיטה" פּונקטן גורם געווען. דאָרטן וואו זיי — די קדמונים געזעצגעבער אונדזערע — האָבן ניט באַדאַרפט אויף דעם הויפּט פּרינציפּ מוותר זיין, האָבן זיי זיך געקענט דערלויבן צו מאַכן דאָרטן וואו עס זענען פאַר דעם צווינגענדע מאָטיוון געווען געוויסע קאָמפּראָמיסן, צו איבערלאָזן איניקע אַלטע עלעמענטן, כאָטש זיי האַר־מאָנירן ניט מיט דעם גאַנצן נייעם אינהאַלט, וואָס זיי — אָט יענע געזעצגעבער —, האָבן מחדש געווען.

אין אונדזער פאַל קען מען דעם אָבנויג פון דעם כלל, אַז דאָרטן, וואו עס איז קיין חיוב מיתה ניט פאַראַן, קען קיין געלט תביעה, וואָס גייט צוזאַמען מיט אבוד נשמה, ניט אנולירט ווערן, דערקלערן אויף אַ וועג, וואָס גייט דווקא אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג פון מאַכן קאָמפּראָמיסן, פון צאָלן אַ געוויסן צינש צו די אנשויאונגען און פּי־רונגען פון דער צייט. די תורה האָט דאָס געטאָן — קען מען אָנ־נעמען — כדי אונטערצושטרייכן נאָך גרינטלעכער, דעם נייעם פּרינ־ציפּ, וואָס זי האָט פּראָקלאַמירט, אַז דאָס חשיבות פון לעבן פון אַ קנעכט שטייט אויף דער זעלבער מדרגה, ווי דאָס חשיבות פון לעבן פון אַ בן חורין; דעם נייעם פּרינציפּ, אַז אונדזערע באַציאונגען צו אַ קנעכט באַדאַרפן דורכגעדרונגען זיין מיט רחמנות, מיט איינזעעניש; אַז נאָר די אַרבעטס פעאיקייט זיינע האָבן מיר ביי אים אָפּגעקויפט, אָבער ניט זיין לעבן, זיין מענטשלעכע חשיבות. ווייל ביים ענין פון בור זענען, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין, תשלומי ממון — אין וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל ניט זיין — אינגאַנצן אויסגעשלאָסן, האָט זי דעריבער געוואָלט, אַז עס זאָל דינו של עבד אין דעם

פאַל כדינו של בן חורין זיין; אַז טראַץ דעם, וואָס דאָ וואָלט יאָ באַדאַרפט גילטן דער ענין פון תשלומי ממון, ווארום עס איז דאָך אָ בפירושע געלט תביעה אין דעם פאַל פאַראַן, זאָל ער דאָך ניט גילטן, כדי עס זאָל ניט אויסזען, אַז עס איז דאָך פאַראַן אַ חילוק צווישן דעם לעבן פון אַ קנעכט און דעם לעבן פון אַמענטשן, כדי מען זאָל זיך ניט טועה זיין צו דענקן, אַז דאָס לעבן פון אַ קנעכט איז נאָר אַ נכס ממון, אַז דער בעל הבית זיינער האָט ניט נאָר אויף זיין אַרבעט פעאיקייט אַ רעכט, נאָר אויך אויף זיין לעבן.

אויסער דער דאָזיקער דערקלערונג קען מען נאָך אַן אַנדער דערקלערונג געבן. דאָ אָבער קומען מיר צו דעם, וואָס מיר האָבן אין גאָר פריערדיקן פּלאַץ געזאָגט, אַז אין אַלגעמיין געגומען שטעלט מיט זיך אויך די באַהויפּטונג פון הרב פורת אין אַ געוויסער מאָס אַן אמת פּאָר. אויב מען קען ניט געפינען דעם דאָזיקן אמת אין דער באַהויפּטונג גופא, קען מען אים אַלענפאַלס געפינען אַרום דער באַ־הויפּטונג. אויב מען קען זיך ניט באַנוצן מיט דעם עניין פון אחריות בנוגע דער נפילה לבור, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין, ווייל מען באַדאַרף אים דאַן ניט, אויב אויך בנוגע אַן עבד דאַרף מען צו אים ניט אָנקומען, ווען עס וואָלט זיך האַנדלען נאָר וועגן דעם אַליין, וואָס דער עבד האָט זיין לעבן פאַרלאָרן — קען מען זיך שוין מיט אים באַנוצן אויף צו פאַרענטפערן די קשיא בנוגע עבד, אויף דעם אופן, ווי מיר האָבן זי געפרעגט, די קשיא: פאַרוואָס פאַרקוקן מיר דאָ אויך די געלט תביעה, וואָס גייט דאָ צוזאַמען מיט דעם עניין פון אבוד נשמה? פאַרוואָס באַפרייען מיר דעם בעל הבור ניט נאָר מצד דעם, וואָס דער עבד האָט זיין לעבן פאַרלאָרן, נאָר אויך פון די תשלומי ממון, וואָס דער בעל העבד האָט אַ רעכט צו פאָדערן מצד דעם, וואָס דורך דעם טויט פון זיין עבד, וואָס דער בעל הבור האָט גורם געווען, האָט ער אַ היזק ממון געהאַט?

דערביי דאַרף אָבער אויך אָנגעוויזן ווערן, אַז ווען מיר רעדן וועגן באַנוצן זיך דאָ מיט דעם מאָטיוו פון אחריות מיין איך כלל ניט אין דעם זין, ווי הרב פורת פאַרשטייט דעם דאָזיקן עניין, אַז עס איז אַ מין גזירת הכתוב, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ טויט פאַל, זאָלן מיר אַרויפלעגן די אחריות אויף דעם אַריינגעפאַלענעם מענטשן, זאָגנדיק: ער איז אַליין שולדיק. ער וואָלט געווען באַדאַרפט אַכ־

טונג געבן ווי ער גייט. דאָן אָבער, ווען ער איז נאָר געניזוקט געוואָרן, ווערן מיר שוין בעלי רחמים און מיר באַנוצן זיך שוין ניט מיט דעם דאָזיקן שפּרוך.

כ

דעם ענין פון אחריות דאָ באַדאַרף מען פאַרשטיין אויף פאָלגנדן אופן.

דער אמת איז אַזוי, אַז כאָטש מיר האַלטן זיך אין דעם כלל פון „לא בעי אינש לעיוני ומיזל" באַדאַרף פאָרט ניט באַטראַכט ווערן דאָס אַריינפאַלן פון אַ מענטשן אָדער אַפילו פון אַן אָקס אין אַ גרוב ווי אַ געוויינלעכע דערשיינונג. געוויינלעך איז אַ מענטש — והוא הדין לבהמה — ניט אַזוי נאָכלעסיק אין זיין גאַנג, אַז עס זאָל מעגלעך זיין, ער זאָל אין אַ גרוב אַריינפאַלן. אַ גרוב איז אַ מערקבאַרער מכשול. דער ענין פון נפילה לבור איז ניט גלייך צום ענין פון „המניח את כדו ברשות הרבים", וואו עס האַנדלט זיך וועגן ניט שטאַרק קענטיקע מכשולים. מער ניט, מיר וואַרפן פאָרט די אחריות אויפן בעל הבור, ניט משתף זייענדיק דעם בעל הקרבן צום אומגליק, וואָס האָט געטראָפן, ווייל דער מאָמענט אין דעם פאַל, וואָס ער — דער בעל הבור — האָט באיסור געגראָבן דעם גרוב, וועגט איבער, אַז מיר זאָלן פסקענען לרעתו של בעל הבור. וואָרום כאָטש עס איז ניט קיין געוויינלעכער פאַל, אַז אַ מענטש אָדער סתם אַ בעל חי זאָל אַריינפאַלן אין אַ גרוב, איז דער מאָמענט פון אונס אָבער — וואָס נעמט אויך אַריין דעם ענין פון זעלטנהייט — דאָ ניט פאַראַן. עס קען דאָך דאָך טרעפן אַזאַ פאַל. וואָרום דער ענין פון אין דרכו של אדם להתבונן בדרכים דערלאָזט דאָך סוף כל סוף אויך אָט אַזאַ מעגלעכקייט. אַנדערש איז אָבער שוין ווען דער פאַל איז אַזאַ, וואָס ברענגט צום טויט. דאָ קומט שוין צו צו דעם מאָטיוו, אַז דאָס אַריינפאַלן אין גרוב פון אַ בעל חי מוז באַטראַכט ווערן אַלס אַ זעלטענע דערשיינונג אויך דער מאָטיוו, וואָס דאָס אַריינפאַלן האָט פאַראורזאַכט דעם טויט פון אַריינגעפאַלענעם. דאָס גיט אונדז אַ מעגלעכקייט אָנצונעמען, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן דער געוויינלעכער נאָכלעסיקייט, וואָס האָט דערפירט דעם קרבן צו איר העכסטער מדרגה, וואָס קען דאָך אויך ברענגען דערצו, ער זאָל אפילו אַ גרוב ניט באַמערקן און אַריינפאַלן אַהין, נאָר וועגן אַן אויסערגעוויינלעכע נאָכלע־

סיקייט. וואָרום געוויינלעך דאַרף זיך כלל ניט ענדיקן דאָס אַריינ־
פאַלן פון אַ בעל חי אין אַ גרוב מיט טויט. וואָרום אפילו אין אַ פאַל
פון אומפאַרזיכטיקייט, וואָס קען אונדז צו אַ מכשול ברענגען, בלייבן מיר
נאָך אַלץ אונטערן שוץ פון דער אינסטינקטיווער פאַרזיכטיקייט אונדזע־
רער, וואָס דערלאָזט ניט, אַז די אומפאַרזיכטיקייט זאָל אונדז קאַטאַס־
טראָפאַלע רעזולטאַטן ברענגען.

ווען ניט אַט די אינסטינקטיווע פאַרזיכטיקייט, וואָס וואַכט
איבער אונדז שטענדיק, אַז מיר זאָלן אויך אין מאָמענטן פון נאַכלע־
סיקייט, פון אומפאַרזיכטיקייט, צו קיין גרויסער געפאַר ניט אויסגע־
זעצט ווערן, וואָלטן מיר ביי יעדן אומפאַרזיכטיקן טראַט אונדזערן
האַלדז און נאַקן געבראָכן, וואָלטן מיר ביי אַ פאַל פון אויסגליטשן
זיך צו ריסוק איברים צוגעפירט געוואָרן. ווען איינער פאַלט אָדער
גליטשט זיך אויס, ווערט פון זיך אַליין דער גאַנצער קערפּער פון
מענטשן, דאָס גאַנצע נערווען און מוסקולן געוועב זיינס אין אַ באַ־
לאַנסירטן קאָמפּלעקס פון באַוועגונגען געזעצט מיט דעם צוועק, אַז
דער פאַל זאָל וואָס ווייניקער קאַטאַסטראָפאַל זיין, און אַמאָל אויך, כדי
דאָס פאַלן אָדער דאָס אויסגליטשן זיך גאָר אינגאַנצן אויסצומיידן.
דעריבער איז דאָך, ווען דאָס געניזוקט ווערן פון דעם אַריינגעפאַלענעם,
קען באַטראַכט ווערן אַלס אַ נאַטירלעכער פועל יוצא פון דער געוויינ־
לעכער אומפאַרזיכטיקייט פון מענטשן, קען דער רעזולטאַט פון פאַר־
לירן דאָס לעבן ניט באַטראַכט ווערן אַלס אַ נאַטירלעכער פועל יוצא
פון דער געוויינלעכער מענטשלעכער אומפאַרזיכטיקייט, נאָר אַלס אַ
פועל יוצא פון אויסערגעוויינלעכן אומפאַרזיכטיק זיין, פון פסיכישער
צערודערטקייט, פון אויסערגעוויינלעכער מענטאַלער צעשרויפטקייט, פון
אַטראָפירטן נאַטירלעכן אינסטינקט, וואָס וואַכט שטענדיק איבער
אונדז און איז בכוח אונז בייצושטיין אפילו אין מאָמענטן, ווען גרויסע
געפאַרן לויערן אויף אונדז. און אין אַלעם דעם, וואָס איך האָב דאָ
אָט ערשט געזאָגט ליגט דער שליסל צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער
רמב״ם האָט געמאַכט אַן אונטערשייד ביי אַ בהמה פקחית וואָס איז
אַריינגעפאַלן אין אַ גרוב, צווישן אַ פאַל, וואָס די בהמה איז נאָר גע־
ניזוקט געוואָרן, און אַ פאַל, וואָס דאָס אַריינפאַלן האָט מיט זיך
טויט פאַר דער בהמה געבראַכט, כאָטש אין די ביידע פעלע האַנדלט
זיך וועגן תשלומי ממון נאָר.

בשעת ער ברענגט דעם דין, אַז אויב אַ בהמה פּקחית פּאַלט אַריין אין אַ גרוב און ווערט געהרגעט דאַרף דער בעל הבור ניט באַצאָלן פאַר דער בהמה צו דעם אייגנטימער אירן, דערקלערט ער דעם טעם דערפון מיט די פאָלגענדע ווערטער: „ווייל דער שטייגער פון אַ בהמה איז צו היטן זיך „מפּני המכשולות". און דער ראב"ד גרייפט אים טאַקע אָן דערפאַר. זיין מיינונג איז, אַז ווי באַלד מיר מאַכן אַן אונטערשייד צווישן פּקחית און אינה פּקחית אין אַ פאַל פון געהרגעט ווערן, דאַרפן מיר אויך מאַכן דעם דאָזיקן אונטערשייד אויך אין אַ פאַל פון נאָר געניזוקט ווערן.

די אורזאַכע פון דעם אונטערשייד אין דעם פּסק דין צווישן דעם ראב"ד און דעם רמב"ם ליגט אין דעם, וואָס דער ראב"ד פאַר־שטייט דעם טעם, וואָס די גמרא גיט אָן, פאַר וואָס ביי אַ פּקחית באַ־פרייען מיר דעם בעל הבור, ווען דער אָקס ווערט געהרגעט — דעם טעם, ווייל מיר זאָגן „בעי לעיוני ומיזל" — כפשוטו. ער נעמט אים דאָגמאַטיש, אַז פּונקט ווי ביי אַ מענטשן זאָגן מיר ניט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן נזיקין, „בעי לעיוני ומיזל", אָט אַזוי ווענדן מיר אים ביי אַ בהמה יאָ אָן. לויט אים נאָך איז דער „בעי לעיוני ומיזל" אין דעם באַלדיקן ערשטן אינהאַלט זיינעם אַ רעגולירנדער פּרינציפּ בנוגע דעם, ווי מיר דאַרפן זיך פירן אין יעדן פאַל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מכשול, וואָס טרעפט מיט אַ בהמה. אָט אין די אַלע פעלע, אויב די בהמה איז נאָר אַ פּקחית, זאָגן מיר, אַז זי איז שולדיק. וואָרום זי האָט זיך ניט אויפגעפּירט, ווי בהמות פירן זיך געוויינלעך בשעת זיי גייען. וואָרום דער כלל איז, אַז ווען אַ בהמה גייט, ווי אַ בהמה דאַרף גיין, קען מיט איר קיין מכשול ניט טרעפן. דער רמב"ם אָבער באַ־טראַכט ניט דעם טעם פון „בעי לעיוני ומיזל" אין אָט דעם פון אויבנ־אויפיקן אינהאַלט זיינעם. ער נעמט אים אויך ניט אַלס אַ רעגולירנדן פּרינציפּ פאַרוואָס פאַר אַ פאַל עס זאָל ניט זיין. לויט אים נאָך זאָגן מיר געוויינלעך אויך ביי בהמות „לא בעי לעיוני ומיזל". וואָרום פּונקט ווי וועגן מענטשן זאָגן מיר אויך וועגן זיי, אַז עס איז ניט דער שטייגער, זיי זאָלן שטענדיק מתבונן בדרכים זיין. וואָס די גמרא מיינט צו זאָגן, לויט דעם רמב"ם, איז, אַז אין דעם פאַל זאָגן מיר „בעי לעיוני ומיזל", אַז אין דעם פאַל קענען מיר זיך ניט באַנוצן מיט דער פאָרמולא פון „אין דרכם של בעלי חיים להתבונן בדרכים".

ווארום דאָס, וואָס דאָס אַריינפאַלן האָט זיך געענדיקט מיט טויט איז אַ סימן, אַז דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ סך מער ווי אין דער געוויינלעכער אומפאָרזיכטיקייט פון בעלי חיים בשעתן גיין; אַז דאָ האָט זיך געהאַנדלט אין אַזאַ אומפאָרזיכטיקייט, וואָס גיט אונדז די מעגלעכקייט צו באַפרייען דעם בעל הבור. ווייל צו דעם, וואָס בכלל באַדאַרף באַטראַכט ווערן דאָס אַריינפאַלן — סיי פון אַ מענטשן, סיי פון אַ בהמה — אין אַ גרוב אַלס אַ זעלטענער פאַל, קומט נאָך צו דער מאָטיוו, וואָס דאָס אַריינפאַלן דאָ האָט זיך אָט אַזוי קאַטאַסטראַ־פאַל פאַרענדיקט, וואָס דאָס באַדאַרף אוודאי אַלס גאָר זעלטענער פאַל באַטראַכט ווערן, ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט, אַז נאָכאַלעמען האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ בור ברשות הרבים, וואָס מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, אַז עס זאָל קענען מעגלעך זיין, ער זאָל אַ גאָר טיפער זיין, פיל מער, ווי דער שיעור פון צען טפחים, וואָס די חז״ל האָבן פאַר אים אָנגעגעבן.

און אָט די דאָזיקע צוויי מאָטיוון צוזאַמען זענען שטאַרק גענוג דערויף, מיר זאָלן קענען באַטראַכטן דעם גאַנצן פאַל אַלס אַן אונס פאַל, וואָס נעמט אַראָפּ די אחריות פאַר דעם מכשול פון דעם, וואָס האָט צו אים גורם געווען. אָט פונקט, ווי אין יעדן אַנדער פאַל, וואָס האָט צו טאָן מיט גורם זיין היזק גוף אָדער היזק ממון, איז אויב דער היזק איז על ידי אונס געקומען, באַפרייט מען דעם גורם פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אָט אַזוי איז דאָ אויך. די בײדע מאָמענטן פון זעלטנקייט מאַכן דעם פאַל פאַר אַן אונס פאַל, וועלכער מיינט אויך, ווי מיר האָבן דאָס שוין דערקלערט, אַ פאַל, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון אַן אורזאַכע, וואָס קען טרעפן זייער זעלטן — וואָס איז בכוח צו באַפרייען דעם בעל הבור פון אחריות.

און אָט דאָס איז דער פשט פון דעם, וואָס דער רמב״ם זאָגט: „שדרכה של בהמה להשמר מפני המכשולות״ *) עס איז דאָס זעלבע, וואָס מיר זאָגן, לויט דער פארמולא פון דער גמרא, „בעי לעיוני ומיזל״ בנוגע דעם עניין, און דאָך נאָך מער ווי דאָס. דער דאָזיקער „בעי לעיוני ומיזל״ איז דאָ געגעבן אין אַ נייעם נוסח, וועלכער דינט ווי

---

*) „שדרך הבהמה לראות ולסור מפני המכשולות„ רמב״ם, הלכות נזקי ממון, ט״ז.

אַ פּירוש צו אים. דער רמב״ם מיינט דערמיט צוויי זאַכן: אי פעסט־צושטעלן, אַז דאָס, וואָס מיר זאָגן דא „בעי לעיוני ומיזל״ איז ניט דערפאַר, וואָס בכלל ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בהמה פקחית זאָגן מיר „בעי לעיוני ומיזל״, נאָר טראָץ דעם, וואָס אין אַנדערע פעלע זאָגן מיר דאָס ניט. אי, ווידער געבן דעם טעם, פאַרוואָס מיר מאַכן דאָ אַן אויסנאַמע. אָט דאָס אַלעס געפינט זיך אין דעם, וואָס ער זאָגט „שדרכה של בהמה להשמר ממכשול גדול״. ער מיינט דער־מיט אַרויסצוברענגען, אַז אין דעם פאַל האָבן מיר צו טאָן מיט אַן ענין, וואָס דער מאָמענט פון אונס געפינט זיך אין אים, ווי ער אַליין שרייבט טאַקע: „והרי זה כמו אונס״. וואָרום כאָטש, אַז ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן נאָר געניזוקט ווערן, וואָלט דאָ דער מאָמענט פון אונס ניט געווען, הגם עס איז אויך דאָס אמת, אַז געוויינ־לעך קען דאָס אַריינפאַלן אין אַ גרוב ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ גאָר געוויינלעכע דערשיינונג, מחמת אויך אין אַזאַ פאַל דאַרף מען קיין אַנדער אורזאַכע ניט זוכן, ווי נאָר די, וואָס אויך בעלי חיים ציילן ניט די טריט זייערע בשעת זיי גייען — איז אין דעם פאַל פון גע־הרגעט ווערן די דאָזיקע אורזאַכע שוין ניט גענוג. וואָרום ווען נאָר אָט די געוויינלעכע אומפאָרזיכטיקייט וואָלט געווען די אורזאַכע פון זיין — פון דעם בעל חיס — אַריינפאַלן, וואָלט זיך דאָס אַריינפאַלן ניט געווען פאַרענדיקט אָט אַזוי קאַטאַסטראָפאַל. אויב דאָס גע־ניזוקט ווערן פון אַן אַריינגעפאַלענעם אין אַ גרוב קען באַטראַכט ווערן אַלס אַ דירעקטער רעזולטאַט פון אַן אַריינפאַלן, וואָס די איינציקע אורזאַכע פאַר דעם איז געווען די געוויינלעכע אומפאָרזיכטיקייט, וואָס איז געאייגנט בעלי חיים בשעת זיי גייען, קען שוין אָבער דאָס גע־הרגעט ווערן פון אַזאַ אַריינגעפאַלענעם ניט באַטראַכט ווערן ווי אַלס אַ דירעקטער רעזולטאַט פון אָט אַזאַ אַריינפאַלן. וואָרום אויב עס איז נאַטירלעך, אַז דאָס אַריינפאַלן אין אַ גרוב זאָל ברענגען צו דעם, דער אַריינפאַלער זאָל געניזוקט ווערן, איז דאָס שוין אָבער גאָר ניט נאַטירלעך, אַז עס זאָל ברענגען צו דעם, ער זאָל זיין לעבן פאַרלירן. וואָרום דער שטייגער פון אַ בהמה — ווי אויך פון אַ מענטשן — איז, אַז אַפילו אין זייער אומפאָרזיכטיקייט בלייבן זיי אינסטינקטיוו פאָר־זיכטיק גענוג, אַז דער מכשול, וואָס טרעפט מיט זיי, זאָל וואָס ווייניקער שעדלעך זיין פאַר זיי.

אין דעם פֿאַל, אלזא, האָבן מיר אַ רעכט אָנצונעמען, אַז עס האַנדלט זיך וועגן רעזולטאַטן, וואָס זענען ניט פֿון אַ געוויינלעכער, נאָר פֿון אַן אויסערגעוויינלעכער אומפּאַרזיכטיקייט פּאַראורזאַכט געוואָרן. פֿון אַן אויסערגעוויינלעכער אומפּאַרזיכטיקייט, וואָס האָט דעם אַריינגעפֿאַלענעם ביז צו אַ מדרגה פֿון פּסיכישער צעשרויפּטקייט, פֿון אַטראָפּירטער אינסטינקטיווער פּאַרזיכטיקייט, וואָס וואַכט איבער דעם מענטשן אין מינוטן, ווען אַ געפֿאַר לויערט אויף אים, אַז די דאָזיקע געפֿאַר זאָל מיט זיך קיין קאַטאַסטראָפּאַלע רעזולטאַטן ניט ברענגען — וואָס דאָס טרעפֿט זייער זעלטן. און מחמת דעם באַקומט דער פּאַרפּאַל דעם כאַראַקטער פֿון אַן אונס, וואָס אין אַזאַ פֿאַל ווערט דער, וואָס האָט גורם געווען דעם היזק, באַפֿרייט פֿון אחריות.

---

און דאָס זעלבע, וואָס עס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, קען אויך אָנגעווענדט ווערן בנוגע דעם ענין פֿון עבד. מיר פּסקענען ניט צו קיין תשלומי ממון דעם בעל העבד, ווייל דער היזק ממון, וואָס דער בעל העבד האָט געליטן, איז געקומען דורך דעם, וואָס דער עבד האָט פֿאַרלאָרן זיין לעבן, אַריינפֿאַלנדיק אין גרוב, וואָס קען ניט — אָדער, אַלענפֿאַלס: מוז ניט — באַטראַכט ווערן אַלס נאַטירלעכער רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס ער איז ניט פּאַרזיכטיק געווען גייענדיק. עס האַנדלט זיך ניט אין דעם, וואָס מיר האָבן אַ פּאַראויס באַשטימטן פּרינציפּ פֿון „בעי לעיוני ומיזל", וואָס באַדאַרף אָנגעווענדעט ווערן אין יעדן פֿאַל פֿון אַריינפֿאַלן אין אַ גרוב. ווען דער עבד זאָל נאָר געניזוקט ווערן, באַפֿרייט מען ניט דעם בעל הבור. פּאַרקערט: דאָ זאָגן מיר: „אין דרכם של בני אדם להתבונן בדרכים". עס האַנדלט זיך אַפֿילו אויך ניט אין דעם, וואָס מיר מוזן אַרויפֿלעגן די גאַנצע אחריות אויף דעם געניזוקטן. עס איז גענוג שוין דאָס, וואָס מיר האָבן די מעגלעכקייט דעם בעל הבור פֿון זיין אחריות צו באַפֿרייען. און די דאָזיקע מעגלעכקייט האָבן מיר דערפֿאַר, וואָס עס איז דאָ דער מאָמענט פֿון אונס פֿאַראַן. דערפֿאַר, וואָס דער פּאַרפּאַל, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך דאָ מוז באַטראַכט ווערן אַלס אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג. עס האַנדלט זיך אין דעם, וואָס דער טויט פֿון עבד מוז ניט באַטראַכט ווערן אַלס אַ דירעקטער רעזולטאַט פֿון זיין אַריינפֿאַלן אין גרוב,

וואָס איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון דער געוויינלעכער מענטשלעכער פּאַרזיכטיקייט, נאָר, פּאַרקערט: גיכער קען ער באַטראַכט ווערן אַלס פּועל יוצא פון אַן אויסערגעוויינלעכער אומפּאַרזיכטיקייט, וואָס טרעפט קיינמאָל, כמעט, ניט מיט קיין מענטשן. מען קען אָננעמען, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאַל, ווען אַ מענטש האָט זיך געפינען אין אויסעראָרדענטלעכער מענטשלעכער צערודערטקייט, וואָס האָט מיט זיך פאַר אים דעם טויט געבראַכט. מיר האָבן אַ מעגלעכקייט צו אַרגומענטירן, אַז ווען עס וואָלטן ניט געווען נאָך אַנדערע פאַקטאָרן, וואָלט דאָס אַריינפאַלן אַליין ניט געקענט געווען ברענגען צו דעם, ער זאָל זיין לעבן פאַרלירן. עס איז פאַראַן אַ גרונד אָנצונעמען, אַז דער טויט איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון דער אומגעוויינלעכער נידעריקער מדרגה, אין וועלכער עס האָט זיך דער אינסטינקט זיינער פון זעלבסטדערהאַלטונג געפינען אין דער צייט פון זיין אַריינפאַלן, וואָס דאָס האָט אַ מעגלעכקייט געשאַפן, אַז אי די אומפּאַרזיכטיקייט, וואָס האָט פאַראורזאַכט דאָס פאַלן, אי דער גאַנצער פּראָצעס פון פאַלן זאָלן אָנגעלאָדן זיין מיט אומפאַרמיידלעכע קאַטאַסטראָפאַלע רעזולטאַטן. אויב דער טויט פון אַ בן חורין אפילו קען באַטראַכט ווערן אַלס אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג, אַלס אַ ניט נאַטירלעכער, דערלאָזבאַר — אָדער, אַלענפאַלס: מוזבאַרער — רעזולטאַט פון דעם עצם אַריינפאַלן אין גרוב, נאָר אַלס רעזולטאַט פון זייטיקע פאַקטאָרן, פון פאַרלירן דעם געוויינלעכן אינסטינקטיוון קאָנטראָל איבער זיך, וואָס שטייט ביי זייער אָפּט דעם מענטשן אין יעדער עת צרה, פון אַטראָפירונג פון דעם געפיל פון זעלבסטדערהאַלטונג, וועלכער איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ געוויסן זעלען צושטאַנד, דורך געוויסע יאוש שטימונגען, אין וועלכע דער מענטש האָט זיך געפינען אין דער צייט פון זיין אַריינפאַלן; אויב ביי אַ בן חורין אַפילו איז די מעגלעכקייט פאַראַן צוצושרייבן דעם טויט אין אַ פאַל, ווען דער אַריינגעפאַלענער איז אומגעקומען צו אָט אַזוינע זייטיקע פאַקטאָרן, קען מען דאָס אוודאי טאָן אין אַ פאַל, ווען דער קרבן איז אַן עבד. ווער ווייס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט גייענדיק איבער דעם וועג זיינעם, וואָס האָט אים צו דער קאַטאַסטראָפע געפירט? ווער ווייסט, ווי איבערפול דאָס האַרץ זיינס איז געווען מיט פאַרביטערונג, מיט פאַרצווייפלונג איבער דעם פינצטערן שקלאַפישן

לעבן זיינס ? ווער ווייס, וואָס פאַר אַ שפיכות דמים זיין בעל הבית האָט אים אָט ערשט פאַרשאַפט ? האָט דאָס אַלעס אים פון זיין גייס־טיקן גלייכגעוויכט אַרויסגעפירט. האָט דאָס אַלעס אים אין אַזאַ פסיכישער צערודערטקייט אַריינגעוואָרפן, וועלכע קען פירן ניט נאָר דערצו, דער מענטש זאָל זיין מסוגל דאַן צו פאַרלירן אָט יענע פאַר־זיכטיקייט, וואָס פאַרלאָזט אונדז אין אַ מאָמענט פון ניט קאָנצענטריר־טער אויפמערקזאַמקייט, נאָר אויך אָט יענע אינסטינקטיווע פאָרזיכ־טיקייט, וואָס פאַרלאָזט אונדז קיינמאָל ניט אַפילו דאַן, ווען די גע־וויינלעכע פאָרזיכטיקייט ווערט אָפּגעטאָן פון אונדז. אין פאַל פון אַן עבד איז אפילו דאָ אַ מעגלעכקייט אָנצונעמען, אַז דער טויט איז אַ רע־זולטאַט פון, אויב ניט אַ באַוואוסטזיניקן פאַרלאַנג צו באַגיין זעלבסט־מאָרד, איז, אַלענפאַלס, פון אַ פאַרבאָרגענעם אונטערבאַוואוסטזיניקן דראַנג צום טויט ; אַז דער טויט, וואָס איז אויף אים געקומען, איז אַ רעאַליזירונג פון אַ פאַרבאָרגענעם בעטן אויף זיך דעם טויט נאָך אַ מאָמענט פון שווערע איבערלעבונגען, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. אָט דער פון אים אַליין פאַרהיילענער דראַנג צום טויט האָט אים גע־שטויסן צו דער אומפאָרזיכטיקייט, דורך וועלכער ער איז אין גרוב אַריינגעפאַלן. אָט דער דראַנג האָט אין אים אויך פאַראַליזירט אָט יענע אינסטינקטיווע שעפערישקייט, וואָס ער וואָלט געקענט און באַדאַרפט פון זיך אַרויסברענגען, אָט יענעם אינסטינקטיוון קאַמף, וואָס ער וואָלט באַדאַרפט און געקענט אָנפירן אין מאָמענט פון זיין פאַלן, ניט צו דערלאָזן, אַז די מעגלעכע קאַטאַסטראפאלע רעזולטאַטן, וואָס זענען פאַרבינדן מיט דער פאַסירונג, זאָלן קומען.

## כ״א

לאָמיר איצט דאַרלעגן די אַלע פאַרשיידענע דינים פון די צוויי — שור און בור — צווישן די ארבעה אבות נזיקין, וועגן וועלכע עס איז אונדז ביז איצט אויסגעקומען צו רעדן — אין דער באַגלייטונג פון אַ קורצער פאָרמולירונג פון די פרינציפן, אויף דעם באָדן פון וועלכע אָט יענע אַלע דינים דאַרפן אָוועקגעשטעלט ווערן.

ש. צ. זעצער

# די דינים פון אַ שור נגח

וועגן אַ שור מועד צו שטויסן און הרגענען מענטשן לייענען מיר אין דער תורה: „אם שור נגח הוא מתמול שלשום, והועד בבעליו, ולא ישמרנו, והמית איש או אשה — השור יסקל, וגם בעליו יומת. אם כופר יושת עליו — ונתן פדיון נפשו ככול אשר יושת עליו״. אָט אַזוי זאָגט ווייטער די תורה, דאַרף מען זיך אויך פירן, ווען דער קרבן איז אַ בן אָדער אַ בת — קליינע קינדער, הייסט עס.

ווי מיר זעען פון די אויבן געבראַכטע פסוקים שרייבט די תורה פאַר טויט שטראָף אויך פאַר דעם בעל השור. שוין אָבער פון דעם, וואָס די תורה שרייבט נאָכדעם „אם כופר יושת עליו״, איז צו זען, אַז דער „וגם בעליו יומת״ באַדאַרף כלל ניט פאַרשטאַנען ווערן אַלס אַ קאַטעגאָרישער באַפעל. שוין פון דער תורה, אלזא, איז קלאָר, אַז מען קען ניט דורכאויס אומברענגען דעם בעל השור, נאָר מען קען אויך יוצא זיין מיט כופר. מען באַדאַרף פאַרשטיין, אַז לויט דער תורה איז דאָס אָפּהענגיק פון די גואלי הדם. אויב זיי ווילן זיך באַנוגענען מיט כופר מעגן זיי דאָס טאָן. אויב אָבער ניט, מוז מען אים הרגענען.

די חז״ל אָבער האָבן אונדז געלערנט, אַז פון לכתחילה אָן האָט די תורה אויסגעשלאָסן דעם ענין פון מיתה אין אַזאַ פאַל. לויט זיי נאָך באַדאַרף מען פאַרשטיין דעם „אם כופר״ ניט אין זין פון אויב, נאָר אין זין פון אַז, ווען, פונקט, ווי מיר טייטשן אויס דעם „אם״ פון „אם כסף תלוה את אחיך״, וואָרום לייהען געלט איז דאָך ניט קיין רשות, נאָר אַ חוב. וואָרום דאָס וואָס זי זאָגט פריער „וגם בעליו יומת״ מיינט זי ניט דערמיט פאַרצושרייבן טויט שטראָף פאַר דעם בעל השור. זי מיינט נאָר דערמיט אונטערצושטרייכן די האַרבקייט פון פאַרברעכן, וואָס דער בעל השור איז באַגאַנגען. זי מיינט מיט דעם צו זאָגן, אַז ער טראָגט אויף זיך אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן עס וואָלט אים באַ־דאַרפט קומען מיתה. און די שטראָף וועט אים טאַקע אויך טרעפן, אָבער בידי שמים נאָר. דער בית דין טאָר אים קיין מיתה ניט געבן. און כאָטש אויבענאויף קען זיך אויסווייזן, אַז דער אמתער פשט פון פסוק איז ניט אַזוי, קען דאָך קיין צווייפל ניט ז יין, אַז דער אמתער פשט פון פסוק איז דווקא ווי די חז״ל האָבן אים איינגעטייטשט. אויב לויט זייער אויסטייטשונג באַקומט זיך אין אַ געוויסער מאָס אַ ביסל

שפּראַכלעכע שוועריקייט, וואָלטן מיר אָבער נאָך מער שוועריקייטן געהאַט, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז די תורה מיינט מיטן „וגם בעליו יומת", אַז דער בית דין קען פאַר אים אויך אַ חיוב מיתה באַשטימען. אַט אַזאַ פאַרשריפט דאָ וואָלט געווען טאָטאַל אין קעגנזאַץ צו דעם אַלעם, וואָס די תורה לערנט אונדז בנוגע די אומשטענדן וואָס פאָדערן זיך, מיר זאָלן קענען מחייב מיתה זיין איינעם, וואָס איז מיט דעם פאַרברעכן פון אבוד נשמה פאַרבינדן. די חז"ל האָבן ניט געקענט איינזען די מעגלעכקייט אָנצונעמען, אַז מען זאָל דאַרפן לויט דער תורה, וואָס די ערשטע פאָדערונג אירע, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ אבוד נשמה פאַל, איז, אַז עס זאָל דער מאָמענט פון „וארב לו וקם עליו והרגו" זיין, וואָס לויט איר נאָך קען מען אָננעמען אַלס כלל, אַז דאָרטן וואו עס האַנדלט זיך וועגן ניט קיין דירעקטן, אַליין באַגאַנגענעם אַקט פון אבוד נשמה מעג דער פאַרברעכערישער אינהאַלט פון דער ראָלע זיינער אַלס גורם צום אבוד נשמה ווי שווער ניט זיין, קען מען ניט בשום אופן דעם פאַרברעכער צום טויט פאַראורטיילן — אַז מען זאָל אויך אין דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן — אין פאַל פון שור המועד דאַרפן — אָדער מעגן — פאַראורטיילן צום טויט דעם בעל השור. פון די צוויי ברירות, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַר זיך — די ברירה איינצוטייטשן דעם פסוק אויף אַן אופן, דער אינהאַלט זיינער זאָל זיין קעגן דעם גאַנצן גייסט, וואָס דרינגט דורך די אַלע דינים, וואָס האָבן מיט דעם עניין פון אומברענגען אַ מענטשלעך לעבן צו טאָן, זאָל זיך געפינען אין אַ סתירה צו אַלעם דעם, וואָס זי לערנט אונדז בנוגע די דאָזיקע אַלע עניינים, און די ברירה איינצוטייטשן דעם „וגם בעליו יומת" אין פיגוראַטיוון זין — האָבן זיי קיין אַנדער אויסוועג ניט געהאַט, ווי נאָר אויסצוקלייבן די צווייטע ברירה, אַז דער „וגם בעליו יומת", דאַרף פאַרשטאַנען ווערן גלייך ווי דאָ וואָלט געשטאַנען „בן מות הוא", וואָס דאָס קלינגט ווי אַ מין מאָראַלע אָפּשאַצונג פון דעם פאַרברעכן, אָבער ניט קיין פאָרשריפט פאַר פּראַקטישער אויפפירונג, אַז דער „אם" באַדאַרף פאַרשטאַנען ווערן בלשון אַז, ווען. וואָרום ווי באַלד מיר נעמען אָן אַז דער „וגם בעליו יומת" מיינט ניט פּאַקטישן חיוב מיתה, נאָר ער איז ניט מער ווי נאָר אַ כאַראַקטעריזירונג פון דער האַרבקייט פון דער זינד, קען דאָך שוין ניט מיינען דער „אם" לשון אויב. וואָרום דאָ קען מען דאָך שוין ניט אָננעמען, אַז דער עניין פון כופר איז

לויט דער תורה אָפּהענגיק פון בית דין, אַז זי רעדט וועגן אַ פאַל, וואָס דער בית דין וועט אויסקלייבן פון די צוויי ברירות, וואָס ער האָט פאַר זיך: די ערשטע — די ברירה צו פאַראורטיילן דעם בעל השור צום טויט, און די ברירה הייסן אים מיט דער הסכמה פון די גואלי הדם כופר באַצאָלן — די צווייטע, נאָר דער אויב מוז זיך שוין באַציען אויף דעם בעל השור אָדער אויף די יורשים פון אומ־געקומענעם, וואָס דאָס מיינט, אַז לויט דער תורה איז דער ענין פון כופר אָפּהענגיג פון דעם גוטן ווילן פון דעם בעל השור. זי זאָגט אונדז, אַז אין פאַל, ווען ער וועט מיט זיין אייגענעם ווילן וועלן אויס־קויפן די זינד זיינע דורך כופר, דאַרף דער דאָזיקער כופר אין דער און דער פאָרם געגעבן ווערן. אָדער ער איז אָפּהענגיג פון די יורשים. אויב זיי ווילן קענען זיי מוחל זיין דעם כופר. אויב אָבער ניט מוז זיי דער כופר געגעבן ווערן. און אָט וועגן אַזאַ פאַל לאָזט זי אונדז וויסן, אין וואָס פאַר אַ פאָרם דער כופר דאַרף געגעבן ווערן דאַן. ווי באַלד אָבער אַזוי, ווי קען דאַן גאָר אינגאַנצן אַ מעגלעכקייט זיין, אַז דער עניין פון כופר זאָל קענען דורכגעפירט ווערן אין פאַל מיר נעמען אָן, אַז דער „אָם" באַציט זיך אויף דעם בעל השור, אָדער: זאָל קענען ניט דורכגע־פירט ווערן אין פאַל מיר נעמען אָן, אַז ער באַציט זיך אויף די יורשים, ווי עס מוז אויסקומען לויט דעם „אם" אין דער אויסטייטשונג פון אויב. אין ערשטן פאַל קען דער כופר קיינמאָל ניט דורכגעפירט ווערן, ווייל עס איז דאָך קלאָר, אַז אויב דער בעל השור האָט אַ ברירה ניט צוגעבן קיין כופר, וועט ער זיך שטענדיק ביי דער דאָזיקער ברירה האַלטן. אין צווייטן פאַל ווידער דאָס זעלבע, נאָר אויף אַ פאַרקערטן אופן. ווי באַלד די יורשים האָבן אַ ברירה ניט מוותר צו זיין אויף דעם כופר, וואָס עס איז ערלויבט צו פאָדערן, וועלן זיי זיך שטענדיק ביי דער דאָזיקער ברירה האַלטן. אויב מיר האַלטן זיך אין דער אויסטייטשונג פון אויב פאַר דעם „אם" קומט אויס, אַז די תורה גיט אונדז די פאָרם פאַר אַ פאָרשריפט, וואָס קען אין אמתן קיינמאָל ניט דורכגעפירט ווערן, אַז זי רעדט וועגן אַן עניין, וואָס באַדאַרף אויף שטענדיק אַלס אַ „לא היה ולא נברא" בלייבן.

די חז"ל האָבן דעריבער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט: זיי האָבן געמוזט איינטייטשן דעם „אם" אין קאַטעגאָרישן זין, אַז דער פשט זיינער איז ווען, אַז, און ער באַציט זיך אויף דעם ניט דערזאָגטן

אין דעם „וגם בעליו יומת״. מיט דעם, וואָס זי זאָגט „אם כופר״, האָט זי געגעבן אָנצוהערן, אַז זי מיינט מיט דעם „וגם בעליו יומת״, אַז דער בעל השור טראָגט אויף זיך אַ שווערע זינד, וואָס איז, כמעט, ווי הרגענען אַ מענטשן, פאַר וועלכן עס קומט מיתה; אָדער ווי די חז״ל זאָגן, אַז דער יומת מיינט מיתה בידי שמים — וואָס איז כמעט דאָס זעלבע — און ער באַדאַרף דעריבער אַ כפרה האָבן.

עס באַדאַרף אויך אָנגעוויזן ווערן דערויף, אַז די חז״ל האָבן זיך געקענט דערלויבן אַזוי אייַנטייטשן דעם „וגם בעליו יומת״ אין אַ זין, אַז ער ענטהאַלט אין זיך אויך ניט דערזאָגטעס בפירוש. וואָרום אפילו, ווען מיר זאָלן אייַנטייטשן דעם „וגם בעליו יומת״ אין זין, אַז ער מיינט טאַקע מיתה ממש, וואָלט אויך אין דעם פאַל אַ חסר מן הספר געבליבן. וואָרום פון דעם ווייטערדיקן „אם כופר״, וואָס מען וואָלט געמוזט דאַן אויסטייטשן אין זין פון אויבּ, איז דאָך קלאָר, אַז זי מיינט פאָרט ניט, אַז מען מוז דורכאויס דעם בעל השור דווקא צום טויט פאַראורטיילן, נאָר אַז די כוונה אירע איז צו זאָגן, אַז דער בית־דין האָט אַ ברירה צו פאַראורטיילן אים צום טויט אָדער פאַרבייטן אים די טויט שטראָף אויף כופר. ווענן דער דאָזיקער צווייטער ברירה דער־מאָנט זי דאָך אָבער גאָר ניט. זי דערמאָנט נאָר די ערשטע, צו וועלכע מיר באַדאַרפן אַליין „אָדער כופר״ צו געבן, אויף וועלכן ערשט — אָט אויף דעם ניט דערזאָגטן טייל פון פסוק — דער ווייטערדיקער „אם כופר״ באַציט זיך.

איידער דעריבער איינצוטייטשן דעם „וגם בעליו יומת״ לויט דעם לכאורהדיקן פשט, וואָס אויסער דעם, וואָס אפילו דאַן מוזן מיר אים איינטייטשן אַלס אַזעלכן, וואָס ענטהאַלט אַן אימפּליצירטע דערגענ־צונג אין זיך, מוזן מיר אין אים דערצו נאָך אויך זען אַ סתירה צו די פאָדערונגען, וואָס באַדאַרפן געשטעלט ווערן לויט דער תורה דע־רויף, מיר זאָלן קענען ווען אין דער באַשולדיגונג איז דער עניין פון אבוד נשמה פאַראַן — האָבן זיי בע־סער אויסגעקליבן דעם צווייטן איינצוטייטשן דעם „וגם בעליו יומת״ ניט אין זין, אַז מען זאָל אים טויטן, נאָר, אַז מען וואָלט אים באַ־דאַרפט טויטן. וואָרום אויב, אמת, אַז אויך אין דעם פאַל זייַנען מיר געצוואונגען צוגעבן צו אים עטוואָס אַזוינס, וואָס אין פסוק געפינט זיך ניט, ווערן מיר אָבער דאָך באַפרייט דאַן פון דער נויטווענדיקייט פון

מוזן זען אַ סתירה אין אירע רייד דאָ צו דעם אַלעם, וואָס זי לערנט אונדז ערגעץ אַנדערש בנוגע דעם עניין פון קענען פאַראורטיילן ווע־מען צום טויט אין אַ פאַל, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן פאַראור־זאַכן דעם טויט פון איינעם.

## כ"ב

ווי אין פילע אַנדערע פעלע מוז אויך אין דעם פאַל זייער אַוועק־גיין פון פשוטו של מקרא אלס דער אמתער פשט פון פסוק באַטראַכט ווערן, און אַנשטאט דעם, עס זאָל דאָס, וואָס עס קען אויסזען ווי „מעקם עלינו את הכתובים", אַרויסרופן ביי אונדז תרעומות און טאַד־לונגען, מוז עס גאָר אַרויסרופן ביי אונדז באַוואונדערונג פאַר דער פעאיקייט זייערער צו פאַרטיפן זיך אין די רייד פון דער תורה, כדי אויסצוגעפינען דעם אמתן מיין פון דעם, וואָס זי זאָגט; פאַר די דורכגעמאַכטע טיף גראָבענדע אַנאַליזן, וואָס זיי זענען דער גורם גע־ווען פון די אויסטייטשונגען, וואָס זיי — די חכמים אונדזערע — האָבן דאָ אָדער דאָרטן געוויסע שטעלן פון דער תורה געגעבן; דורך וועלכע עס איז פאַר זיי געצייכענט געוואָרן דער וועג, אויף פעסטצו־שטעלן דעם אמתן אינהאַלט זייערן. און צוזאַמען מיט דער באַוואונ־דערונג אויך דאַנקבאַרקייט טיפע פילן צו זיי דערפאַר וואָס אַ דאַנק דעם, וואָס מיר האָבן זיך באַדאַרפט אַנשטרענגען צו פאַרשטיין די סיבה דערפון, וואָס זיי האָבן דעם ריכטיקן — לויט דעם ווי עס קומט אויס אויבנאויף — פשט פון פסוק פאַרוואָרפן און אין אים אַריינגע־דרשענט אַ ניט צוגעפּאַסטע צו אים אויסטייטשונג, האָבן מיר אויך זוכה געווען דורכצומאַכן דעם גאַנצן שעפּפערישן פּראָצעס, איבער וועלכן זיי זיינען צו זייער אויסטייטשונג געפירט געוואָרן; טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר דעם, וואָס מיר זענען דורך זיי געשטויסן געוואָרן צו דערזען, מיט וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע סטיליסטישע פּרעכטיקייטן און קאָמפּאָזי־ציאָנעלער קאָנסטרוקציע די תורה האָט זיך געקענט באַנוצן, ווען זי האָט דאָס נויטיק געהאַט דערויף, אַז דער אָדער יענער טעקסט אין איר זאָל ענטהאַלטן רמזים און דירעקטיוון פאַר אַן אינהאַלט, וואָס באַדאַרף ערשט אַריינגעטייטשט ווערן אין אים, אַז עס זאָל פאַרשטאַ־נען ווערן, אַז ער — דער געגעבענער טעקסט — טאָר בשום אופן

ניט אויסגעטייטשט ווערן, ווי עס זעט אויבנאויף אויס, אַז ער באַ־
דאַרף אויסגעטייטשט ווערן. מיט וואָס פאַר אַ שפּראַכלעכע דער־
פינדערישקייט זי האָט געקענט אפּעריִרן דערויף, אַז זי זאָל זיך קענען
דאָרטן, ווי דאָס איז פאַר איר בויטיק געווען, אין דעם פּרינציפּ פון
„מועט מחזיק את המרובה״ האַלטן־אויך דאַן אפילו, ווען דאָס וואָלט
געקענט פאַר אונדז אויסזען ווי, כמעט, אבסאלוט אונמעגלעך.

דורכלאָזנדיק אַ וויכטיקן טייל פון דעם, וואָס וואָלט באַ־
דאַרפט געזאָגט ווערן, כדי ניט צוצושטערן דעם טאָן, אין
וועלכען עס באַדאַרף אַ פאָרשריפט געשריבן ווערן, אָדער
מחמת אַנדערע מאָטיוון, צווישן וועלכע עס קען זיך אויך
געפינען דער מאָטיוו, וואָס עס וואָלט זיך באַדאַרפט פאָדערן אַ
לענגערע דאַרלעגונג, וואָס וואָלט ניט געשטימט מיט די קורץ געפאַסטע
פאָרמולעס, אין וועלכע די פאָרשריפטן פון דער תורה ווערן איבער־
געגעבן, האָט זי אַזוי אָרגאַניזירט די פאַרבינדונג צווישן די פאַרשיי־
דענע טיילן פון טעקסט, האָט זי אויך דעם אָדער יענעם באַזונדערן
טייל זיינעם אַזוי פאָרמולירט דורך אייגנטימלעכע ניט געוויינלעכע
אויסדרוקן, וואָס האָבן באַדאַרפט דינען אַלס שומרים, וואָס שטייען אויף
דער וואַך, צוצוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די לעזער, אַז זיי האָבן
דאָ פאַר זיך אַ טעקסט, וואָס מען באַדאַרף מיט גרויס אויפמערקזאַמ־
קייט לייענען; אַלס וועג־ווייזער פאַר דעם לעזער, ער זאָל קענען און
מוזן אַריינלייענען דאָס דורכגעלאָזטע, דאָס ניט דערזאָגטע אין
טעקסט, וואָס ער האָט פאַר זיך. אין אונדזער פאַל, למשל, האָט די
תורה ניט געקענט אָפּקומען מיט גלאַט אַזוי אַ דערקלערונג, אַז די
שטראָף פון בעל השור דאַרף זיין כופר. עס וואָלט דאַן געפעלט דער
מאָראַלער מאָמענט, וואָס איז דער פונדאַמענט פאַר דעם נייעם פּרינ־
ציפּ, וואָס ווערט דאָ אַריינגעטראָגן, דער פּרינציפּ פון כופר, אין אַ פאַל,
וואו עס האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות. וואָלט זי זיך דאַן באַדאַרפט
אַריינלאָזן אין אַ גאַנצער שקלא וטריא, אין אַ לענגלעכער ערקלערונג,
אַז כאָטש צום טויט פאַראורטיילן קען מען ניט דעם בעל השור, וואָ־
רום ניט ער אַליין איז דעם מאָרד באַגאַנגען, קען מען דאָך ניט באַ־
פרייען דעם בעל השור גאָר אינגאַנצן, ווי מען באַדאַרף דאָס טאָן,
ווען דער אינהאַלט פון פערברעכן פון זיין אַ גורם צום אומקום פון
אַ מענטשלעך לעבן איז ניט פון אַזאַ האַרבן אינהאַלט, ווי אין דעם

פאַל. מען מוז אים באַשטראָפן מיט אַ שטראָף, דורך וועלכער עס זאָל קענען אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ער טראָגט אויף זיך אַ שווערע זינד, אַ טויט זינד, פאַר וועלכער עס וואָלט אים באַדאַרפט קומען טויט שטראָף. מען האָט דאָך אים געוואָרענט, אַז ער זאָל דעם שור זיינעם היטן, ער זאָל אים אין גאַס ניט אַרויסלאָזן, כדי עס זאָלן דורך אים קיין מענטשן ניט אומקומען. ער האָט אָבער ניט געפאָלגט.

אָט אין אַזאַ לענגלעכער דערקלערונג, אָט אין אַזאַ אריכות דברים וואָלט זיך די תורה געוועזן באַדאַרפט אַריינלאָזן, ווען זי וואָלט אונדז אויף אַ בפירושן, איינפאַכן אופן אינסטרואירט וועגן דעם כופר, מיט וועלכן זי איז מחייב דעם בעל השור. זי האָט דעריבער דעם עניין פון כופר אויף אַ אימפּליציִרטן וועג אין אַ וואונדערלעך צוגעטראָכטער קאָמפּליצירטער פאָרם געגעבן, אין וועלכער עס געפינען אויסדרוק פאַר זיך אי דער עיקר אינהאַלט, אַז מען באַדאַרף מחייב זיין דעם בעל השור כופר געבן, אי די מאָראַלע באַגרינדונג דערפאַר.

דורך דעם אויסדרוק „וגם בעליו יומת", מיט וועלכן זי האָט זיך באַנוצט נאָכדעם ווי זי גייט איבער פון דעם שור, בנוגע וועלכן זי שרייבט פאַר סקילה, צום בעל השור, האָט זי דערגרייכט אי דאָס, אַז מען זאָל זיך אָנשטויסן, אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן מיתה ממש, אַז אין אמתן גיט זי אונדז כלל גאָר ניט דאָ אַ דין, וואָס באַדאַרף אין אַ סתירה שטיין צו דעם אַלגעמיינעם גייסט פון וועלכן די פאַר־שריפטן פון דער תורה זיינען דורכגעדרונגען. וואָרום ווען זי זאָל מיינען מיתה ממש וואָלט זי דעם חיוב מיתה געגעבן אין אָט יענער קאַטעגאָרישער פאָרם פון „מות יומת", אין וועלכער דער חיוב מיתה ווערט שטענדיק פון איר — ווי דער אבן עזרא ווייזט שוין אָן דע־רויף — געגעבן אין אָט יענע אַלע שטעלן, וואו זי שרייבט חיוב מיתה פאַר פאַר אַ פאַרברעכן אָדער אַ זינד. אי דאָס, אַז זי האַלט אָבער דאָך די זינד, וואָס דער בעל השור איז באַגאַנגען דערמיט, וואָס ער האָט ניט געהיט דעם שור, ווי מען האָט אים פאַרזאָגט, אַלס אַזעלכע, וואָס איז מיט פאַרברעכערישן אינהאַלט אָנגעלאָדן.

דורכלאָזנדיק ווידער דאָס ניט דערזאָגטע, וואָס וואָלט באַדאַרפט קומען נאָך דעם „וגם בעליו יומת", דעם פאַרזאָג וועגן כופר, וועלכער האָט אָבער ניט געקענט קומען, ניט אין אַן אויסגעברייטערטער מאָ־טיוויִרטער פאָרם, מחמת די מאָטיוון, וואָס מיר האָבן פריער אָנגעגעבן,

ניט אין אַ דירעקטער עפּיגראַמישער פאָרם. וואָרום אויסערלעך שפּראַכלעך וואָלט דאָס אויסגעזען ווי אַ סתירה צום „בעליו יומת", וואָס קומט פריער, איז זי איבערגעגאַנגען צו דערקלערן אונדז אין וואָס פאַר אַ פאָרם עס באַדאַרף כופר געגעבן ווערן, פון וועלכן עס איז שוין במילא אַרויסגעדרונגען געוואָרן, אַז דער „וגם בעליו יומת" ענטהאַלט אין זיך ניט נאָר אַ פטור פון מיתה, נאָר אויך חיוב כופר. זי האָט אונדז דעם דאָזיקן עניין פון כופר געגעבן אויף אַן אימפּלי־צירטן אופן דורך דער פאַרבינדונג פון „אם", מיט וועלכן זי פאַרבונדט די רייד אירע וועגן דער פאָרם, אין וועלכער דער כופר דאַרף געגעבן ווערן, מיט דעם „בעליו יומת".

וואָרום וואָס דען פאַר אַ כופר קען זי מיינען מיט דעם „אם כופר", וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין דעם פסוק, וואָס קומט נאָך דעם „וגם בעליו יומת", אויב ניט אַזאַ כופר, וועגן וועלכן עס איז שוין גערעדט געוואָרן, וואָס אין דעם פאַל מוז דאָס מיינען, אַז דער פריער־דיקער „וגם בעליו יומת" מוז איינגעטייטשט ווערן אין דעם זין, גלייך ווי עס וואָלט זיך נאָך אים געפינען אַ דערגענצונג, אַז ווייל די דאָזיקע זינד מוז באַטראַכט ווערן ווי אַ טויט זינד, מוז ער זי מיט אַ פדיון נפש — מיט כופר — אָפּווישן; אַז אָט אויף דעם כופר באַציט זיך דער אם כופר, וועגן וועלכן עס ווערט דאָ גערעדט, פון וואָס פאַר אַ כאַראַקטער ער באַדאַרף זיין.

דער אם כופר פון צווייטן פסוק מאַכט פאַר אונדז קלאָר גאַנץ דייטלעך, אַז דער „וגם בעליו יומת" טאָר ניט פאַרשטאַנען ווערן נאָר אין דעם זין, אַז דער בעל השור באַדאַרף זיך שווער פאַרזינדיקט פילן, אָדער נאָר אין דעם זין, אַז דער עונש, וואָס ער וועט באַקומען פאַר איר וועט מיתה בידי שמים זיין — נאָר אויך אין דעם זין, אַז ער מוז כופר געבן, וואָס נאָר פאַר דעם צוועק האָט זי גאָר אינגאַנצן דורך דעם דאָזיקן „וגם בעליו יומת" דעם נעגאַטיוון מאָראַלן כאַראַקטער פון דעם באַגאַנגענעם פאַרברעכן אונטערגעשטראָכן. שוין דורך דער פאַרבינ־דונג, מיט וועלכער דער „בעליו יומת" ווערט דורך דעם „וגם", וואָס קומט פאַר אים, פאַרבונדן מיט דעם פריערדיקן טייל פון פסוק, אין וועלכן עס ווערט אין אַזאַ שאַרפער אויסגעשפּראָכענער פאָרם גערעדט וועגן דער שטראָף, וואָס באַדאַרף געגעבן ווערן דעם אָקס, מאַכט קלאָר, אַז אויך דער „בעליו יומת" מוז דאָך — ביי אַלעם דעם, וואָס ער קען

ניט מיינען מיתה ממש — דורכאויס אַ שטראָף פאַרן בעל השור ענט־
האַלטן. מען קען זיך קוים פאָרשטעלן, אַז אַ טעקסט זאָל קענען מער
מאָדנע אויסזען, ווי דער טעקסט, וועגן וועלכן מיר רעדן, וואָלט באַ־
דאַרפט אויסזען, ווען מיר נעמען אָן, אַז נאָכדעם, וואָס עס איז פריער
אין אים אין אַזאַ שאַרפער פאָרם אַן עונש אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר
דעם שור, ווערט ער פאַרענדיקט נאָר מיט אַ מאָראַליזירן וועגן דעם
פאַרברעכן פון בעל השור, דאַן, ווען לויט דער ענגער פאַרבינדונג, אין
וועלכער די פאַרענדיגונג איז געשטעלט מיט דעם פריערדיקן, וואָלט
אויך זי דעם כאַראַקטער פון באַהויפּטן אַ שטראָף פאַר דעם בעל השור
באַדאַרפט טראָגן אויף זיך.

פון דער צווייטער זייט ווידער מאַכט דער „בעליו יומת”, וואָס אין
צוזאַמענהאַנג מיט דעם „אם כופר” מוז ער ניט נאָר פטור ממיתה,
נאָר אויך חייב בכופר מיינען, גאַנץ קלאָר, אַז דער „אם” קען ניט
אַנדערש ווי נאָר דעם מיין פון אַז, ווען האָבן, אָבער ניט דעם מיין
פון אויב. וואָרום אַזאַ מיין וואָלט ער געקענט האָבן נאָר, ווען דער
יומת זאָל קענען פאַרשטאַנען ווערן אין זין פון מיתה ממש, וואָס דאַן
וואָלט די אימפּליצירטע דערגענצונג, וואָס ווערט אויף אונדז אַרויפגעצ־
צוואונגען דורך דעם צווייטן טייל פון טעקסט, געקענט זיין: „אָדער
כופר”. עס גייט דאָ אָן אין די צווישן באַציאונגען פון די צוויי טיילן
פון טעקסט אַ מין „בא ללמד ונמצא למד”.

---

סיי ווי אָבער. ווען אפילו מיר זאָלן אָננעמען, אַז די קאָנסטרוק־
ציע פון דעם גאַנצן טעקסט, די עטימאָלאָגישע באַדייטונג פון די
ווערטער, די סינטאַקסיסטישע אָראַנזשירונג און פאַרבינדונג פון די באַ־
זונדערע טיילן, וואָס שטעלן אים צוזאַמען, דערלאָזן ניט, מיר זאָלן
קענען אַריינטייטשן אין אים אָט יענעם גאַנצן אינהאַלט, וואָס מיר ווילן
אין אים אַריינטייטשן, אַפילו ווען מיר זאָלן מוזן אָננעמען, אַז לפי
פשוטם של דברים מיינט די תורה — אויף וויפיל מיר מוזן זיך
רעכענען מיט דעם ווערטלעכן מיין פון דעם, וואָס זי זאָגט — מיתה
ממש, אַז לויט איר נאָך האָט דער בית דין צוויי ברירות פאַר זיך אַלס
עונש געבן פאַר דעם בעל השור: אָדער מיתה, אָדער כופר —
אַנדערש קען מען דאָך אויך דאַן דעם גאַנצן עניין ניט פאַרשטיין.
צוליב דעם כופר, וואָס קומט נאָכדעם קען מען דאָך ניט אָננעמען, אַז

זי מיינט נאָר מיתה — אַפילו אין דעם פאַל זיינען מיר כלל ניט גע־צוואונגען צו פאַרוואַרפן גאָר אינגאַנצן די איינטייטשונג פון די חז״ל, אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן דעם, ווי אַזוי מיר באַדאַרפן זיך בנוגע דעם דאָזיקן עניין הלכה למעשה פירן. וואָרום כאָטש ווער־טערלעך גענומען די רייד פון דער תורה דאַרף אויסקומען, אַז זי שרייבט ווירקלעך פאָר אויך דעם עונש מיתה אין פאַל פון אַ שור המועד, קען מען דאָך אָננעמען, אַז די כוונה פון דער תורה איז ניט געווען, אַז דער בית דין זאָל טאַקע אָנווענדן דעם דאָזיקן עונש; אַז פון לכתחילה אָן איז די כוונה אירע מיט פאַרשרייבן דעם דאָזיקן עונש נאָר להלכה געווען, אָבער ניט למעשה. זייענדיק געצוואונגען צו מאַכן אויך אין דעם פאַל, ווי אין פילע אַנדערע פעלע, געוויסע קאָנצעסיעס צו די אנשויאונגען און פירונגען פון דער צייט, האָט זי ניט געהאַלטן פאַר ראַטזאַם גאָר אינגאַנצן ניט צו דערמאנען, אַז דער בית דין האָט אַ רעכט מיט עונש מיתה צו באַנוצן זיך אין דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן. דאָס וואָלט געווען אַ צו ראַדיקאַלער איבערברוך מיט די זיטן און פירונגען פון יענער צייט, ווען דער אינסטיטוט פון גאולת דם האָט אַזאַ שאַרפן אָנגעזעענעם אָרט דערוואָרבן פאַר זיך אין לעבן פון די מענטשן דאַן, ווען דער מענטש איז נאָך ניט רייף געווען צו אונ־טערשיידן צווישן דער מאָס פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון איין פאַל פון גורם זיין דעם טויט פון אַן אייגענעם און אַ צווייטן פאַל אַזאַ. זי האָט דעריבער געהאַלטן פאַר נויטיק, אַז אין דער שריפטלעכער פאַרצייכ־נונג פון דעם עניין פון אַ שור המועד זאָל אויך אַ עונש מיתה פאַר־געשריבן ווערן פאַרן בעל השור. זי האָט דערמיט אויף אַ פאָרמעלן אופן דעם חוב אירן אָפּגעצאָלט צו די פאָדערונגען פון דער צייט. להלכה האָט זי אויך דעם עונש אַריינגענומען. טאַקע אָבער להלכה, אָבער ניט למעשה. מען קען זיכער אָננעמען, אַז די כוונה אירע איז כלל ניט געווען מיט דעם, וואָס זי האָט פאַרגעשריבן דעם דאָזיקן עונש פאַר דעם בית דין, אַז ער זאָל טאַקע אים פּראַקטיצירן. מען קען מיט זיכערקייט אָננעמען, אַז שוין אין די ערשטע מאָמענטן, וואָס דער דאָזיקער עונש מיתה איז געגעבן געוואָרן אין אַ שריפטלעכער פאָרם, איז ער באַגלייט געוואָרן פון אַ מינדלעכער דערגענצונג, וואָס איז פון דור צו דור איבערגעגאַנגען — ווען אפילו ניט אין די פולע דעטאַלן אירע איז אין דעם הויפּט אינהאַלט — אַז ער איז נאָר אַלס קאָנצע־

סיע צו די פאָדערונגען פון דער צייט געגעבן געוואָרן. עס דאַרף אים אָבער קיינמאָל ניט קיין רעאַליזירונג געגעבן ווערן. דער גרונד דערפאַר איז דער מאָטיוו, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין פריער גערעדט, דער מאָטיוו, אַז ווען דער דאָזיקער עונש וואָלט טאַקע אַלס אַן הלכה למעשה פאַרגעשריבן געוואָרן וואָלטן מיר אין דעם געמוזט אַ סתירה זען צו אָט יענע אַלע פרינציפּן, וואָס די תורה האָט פּראָקלאַמירט בנוגע דעם, ווען עס קען מעגלעך זיין פאַר דעם בית דין צו פאַראורטיילן אַ מענטשן צום טויט, ווי אויך דאָס, וואָס ווען די תורה זאָל געווען באמת מיינען — אַ מאָטיוו, מיט וועלכן מיר האָבן שוין פריער אין אַן אַנדער צוזאַמענהאַנג אפּעריט — דעם דאָזיקן עונש אַלס אַן עונש להשתמש בו טאַקע געבן, וואָלט זי דאָס געווען באַדאַרפט טאָן אין אַ מער אויס־דריקלעכער, אויסגעשפּראָכענער פאָרם. זי וואָלט אין דעם פאַל דאָך קיין שום שוועריקייטן ניט געקענט האָבן צו באַנוצן זיך מיט אַזאַ פאָרם. זי וואָלט באַלד נאָך דעם יומת, פאָראויס וועלכן זי וואָלט געקענט נאָך און געדאַרפט צוגעבן דאָס וואָרט מות — שטעלן „או כופר ישית עליו". דאַן וואָלט מען קלאָר געוואוסט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן צוויי גלייכ־באַרעכטיקטע ברירות, וואָס ווערן פון בית דין צוגעשריבן.

וואָרום נאָר דאַן, ווען מיר נעמען אָן, אַז דער מות יומת איז ניט מער ווי נאָר אַ קאָנצעסיע צו די הערשענדע אנשויאונגען פון יענער צייט, אז שוין באַלד אין ערשטן מאָמענט, וואָס עס איז פאָרגע־שריבן געוואָרן, איז ער באַגלייט געוואָרן פון אַ מינדלעכער דערגענ־צונג, אַז למעשה באַדאַרף מען זיך ניט מיט דעם עונש, וועגן וועלכן זי רעדט אויף אַ מבליע בנעימותדיקן אופן — באַנוצן, קענען מיר געפינען אַ זין, פאַר דער אויסטערלישער פאָרם, אין וועלכער עס ווערט וועגן די בידע שטראָפן גערעדט. דער דאָזיקער זין באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט געזוכט אויסצומיידן צו געבן אונדז אַ טעקסט, וואָס זאָל לויט דעם קלאָר אויסגעשפּראָכענעם אינהאַלט זיינעם ניט זיין אין אַ צופיל שאַרפן קאָנטראַסט צו דער מינדלעכער אויסטייט־שונג, וואָס האָט אים באַדאַרפט געגעבן ווערן. זי האָט געזוכט צו־געבן אונדז אַ טעקסט, וואָס די פאָרמולירונג פון די ענינים, וועגן וועלכע עס ווערט אין אים גערעדט זאָלן ענטהאַלטן אין זיך סימנים — דורך דעם, וואָס זי האָט דעם יומת אויסגעלאָזט, דורך דעם, ווי־דער, וואָס עס ווערט ניט באַלד נאָך דעם יומת או כופר יושת עליו געשריבן — וואָס באַדאַרפן אָנדייטן, דערויף, אַז אין אמתן באַדאַרף

מען דאָס לעצטע וואָרט, וועגן דעם עניין, וועגן וועלכן זי רעדט, ניט אין דעם געשריבענעם טעקסט זוכן, נאָר אין דער צוגעגעבענער צו אים מסורה.

ווען זי וואָלט אָבער זיך ניט געווען מיט אַזאַ פּאָרזיכטיק צו־געטראַכטן טעקסט באַנוצן, ווען זי וואָלט יאָ געווען פֿאַר דעם יומת דעם מות צוגעבן, אָדער, ווען אַפילו ניט, נאָר זי וואָלט געווען באַלד נאָך דעם יומת או כופר יושת עליו שרייבן, וואָלטן ניט נאָר אָט יענע אַלע סימנים, אָט יענע אַלע אָנדייטונגען געפעלט, נאָר די גאַנצע צוגעגעבענע אויסטייטשונג וואָלטווירקלעך אין טאָטאַלער סתירה צו דעם אויסגעשפּראָכענעם אינהאַלט, וואָס ער ענטהאַלט אין זיין שריפטלעך פאַרצייכנטער פאָרם.

---

באַנוצנדיק זיך ווידער מיט דעם קאָנצעסיע מאָטיוו דאָ דווקא אויף נאָר מער להחמיר גאָר — קען מען ניט. מען קען ניט זאָגן, אַז די תורה האָט טאַקע געמיינט צו באַהויפּטן, אַז דער בית דין האָט צוויי ברירות פאַר זיך: אָדער צום טויט פאַראורטיילן דעם בעל השור, אָדער כופר אויף אים אַרויפלעגן. זי האָט אָבער ניט געקענט אָפן פאַר־שרייבן די צווייטע ברירה, ווייל דאָס וואָלט געווען צופיל אין אָפענעם ווידערשפּרוך מיט די פירונגען פון די מענטשן אין יענער צייט. זי האָט דעריבער דעם גאַנצן עניין געוואָלט מבליע בנעימה זיין. אנ־שטאָט צו שרייבן בפירוש „או כופר יושת עליו" נאָך דעם יומת, האָט זי די באַהויפּטונג, אַז עס קען אויך דער עניין פון כופר גילטן דאָ ברמיזה אונדז געגעבן אין דעם „אם כופר יושת עליו", וואָס קומט אין צווייטן פּסוק. מען קען דאָס ניט טאָן, ווייל דער עיקר סיבה דערפון, וואָס מיר האָבן אַריינגעטראָגן דעם קאָנצעסיע מאָטיוו, איז דאָך נאָר דערויף, כדי מיר זאָלן אין האַרמאָניע ברענגען דעם עניין פון שור המועד מיט די פּראָקלאַמירטע פּרינציפּן אין דער תורה בנוגע דיני נפשות. מיר אפּעקירן מיט דעם דאָזיקן מאָטיוו נאָר דערפאַר, וואָס עס איז אונדז זיך שווער פאָרצושטעלן, אַז די תורה זאָל הייסן פאַראורטיילן צום טויט דעם בעל השור. ווי באַלד אַזוי אָבער, וואָס פאַר אַ זין האָט עס, מיר זאָלן זיך מיט דעם דאָזיקן מאָטיוו באַנוצן אויף אַן אופן, אַז מיר זאָלן מוזן זיך נאָך אַלץ מיט די אַלע שוועריקייטן האַלטן, דאַן ווען מיר קענען זיך באַנוצן מיט אים אויף אַן אופן, מיר זאָלן זיך קענען באַפרייען פון זיי.

כ״ג

לאָמיר זיך „ אָבער אומקערן צו דער ווייטערדיקער דאַרלעגונג פון די הויפּט דינים, וואָס האָבן מיט די ענינים פון גורם תקלה זיין צו טאָן — וואָס געפינען זיך אין דער תורה אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם עניין פון שור המועד.

אויב דער שור המועד האָט געהרגעט ניט קיין מענטשן נאָר אַן אַנדער אָקס, איז דער עניין פון כופר דאָ ניט גילטיק. דער בעל השור באַדאַרף באַצאָלן לויט דער ווערט פון אומגעקומענעם אָקס, און דער טויטער אָקס באַלאַנגט צו אים. דער עניין פון סקילה פאַר דעם שור גילט דאָ אויך ניט. ווארום טויט שטראָף אַ מענטשן אָדער אַ בעל חי אין אַ פאַל פון שפיכות דמים קען מען געבן נאָר דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אומברענגען אַ מענטשן.

אויב דער שור המועד האָט דערהרגעט דעם קרבן זיינעם שלא במתכוון, וואָס דאָ מיינט דער שלא במתכוון, אַז ער האָט אים געהרגעט, נאָכיאָגנדיק זיך נאָך אַן אַנדער אָקס אָדער אַ קוה — איז, לויט דעם ווי די חז״ל לערנען אונדז, קומט ניט קיין סקילה דעם אָקס. זיי ווענדן אָן בנוגע אים דעם זעלבן פּרינציפּ, לויט וועלכן מיר פירן זיך בנוגע אַ מענטשן. פונקט ווי ביי נתכוון לזה והרג את זה, באַפרייען מיר דעם הורג פון עונש, אַזוי אויך דאָ. וואָרום ווי באַלד מיר שטעלן לחובה דעם אָקס אין איין קאַטעגאָריע מיט דעם מענטשן, דאַרפן מיר אים אויך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן לזכות דאָס זעלבע טאָן. אויב ווען ער הרגעט אַ מענטשן, באַשטראָפן מיר אים מיט דער זעלבער שטראָף, מיט וועלכער מיר וואָלטן אַ מענטשן באַשטראָפט אין אַזאַ פאַל, דאַרפן מיר אין אָט יענע פעלע, וואָס ווען עס וואָלט זיך האַנדלען, וועגן אַ מענטשן אַ הורג, וואָלטן מיר אים ניט באַשטראָפט, אויך אים — דעם אָקס — פריי פון שטראָף לאָזן. דער אונטערשייד אין דעם פאַל באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס דאַן, ווען, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן, מיינט דער „שלא במתכוון״: לא נתכוון לאדם זה שהרג, מוז דאָ שלא במתכוון — לא נתכוון לאדם כלל מיינען.

אַז מיר באַגייען מיט דעם בנוגע דעם אָקס קיין עוולה ניט, איז גאַנץ קלאָר פון אויבן אויף שויך. דאָס, וואָס מיר זיינען אַן אָקס דן למיתה פאַר הרגענען אַ מענטשן קומט דאָך ניט נאָר אַלס עונש פאַר

דעם, וואָס ער האָט שוין אַ מענטשלעך לעבן אומגעבראַכט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס מיר האָבן אַ רעכט צו דענקען, אַז עס איז ביי אים אַזאַ טבע צושטאַנד געקומען, עס זאָל זיך אים גלוסטן הרגענען מענטשן, קיין אונטערשייד ניט, ווער זיי זאָלן ניט זיין. היינט האָט ער דעם געהרגעט, מאָרגן וועט ער אַ צווייטן הרגענען. עס איז דעריבער גאָר קיין אונטערשייד, צי ער האָט יאָ געהרגעט דעם, וואָס ער איז נאָכ־געלאָפן, אָדער ער האָט אים ניט געהרגעט. דאָ איז דער עיקרעניין, וואָס ער האָט זיך אויך היינט נאָכגעיאָגט נאָך אַ מענטשן צו טויטן אים, וואָס דאָס מיינט, אַז מאָרגן קען ער זיך נאָכיאָגן נאָך אַן אַנדערן — מיט מער ערפאָלג. ער האָט ניט געהאַט קיין באַזונדער מאָטיוו, ער זאָל דווקא זיך נאָר נאָך ראובנען נאָכיאָגן. די איינציקע אורזאַכע פון דעם, וואָס ער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אים צוהרגענען, איז דאָס, וואָס ראובן איז אויך אַ מענטש. און פּונקט ווי ער האָט זיך געיאָגט נאָך ראובנען, וואָלט ער זיך געוועזן אויך געקענט נאָכיאָגן נאָך אַן אַנ־דערן, פּונקט אַזוי וועט ער זיך טאַקע שפּעטער נאָכיאָגן נאָך אַן אַנ־דערן.

די צוויי באַזונדערע מאָמענטן אין דעם אַלעם, וואָס איז דאָ געשען, דער מאָמענט פון נאָכיאָגן זיך נאָך ראובנען און דער מאָמענט פון הרגענען שמעונען, ווערט אין איין טהאַט פאַראייניקט. איך מיין דער־מיט צו זאָגן, אַז ביי אַלעם דעם, וואָס ער האָט זיך ניט מתכוון געוועזן צו הרגענען שמעונען, קען דאָך דער טויט זיינער באַטראַכט ווערן אַלס אַזעלכער, וואָס איז במתכוון פאַראורזאַכט געוואָרן. ער האָט זיך מתכוון געווען צו הרגענען אַ מענטשן, און די דאָזיקע כוונה זיינע איז טאַקע רעאַליזירט געוואָרן, כאָטש ניט אין דעם פאָרם, אין וועלכער ער האָט געדענקט, ער וועט זיין כוונה רעאַליזירן. ער האָט דאָך ניט געוואָלט אומברענגען ראובנען ווייל ער איז ראובן, נאָר דערפאַר, וואָס ווי פּונקט ווי ראובן און אַלע אַנדערע מענטשן, איז ער אויך אַן אָביעקט פאַר אים פון פילן שנאה צו אים און וועלן אים אומברענגען — גע־וואָרן.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן שאינו מתכוון ביי אַ מענטשן. אַט יענער, וואָס האָט זיך מתכוון געוועזן להרוג את ראובן והרג את שמעון, האָט ניט געוואָלט הרגענען ראובנען דער־פאַר, וואָס ער האָט גלאַט געוואָלט הרגענען אַ מענטשן. פון די אַלע

מענטשן האָט ער נאָר אים געוואָלט הרגענען. שמעונען האָט ער גע־הרגעט ניט אין דעם זין, ווי אין פאַל פון אָקס, אַז איצט האָט ער אים ניט געוואָלט הרגענען, אָבער אַן אַנדערש מאָל וועט ער אים וועלן הרגענען, אָט פונקט, ווי ער וויל איצט ראובנען הרגענען, נאָר אין דעם זין, אַז ער האָט אויסשליסלעך נאָר ראובנען געוואָלט הרגענען, אָבער קיינעם ניט אַ חוץ אים. אין פאַל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן באַשטראָפּט מען דאָך דעם רוצח טאַקע נאָר פאַר דעם רציחה אַקט, וואָס ער איז באַגאַנגען, ניט על לשהבא, ניט דערפאַר, וואָס מען האָט מורא, טאָמער וועט ער מאָרגן ווידער סתם אַזוי אַ מענטשן הרגענען. מהאי טעמא דעריבער איז אין אַ פאַל פון „שאינו מתכוון" קיין מעגלעכקייט ניט פאַראַן, מיר זאָלן קענען פאַראורטיילן אים צום טויט. פאַר דעם וואָס ער האָט שמעונען געהרגעט קען מען דאָך אים ניט טויטן. ער האָט דאָך אים בשוגג געהרגעט. הרגענען אים ווידער דערפאַר, וואָס ער האָט ראובנען געוואָלט הרגענען, קען מען דאָך אים אוודאי ניט. פאַר וועלן הרגענען פאַראורטיילט מען ניט צום טויט. אויך דעם אָקס פאַראורטיילט מען דאָך ניט צום טויט דערפאַר וואָס ער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך שמעונען, נאָר דערפאַר, וואָס מיר האַלטן אים פאַר אַזאַ, וואָס דרכו להזיק, דערפאַר, וואָס אויב היינט האָט זיך אים ניט איינגעגעבן צו הרגענען דעם, נאָך וועמען ער האָט זיך נאָכ־געיאָגט, וועט זיך דאָס אים מאָרגן יאָ איינגעבן. אויב מיר קענען צווייפלען, צי די רעזולטאַטן פון זיין נאָכיאָגן זיך נאָך מענטשן וועלן אויך מאָרגן די אייגענע ווי היינט זיין, קענען מיר אָבער זיכער זיין אין דעם, אַז דער פאַרזוך אָבער פון נאָכיאָגן זיך סתם נאָך אַ מענטשן — אָן אַ שום אורזאַכע דערפאַר, וועט ער אויך מאָרגן איבערחזרן.

ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן אַ מענטשן פאַלן דאָך אוועק אָט די אַלע מאָטיוון.

דער ענין, אלזא, פון שאינו מתכוון ביי אַ מענטשן און שאינו מתכוון ביי אַן אָקס זיינען גאַנץ פאַרשיידן איינע פון די אַנדערע. פונקט ווי ביי אַ מענטשן, אין אַ פאַל פון „נתכוון להרוג את זה והרג את זה", איז גאַנץ לאָגיש און יושרדיק, מען זאָל דעם הורג באַפרייען פון שטראָף. *) אָט אַזוי וואָלט ניט לאָגיש און ניט יושרדיק געווען, מען

*) עס מיינט ניט, אַז מען באַדאַרף אים באַטראַכטן פאַר אַ צדיק, מען קען אָבער דאָך ניט, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, מיט טויט אים

זאָל אויך דעם אָקס אין אַזאַ פאַל פון שטראָף באַפרייען. צו דעם אַלעם באַדאַרף נאָך אויך צוגעגעבן ווערן, אַז דער כאַראַקטער פון דעם שאינו מתכוון אליין איז דאָ אַ גאַנץ אַנדערער ווי דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן.

די כוונה פון דעם שאינו מתכוון דאָ איז צו זאָגן, אַז מיט דער כוונה צו הרגענען אַ מענטשן האָט זיך דער שור נגח פון לכתחילה נאָר נאָך ראובנען נאָכגעיאָגט. דאָס הייסט, אַז, ווען מיר זאָגן אין דער דאָזיקער באַהויפּטונג וואָס מיר מאַכן דאָ, אַז דער שור נגח האָט שמעונען שלא במתכוון געהרגעט, רעדן מיר אין איר, אייגנטלעך, נאָר וועגן ראובנען גאָר. ראובן מוז זיכער געמיינט ווערן אין איר אין אָט דעם זינען, וואָס מיר האָבן אויבן אָנגעגעבן. ער — דער שלא במתכוון — באַדאַרף אָבער בשום אופן זיך ניט באַציען אויף שמעונען, ער זאָל מיינען, אַז ער — דער אָקס — האָט שמעונען שלא במתכוון געהרגעט. וואָרום וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע האָבן מיר דען, אַז ער האָט געהרגעט שמעונען שלא בכוונה, אַז נאָר בשוגג האָט ער אים געהרגעט? פאַרוואָס קענען מיר ניט זאָגן, אַז ער האָט אים טאַקע במזיד געהרגעט?

ווען מיר זאָגן וועגן אַ מענטשן, אַז ער האָט געהרגעט שמעונען שלא במתכוון, וואָרום ער האָט גאָר געוואָלט הרגענען ראובנען, פאַר־שטייען מיר גאַנץ קלאָר, אַז דער שלא במתכוון דאָ מוז מיינען בשוגג. וואָרום דאָס וואָס מיר זאָגן, אַז ער האָט געוואָלט הרגענען ראובנען, מיינט דאָך ניט דאָ — ווי מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם — דער במתכוון, דער במזיד, אַז גראָד האָט ער אים אין דעם מאָמענט גע־וואָלט הרגענען. ער וואָלט אָבער פּונקט אַזוי אויך אַן אַנדערן געקענט הרגענען. וואָרום די הויפּט זאַך איז ביי אים הרגענען מענטשן. מיר מיינען מיט דעם צו זאָגן, אַז טאַקע נאָר אים האָט ער געקענט וועלן הרגענען, קיין אַנדערן אָבער וואָלט ער בשום אופן ניט געווען געקענט אין יענעם מאָמענט וועלן הרגענען.. וואָרום דער ווילן ביי איינעם צו

---

באַשטראָפן. דעם, וואָס ער האָט געוואָלט הרגענען האָט ער דאָך ניט געהרגעט. פאַר דעם טויט ווידער פון דעם, וואָס ער האָט יאָ גע־הרגעט קען מען אים אויך קיין טויט שטראָף ניט געבן. ער האָט דאָך אים נאָר בשוגג געהרגעט.

הרגענען אַ מענטשן מוז האָבן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נאָרמאַלן, ניט קיין פּאַטאָלאָגישן כאַראַקטער, אַ באַשטימטע אורזאַכע. דער במתכוון דאָ, אלזא, אין דעם פאַל מוז מיינען ניט נאָר, אַז ער האָט געוואָלט הרגענען ראובנען, נאָר אויך, אַז ער האָט אַן אורזאַכע געהאַט אים צו וועלן הרגענען, אַז ער האָט בשום אופן ניט געקענט וועלן אַן אַנדערן הרגענען. וואָרום נאָר בנוגע אים האָט ער געהאַט אַן אורזאַכע צו וועלן אַ מאָרד באַגיין, אָבער ניט בנוגע קיין אַנדערן. און אַז מיר זעען, אַז ער האָט יאָ שמעונען געהרגעט, איז קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ מיט אַ טאַט צו טון, וואָס איז באמת שלא במתכוון געטאָן געוואָרן. דאָס הייסט, אַז דער שאינו מתכוון דאָ קען ניט אויסגעטייטשט ווערן אין דעם זינען, ער זאָל נאָר מיינען אונדז צו דערציילען, אַז פון לכתחילה האָט ער זיך מתכוון געווען נאָר ראובנען צו הרגענען, ניט שמעונען. ער — דער שאינו במתכוון — באַציט זיך אָבער ניט אויף שמעונען אין דעם זינען, ער זאָל מיינען צו באַהויפּטן, אַז בשעת ער האָט אים געהרגעט, האָט ער אים אָן מתכוון זיין זיך צו הרגע־נען אים, אומגעבראַכט, אַז ער איז דעם טאַט זיינעם בשוגג באַגאַנגען. דאָ מוז ער זיך באַציען אויף שמעונען. דאָ מוז ער מיינען, אַז שמעון איז פון ראובנען בשוגג געהרגעט געוואָרן.

אין דעם פאַל פון שור אָבער מיינען מיר דאָך ניט מיט דעם במתכוון צוצושרייבן אַן אורזאַכע פאַר דעם, וואָס ער — דער שור — האָט זיך געוואָרפן דווקא אויף ראובנען מיט דער כוונה אים צו הרגענען. מיר ווייסן, אַז ער האָט געהאַט אַזאַ אורזאַכע אָנצופאַלן אויף ראובנען ווי אויף שמעונען. פונקט ווי ווען ער זאָל געווען אָנפאַלן אויף שמעונען. וואָלט דאָס געווען נאָר דערפאַר ווייל די טבע זיינע איז אָנצופאַלן אויף מענטשן, אַזוי איז נאָר מחמת אָט דעם מאָטיוו איז ער דאָס אויף ראובנען אָנגעפאַלן. פאַרוואָס, אַלזא, זאָלן מיר זאָגן, אַז דווקא בשוגג האָט ער שמעונען געהרגעט? פאַרוואָס זאָלן מיר מוזן זאָגן, אַז דווקא ראובנען האָט ער פּריווילעגירט מיט וועלן אים הרגענען, אָבער ניט שמעונען? פאַרוואָס עפּעס האָט ער גע־מוזט באַגיין אַ דיסקרימינאַציע קעגן אים? פאַרוואָס קען מען ניט אָננעמען, אַז נאָכדעם, וואָס ער האָט דעם אַפּעטיט זיינעם צו הרגענען מענטשן ניט געזעטיקט מיט אומברענגען ראובנען, האָט ער אים גע־זעטיקט מיט דעם אומברענגען פון שמעונען, ווען ער האָט זיך אויף אים

אָנגעשטויסן ? אויב מען מוז שוין אפערירן דאָ מיט דעם עניין פון שלא במתכוון, קען מען דאָס נאָר טאָן אין באַצוג צו ראובנען — אין נעגאַטיוון זינען. איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז דאָס וואָס ער האָט אים ניט געהרגעט איז ווי אַ מין בשוגג געווען. ער האָט אים ניט געהרגעט, ווייל אַ געוויסע שטערונג האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג צו דער רעאַליזירונג פון דעם ווילן זיינעם ; אָדער, ווייל ער האָט פלוצלינג דערזען שמעונען, וואָס עס איז פאַר אים פונקט דער זעלבער מיוחס ווי ראובן געווען. מען קען אָבער כלל ניט אפערירן מיט אים אין דעם זינען, אַז ער האָט שלא במתכוון — אין דעם מיין פון בשוגג — שמעונען געהרגעט. ניט ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלע אורזאַכע — אויסער אָט יענער אורזאַכע, וואָס ער איז אַ מועד לאדם — צו וועלן דווקא ראובנען הרגנען, און ניט ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלע אורזאַכע אויף ניט צו וועלן הרגענען שמעונען. פונקט ווי ווען ער וואָלט געווען געהרגט ראובנן, וואָלט דאָס געווען נאָר דערפאַר, וואָס דרכו להרוג אנשים, אָט אַזוי קען אויך זיין דאָס, וואָס ער האָט געהרגעט שמעונען, נאָר דערפאַר, וואָס דרכו להרוג אנשים.

די איינציקע מעגלעכקייט דערויף, מיר זאָלן קענען אָננעמען אין אַ פאַל פון שאינו מתכוון, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אָקס, אַז שמעון איז דורכן אָקס בשוגג געהרגעט געוואָרן, איז נאָר דאַן, ווען ער האָט זיך נאָך קיין מענטשן גאָר אינגאַנצן ניט נאָכגעיאָגט. דאָ האָבן מיר דעם זעלבן פאַל ווי דער פאַל ביי אַ מענטשן, וואָס נתכוון להרוג את ראובן והרג את שמעון. פונקט ווי דאָרטן קענען מיר אָננעמען — קיין אבסאלוטע זיכערקייט איז נאָכאַלעמען אויך דאָרטן ניט פאַראַן — אַז ער — דער הורג — האָט שמעונען בשוגג געהרגעט, ווייל ער האָט דאָך קיין אורזאַכע ניט געהאַט, אַז ער זאָל אים וועלן הרגענען, — וואָרום ער האָט דאָך געוואָלט הרגענען ראובנען ניט ווייל ער האָט בכלל אַ מענטשן געוואָלט הרגענען, נאָר ווייל ער איז ראובן, ווייל ער האָט אַ ספּעציעלע אורזאַכע געהאַט צו וועלן אים הרגענען, אָט אַזוי קענען מיר זאָגן — קיין זיכערקייט איז דאָ אוודאי ניטאָ — אַז דעם מענטשן, וואָס ער — דער שור — האָט געהרגעט, האָט ער נאָר בשוגג געהרגעט. וואָרום דאָ האָט ער זיך דאָך ניט נאָכגעיאָגט נאָך קיין מענטשן, וואָס איך זאָל קענען זאָגן : מיר האָבן דאָך דאָ צו טאָן מיט אַן אָקס, בנוגע וועלכן עס ווייזט זיך אַרויס אויך איצט, ווי עס

האָט זיך אַרויסגעוויזן בנוגע אים פריער, אַז די טבע זיינע איז צו וועלן הרגענען מענטשן, דעריבער קענען מיר אָננעמען, אַז אי דאָס, וואָס ער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך ראובנען, אי דאָס, וואָס ער האָט שמעונען געהרגעט, זיינען פון איין אורזאַכע — פון אָט יענער אויבנ־דערמאָנטער טבע זיינער — רעזולטאַטן. מען באַדאַרף ניט זוכן קיין אַנדער אורזאַכע פאַר דעם צווייטן מאָמענט אויסער אָט יענער אורזאַכע, אַז פונקט ווי ער קען וועלן הרגענען זרחן, אָט אַזוי קען ער אויך וועלן הרגענען ברוכן. אין דעם פאַל — אין דעם פאַל פון נתכוון להרוג את הבהמה והרג את האדם — מוז מען יעדן פון די דאָזיקע צוויי מאָמענטן, וואָס געפינען זיך אין אים מיט אַ באַזונדער אורזאַכע פאַרבינדן. די אורזאַכע, וואָס ער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך דעם אָקס מיט דער כוונה, ווי מיר נעמען אָן, אים צו הרגענען, איז דאָס, וואָס, ווי עס ווייזט אויס, הויבט ער זיך אָן איבערצושניידן פון אַ מועד לאדם אויף אַ מועד לבהמה. ווי באַלד אַזוי אָבער מוז מען דאָך שוין טאַקע אָננעמען, אַז ער האָט דעם מענטשן נאָר בשוגג געהרגעט. מיר האָבן דאָך ניט געזען אים זיך נאָכיאָגן פריער נאָך אַ מענטשן, וואָס מיר זאָלן קענען זאָגן: אָט דער ווילן זיינער גלאַט אַ מענטשן אומצו־ברענגען, וואָס ער האָט מאַניפעסטירט דורך דעם, וואָס ער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך ראובנען, אָט דער זעלבער ווילן איז עס געווען די אורזאַכע פון דעם, וואָס ער האָט שמעונען געהרגעט.

זאָגן ווידער, אַז אויך דאָ זיינען דיביידע מאָמענטן דורך איין אורזאַכע פאַראייניקט — דורך דער אורזאַכע פון וועלן גלאַט עמיצן הרגענען — דאָס קען מען דאָך ניט. ווייל אַזאַ באַגריף וועגן אַ שור המועד האָבן מיר ניט. עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי גלאַט אַ שור המועד. אַן אָקס קען ניט באַטראַכט ווערן גלייכצייטיק אי אַלס מועד לאדם אי אַלס מועד לבהמה. לויט אונדזער באַגריף קען אַן אָקס באַטראַכט ווערן אָדער נאָר אַלס מועד לאדם אָדער נאָר אַלס מועד לבהמה. אַלס מועד צו ביידע מיט אַמאָל קען ער ניט באַטראַכט ווערן. דאָס דערי־בער, וואָס דער אָקס האָט זיך היינט נאָך אַ חבר זיינעם נאָכגעיאָגט, נאָר אים אַליין זיך מתכוון געווען צו הרגענען, באַווייזט, אַז ער איז אויס מועד לאדם געוואָרן. עס איז דאָ אַ גרונט אָנצונעמען, אַז דאָס, וואָס ער האָט דעם מענטשן געהרגעט, איז, ווירקלעך, שלא במתכוון געווען. אין דעם פאַל איז דער שלא במתכוון ווירקלעך פון זעלבן

כאַראַקטער ווי דער שלא במתכוון אין פאַל פון אַ מענטשן, וואָס נתכוון להרוג את ראובן והרג את שמעון.

---

און וואָס אַנבאַלאַנגט דעם בעל השור איז להלכה ווערט גע־פסקנט, אַז ער באַדאַרף באַצאָלן אין אַזאַ פאַל כופר און קנס.. די באַגרינדונג דערויף באַדאַרף מען פאַרשטיין אויף פאָלגנדן אופן: מילא, אויף דעם אָקס איז פאַראַן א למוד זכות. ער קען טענהען: פאַרוואָס זאָל איפה ואיפה זיין? אויב איך בין אַ ציג צום פּגרן, לאָמיר אויך אַ ציג צום עסן זיין. אויב איר באַשטראָפט מיך מיט טויט דערפאַר, וואָס איך האָב אַ מענטשן אומגעבראַכט, פּונקט ווי איר וואָלט געטאָן אין אַזאַ פאַל, ווען דער הורג נפש וואָלט אַ מענטש געווען — טאָ פאַרוואָס זאָלט איר ניט אין אַ פאַל, ווען דער טויט, וואָס איך האָב פאַראורזאַכט אַ מענטשן איז שלא במתכוון געווען אויך מיט מיר האַנדלען אויף דעם זעלבן אופן, ווי איר וואָלט געהאַנדלט אין אַזאַ פאַל, ווען דער הורג נפש וואָלט איינער פון אייערע רייען געווען? וואָס פאַר אַ למוד זכות אָבער קען מען אויף דעם בעל השור געפינען אויף צו באַפרייען אים פון כופר צאָלן? זיין אַנטייל אין דעם באַגאַנגענעם מאָרד איז דאָך זיכער במתכוון געווען. צי דער אָקס איז שולדיק אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט, צי ער איז ניט שולדיק. ער אָבער — דער בעל השור — איז דאָך זיכער שולדיק. ער איז דער מלאך המות פון דעם קרבן געווען. אויף אים איז דאָך די פליכט געלעגן, ער זאָל היטן דעם קרבן זיינעם. ער האָט דאָך ניט געטאָרט דעם אָקס אין גאַס אַרויסלאָזן. מען האָט דאָך אים געוואָרענט וועגן דעם. ווען ער זאָל ניט געווען טאָן דאָס, וואָס ער האָט יאָ געטאָן, ווען ער זאָל געווען טאָן דאָס, וואָס ער האָט באַדאַרפט טאָן, ווען ער זאָל געווען היטן דעם מערדערישן אָקס זיינעם, וואָלט דאָך צום אומ־גליק ניט געווען געקומען.

---

כ"ד

און אייגנטלעך, וואָלט איך זיך באַדאַרפט באַנוגענען מיט דעם, וואָס איך האָב וועגן דעם דאָזיקן פּונקט להלכה געשריבן. איך וואָלט

זיך געקענט באַגיין אָן דעם, איך זאָל דאָ אויך דערמאָנען, אַז די דאָ־זיקע הלכה איז ניט קיין הלכה מוסכמת; אַז בנוגע צו דעם, ווי דער דין באַדאַרף געפסקנט ווערן, בנוגע דעם עניין פון כופר אין דעם פאַל, איז אויך פאַראַן נאָך אַן אַנדער מיינונג. לויט דער דאָזיקער מיינונג איז אין אַ פאַל פון שלא במתכוון דער בעל השור פטור אי פון כופר און אי פון קנס.

דער פאָרטרעטער פון דער דאָזיקער מיינונג איז רבה. ער דרשנט סמיכות הפרשיות צווישן דעם „אם כופר יושת עליו" און דעם „השור יסקל" לויט אים נאָך איז נאָר דאַן ווען השור איז בסקילה זיינען די בעלים בכופר — והוא הדין לקנס. ווען דער שור איז אָבער ניט בסקילה, גילט דאַן דער עניין פון כופר און קנס אויך ניט, מעג זיך אַפילו האַנדלען וועגן אַ שור המועד און שני עדים. ביי שלא במתכוון, דעריבער, וואָס אין דעם פאַל איז מען דעם שור ניט דן לסקילה, איז אויך דער בעל השור פון כופר אָדער קנס פטור.

און ווען עס וואָלט זיך האַנדלען נאָר וועגן דעם אַליין, וואָלט איך געקענט אויסלאָזן די דאָזיקע געגנערישע מיינונג, וועלכע ווערט להלכה סיי ווי סיי ניט אָנגענומען. דער הויפּט אינטערעס ליגט אין דער דערגאַנצונג, וואָס רבה גיט צו דער דאָזיקער מיינונג זיינער. די דאָזיקע דערגענצונג באַשטייט אין דעם, וואָס ער זאָגט, אַז כאָטש, אמת, מען באַדאַרף ניט אין אַזאַ פאַל קיין כופר אויפמאָנען פון בעל השור, בלייבט ער אָבער — דער בעל השור — דאָך ניט אין גאַנצן פריי פון אַ געלט אויפמאָנונג פון אים. אויב מען קען אים ניט מחייב זיין קיין כופר און קנס, איז מען אים אָבער אין אַזאַ פאַל גלאַט „דמים" יאָ מחייב. דאָס הייסט, אַז סיי ווי דאַרף דער בעל השור די דמי אביהם צו די יורשים פון אומגעקומענעם, אָדער די שלשים שקלים צום בעל העבד באַצאָלן.

און אין פלוג זעט דער גאַנצער עניין אויס שטאַרק קשה. נאָכ־אַלעמען האַנדלט זיך דאָ וועגן יאָ אויפמאָנען אָדער ניט אויפמאָנען אַ געוויסע סומע געלט פון בעל השור פאַר די יורשים אָדער פאַר דעם בעל העבד. היינט ווי באַלד, אַז אויך אליבא דרבה דאַרף דער בעל השור דמי אביהם געבן — אין אַ פאַל פון כופר, למשל — צו די יורשים, טאָ וואו איז דער אונטערשייד צווישן אים און די אַנדערע? אויך לויט אים נאָך ווערט דאָך דער בעל השור ניט באַפרייט פון די

תשלומי ממון, אין דעם עצם עיקר פון זייער קאָנקרעטן אינהאַלט, וואָס די געגנערשע מיינונג איז אים מחייב. וואָס איז די נפקא מינה — איך רעד, נאַטירלעך, וועגן אַ נפקא מינה בנוגע דעם עצם פרי־ציפּ פון מחייב זיין תשלומי ממון איןביידע פעלע, ניט וועגן דעם אונטערשייד אין דעם סטאַטוס *), וואָס יעדער איינער פון אָט די צוויי פאָרמען פון תשלומי ממון האָט אין דער יידישער געזעצגעבונג — צי מען רופט די דאָזיקע תשלומי ממון כופר אָדער דמים. אַזוי צי אַזוי וועט מען דעם בעל השור ניט רייכער מאַכן, נאָר אָרעמער. צי איז דען קיין סתירה ניט פאַראַן אין דעם גאַנצן ענין. מיר זאָגן, אַז ער איז פּטור. מיר געבן אָבער באַלד צו, אַז דער „ככול אשר יושת עליו״, וואָס מיר וואָלטן באַדאַרפט אויפמאָנען פון אים, ווען מיר וואָלטן אים יאָ מחייב געווען, דאַרף ער פונדעסטוועגן נאָך אַלץ באַצאָלן.

נאָך אַ געהעריקן פאַרטיפן זיך אין דעם ענין, מוז מען אָבער איינזען, אַז די סתירה איז קיין סתירה ניט. אַז די קשיות קענען פאַר־ענטפערט ווערן. דער אמת איז, אַז דער אונטערשייד דאָ איז ניט נאָר אין נאָמען, נאָר אויך אין אַ גאָר זייער וויכטיקער זאַך; ניט נאָר אין פאָרם, נאָר אויך אין אינהאַלט. אמת, דער אונטערשייד אין אינהאַלט איז ניט אַזאַ, וואָס עס זאָל אין אים דער עלעמענט פון „דררא דממונא״ זיין. פון גאָר גרויס באַדייטונג איז ער אָבער פאָרט. דער אונטערשייד איז פון אַ מאָראַלן כאַראַקטער. אַזוי פרעגט מען טאַקע: וואָס איז אַ נאָמען? אין דעם פאַל אָבער איז אַ נאָמען זייער וויכטיק. דער הויפּט אינהאַלט פון כופר באַשטייט ניט אין דעם, וואָס מען מאָנט אויף תשלומי ממון פון בעל השור פאַר די יורשים, נאָר אין דעם מאָטיוו, מיט וועלכן די תורה באַגרינדעט די דאָזיקע תביעה פון תשלומי ממון. דאָס הייסט — אין דעם נאָמען טאַקע. וואָרום דער אמתער אינהאַלט פון דעם טערמין ליגט ניט אין דעם „יושת עליו״, נאָר אין דעם „פדיון נפשו״. דער ענין פון דעם אויפ־געמאָנטן געלט דאָ איז גאָר ניט מער ווי נאָר די פאָרם פון כופר. באַצייכענענדיק די געלט שטראָף מיט דעם וואָרט כופר מיינען מיר דערמיט צו זאָגן, אַז מיר באַטראַכטן דעם בעל הבור אלס אַן הורג נפש,

*) זע תוספות בבא קמא, מ״ג, אין דבור המתחיל: „מאי לאו כופר? לא.״

אַלס אַזעלכן, וואָס גייט מיט אַ זינדיקער נשמה אַרום, וועלכע קען אַ געלייטערטע אַרויס נאָר דורך דעם, וואָס ער זאָל אַ כפרת עוון ברענגען. און אין אמתן וואָלט מען אויך אין דעם פאַל בעדאַרפט נאָר מיט זיין אייגן פאַרגאָסן בלוט דעם פאַרברעכן זיינעם אָפּווישן. נאָר ווייל ער האָט דאָך ניט מיט זיינע אייגענע הענט דאָס בלוט פון זיין קרבן פאַר־גאָסן, ווערט אים די כפרת עוון דורך טויט שטראָף אויף אַ כפרת עוון דורך אַ געלט שטראָף פאַרביטן.

דער אמתער מין, אַלזא, פון דעם, וואָס מיר זיינען אים מחייב כופר איז אונטערצושטרייכן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאַרברעכער. דאָס געלט פונקציאָנירט דאָ ניט אַלס אַ באַפרידיקונג פון אַ געלט תביעה, נאָר אַלס אַ פאָרם פון פדיון נפש, אין וועלכער דער בעל השור נויטיקט זיך. אַ גאַנץ אַנדער באַדייטונג האָט אָבער דער טערמין דמים אין דעם פאַל. דער דאָזיקער טערמין אימפּליצירט דעם גע־דאַנק, אַז דער בעל השור ווערט דאָ ניט באַטראַכט אַלס פאַרברעכער, וואָס נויטיקט זיך אין אַ פדיון נפש. ווען מיר זאָגן, אַז מיר זיינען מחייב דעם בעל השור דמים, מיינט דאָס אונטערצושטרייכן, אַז דער עניין פון פדיון נפש געפינט זיך דאָ גאָר אינגאַנצן ניט, אַז דער הויפּט אינהאַלט פון דעם פסק דין אונדזערן באַשטייט טאַקע ניט מער ווי נאָר אין דעם, וואָס מיר זיינען אים תשלומי ממון מחייב. די תשלומי ממון פיגורירן דאָ ניט אַלס פאָרם פאַר אַן אַנדער אינהאַלט, נאָר אַלס עיקר אינהאַלט אַליין. דאָ האַנדלט זיך ניט מער ווי נאָר אין געלט, קיינע אַנדערע אַספּעקטן זיינען מיט דעם דאָזיקן געלט ניט פאַרבונדן.

דער עניין ווערט אָבער נאָך אַלץ ניט קלאָר צוליב דעם. דאָס אַלעס, וואָס עס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, איז גוט גענוג דערויף צו באַווייזן אונדז, אַז כופר און דמים זיינען אין דעם פאַל דאָך צוויי באַ־זונדערע זאַכן, טראָץ דעם, וואָס זיי זעען אויס צו זיין איין זאַך. אַז מצד דעם, וואָס מיר קענען ניט מחייב זיין דעם בעל השור אין אַ פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון, קיין תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר, וואָלט קיין אָפּהאַלט ניט געקענט זיין צו מחייב זיין אים תשלומי ממון אין דער בלויזער פאָרם פון דמים. דאָס אַלעס איז אָבער ניט גענוגענד אַלס אַן אַרגומענט, וואָס זאָל קענען אַרויפ־צוואונגען אויף אונדז אַ מיינונג, אַז מיר האָבן אַ רעכט טאַקע מחייב צו זיין דמים דעם בעל השור אין דעם פאַל. ווי אַזוי טראַגט מען

אַריין פלוצלינג דעם מאָמענט פון תשלומי ממון אין אַ פאַל פון אבוד נשמה? וואָס איז די לאָגישע באַגרינדונג פאַר דעם יוצא מן הכלל, וואָס מיר מאַכן דאָ? ווי ווידער איז מעגלעך, אַז אַט אַזאַ דין זאָל ניט מוזן באַטראַכט ווערן אַלס אַזעלכער, וואָס שטייט אין קאָנפליקט מיט דעם טעקסט פון דער תורה, וואָס ווערט אונדז געגעבן אין פאַל פון אַ שור המועד. אויב עס איז גאַנץ מעגלעך צו דרשענען דעם סמיכות, אַז אויב דער שור איז ניט בסקילה זיינען דאַן די בעלים אויך ניט בכופר ובקנס. וואָרום די תורה רעדט וועגן כופר נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ פאַל, ווען דער שור המועד איז בסקילה, איז דאָס שוין אָבער גאַנץ אַנדערש בנוגע דעם צוגעבן צו דעם מיעוט, וואָס מיר דרשענען אַרויס פון דעם טעקסט, אַז אויב דער שור איז ניט בסקילה, זיינען אויך די בעלים ניט בכופר, דעם צוגאָב: תשלומי ממון אָבער דאַרף ער סיי ווי סיי אויך אין דעם פאַל געבן. ווי אַזוי פּאַסט זיך דער דאָזיקער „יוצא דופן" צוגאָב אַריין אין טעקסט פון דער תורה, וואָס איז מיט דעם אומקום פון אַ מענטשן פאַרבונדן — פון וועלכן עס זעט אויס קלאָר, אַז אויב עס קען פאַר אונדז געשאַפן ווערן אַ פּראָבלעם בנוגע דעם פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון, קען דער אינהאַלט פון דעם דאָזיקן פּראָבלעם זיין נאָר דאָס: צי ווי אין פאַל במתכוון דאַרף אויך דאָ דער עניין פון כופר און קנס גילטן, כאָטש דער שור איז אין דעם פאַל ניט בסקילה; אָדער, ווייל טאַקע דער שור איז אין דעם פאַל ניט בסקילה דאַרף אויך דער עניין פון כופר און קנס ניט גילטן. מען קען אָבער בשום אופן ניט אַנהענגען אין די דאָזיקע ספיקות אויך ספיקות וועגן גלאַט תשלומי ממון אין דעם פאַל.

אויב ער — רבה — האָט, לויט דער תורה אַ רעכט געהאַט צו פסקענען, אַז אין פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון גילטן ניט קיין כופר און קנס, האָט ער אָבער קיין שום רעכט ניט געהאַט צוצושפּאַנען צו דעם נייַן, וואָס ער באַהויפּטעט בנוגע דעם כופר, אַ יאָ בנוגע תשלומי ממון. וואָרום אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס די תורה לערנט אונדז ביי אַ שור המועד במתכוון קען דאָך, ווי געזאָגט, ווירקלעך, נאָר אַרויפשווימען די פראַגע צי ביי שלא במתכוון גילט אויך דער עניין פון כופר און קנס אָדער דאָרטן גילט ער ניט, אָבער ניט די פראַגע וועגן גלאַט תשלומי ממון, פאַר וועלכער עס וואָלט פלאַץ געווען נאָר דאַן, ווען ביי שור המועד במתכוון וואָלט אַנשטאָט

כופר נאָר גלאַט תשלומי ממון אָנגיין. אין צוזאַמענהאַנג ווידער מיט דעם, וואָס די תורה לערנט אונדז בנוגע די אַלע אַנדערע ענייני שור, קען זי אויך ניט אַרויפשווימען. וואָרום מיר האָבן קיין פאַל ניט אין די אַלע ענייני שור, וועגן וועלכע זי רעדט, אַז זי זאָל אין אים תשלומי ממון פאַרשרייבן, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן פאַר אונדז איבער־צוגיין פון אַט דעם פאַל צו דעם פאַל פון שור המועד שלא במתכוון מיט דער פראַגע: היות, אַז אין אַ געוויסן פאַל פון אבוד נשמה ביי אַ שור נגח גילט יאָ דער עניין פון גלאַט תשלומי ממון, דאַרף מען אפשר דערפאַר אין אַ פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון תשלומי ממון פון דעם בעל השור אויפמאָנען, ווען אַפילו מיר זאָלן מוזן קומען צום באַשלוס, אַז קיין כופר קען מען אים ניט לויט דער תורה מחייב זיין.

בנוגע דעם אַריינטראָגן פון דעם מאָמענט פון תשלומי ממון אין דעם פאַל פון שור המועד שלא במתכוון קענען ווירקלעך, ווי עס שיינט אויבנאויף גאָר קיין ספיקות ניט זיין. מען קען, ווי עס זעט אויס, מער זיכער זיין, אַז לויט דער תורה איז פון לכתחילה אָן גאָר אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט צו געפינען זיך אין צווייפל בנוגע דעם דאָזיקן פונקט, אַז עס זאָל דאָ דער עניין פון דמים — גלאַט תשלומי ממון — קענען גילטן, ווי מיר קענען זיכער זיין אין דעם, אַז דער עניין פון כופר — און קנס — דאַרף דאָ ניט גילטן. דער איינציקער גורם, וואָס מאַכט מעגלעך פאַר אונדז, אַז מיר זאָלן קענען רעדן וועגן אַ געלט שטראָף אַרויפלייגן אויף דעם בעל השור, טראָץ דעם, וואָס עס באַדאַרף פון אונדז אָנגענומען ווערן אַלס אַ כלל, אַז דאָרטן וואו עס האַנדלט זיך וועגן אַן אבוד נשמה פאַל קען דער עניין פון תשלומי ממון ניט אַריינגעטראָגן ווערן, אַז אין אַזאַ פאַל מיינט דער עניין פון פטור ממיתה אויך פטור פון תשלומין, איז דאָך דאָס, וואָס מיר גע־פינען אין איין פאַל ביי די ענייני שור, אַז די תורה האָט געמאַכט אַן אויסנאַמע און האָט דאָרטן אין דער פאָרם פון כופר יאָ אַריינגע־טראָגן תשלומי ממון. ווי באַלד אַזוי אָבער, מוז דאָך קלאָר זיין פאַר אונדז, אַז איידער מיר קומען צו דער מסקנה בנוגע דעם, צי מען זאָל אויף אַ פאַזיטיוון אָדער אַ נעגאַטיוון אופן פאַרבונדן דעם דאָזיקן פאַל מיט דעם פאַל, וועגן וועלכן די תורה רעדט, דאַרף פאַר אונדז, ראשית כל, אויסער יעדן צווייפל זיין, אַז דאָ קען זיך ניט האַנדלען גלאַט וועגן תשלומי ממון, נאָר וועגן תשלומי ממון אין אַט

יענער פאָרם, אין וועלכער זיי ווערן פאָרגעשריבן פון דער תורה בנוגע יענעם פאַל, אין וועלכן מיר האָבן די מעגלעכקייט, מיר זאָלען קענען אויך אין דעם פאַל וועגן תשלומי ממון רעדן, אָבער ניט וועגן גלאַט תשלומי ממון, וואָס וועגן זיי ווערט גאָר קיין אויסנאַמע ניט גע־מאַכט אין דער תורה. לויט דער תורה, ווי עס זעט אויס, קען דאָס גאָר אַנדערש ניט אויסקומען, ווי נאָר, אַז פונקט ווי אין אַנדערע פעלע פון ענייני שור קענען גלאַט תשלומי ממון ניט גילטן, אַט אַזוי קענען קיין תשלומי ממון ניט גילטן אויך אין פאַל פון שור המועד שלא במתכוון.

---

און דאָ קומען מיר צו דעם הויפּט מאָטיוו, וואָס איז דער עיקר גורם געווען, מיר זאָלן זיך אויף רבהס מיינונג אָפּשטעלען. מיר ווערן דאָ אַוועקגעפירט צוריק צו איינעם פון די פרינציפן, וואָס מיר האָבן פעסטגעשטעלט אין באַצוג צו די דיני ממונות און דיני נפשות: צום פרינציפּ, אַז דאָרטן, וואו מיר געפינען, אַז די תורה האָט געמאַכט אַן אָפּנויג אין אַ פאַל, וואָס האָט מיט דיני נפשות צו טאָן, און האָט אין אַ געוויסן אַספּעקט זיינעם יאָ אַריינגענומען דעם מאָמענט פון תשלומי ממון, האָבן מיר, האַלטנדיק זיך אין די אייגענע ראַמען פון דעם דאָזיקן פאַל, אַ רעכט דעם דאָזיקן אָפּנויג צו פאַרברייטערן.

---

כ״ה

און האַלטנדיק אונדזער אויפמערקזאַמקייט אויף דעם דאָזיקן פרינציפּ קענען מיר אַט יענע אַלע קשיות, וואָס מיר האָבן געפרעגט, פאַרענטפערן.

וואָס אַנבאַלאַנגט דער באַגרינדונג, וועגן וועלכער מיר האָבן גע־רעדט, קען מען זיך פאָרשטעלן דעם געדאַנקן גאַנג פון רבהן אויף פאָלגענדען אופן: אמת, פון לכתחילה — ווען מען וואָלט ניט קע־נען שטעלן דעם דאָזיקן פאַל — דעם פאַל פון שור המועד שלא במתכוון — אין פאַרבינדונג מיט דעם פאַל פון שור המועד במתכוון, — וואָלט דאָ דער ענין פון אַרויפלעגען אַ געלט שטראָף אויף דעם בעל השור ניט געקענט גילטן, פונקט ווי עס קען ניט גילטן

דאָ אויך דער עניין פון אַ געלט תביעה. אמת, אַז אַפילו אין דעם פאַל, וואו די תורה נעמט שוין אַריין דעם עניין פון תשלומי ממון — אין אַ פאַל פון שור נגח — האַנדלט זיך נאָך אַלץ ניט וועגן ריינע תשלומי ממון, נאָר וועגן תשלומי ממון, וואָס דינען אַלס כופר פאַר דעם פדיון נפש, וואָס ער באַדאַרף האָבן פאַר דער שווערער זינד, וואָס דריקט אויף אים. אינדירעקט אָבער ליגט דאָך דער כופר אויך ווי אַ געלט שטראָף אויף אים. ביי אַלעם דעם, וואָס דער עיקר אינהאַלט פון כופר איז דער פדיון נפש מאָמענט, וואָס אין אים, פונקציאָנירט ער דאָך אויטאָמאַטיש אויך אַלס אַ געלד שטראָף. עס וואָלט דעריבער קיין יושר ניט געווען, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז אין פאַל פון שלא במתכוון, וואָס איז, כמעט, פון זעלבן אינהאַלט, בנוגע וועלכן די תורה מאַכט דעם אָפּנויגונג אירען פון דעם פּרינציפּ פון ניט אַריינגעמען דעם עניין פון תשלומי ממון אין אַ פאַל פון אבוד נשמה, וואָס אויב מיר זיינען ניט דאָן דעם בעל השור קיין כופר מחייב, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס דעם שור קען מען ניט אין דעם פאַל דן לסקילה זיין, דאַרף דער בעל השור גאָר אינגאַנצן פריי פון שטראָף בלייבן. ווי באַלד מען האָט שוין דעם עניין פון תשלומי ממון אין דעם פאַל פון אַ שור המועד אַריינגעטראָגן, איז מער ניט ווי רעכט, אַז מען זאָל זיי — די תשלומי ממון — אויך אין אַ פאַל פון שלא במתכוון לאָזען. אויב מען קען זיי ניט לאָזן אין דעם פולען אינהאַלט זייערען, אין דעם פולען כאַראַקטער פון דיביידע אַספּעקטן זייערע: אי אַלס פדיון נפש, אי אַלס געלט שטראָף, אויב מען קען זיי ניט לאָזן דאָ מיט דעם צוגאָב צו זיי פון אָט יענעם פּסיכאָלאָגישן, מאָראַלן זינען, וואָס זיי האָבן אין דער פאָרם פון כופר, אין וועלכער זיי ווערן אַרויפגעלייגט אויף דעם בעל השור אין פאַל פון במתכוון, טאָ זאָל מען זיי לאָזן דאָ אָן דעם דאָזיקן צוגאָב. פאַרוואָס זאָל מען זיי ניט לאָזן דאָ פּשוט אַלס געלט שטראָף? דאָס וואָס אין אָט יענע אַלע אַנדערע אבוד נשמה פעלע, וואָס האָבן ניט מיט ענייני שור צו טאָן, בלייבן די באַשולדיקטע אינגאַנצן ניט באַשטראָפט, ווייל מען קען ניט די באַשולדיקטע מחייב מיתה זיין, דאַרף ניט קיין עכוב זיין פאַר דעם. ער באַלאַנגט דאָך ניט צו אָט יענע פעלע, וואָס בנוגע זיי האָט די תורה אין קיין פאַל אַפילו קיין אָפּנויג ניט געמאַכט פון אָט יענעם פּרינציפּ, אַז אין אַ פאַל פון אבוד נשמה קענען ניט קיין תשלומי ממון אַלס סאַבסטיטוט

שטראָף גילטן. ער באַלאַנגט דאָך צו די ענייני שור, בנוגע וועלכע מיר געפינען יאָ אַט אַזאַ אָפּנויג אין דער תורה, וואָס אין אַ פאַל פון אַ שור המועד במתכוון ווערן תשלומי ממון — ווען אַפילו אין דער פאָרם פון כופר — פאַרגעשריבן. דאָ בלייבט ניט דער פרינציפּ פון „אין מערבין עונש בעונש" אונבאַרירבאַר אין אַלע פעלע. ווי אין די אַלע אַנדערע פאַרשיידענע קאַטעגאָריען פון אבוד נשמה פעלע. דאָ ווערט ער יאָ געבראָכן. מיר האָבן דעריבער אַ רעכט איבער־צוטראָגן, אין דער מעגלעכער אין דעם פאַל פאָרם, דעם דאָזיקן אָפּ־נויג, וואָס מיר געפינען בפירוש אין דער תורה בנוגע אַ פאַל פון אַ שור המועד במתכוון, אויך אויף אַ פאַל פון שור המועד שלא במתכוון, וואָס איז, כמעט, פון דעם זעלבן אינהאַלט, ווי דער פאַל, בנוגע וועלכן די תורה מאַכט דעם אָפּנויג אירן. מיר גייען דאָ ניט אַרויס פון דעם תחום, אין די גרענעצן פון וועלכע די תורה האָט געמאַכט די אויס־נאַמע, ווי דאָס וואָלט געווען דער פאַל, ווען מיר זאָלן פּראַקטיצירן דעם עניין פון תשלומי ממון אין אַ פאַל, וואָס באַלאַנגט ניט צו דער קאַטעגאָריע פון ענייני שור.

ניט געגוג, וואָס ער — דער בעל השור — שפּאָרט זיך איין דעם געלט שאָדן, וואָס ער וואָלט געליטן, ווען מיר זאָלן אים מחייב כופר זיין, דורך דעם, וואָס מיר וואָלטן דאַן זיין אָקס אומגעבראַכט — דאַרף ער זיך נאָך אויך איינשפּאָרן דאָס געלט, וואָס ער וואָלט באַדאַרפט געבן די יורשים — וואָס סיי ווי סיי וואָלט ער אויך דאַן זיי דאָס ניט געגעבן דערפאַר, וואָס עס קומט זיי דאָס געלט. אויב ערקען אַלס שווער פאַרזינדיקטער ניט באַטראַכט ווערן: אינגאַנצן אומשולדיק אָבער קען ער זיך אויך ניט פילן. אַלס אַזעלכער, וואָס איז אַ פאַרברעכן באַגאַנגען, קען ער דאָך אָבער נאָך אַלץ באַטראַכט ווערן. טאָ פאַרוואָס זאָל ער אין אַזאַ גרויסער מאָס אַ „נשכר" זיין? וואָס פאַר אַן עבירה קען דאָ זיין, אַז מיר זאָלן אים מאַכן באַצאָלן תשלומי ממון לטובת די יורשים אויף אַ וועג, ער זאָל דורך דעם ניט מוזן געשטעמפּלט ווערן אַלס א כמעט אַ הורג נפש דווקא? פאַרוואָס זאָל זיך דאָס, וואָס מען האַלט אים ניט פאַר אַ גאַר אַ שווערן פאַרברעכער צו די יורשימס קעשענע אויסלאָזן? פאַרוואָס זאָל מען זיי באַרויבן פון די תשלומי ממון, וואָס מען וואָלט זיי באַדאַרפט געבן, ווען מען זאָל יאָ האַלטן דעם בעל השור פאַר אַ שטאַרק פאַרזינדיקטן פאַרברעכער,

נאָר דערפאַר, וואָס מען ווישט אָפּ פון אים דעם דאָזיקן שוואַרצן פלעק פון שווער פאַרזינדיקטקייט, ווי באַלד אַז אַפילו, ווען מען וואָלט דאָס געלט פון אים אין דער פאָרם פון כופר יאָ אויפגעמאָנט, וואָלטן זיי — די יורשים — אויך דאַן ניט אַלס באַפרידיקונג פאַר אַ געלט תביעה די תשלומי ממון געקראָגן?

---

די איינציגע מעגלעכקייט אָפּצופרעגן די אַרגומענטן, וואָס מיר האָבן אָנגעגעבן פאַר דער דערלאָזבאַרקייט איבערצוטראָגן דעם אָפּ־נויג, וואָס די תורה האָט געמאַכט אין פאַל פון אַ שור המועד במתכוון אויך אויף אַ פאַל פון שלא במתכוון, קען אונז צוגעשטעלט ווערן נאָר דורך דער פאָלגענדער טענה: וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס אין דעם, וואָס די תורה האָט געמאַכט אַן אָפּנויג און האָט אַריינגעטראָגן אין דער פאָרם פון כופר תשלומי ממון ביי אַ שור המועד במתכוון, קענען מיר געפינען אַ הכשר אויף אַריינטראָגן דעם ענין פון תשלומי ממון אויך אין דעם ענלעכן צו אים פאַל פון שור המועד שלא במתכוון, אַז מיר ווייסן ניט, וואָס צו טאָן מיט דעם דאָזיקן הכשר. וואָרום מיר האָבן קיין פעלד פאַר אים ניט, וואָס ער זאָל באַאַרבעטן קענען, קיין פּלאַץ פאַר אים, אויף וועלכן ער זאָל קענען זיין קאָפּ אַוועקלייגן. וואָס קומט אַרויס פון דעם סמיכות הפרשיות, וואָס מיר דרשענען פאַר תשלומי ממון אין דעם פאַל, אַז מען קען פאַר זיי ניט קיין אייגענע דל״ד אמות געפינען, איבער וועלכע זיי זאָלן קענען בעלהביתעווען, בנוגע וועלכע מיר זאָלן זיך קענען באַנוצען מיט זיי. אַלס כופר קענען זיי דאָך ניט קומען. אַלס אַ געלט פאַרגיטיגונג קענען זיי דאָך אוודאי ניט פונקציאָנירן. ווארום נאָכאַלעמען האַנדלט זיך דאָך דאָ וועגן אַ פאַל פון דיני נפשות, וואָס האָט מיט דעם ענין פון אַ געלט פאַר־לוסט, ווי עס הייסט, קיין שום שייכות ניט. ווי קען דאָ זיין אַ רעדע וועגן אַ געלט פאַרגיטיגונג, אַז עס איז אין דעם דאָזיקן פאַל — ווי עס באַדאַרף הייסן — גאָר אינגאַנצן קיין היזק ממון מאָמענט פאַראַן?

מיר געפינען זיך דאָ ווירקלעך אין אַ מאָדנער לאַגע. מיר זיינען זיכער, אַז מען מעג אין דעם פאַל תשלומי ממון אָנווענדן. מיר ווייסן אָבער ניט ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, מען זאָל זיי קענען אָנווענדן. מיר ווייסן ניט, אין נאָמען פון וואָס קענען מיר דאָ תשלומי ממון מאָנען פון בעל הבור. די תשלומי ממון דאָ מוזן ווירקלעך נאָר אַלס גלאַט אַזוי אַ געלט שטראָף קומען: אַלס אַן אבסטראַקטע געלט שטראָף, וואָס

האָט קיין שום שייכות ניט מיט אַ פאַראורזאַכטן געלט שאָדן; אַלס אַן אבסטראַקטע געלט שטראָף, וואָס איז אינגאַנצן עיקר תוך אירן ניט מער ווי נאָר אַ מין סאַבסטיטוט פאַר דער שטראָף, וואָס אין אמתן וואָלט נאָר זי זיך אַריינגעפּאַסט דאָ, איבער געוויסע מאָטיוון אָבער קען מען זי דאָ ניט אָנווענדען. און דאָס הייסט אייגענטלעך, אַז מיר פאַרביטן דאָ די טויט שטראָף, וואָס קומט אין פּרינציפּ געוויינלעך אין אַ פאַל, וואָס האָט מיט אבוד נשמה צו טאָן, אויף אַ געלט שטראָף מחמת דעם, וואָס דער עניין פון מיתת בית דין קען ניט אין דעם פאַל דורכגע־פירט ווערן — אַ זאַך, וואָס אין אַנדערע פעלע ווערט דאָס קיינמאָל ניט געטאָן — נאָר אויף דעם סמך פון דעם, וואָס מיר געפינען, אַז די תורה האָט אין דער פאָרם פון כופר דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינגענומען אין אַ פאַל פון אַ שור המועד במתכוון.

די פראַגע איז אָבער, צי מיר האָבן אַ רעכט אויף אַזאַ ווייטלויפנ־דיקן וועג דעם סמיכות הפרשיות צווישן דעם פאַל פון אַ שור המועד במתכוון און דעם פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון צופירן; צי מיר האָבן אַ רעכט דעם אבסטראַקטן תשלומי ממון הכשר, וואָס מיר קענען פון דעם ערשטן פאַל אויף דעם צווייטן איבערטראָגן, מיט אַזאַ אינהאַלט אָנצופילן. דערויף, אַז עס זאָל מעגלעך זיין, אַז מיר זאָלן קענען פראַקטיצירן תשלומי ממון אַלס אַ שטראָף אין דעם פאַל, וואָלט ראשית כל נויטיק געווען, אַז עס זאָל זיך אין פאַקטישן אינ־האַלט אַליין פון פאַל געפינען אַזאַ עלעמענט, וואָס מאַכט מעגלעך, טעאָרעטיש על כל פנים — אָפּגעזען דערפון, צי דער זכות פון זיין אנוועזנהייט אליין אין דעם פאַל, אָן דעם זכות פון דעם, וואָס ער איז אין דעם פאַל פון שור המועד במתכוון אָנגעצווייגט, וואָלט גענוגענד געווען דערויף, מיר זאָלן לויט אים נאָך אונדזער אורטייל אין דעם דאָזיקן פאַל אַרויסטראָגן — מיר זאָלן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן פאַל קענען רעדן וועגן אָט אַזאַ אָפּעראַציע פון באַנוצן זיך מיט אַ סאַבסטיטוט פון אַ געלט שטראָף פאַר מיתת בית דין דורכצו־פירן אין אים, פּונקט ווי דאָס באַנוצן זיך מיט די תשלומי ממון דאָ אַלס אַ געלט פאַרגיטיגונג וואָלט מעגלעך געווען נאָר דאַן, ווען מיר וואָלטן געמוזט אנערקענען — טעאָרעטיש על כל פנים — אַז עס איז דאָרטן דער מאָמענט פון היזק ממון פאַראַן. נאָר דאַן וואָלט אונדזער הכשר ניט באַדאַרפט בלייבן הענגען אין דער לופטן. נאָר דאַן וואָלטן

מיר געהאַט אַ באָדן פאַר זיך, אויף וועלכן מיר וואָלטן אים אַוועק־שטעלן געקענט.

אַזאַ עלעמענט אָבער וואָלט זיך געקענט געפינען אין דעם פאַל נאָר דאַן, ווען בכלל געגומען וואָלט געהערשט דער פרינציפּ, אַז צו־זאַמען מיט דעם עניין פון מיתת בית דין, וועגן וועלכן מיר רעדן בנוגע אבוד נשמה פעלע, קען מען אין תוך געגומען — ווען אַפילו אין זינען פון להלכה נאָר, אָבער למעשה ווערט דערויף קיין אַכט ניט געלייגט — אין צוזאַמענהאַנג מיט זיי אויך רעדן וועגן אַ געלט שטראָף סאַבסטיטוט. אַזאַ יורידישע קאָנצעפּציע וועגן דיני נשמה פעלע האָבן מיר אָבער ניט. עס זעט זיך דעריבער קיין מעגלעכקייט ניט, מיר זאָלן קענען אין דעם פאַל תשלומי ממון אַלס גלאַט אַ געלט שטראָף פּראַקטיצירן. דער אינהאַלט פון דעם פאַל מאַכט אונמעג־לעך צו טאָן דאָס, פּונקט ווי ער מאַכט אונמעגלעך, זיי זאָלן קענען פיגורירן דאָ אַלס אַ פאַרגיטיגונג פאַר אַ פאַראורזאַכטן געלט פאַר־לוסט.

דער חילוק צווישן די ביידע אַלטערנאַטיוון באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס דאַן, ווען בנוגע תשלומי ממון אַלס אַ פאַרגיטיגונג פאַר אַ היזק ממון אין דעם פאַל איז דאָס, וואָס מיר זאָגן ,אַז עס איז קיין מעגלעכקייט פאַראַן צו קענען פּראַקטיצירן תשלומי ממון אַפילו ווען מיר זאָלן ווען, באַציט זיך נאָר אויף דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן, ווארום אינהאַלטלעך — אויף וויפיל עס האַנדלט זיך אין אים אויך וועגן אַ בן חורין — איז אין דעם פאַל קיין עלעמענט פון היזק ממון ניט פאַראַן. עס קען אָבער ניט מיינען, אַז בכלל קען מען וועגן תשלומי ממון אין צוזאַמענהאַנג מיט אבוד נשמה פעלע ניט רעדן, ווארום מיר קענען זיך דאָך זייער גרינג פאָרשטעלן אַן אבוד נשמה פאַל, אין וועלכן עס זאָל זיך אַן עלעמענט פון היזק ממון דווקא יאָ גע־פינען, ווי אין דעם פאַל פון השורף גדיש ועבד כפות לו וגדי סמוך לו, אָדער אין דעם פאַל וועגן וועלכן מיר רעדן טאַקע, ווען דער קרבן איז ניט קיין בן חורין, נאָר אַן עבד — איז בנוגע תשלומי ממון אַלס גלאַט אַ געלט שטראָף, דאָס וואָס מיר זאָגן, אַז עס איז קיין מעג־לעכקייט פאַראַן צו רעדן אַפילו וועגן אַזעלכע תשלומי ממון אין דעם פאַל, באַציט זיך אין אמתן אויך אויף יעדן אבוד נשמה פאַל. ווארום מיר קענען זיך בשום אופן ניט פאָרשטעלן קיין שום אבוד נשמה פאַל,

אין וועלכן עס זאָל זיך קענען געפינען אַזאַ עלעמענט, וואָס זאָל מעג־לעך מאַכן צו רעדן וועגן דעם פאַל אַלס אַזעלכן, אין וועלכן עס קענען אָנגעווענדט ווערן תשלומי ממון אַלס סאַבסטיטוט שטראָף. אין קיין אבוד נשמה פאַל, אונטער וואָס פאַר אומשטענדן ער זאָל זיך ניט ווייזן פאַר אונדז, קען זיך אַזאַ עלעמענט ניט געפינען. תשלומים אַלס סאַבסטיטוט פאַר עונש מיתה — אַזאַ זאַך געפינט זיך ניט אין דער יידישער יוריספּרודענץ. און ווייל אַזאַ זאַך געפינט זיך ניט אין איר, קען שוין במילא ניט אויסקומען, אַז אַן אבוד נשמה פאַל זאָל אַפילו נאָר אינהאַלטלעך אַזאַ עלעמענט קענען ענטהאַלטן אין זיך. מיט דער טענה, אַז עס איז קיין יושר ניט, דער בעל הבית זאָל אין דעם פאַל שאָדנלאָז אַרויסקומען, דאַן, ווען אין יענעם פאַל — אין פאַל פון אַ שור המועד במתכוון — האָט ער אַזויפיל צו פאַרלירן, קען מען ווייט ניט פאַרפאָרן. עס איז אויך אין די פילע אַנדערע פעלע קיין יושר ניט, אַז דאַן, ווען מיר קענען ניט דעם באַשולדיקטן מחייב מיתה זיין, זאָל ער גאָר אינגאַנצן אונבאַשטראָפט בלייבן. עס וואָלט אַ יושר געווען אויך דאָ, מען זאָל אים כאָטש איבער דער קעשענע שלאָגן.

אויך די טענה, אַז מיר האָבן אַ רעכט צו פּראַקטיצירן תשלומי ממון דאָ אַלס שטראָף דערפאַר, וואָס אינדירעקט ליגט דער כופר אויך ווי אַ געלט שטראָף אויף דעם בעל השור, האָט קיין האָפט ניט. ווי עס זעט אויס, מוז מען אָננעמען, אַז פאַרקערט: טאַקע דערפאַר, וואָס דאָרטן איז די דאָזיקע געלט שטראָף נאָר אַן אינדירעקטע, אַן אויטאָ־מאַטישע, טאַקע דערפאַר, וואָס דאָרטן איז דער בפירושער בכוונהדיקער מאָטיוו פון כופר נאָר דער עניין פון פדיון נפש, קען קיין רעדע ניט זיין וועגן תשלומי ממון אין דעם פאַל, וואו זיי וואָלטן מוזן נאָר אַלס שטראָף פיגורירן. סוף כל סוף קומען דאָך די תשלומי ממון נאָר אין דער פאָרם פון כופר דאָרטן, טאָ פאַר וואָס זאָלן מיר ניט אָננעמען, אַז טאַקע נאָר אין דער פאָרם קענען תשלומי ממון קומען, אָבער ניט דאַן, ווען זיי מוזן באַטראַכט ווערן אַלס גלאַט תשלומי ממון, וואָס זיי קענען דאַן ניט, ווי נאָר אַלס אַ שטראָף באַטראַכט ווערן. און דע־ריבער איז פונקט ווי אין אַלע אַנדערע פעלע קען בשום אופן ניט גילטן דער עניין פון תשלומי ממון אַלס שטראָף, אַזוי קענען אויך ניט אין דעם פאַל קיינע תשלומי ממון אַנגעווענדעט ווערן. דער כופר אין פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון קען דאָ גאָר ניט

העלפן. אָביעקטיוו גענומען גייט ניט דער כופר איבער דער ליניע פון דינען אַלס שטראָף אין דעם פאַל. מיר לייגן אים ניט אַרויף אַלס שטראָף אויף דעם בעל השור. נאָר אין סוביעקטיווען אַספעקט פון דעם פאַל, דאָס הייסט: אין באַצוג צום בעל השור, וועלכער לײדט אַ חסרון כיס מצד דעם, וואָס מען האָט אים כופר מחייב געווען, קען מען אים — דעם כופר — מיט דעם עניין פון שטראָף פאַרבינדען. אויף אים ליגט ער ווי אַ שטראָף, אין דעם זין, אַז ער — דער בעל השור — ווערט דורך דעם מאַטעריעל געטראָפן. מיר אָבער, ווי געזאָגט, לייגן איב ניט אַרויף אויף דעם בעל השור ווי אַ שטראָף. פאַר אונז איז דאָס, וואָס דער כופר שפּאַנט איין אין זיך אַ געלט פאַרלוסט פאַר דעם בעל השור, מער ניט, ווי אַ ניט בכוונהדיקע אונפאַרמיידלעכע אימפּליקאַציע פון דעם עונש פון פדיון נפש, אונטער וועלכן מיר וואַרפן דעם בעל השור אונטער.

## כ״ו

נאָר אויגנשיינלעך אָבער קען זיך אויסווייזן, אַז די דאָזיקע טענות זיינען שטאַרק גענוג אויף אָפּצופרעגן דעם הויפּט טעזיס, וואָס מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אויף צו באַגרינדן רבהס מיינונג. אין אמתן אָבער האָבן זיי קיין האָפּט ניט. ווארום אין אמתן דאַרף געמיינט ווערן מיט דעם וואָס מיר זאָגן, אַז מיר מאָנען אויף דאָ די תשלומי ממון „אַלס אַ געלט שטראָף" דווקא און טאַקע אין דעם זין, אַז זיי זאָלן קומען אַלס אַ גוטמאַכונג פאַר אַ געשעענעם געלט פאַרלוסט אין דעם פאַל. ווארום נאָר אויבנאויף קען זיך אויסווייזן, אַז עס קען דאָ קיין רעדע ניט זיין וועגן אַ געשעענעם געלט פאַרלוסט. אין אמתן אָבער, ווי געזאָגט, קען מען שוין גראָדע זייער שטאַרק רעדן וועגן דעם אין דעם פאַל. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ פאַרשטויסענעם פון אונדזער אויפמערקזאַמקייט היזק ממון מאָמענט וואָס געפינט זיך — און ווייל ער געפינט זיך אין אַלע אַנדערע אבוד נשמה פעלע, געפינט ער זיך במילא אויך אין אונדזער פאַל — אין יעדן אבוד נשמה פאַל — און ווערט אין דעם פאַל צום פאָדערגרונד געבראַכט.

ווארום אין אמתן איז דאָס, וואָס מיר זאָגן, אַז אַ פאַל, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז אבוד נשמה, איז אויסשליסלעך נאָר אַ דיני

נפשות פאל, וואס האט אבער גאר ניט מיט דיני ממנות צו טאן, מיינט נאר צו באהויפטן, אז פאר דעם רעאגירן פון דעם בית דין אין אזא פאל, איז דא ניט מער ווי נאר דער ענין פון אבוד נשמה פאראן. עס מיינט אבער כלל ניט צו זאגן, אז דער דאזיקער פאל, — און מעג זיך האנדלען אין אים אפילו וועגן אזא אבוד נשמה ענין, וואס איז מיט מיתת בית דין פארבונדן, און אויף אזויפיל נאך, אז דער מיתת בית דין ווערט טאקע אין איבו — אין דעם אבוד נשמה פאל — אויך דורכגעפירט, און עס איז נאך דערצו קיין מעגלעכקייט פארהאן צו געפינען אין אים אן אספעקט פון א דיני ממונות פאל, ניט אויף א דירעקטן און ניט אויף אן אינדירעקטן אופן — דאס הייסט, ניט אזא היזק ממון מאמענט, וואס זאל פאראורזאכט ווערן אין דעם פאל, פון דעם עצם פאקט פון אומקום פון קרבן, ווייל עס איז דא פאראן ווער ווי אין פאל ווען דער קרבן איז אן עבד, וואס דער אומגעקומענער איז דעם הארס זיינעם א נכס ממון געווען, און ניט ווידער, אזא, וואס שטאמט דערפון, וואס דער פארברעכערישער אקט פון באשולדיקטן האט געבראכט מיט זיך ניט נאר דעם אומקום פון קרבן, נאר אויך די פארניכטונג פון א ריינעם באזונדערן נכס ממון פון וועמען — איז לויט דעם פאקטישן אינהאלט זיינעם — ביי אלעם דעם, וואס לויט דעם אורטייל בנוגע דעם באשולדיקטן, וואס עס איז מעגלעך פאר אונדז ארויסצוטראגן אין אזא פאל, קען גאר קיין רעדע ניט זיין וועגן טראכטן אפילו וועגן אזא פארבינדונג — לחלוטין אויף קיין אופן ניט מיט אן עלעמענט פון היזק ממון פארבונדן.

דאס לעבן פון יעדן מענטשן האט א גשויסן געלט ווערט. דעריבער איז אויך אין יעדן פאל, אין וועלכן עס האנדלט זיך וועגן דעם אומקום פון א מענטשן, האנדלט זיך במילא אין אים אויך וועגן דעם פארלוסט פון א געלט ווערט ,איז במילא אין אים שוין אויך אן עלע־מענט פון היזק ממון פאראן.

דער אונטערשייד באשטייט נאר אין דעם, וואס אין יענע פעלע — אין די אבוד נשמה פעלע, וועלכע ווערן אויך פון א דירעקטן אדער אינדירעקטן בפירושן היזק ממון באגלייט — האנדלט זיך וועגן א היזק ממון שיש לו בעלים, און דא — אין די — רעלאטיוו צו יענע — ריינע אבוד נשמה פעלע — אין א היזק ממון שאין לו בעלים. דאן, ווען דארטן קען מען אנווייזן אויף דער יורידישער פערזאן, וועלכע

איז פון דעם היזק ממון געטראָפן געוואָרן, וואָס בכלל געגומען האָט זי — ווען אַפילו אַמאָל אין אַ פיל באַגרעניצטער פאָרם נאָר — אַן אייגנטום רעכט אויף דעם פאַרניכטעטן אָביעקט, וואָס די פאַרניכטונג אָדער אומברענגונג זיינע האָט אים — דעם אייגנטימער — אַ געלט פאַרלוסט געבראַכט, איז דאָ, אין די רעלאַטיוו ריינע אבוד נשמה פעלע, אַזאַ יורידישע פערזאָן ניט פאַראַן. עס איז דאָ דער עניין פון היזק ממון פאַראַן. עס איז אָבער דאָ קיין ניזוק ניט פאַראַן.. דאָס מיינט: עס איז דאָ ניטאָ קיינער, וואָס זאָל קענען פרעטענדירן, אַז ער איז דער, וואָס זאָל קענען באַטראַכט ווערן אַלס דער יעניגער, וואָס איז פון דעם דאָזיקן היזק ממון געטראָפן געוואָרן, וואָס דער דאָזיקער היזק ממון דאַרף אַלס זיין פאַרלוסט באַטראַכט ווערן. אַ געלט פאַר־לוסט האָבן מיר אין דעם פאַל. קיין פאַרלירער האָבן מיר אָבער אין איב ניט. עס איז אין דעם פאַל קיינער ניטאָ, וואָס זאָל קענען טענהען, אַז אים דירעקט האָט אָט דער היזק ממון אָנגערירט, וואָס זאָל קענען פרעטענדירן, אַז ער האָט געוויסע אייגנטום רעכט אויף דעם קרבן געהאַט. צי עס קען אָבער ווער האָבן אין דעם פאַל אַזאַ רעכט — דאָס דאָזיקע רעכט באַדאַרף סיי ווי ניט פאַרשטאַנען ווערן דאָ, ווי נאָר אין זין פון נאָר „לדרוש“, אָבער בשום אופן ניט אין זין פון „כדי לקבל שכר. ווי נאָר אין דעם זין ווערט אויך אין די מער־סטע אבוד נשמה פעלע פון דער צווייטער קאַטעגאָריע דאָס רעכט פון אייגנטום, וועגן וועלכן עס ווערט גערעדט אין זיי, פאַרשטאַנען — צי אַזאַ זאַך איז לחלוטין אויסגעשלאָסן, האָט עס מיט דעם עצם פאַקט, אַז אַפילו אַזאַ פאַל איז מיט דעם עניין פון היזק ממון פאַרבונדן, גאָר ניט צו טאָן. דער עניין פון היזק ממון איז אויך דאָ פאַראַן. מער ניט, ווי שוין אימפליצירט, דער דאָזיקער היזק ממון מאָמענט איז אַזאַ, וואָס קען ניט אַקטיוויזירט ווערן. דער אַקרעדיטירטער צו אָט יענע פעלע היזק ממון מאָמענט איז ניט אַזאַ, וואָס זאָל קענען באַטראַכט ווערן — ווען אַפילו להלכה נאָר, ווי אין יענע פעלע — אַלס אַזעלכער, וואָס מיר זאָלן קענען אַ תובע זיין פאַר אים, וואָס מיר זאָלן ניט קענען דעם פאַקט פון זיין עקזיסטענץ פאַרזען. כאָטש אָבער ער קען ניט אַקטיוויזירט ווערן, כאָטש ער איז ניט אַזאַ, וואָס פאַרמאָגט אין זיך די נויטיקע לעבנספעאיקייט, ער זאָל אַקטועל פונקציאָנירן קענען, ער זאָל זיך לאָזן פילן אויף אַזויפיל כאָטש, אַז מיר זאָלן מוזן לכל הפחות דעם

הוילן פאַקט פון זיין עקזיסטענץ קאָנסטאַטירן, שוין ניט רײדנדיק וועגן דעם, ער זאָל זיך אויך קענען אין רעאַלער פּראָדוקטיווער עק־זיסטענץ רעאַליזירן, קען ער אָבער נאָך אַלץ ניט גאָר אינגאַנצן אַלס ניט עקזיסטירענד באַטראַכט ווערן. ער לעבט אַ פּאַרטייעט לעבן, וואָס קען ניט קיינמאָל אין אַ קאָנקרעטער עקזיסטענץ פאָרם זיך מאַ־ניפעסטירן. ער באַזיצט אָבער דעם פּאָטענציאַנעלן כוח, אַז ווען די סטרוקטור פון דעם פאַל זאָל אַ ביסל געענדערט ווערן — מיר רעדן וועגן אַזאַ ענדערונג — קיין אַנדערע איז ניט מעגלעך — וואָס איז ראשית כל פאַרבונדן מיט אַ פּאַראורזאַכטער אוממעגלעכקייט צו פאַר־אורטיילן צום טויט דעם פאַרברעכער — זאָל קענען דאַן אין פרינציפּ דערלאָזט ווערן די מעגלעכקייט דער דאָזיקער היזק מאָמענט זאָל אין אַכט גענומען ווערן, אַז ניט נאָר זאָל ער דאַן פלוצלינג אַלס עקזיסטירנ־דער ערשיינען, נאָר ער זאָל אויך אין רעאַלער עפעקטיווער עקזיס־טענץ — איך מיין אין דעם זין, עס זאָל מעגלעך זיין דורך אים אין דעם אבוד נשמה פאַל, אויף דעם באָדן פון וועלכן ער באַווייזט זיך פאַר אונדז, אויך דעם עניין פון תשלומי ממון פּראַקטיצירן — זיך מאַניפעסטירן.

---

אַז עס קען מעגלעך זיין, אַז אַ דיני נפשות פאַל, וואָס אין פלוג קען מען זיך קוים פאָרשטעלן, אַז דער בית דין זאָל דאַרפן זען אים אַלס אַזעלכן, אין וועלכן עס זאָל אויך דער מאָמענט פון אַ געוויסער פאָרם פון אַ מעגלעכער תשלומי ממון פאָדערונג קענען געפינען פלאַץ פאַר זיך, אַ מאָמענט פון אַ תשלומי ממון פאָדערונג, וואָס ער — דער בית דין — זאָל מוזן איב אין דעם אורטייל, וואָס ער באַדאַרף אַרויס־טראָגן בנוגע אַ געוויסן פּראָבלעם, וואָס קען אויף דעם באָדן פון אַ געוויסן אינהאַלט־אַספּעקט פון דעם דאָזיקן פאַל אַרויסוואַקסן — אין אַכט נעמען, זאָל אין אמתן יאָ פלאַץ פאַר זיך געפינען דאָרטן, און ניט נאָר דאָס, נאָר ווייל ער געפינט זיך יאָ דאָרטן, כאָטש אין אַ פאַרגלי־ווערטן, אומבאַוועגלעכן צושטאַנד, וואָס קען צו קיינע רעזולטאַטן ניט פירן, ווערט אויך מעגלעך, ער זאָל זיך אין דעם זעלבן פאַל טאַקע — אונטער עטוואָס געענדערטע אומשטענדן — אַלס פונקציאָנירנדער, עפעקטיווער פאַקטאָר אַרויסווייזן אין דער פאָרמירונג פון אונדזער אור־טייל בנוגע אַ געוויסן עניין, וואָס געפינט זיך איצט אין אים, און

פריער האָט ער זיך אין אים ניט געפינען — אַלס די בעסטע אילוס־טראַציע דעריוף קען אונדז דער פאַל פון הבא על אמו דינען.

דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ דיני נפשות פאַל, אין וועלכן עס האַנדלט זיך כלל ניט אין אבוד נשמה. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ פאַר־זינדיקן זיך וועגן גאָט, פאַר וועלכן עס קומט סקילה. אין פלוג מוז דאַכט זיך אויסקומען, אַז ווי מיר זאָלן ניט אין דער לענג און אין דער ברייט דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן פאַל צעאַקערן, וועט בשום אופן ניט מעגלעך זיין פאַר אונדז אויסצוגראָבן פון דאָרטן עטוואָס אַזוינס, אין וועלכן עס זאָל זיך אַ דיני ממונות עלעמענט געפינען; עטוואָס אַזוינס, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן פאַר אונדז צו רעדן וועגן אַ געלט אַספעקט, וואָס זאָל אין דעם פאַל פאַרטראָטן זיין. און דער־צו נאָך זאָל דער דאָזיקער געלט אַספעקט פון אַזאַ שטאַרק עפעקטיוון כאַראַקטער זיין, אַז ער זאָל זיך אַרויסווייזן אַלס דעצידירנדער פאַק־טאָר אין אונדזער באַשטימען דעם אורטייל, וואָס מיר באַדאַרפן אַרויס־טראָגן בנוגע אַ געוויסן פּראָבלעם, וואָס מיר האָבן פאַר זיך וועגן אַן עניין, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז מיט דעם אינהאַלט פון דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן, פאַרבונדן. עס מוז ווירקלעך אויסזען זייער אויסטערליש צו דערלאָזן די מעגלעכקייט, אַז עס זאָל אין דעם פאַל קענען פיגורירן דער עניין פון אַ געלט תביעה אַלס פאַק־טאָר צו באַשטימען אונדזער אורטייל וועגן אַ פּראָבלעם, וואָס וואַקסט פאַר אונדז אַרויס פון דעם באָדן זייִנעם. דער פאַקט איז אָבער, אַז אַזאַ אויסטערלישע מעגלעכקייט ווערט אונדז אין דעם פאַל ווירקלעך געגעבן.

אוודאי ווערט אונדז ניט געגעבן די דאָזיקע מעגלעכקייט אין דעם זין ,אַז ווען עס קומט אַזאַ פאַל פאַר דעם בית דין זאָל די ער־שטע פליכט זיינע זיין, אַז ער זאָל ראשית חכמה באַזאָרגט זיין וועגן דעם, צי די אומגליקלעכע זונה מוטער נעבעך איז ניט געקריוודעט געוואָרן, צי דער בן יקיר אירער, צו וועלכן זי האָט אַזויפיל ליבע געפילט, אַז זי האָט ניט נאָר מיט זיין אַ מאַמע צו אים געוואָלט יוצא זיין, נאָר אויך געוואָלט אַ ווייב זיין צו אים, האָט איר דעם „מוהר" הזונות אָפּגעצאָלט; אַז אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז נעבעך טאַקע יאָ געקריוודעט געוואָרן, אַז עס איז דאָ אַ גזל משפט געשען, דאַרף ער ראשית כל זען לתקן את המעוות זיין, דאַרף די ערשטע

פליכט זיינע זיין דעם ענין פון להשיב את הגזילה לבעליה מקיים זיין. דארף די ערשטע זאָרג זיינע זיין אין דעם פאַל צו צווינגען אים, ער זאָל איר די תשלומי ממון, וואָס איר קומט, אָפּגעבן. אויך ניט אין דעם זין אַפילו, אַז לכל הפחות דאַרף דער בית דין אויף אַזויפיל אין דעם פינאַנציעלן וואוילזיין אירן פאַראינטערעסירט זיין, אַז אין אַ פאַל, ווען זי האָט דעם שיקזאַל אירן אין אירע אייגענע הענט אַריינגענומען, אַז ווען זי קומט זיך קלאָגן פאַר דעם בית דין אויף איר זון, אַז ער האָט איר באַגזלט, אַז זי האָט פון אים דעם האָנאָראַר, צו וועלכן, ווי זי דענקט, זי איז באַרעכטיקט, ניט באַקומען, דאַרף דער בית דין פילן זיך פאַרפליכטעט צו צווינגען אים אירע פאָדערונגען צו באַפרידיקן.

ניין. אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן די דאָזיקע צוויי ביישפילע, מוז דאָס ווירקלעך אויסזען, לויט דעם ווי דער בית דין דאַרף האַנדלען אין זיי, אַז עס קען גאָר קיין רעדע ניט זיין וועגן באַטראַכטן דעם דאָזיקן פאַל אַלס אַזעלכן, וואָס אויף אַ געוויסן אופן איז אין איב אויך אַן עלעמענט פון דררא דממונא פאַראַן, אַלס אַזעלכן, וואָס ניט אונטער אַלע אומשטענדן מוז זיך דער אינהאַלט זיינער אויסשעפּן, נאָר אין דעם וואָס דער תכשיט, וואָס שטייט פאַר זיי, האָט אויף איינעם פון די שווערסטע גלוי עריות זינד עובר געווען; אַז עס קען גאָר קיין רעדע ניט זיין, אַז אויסער וועגן דעם, וואָס מען באַדאַרף דעם חוטא לסקילה דן זיין פאַר דער שווערער זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען, קענען מיר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן פאַל נאָך וועגן אַן אַנדער זאַך טראַכטן.

זי ווערט אונדז געגעבן די דאָזיקע מעגלעכקייט אין אַזאַ „הבא על אמו" פאַל, ווען עס קען זיך ניט האַנדלען וועגן דעם, צי מיר זאָלן יאָ אָדער ניט זיך רעכענען מיט דער גוטמאַכונג פון אַ ניט באַפרידיקטער געלט תביעה, וואָס זאָל זיין פאַרטראָטן אין אים, ביים באַשטימען אונדזער אורטייל וועגן פאַרברעכער; אין פאַל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ „בא על אמו", וואָס איז אַ געוואַלדיקער נזהר, ער זאָל חלילה אין דעם עניין פון גזילה ניט נכשל ווערן, וואָס אויס מורא, עס זאָל, חלילה ניט קומען צו דעם, אַז דער בית דין זאָל אים דאַרפן אין זיין הייליקער התחייבות דערמאָנען, אָדער, אַז די מאַמע זיינע זאָל אים

פאַר דעם בית דין פאַרקלאָגן, האָט ער אַליין, ווען ער איז געווען מיט איר, פאַר איר מוטערלעכער ליבע צו אים איר באַצאָלט.

אין אַזאַ פאַל טרעט שוין זייער שאַרף אַרויס פאַר אונדז דער מאָמענט פון אַ געלט תביעה. און דערצו נאָך אין אַ זייער עפעקטי־ווער פאָרם. ער טרעט אַרויס פאַר אונדז דאַן אַלס פאַקטאָר פון דע־צידירנדן כאַראַקטער. אמת די ווירקזאַמקייט זיינע קען זיך ניט מאַ־ניפעסטירן בנוגע דעם אורטייל, וואָס מיר דאַרפן אַרויסטראָגן איבער דעם פאַרזינדיקטן. די זעלבע טויט שטראָף, וואָס וואָלט אים געווען ערוואַרטעט, ווען ער זאָל ניט געווען אַזוי שטאַרק מורא האָבן פאַר נכשל ווערן אין גזילה חס ושלום, ערוואַרטעט אים אויך איצט. בנוגע דעם פונקט קומט דאָ קיין ענדערונג ניט פאָר. אויף וויפיל עס האַנדלט זיך נאָר וועגן דעם אַליין, בלייבט אויך דאָ דער עניין פון אַ מעגלע־כער געלט תביעה, ווי ער וואָלט דאַן געווען. דער דאָזיקער מאָמענט פון אַ געלט תביעה מאַניפעסטירט זיין אָנוועזנהייט אין דעם פאַל — און ווי געזאָגט, אין פולער ווירקזאַמקייט — דורך דעם, וואָס אין דעם פאַל, ווען מיר שטייען שוין פאַר אַ געשעענעם פאַקט, שווימט אַרויס אַ פראַגע בנוגע די תשלומי ממון, וועגן וועלכע מען וואָלט אַזוי אין אַ פאַל פון „הבא על אמו" יאָ געקענט אָדער ניט געקענט רעדן — צי מען באַדאַרף זיי באַטראַכטן פאַר אַן אתנן זונה, ווי אַלע אַנדערע זונה „האנאָראַרן", אָדער ניט. און דער ענטפער, וואָס מיר געבן אויף דער דאָזיקער פראַגע, איז ,אַז זיי באַדאַרפן יאָ באַטראַכט ווערן אַלס אתנן זונה, און ווי אַלע אַנדערע אתנן זונות, טאָרען אויך זיי ניט גע־בראַכט ווערן לבית ה.

וואָרום מיר זאָגן, אַז דאָס, וואָס עס קען בשום אופן ניט געמאָלט זיין, אַז אַזוינע תשלומי ממון זאָלן קענען אויפגעמאָנט ווערן פון בית דין, ווי אין יעדן אַנדערן פאַל, וואָס האָט מיט דיני ממונות צו טאָן, קען ניט אַלס געניגענדע אורזאַכע דינען, מען זאָל מוזן די שוין גע־געבענע תשלומי ממון ניט אַלס אתנן, נאָר אַלס מתנה באַטראַכטן. נאָר אַלס מתנה וואָלטן זיי געקענט באַטראַכט ווערן, ווען עס וואָלטן פון לכתחילה אָן אין אַ פאַל פון „הבא על אמו גאָר אינגאַנצן ניט געווען קיי־נע עלעמענטן, וואָס קענען געשטעלט ווערן אין שייכות מיט תשלומי ממון, און דאָס, וואָס ס'איז אונמעגלעך פאָרצושטעלן זיך די מעגלעכ־קייט, אַז תשלומי ממון זאָלן אויפגעמאָנט ווערן דורך דעם בית דין פאַר

דער מוטער, וואָס זאָל קומען מאַנען זיי, וואָלט נאָר פון דעם אַ פאָלגע געווען, ניט פון דעם, וואָס דאָ האַנדלט זיך וועגן „קים ליה בדרבה מיניה, ווייל מען מוז דעם באַשולדיקטן צום טויט פאַראורטיילן, וואָס אין אַזאַ פאַל ווערט יעדער מין געלט תביעה, וואָס גייט צוזאַמען מיט דעם פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען פאַראורטיילט דעם פאַרברעכער צום טויט, אַנולירט אינגאַנצן.

אין דעם פאַל, אַלזא, וואַקסט פלוצלינג אויס פאַר אונזערע אויגן דער מאָמענט פון תשלומי ממון, וואָס פריער, ווי עס באַדאַרף הייסן האָבן מיר אינגאַנצן די עקזיסטענץ זיינע ניט באַמערקט, און ווערט דער אַנטשיידענדער פאַקטאָר בנוגע אַ געוויסן אַספּעקט פון דעם פאַל, וואָס אַנבאַלאַנגט דער מסקנה צו וועלכער מיר דאַרפן קומען בנוגע דעם אור־טייל, וואָס מיר דאַרפן דאַן אַרויסטראָגן.

## כ"ז

דער „היוצא לנו מזה" פון דעם אַלעם, וואָס עס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, איז, אז רבהס פסק דין פאַרמאָגט אַ גאַנץ געזונטע לאָגישע באַגרינדונג. מיט דעם, וואָס מיר זיינען מחייב דעם בעל השור דמים ביי אַ שור המועד שלא במתכוון, רייסן מיר זיך ניט אַריין מיט אַ פרעמדן עלעמענט אין אונדזער פראָבלעם, הייסט דאָס כלל ניט, אַז מיר פאַרוואַנדלען פלוצלינג אַ דיני נפשות פאַל אין אַ פאַל פון דיני ממונות.

עס קומט דאָ ניט מער פאַר ווי נאָר דאָס, וואָס קומט פאָר אין דעם „הבא על אמו פאַל". פונקט ווי דאָרט אַקטיוויזירט זיך דאָס פאַרטייעטע לעבן פון דעם געלט מאָמענט, וואָס געפינט זיך אין אינ־האַלט פון דעם דאָזיקן פאַל, ווען עס ווערט געשאַפן אַ מעגלעכקייט דערויף, און מאַניפעסטירט זיך אַלס כוח, וועלכן מען קען ניט פאַר־בייגן, ניט באַמערקענדיק אים, ווי עס געשעעט מחוץ דער דאָזיקער מעגלעכקייט אין זעלבן פאַל, ווען מיר פאַרדעכטיקן אַפילו ניט די עקזיסטענץ זיינע; אַלס כוח, מיט וועלכן מען מוז זיך רעכענען, אַזוי איז אויך דאָ דאָס זעלבע. דאָס מחייב זיין דמים דעם בעל השור אין דעם פאַל הייסט כלל ניט אַזאַ אורטייל אַרויסטראָגן, וואָס קען גאָר אין קיין שום שייכות ניט געשטעלט ווערן מיט דעם אינהאַלט פון

דעם פּאַל, בנוגע וועלכן ער ווערט אָנגעווענדעט. מיר האָבן דאָ קיינע יוצרות ניט פאַרביטן. מיר האָבן דאָ ניט אַרויסגעטראָגן קיין פּסק דין, וואָס פּאַסט זיך גאָר ניט צום אינהאַלט פון פּאַל, בנוגע וועלכן מיר האָבן אים אַרויסגעטראָגן. דער חיוב דמים ווערט אָנגעווענדעט ווייל אין דעם אינהאַלט פון פּאַל, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, געפינט זיך טאַקע דער עניין פון אַ געלט פאַרלוסט אין די אַלע פאַרשיידענע פּאַרמאַציעס זיינע, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע אבוד נשמה פּעלע. מער ניט, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע נשמה פּעלע ווערט אים אין די מערסטע רעפּרעזענטאַציעס זיינע ניט געגעבן די מעגלעכקייט צו מאַניפעסטירן די עקזיסטענץ זיינע, אַזוי, אַז עס קומט אויס, אַז באמת עקזיסטירט ער טאַקע גאָר ניט, אַזוי איז דאָ אויך דאָס זעלבע. אויב אין די אַלע אַנדערע פּעלע פון ענייני שור רעדן מיר ניט וועגן מחייב זיין דמים דעם בעל השור — איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס אינהאַלטלעך איז דאָ דער עניין פון אַ געלט פאַרלוסט אין אָט יענע פּעלע ניט פאַראַן, נאָר דערפאַר, וואָס דער געלט פאַרלוסט, וואָס איז פאַראַן אין זיי, ווערט דאָרטן רעפּרעזענטירט אין אַזאַ פּאָרם וואָס מאַכט, אַז דער דאָזיקער מאָמענט פון געלט פאַרלוסט זאָל מוזן אומבאַמערקט בלייבן, זאָל ניט קענען אין אַכט גענומען ווערן. ווי אין אַלע אַנדערע אבוד נשמה פּעלע קען קיין רעדע ניט זיין אַרויסשטעלן אַ געלט תביעה אין זיי ניט דערפאַר, וואָס אינהאַלטלעך קענען זיי ניט באַטראַכט ווערן אַלס אַזעלכע, אין וועלכע עס איז אַ געלט פאַרלוסט פאַרטראָטן, נאָר דערפאַר, וואָס זיי באַלאַנגען צום קלאַס פון דיני נפשות-פּעלע, וואָס אין זיי, ווען אפילו די טויט שטראָף, וואָס וואָלט די באַשולדיגטע באַדאַרפט געגעבן ווערן, ווערט זיי ניט געגעבן, ווען אַפילו פון לכתחילה אָן זיינען זיי אַזוינע בנוגע וועלכע מען קען קיין טויט אורטייל ניט אַרויסטראָגן אין זיי. אויף די באַשולדיגטע — דאָמינירט דער דירעקטער האַרבער אינ־האַלט פון דעם פּאַל — דער פּאַקט פון אומברענגען אַ מענטשן — איבער דעם אינדירעקטן אינהאַלט זיינעם — דער געלט פאַרלוסט, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דעם דאָזיקן אומקום — אויף אַן אופן, ער זאָל גאָר אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן. און ווייל דאָ זיינען די ביידע מאָמענטן — דער מאָמענט פון געלט פאַרלוסט און דער מאָ־מענט פון דער אומקום פון קרבן — אין איין אַקט פאַרבונדן און זיי

שטעלן מיט זיך ניט פאַר צוויי באַזונדערע אַקטן, ווי אין מאַנכע פון אַנדערע דיני נפשות פעלע, מיט וועלכע עס גייט אַ בפירושע געלט תביעה צוזאַמען, ברענגט די דאָזיקע אנולירונג אויך צו דעם — אַלענ־פאַלס, ווען דער קרבן איז אַ בן חורין — עס זאָל אויסזען, אַז דער עניין פון אַ געלט פאַרלוסט עקזיסטירט פון לכתחילה אָן גאָר אינגאַנצן ניט אין זיי. דער חיוב דמים דעריבער, וואָס מיר לעגן אַרויף אויף דעם בעל השור אין פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון, לויט רבהן, איז דאָ ניט קיין פאַרבלאָנדזשעטער פון אַנדערע ערגיץ גאָר ווייטע מרחקים, וואָס פאַסט גאָר ניט אַהערצו, ווייל דאָ האַנדלט זיך דאָך גאָר ניט וועגן אַ געלט פאַרלוסט, נאָר וועגן אַ פאַרלוסט פון אַ לעבן. ער איז אויפן ריכטיקן פּלאַץ און ווערט אויך אויפן ריכטיקן אופן אָנגעווענדעט. וואָרום אין אמתן האַנדלט זיך ניט דאָ, ווי בכלל אין אַלע ענייני שור נאָר אין פאַרלוסט פון אַ לעבן, נאָר אויך אין אַ געלט פאַרלוסט, וואָס איז דורך דעם דאָזיקן פאַרלוסט פון לעבן פאַראורזאַכט געוואָרן. דער חיוב דמים דאַרף דאָ ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ סאַב־סטיטוט פאַר דעם „דמו ישפך״, וואָס וואָלט אים — דעם באַשולדיקטן — באַדאַרפט קומען פאַר דעם, וואָס ער איז דורך דעם אָקס זיינעם אַ „שופך דם האדם״ געוואָרן, נאָר גאָר פשוט אַלס אַ גוטמאַכונג פאַר דעם געלט פאַרלוסט, וואָס דער אָקס זיינער האָט פאַראורזאַכט דורך דעם, וואָס ער האָט דעם קרבן זיינעם אומגעבראַכט. אָט די פּאַטענצי־אַנעלע מעגלעכע געלט תביעה, וואָס איז פאַרטראָטן אין יעדן פאַל פון אבוד נפש, וואָס קען אָבער דאָך ניט צוב וואָרט קומען אין די אַלע אַנדערע שור פעלע, פאַר וועלכע מיר קענען ניט אין די אַלע אַנדערע שור פעלע אַ גוטמאַכונג פאָדערן, ווערט דאָ אַ רעאַלער כוח, קומט דאָ צו פולן אויסדרוק. מיר פילן זיך באַרעכטיקט דאָס צו טאָן, וואָרום אין דעם פאַל האַנדלט זיך גאָר אינגאַנצן ניט וועגן מיתת בית דין. די אַלע אבוד נשמה פעלע, וואָס קומען דורך אַ שור הנגח, באַלאַנגען דאָך צו דעם קלאַס פון נשמה פעלע, וואָס פון לכתחילה אָן גילט אין זיי ניט קיין מיתת בית דין, אַזוי, אַז עס וואָלט ניט באַדאַרפט זיין קיין אָפּהאַלט, עס זאָל אויפמערקזאַמקייט געשענקט ווערן דעם מאָמענט פון געלט פאַרלוסט אין די דאָזיקע אבוד נשמה פעלע. דער איינציקער עכוב דאָ איז דאָס, וואָס מיר זעען אָבער ניט, אַז די תורה זאָל דאָס טאָן. זי טוט דאָס ניט אַפילו אין דעם פאַל פון אַן עבד,

וואָס איז אומגעקומען דורך אַ שור תם, וואָס דאָ איז אויך אַ יורידישע פּערזאָן פאַראַן, וואָס זאָל קענען דער דירעקטער תובע זיין פאַר דעם געלט פאַרלוסט, וואָס עס איז אים פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דעם טויט פון קרבן. אויך דאָ האָט זי דעם עניין פון תשלומי ממון ניט אַריינגענומען. אין דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן, אין דעם פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון, דאַרף אָבער דער דאָזיקער עכוב זיין וואלידיטעט ניט אָנהאַלטן. ביים שור המועד זעען מיר, אַז די תורה האָט יאָ אַריינגענומען דעם עניין פון תשלומי ממון, ווען אַפילו נאָר אין דער פאָרם פון כופר. קענען מיר דעריבער אויף דעם סמך אויסבּרייטערן דעם דאָזיקן אָבנויג אין דעם עיקר קאָנקרעטן אינ־האַלט זיינעם — תשלומי ממון פון בעל השור אויפמאָנען — אויך אויף דעם פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון. דאָס וואָס דער מאָמענט פון געלט פאַרלוסט אין דעם אינהאַלט פון דעם אבוד נשמה פאַל דאָ איז דאָ יאָ צום אויסדרוק געקומען, אי אין דעם עצם פאַקט, וואָס ווען אַפילו אין דער פאָרם פון כופר — מאָנט מען דאָך אָבער נאָך אַלץ נאָך אין דעם פאַל תשלומי ממון אויף, אי אין דעם, וואָס די דאָזיקע תשלומי ממון דאַרפן „כפי אשר יושת עליו” געגעבן ווערן פון בעל השור, שאַפּט אָפּ אין דעם פאַל פון שור המועד שלא במתכוון, וואָס איז, כמעט, דער זעלבער, ווי דער, בנוגע וועלכן די תורה האָט אַ־ר אָפּנויג געמאַכט, דעם פּרינציפּ פון אין מערבין עונש בעונש, און מאַכט מעגלעך פאַר אונדז צו באַהויפּטן, אַז אויך אין דעם פאַל דאַרף דער מאָמענט פון געלט פאַרלוסט, וואָס געפינט זיך אין דעם דאָזיקן אבוד נשמה פאַל צום אויסדרוק קומען אין דער מעגלעכער אין דעם פאַל פאָרם, אין דער פאָרם פון חיוב דמים.

פאַרוואָס דאַרף זיין אַ גורם דאָס, וואָס מען קען דאָ ניט די תשלומי ממון פּראַקטיצירן אין אָט יענער פאָרם, אין וועלכער זיי ווערן דאָרטן פּראַקטיצירט, מיר זאָלן זיי אויך אין אָט יענער פאָרם אין וועלכער, עס איז מעגלעך פאַר זיי אָנגעווענדעט צו ווערן, אין דער פאָרם פון דמים מחייב זיין דעם בעל השור ניט קענען פּראַקטי־צירן ? פאַר וואָס זאָל מען דאָ באַדאַרפן פאַרוואַרפן גאָר אינגאַנצן דעם עניין פון תשלומי ממון, וואָס די תורה האָט אַריינגעטראָגן אין אַן ענלעכן צו יענעם פאַל, נאָר דערפאַר, וואָס מען קען אים ניט רעאַ־ליזירן דאָ אין דער זעלבער פאָרם, אין וועלכער זיי ווערן דאָרטן רע־

אַליזירט, ווען על פי שכל דאַרף אויסקומען, אַז דער מיעוט פון דער תורה דאָ דאַרף זיך באַציען טאַקע נאָר אויף דער פאָרם, אין וועלכער די תשלומי ממון ווערן אין יענעם פאַל פראַקטיצירט, אָבער ניט אויף דעם עצם אינהאַלט פון תשלומי ממון מחייב זיין דעם בעל השור. פאַר־וואָס זאָל מען ניט קענען אויסברייטערן דעם אָפּנויג פון דעם פרינ־ציפּ פון אין מערבין עונש בעונש, וואָס די תורה האָט געמאַכט אין אַ פאַל פון אַ שור המועד במתכוון, אויך אויף אַ פאַל פון שור המועד שלא במתכוון, ווי באַלד, אַז מיר מוזן אָננעמען, אַז אין יעדן אבוד נשמה פאַל איז דער מאָמענט פון היזק ממון — זאָל זיין, אַז בכלל גע־נומען איז ער אין זיי נאָר בכוח, איז ער פון אַ זייער באַגרעניצטן כאַ־ראַקטער — פאַראַן, ווי באַלד מיר קענען אויך אָננעמען, אַז דער באַזיס פאַר דעם, וואָס די תורה האָט געפונען פאַר מעגלעך צו מאַכן דעם אָפּנויג — ווען אַפּילו אין דער פאָרם פון כופר — ביי אַ שור המועד במתכוון איז דאָס, וואָס, ווי אין יעדן אבוד נשמה פאַל, איז אויך אין דעם פאַל אַן היזק ממון פאַראַן, וואָס נאָר דורך דעם קען אָפּגעווענ־דעט ווערן די טענה, אַז נאָכאַלעמען טראָגט מען דאָך מיט דעם כופר אַ פרעמדן עלעמענט אַריין — אַן עלעמענט פון תשלומי ממון — אין דעם פאַל; ווען, ווייל אַזוי, מוז אויך — אָדער קען — שוין במילא דער אינהאַלט פון כופר אַ צווייפאַכיקער זיין: צוזאַמען מיט דעם אַספּעקט פון פדיון נפש ענטהאַלט ער אויך אַן אַספּעקט פון גוט מאַכן אַ געלט פאַרלוסט.

---

ווען עס וואָלט זיך אָט יענער היזק ממון מאָמענט — אין דעם זין, וועגן וועלכן איך האָב גאָר פריער גערעדט — ניט געפינען אין יעדן אבוד נשמה פאַל — אויך אין יענע פעלע אַפּילו, וועלכע זיינען פון יעדן אַנדערן צומיש פון ממשותדיקן היזק ממון — דירעקטן, אָדער האַלב דירעקטן — ריין, וואָלט ניט נאָר רבהן ניט מעגלעך געווען צו רעדן וועגן מחייב דמים זיין דעם בעל הבור אין דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ די גאַנצע צייט, נאָר עס וואָלט אויך אומפאַרשטענדלעך געמוזט פאַר אונדז בלייבן, ווי אַזוי עס קען מעגלעך זיין, אַז רבי שמעון, וואָס האַלט, אַז „נתכוון לזה והרג את זה פטור ממיתה", זאָל דאָך אָבער דעם הורג תשלומי ממוז מחייב זיין; אָדער, אַז רבי זאָל אויסטייטשן דעם „ונתת נפש תחת נפש" ביים „ואם יהי אסון," אַז ער

מיינט ממון. ווי וואָלט מעגלעך געווען פאַר זיי אַריינצוטראָגן דעם ענייך פון תשלומי ממון אין אָט יענע אַלע פעלע, ווען זיי זיינַען אַלע — אַפילו אין פאַל פון שור המועד שלא במתכוון לויט רבהן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין — אַזוינע, וואָס זיינען נאָר מיט מיתת בית דין פאַרבונדן, ווען זיי זיינען אַלע ריינע אבוד נשמה פעלע, אויב עס איז אויסגעשלאָסן יעדע מעגלעכקייט צו באַטראַכטן זיי אַלס אַזוינע — טראָץ דעם, וואָס עס האַנדלט זיך אין זיי וועגן דעם אומ־קום פון אַ מענטשן — וועלכע טראָגן דאָך אַן עלעמענט פון היזק ממון אין זיך.

אינעם נאָמען פון וואָס וואָלט מען געקענט מאָנען תשלומי ממון דאָ פון די באַשולדיגטע, אויב עס איז אויסגעשלאָסן יעדע מעגלעכקייט צו באַטראַכטן זיי — אָט יענע אַלע פעלע — און ניט נאָר זיי — נאָר אַפילו די, אין וועלכע מיתת בית דין ווערט טאַקע אויך דורכגעפירט — אַלס אַזעלכע, וואָס טראָץ דעם, וואָס עס האַנדלט זיך אין זיי וועגן אבוד נשמה, איז אין דעם קאָנקרעטן, אָביעקטיוון אינהאַלט זייערן אויך דער עלעמענט פון אַ געלט פאַר־לוסט פאַרטראָטן, אָפּגעזען דערפון, צי מען נעמט אים אין אַכט אין דעם אָדער יענעם פאַל, אָדער מיר שענקען אים ניט קיין אויפ־מערקזאַמקייט, גלייך ווי עס וואָלט אַ מין אָנגענומענע אַקסיאָמע גע־ווען פאַר אונדז, אַז עס קען גאָר קיין רעדע ניט זיין אַפילו צו פאַרדעכטיקן די עקזיסטענץ פון אַזאַ אינהאַלט אין זיי. אויב עס וואָלט ניט אמת געווען, אַז אַפילו אין אַזאַ פאַל, וואו מיר האַנדלען גלייך ווי עס וואָלט גאָר ניט צו אונזער באַוואוסטזיין געקומען די עקזיסטענץ פון אַזאַ אינהאַלט, האָט דאָס מיט דעם עצם פאַקט, אַז אַזאַ אינהאַלט איז דאָך אין אים פאַרטראָטן, גאָר ניט צוטון: דורך דעם ניט מאַניפעסטירן זיך זיינעם צו אונזער באַוואוסטזיין ווערט ער נאָך ניט אַנולירט; דורך אונזער ניט פאַרדעכטיגן זיין עקזיסטענץ, קען די עקזיסטענץ זיינע ניט פאַרלייקנט ווערן.

אין וואָס פאַר אַן אַנדער הויפּט מאָטיוו וואָלט מען געקענט זוכן די באַגרינדונג פאַר דעם, וואָס עס קען געמאָלט זיין, אַז עס זאָל זיך געפינען ווער, וואָס זאָל האַלטן, אַז מען קען מחמת די אָדער יענע אומשטענדלעכע אורזאַכן אַריינברענגען אין דעם אָדער יענעם פאַל, וואָס האָט מיט אבוד נשמה צוטון, דעם ענין פון תשלומי ממון, אוי־

סער אָט יענעם מאָטיוו, וואָס נאָר ער קען פערזאָרגן מיט וואַלי־
דעט די אורזאַכן, וואָס אין זייער זכות טיילן מיר אויס אָט יענע פעלע
פון די אַלע אַנדערע פעלע, וואָס באַלאַנגען צום זעלבן קלאַס פון
פאַרברעכן, ווי די ערשטע; פון די אַלע אַנדערע פעלע, בנוגע וועל־
כע עס איז קיין מעגלעכקייט ניט פאַראַן, מען זאָל קענען וועגן
תשלומי ממון אין זיי רעדן; אויסער אָט יענעם הויפּט מאָטיוו,
אַז אין אמת׳ן געפינט זיך אין יעדן פאַל, וואָס האָט מיט אבוד
נשמה צוטון אויך אַ היזק ממון עלעמענט, מער ניט: אין געוויסע
פעלע איז די עקזיסטענץ זיינע ניט קיין מערקבאַרע, אַן אויסגע־
לאָשענע, ניט קיין רעפלעקטיווע, אַן אין זיך איינגעשלאָסענע, וואָס
מאַניפעסטירט ניט קיין שום פונקציאָנאַליטעט אַלס פאַקטאָר בנוגע
דעם אורטייל, וואָס מיר דאַרפן אַרויסטראָגן אין זיי: אַן אויסגע־
לאָשענע עקזיסטענץ, וואָס קען זיך פאַר דער אויסערלעכער וועלט
אין קיינע אויסדרוקס פאָרמען ניט רעאַליזירן, און אין אַנדערע
פעלע ווערט די דאָזיקע עקזיסטענץ יאָ אַקטיוויזירט, און פונק־
ציאָנירט — כאָטש אויבן אויף קען עס אויסזען, אַז אויך זיי זע־
נען אַזעלכע — און ווערן אויך נאָר אַלס אַזעלכע אויפגענומען —
אין וועלכע דער היזק ממון איז גאָר אינגאַנצן אָפּוועזענד — אַלס
באַדייטנדער פאַקטאָר צוריכטן אונדזער אַנטשיידונג בנוגע דעם
אורטייל, וואָס מיר דאַרפן אין זיי אַרויסטראָגן. ווי וואָלט מעגלעך
געווען, אַז עס זאָל אין זיי קענען אַ רעדע זיין וועגן תשלומי ממון
ווען עס זאָל אין זיי דער עלעמענט פון היזק ממון גאָר אינגאַנצן
אין אַלע הינזיכטן אָפּוועזנד זיין. און ווי איז מעגלעך, אַז מיר זאָלן
זיי קענען באַטראַכטן אַלס אַזעלכע, וואָס אַזאַ מאָמענט איז יאָ אין
זיי פאַראַן, טראָץ דעם וואָס זיי זענען ריינע אבוד נשמה פעלע, ווען
אַלע אַנדערע, מיט וועלכע זיי זענען מיט אָנגעהעריקייט צו איין
קלאַס פאַרבונדן, זענען אַבסאָלוט ריין פון אָט אַזאַ היזק ממון אָס־
פעקט?

אויב אין פרינציפּ קען מען זיך פאָרשטעלן די מעגלעכקייט,
אַז געוויסע אבוד נשמה פעלע זאָלן מיר קענען באַטראַכטן אַלס אַ
באַזונדער אָפּגעטיילטע גרופּע פון אַנדערע אַזוינע פעלע דורך דער
אַנדערשקייט פון זייער געשטאַלטונגס־פאָרם, דורך דער אַנדערש־
קייט פון זייערע צווייטראַנגיקע אינהאַלטס עלעמענטן, דורך דער אַנ־

דערשקייט פון זייער אומשטענדלעכער וועזנטלעכקייט קען מען זיך אָבער בשום אופן ניט פאָרשטעלן די עקזיסטענץ פון אַזוינע אבוד נשמה פעלע וואָס די דיפערענצירונג זייערע אין אַ באַזונדער אָפּגעטיילטער גרופּע זאָל קענען דער רעזולטאַט זיין פון אַ געמיינשאַפטלעכער אַנדערשקייט פון אַלע אַנדערע אבוד נשמה פעלע מצד זייער עיקר תמציתדיקער וועזנטלעכקייט מצד די ערשטראַנגיקע אינהאַלט־עלעמענטן זייערע. אויב מען קען רעדן אין פאַרבינדונג מיט אָט יענע פעלע, וואָס באַלאַנגען צום קלאַס פון אבוד נשמה פאַר־ברעכנס, מיט דעם צוועק דורכצופירן אַ פאַנאַנדערטיילונג צווישן זיי וועגן ערוואָרבענע, זיי אַליין געאייניקטע, אומשטענדלעכע אייגענשאַפטן, קען מען אָבער וועגן זיי אַליין געאייניקטע ערוואָרבענע גרונט אייגנשאַפטן ניט רעדן. אין יעדן פאַל פון די אַלע פאַרשיי־דענע אבוד נשמה פעלע מוזן די דאָזיקע גרונט אייגנשאַפטן זיין פאַרטראָטן. אויב ניט קען ער ניט אַלס אבוד נשמה פאַל פאַר־רעכנט ווערן. אין יעדן אבוד נשמה פאַל מוז זיך האַנדלען וועגן דעם אומקום פון אַ מענטשן. ווען ניט הערט ער אויף צו זיין אַן אבוד נשמה פאַל. און דאָס זעלבע איז אויך בנוגע דעם עניך, וועגן וועלכן מיר רעדן. אויך דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ גרונד איינגשאַפט. אויב עס וואָלט אפילו נאָר איין אבוד נשמה פאַל געווען, וועגן וועלכן מיר וואָלטן בשום אופן ניט געקענט רעדן אַלס אַזעלכן, וואָס ביי אַלעם דעם, וואָס ער מוז באַהאַנדלט ווערן גלייך ווי עס וואָלט אַבסאָלוט אוממעגלעך געווען פאָרצושטעלן אים אַלס אַזעלכן, וואָס קומט אין דער מינדסטער באַרירונג אפילו מיט אַ היזק ממון אַס־פעקט, איז אין אים אין אמתן יאָ אַזאַ אַספעקט פאַראַן, וואָלט מען דאַן קיין אויסנאַמע אין דער הינזיכט אפילו פאַר איין איינצעלנעם אַנדערן אבוד נשמה פאַל ניט געקענט מאַכן. על כגון דא איז געזאָגט געוואָרן: אין בפרט אלא מה שבכלל ואין בכלל אלא מה שבפרט. די גרונט אייגנשאַפטן מוזן זיך אין יעדן איינצלנעם פּרט פון כלל געפינען. אַז ניט וואָלט ער באין אופן קיין פרט פון דעם כלל צו וועלכן ער געהערט ניט געקענט זיין.

דער איינציקער באַזיס פאַר אָט יענע אַלע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, וואָס איך האָב דערמאָנט, איז די הנחה, אַז מצד דעם פאַקטישן אינהאַלט זיינעם איז אין יעדן אבוד נשמה פאַל אויך

אַן היזק ממון מאָמענט פאַראַן. די אַלע פאַרטרעטער וואָס איך האָב אויסגערעכנט — פון אָט יענע מיינונגען גייען איבער דעם זעלבן וועג, איבער וועלכן רבה איז צו זיין באַהויפּטונג געגאַנגען. אויך זיי דענקען, אַז ווייל די תורה האָט געמאַכט דעם אָפּנויג אין פאַל פון אַ שור המועד, האָבן מיר אַ רעכט אויסצוברייטערן די ראַמען פון דאַזיקן אָפּנויג, זיי זאָלן קענען איינשליסן נאָך אַנדערע פעלע, וואָס מען קען פירן אַנאַלאָגיעז צווישן זיי און דעם פאַל, בנוגע וועלכן די תורה האָט געמאַכט דעם אָפּנויג — אין דער מעגלעכער פאָר זיי פאָרם.

דער אונטערשייד צווישן זיי באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס דאַן, ווען אייניקע פון זיי שליסן איין אין די ראַמען פון אָפּנויג אַ גרעסערע צאָל פאַלן, איז די צאָל פאַלן, וואָס ווערן פון אַנדערע איינגעשלאָסן אין די ראַמען פון אָט יענעם אָפּנויג פיל קלענער. דער אונטערשייד באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס דאַן ווען אייניקע פון זיי ברענגען אַרויס פון דעם דאַזיקן אָפּנויג מער געוואָגטע, ראַדיקאַלע מסקנות, ברענגען אַנדערע אַרויס פון אים ווייניקער געוואַגטע, מער קאָנסערוואַטיווע. ביי זיי אַלע אָבער איז דער פונדאַמענט פאַר די באַהויפּטונגען, וואָס זיי מאַכן, די איבערצייגונג זייערע, אַז מען קען איבערטראָגן דעם אָפּנויג פון דער תורה אויך אויף אַנדערע פעלע מחמת דער הנחה, פון וועלכער זיי גייען אַרויס, אַז אין יעדן אבוד נשמה פאַל איז אויך אַ היזק ממון פאַראַן.

## כ״ח

און נאָר אין ליכט פון דעם אַלעם, וואָס עס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן אין דער ערקלערונג מיינער, אין די אַרגומענטן, וואָס איך האָב אָנגעגעבן פאַר רבה׳ס פסק דין, אַז אין אַ פאַל פון שלא במתכוון ביי אַ שור המועד באַדאַרף מען דעם בעל השור דאָך תשלומי ממון מחייב זיין, כאָטש ער האָלט, אַז קיין כופר און קיין קנס קענען מיר אים ניט מחייב זיין, קען מען פאַרשטיין דעם זין פון דער סברא, וואָס רבה גיט אָן, פאַר וואָס מע באַדאַרף, לויט אים נאָך, אין אַ פאַל פון על פי עצמו, וואָס אויך דאָ האַלט ער, אַז ניט נאָר קנס, נאָר אויך כופר קען מען דעם בעל השור ניט מחייב זיין, דאָך

דמים אים יאָ מחייב זיין, ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ פאַל ווען אַ בן חורין: נאָר ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד איז מען, לויט אים נאָך, אויך קיין דמים דעם בעל השור ניט מחייב. ער גיט אָן פאַר דעם דאָזיקן אונטערשייד, וואָס ער מאַכט אין אַזאַ פאַל, צווישן אַן עבד און אַ בן חורין, די דאָזיקע באַגרינדונג: ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין האָבן מיר צוטון מיט אַ שור המועד פאַל, וואָס כאָטש אין די אומשטענדן, אין וועלכע ער ווייזט זיך פאַר אונז, קען בשום אופן קיין רעדע ניט זיין וועגן כופר, איז ער אָבער בכלל געגומען יאָ מיט דעם עניין פון כופר פאַרבונדן. כאָטש אין דעם שור המועד פאַל, וואָס מיר האָבן דאָ פאַר זיך, קען מען דעם בעל השור, צוליב דעם מאָמענט פון על פי עצמו, וואָס אין דעם פאַל, קיין כופר ניט מחייב זיין, ווארים על פי עצמו קען מען קיין שור ניט דן לסקילה זיין און אַז דער שור איז ניט בסקילה קען אויך דער בעל השור בכופר ניט זיין, קען מען אָבער אין אַן אַנדער אַזאַ שור המועד במתכוון פאַל יאָ דעם בעל השור בכופר מחייב זיין. ווארום אין יענעם פאַל איז מען יאָ דן דעם שור לסקילה, כאָטש אויך אין אים געפינט זיך דער על פי עצמו מאָמענט. דאָס קען זיין דאַן, ווען דערויף, אַז זיין אָקס האָט אַ מענטשן אומגעבראַכט, דאַרפן מיר זיין עדות זאָגן ניט האָבן. ווארום דערויף זיינען צוויי עדות פאַראַן. מער ניט: זיי קענען אונדז גאָר ניט זאָגן וועגן דעם, צי דער אָקס דאַרף אַלס תם באַטראַכט ווערן אָדער אַלס מועד. אין אַזאַ פאַל איז וואָס אנבאַלאַנגט סקילה געבן דעם אָקס האָבן מיר פאַר זיך גאָר קיין פראָבלעם ניט. ווארום אפילו מיר זאָלן אים נאָר אַלס תם באַטראַכטן, דאַרפן מיר אים דאָך אויך דן לסקילה זיין. ווארום אפילו אַ תם זיינען מיר דאָך דן לסקילה, ווען צוויי מענטשן זאָגן עדות, אַז ער האָט אַ מענטשן במתכוון געהרגט. די איינציקע פאַרלעגנהייט, אין וועלכער מיר געפינען זיך באַשטייט דאַן אין דעם, וואָס מיר ווייסן ניט, צי מיר דאַרפן יאָ אָדער ניט דעם בעל השור כופר מחייב זיין. ווארום מיר ווייסן ניט, צי מיר האָבן מיט אַ תם אָדער מיט אַ מועד צוטון. קומט דער בעל השור אַליין צוגיין און זאָגט עדות אויף דעם שור זיינעם, אַז ער איז ניט קיין תם, נאָר אַ מועד. שטעלן מיר בנוגע דעם פונקט אויף זיין עדות זאָגן — און מיר זיינען אים כופר מחייב.

און ווייל אין דעם על פּי עצמו פאַל, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין, האָבן מיר צוטון מיט אַזאַ פאַל, וואָס בכלל געגומען איז אויך אין אים דער ענין פון כופר פאַראַן, וואָס ווען עס וואָלטן דאָ נאָך אויך עדות געווען, וואָלט מען געקענט דעם בעל השור מחייב בכופר זיין, איז איצטער, ווען דער על פּי עצמו פאַל דאָ איז שלא בעדים, וואָס מחמת דעם קען מען דעם בעל השור ניט מחייב כופר זיין, וואָרום ווי באַלד שלא בעדים קען מען דאָך דעם שור ניט דן לסקילה זיין, און ווי באַלד דער שור איז ניט בסקילה, זיינען די בעלים אויך ניט בכופר, האָבן מיר אַ רעכט צו אַרגומענטירן: מילא קיין כופר קענען מיר דעם בעל השור ניט מחייב זיין, ווייל מיר האָבן דאָ צוטון מיט אַן על פּי עצמו פאַל שלא בעדים. פאַר וואָס אָבער זאָלן מיר אים קיין דמים ניט קענען מחייב זיין? ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן אַן עבד, וואָס דאַן קען בשום אופן ניט געמאָלט-זיין, אַז אין פאַל פון על פּי עצמו זאָל מען דעם בעל השור מחייב קנס זיין, וואָרום אַפילו אין אַזאַ פאַל, וואָס עס זיינען פאַראַן עדות דערויף, אַז דער קרבן, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך, איז פון דעם אָקס געטויט געוואָרן, און דאָס עדות זאָגן פון בעל השור באַציט זיך נאָר אויף פעסטצושטעלן, אַז דער שור איז אַ מועד געווען — קען מען דעם בעל השור קיין קנס ניט מחייב זיין, וואָרום כאָטש אין דעם פאַל איז דער שור יאָ בסקילה, קען מען דאָך קיין קנס ניט מחייב זיין דעם בעל השור, וואָרום על פּי עצמו קען מען קיינעם קיין קנס ניט מחייב זיין — איז דאַן, ווען עס זיינען קיין עדות ניט פאַראַן, קען מען ניט נאָר קיין קנס ניט מחייב זיין דעם בעל השור, נאָר אויך דמים קען מען אים ניט מחייב זיין.

ווי דער לעזער קען זיך איבערצייגן, קלינגט דער דאָזיקער אַר־גומענט, ווען מען האָט פאַר זיך ניט די דערקלערונג, וועגן וועל־כער מיר האָבן ערשט גערעדט, גאָר ניט איבערצייגענד. דער „הא בהא תלייא" זעט כלל ניט אויס, ווי ער וואָלט זיך אויף אַ סאָלידן לאָגישן באַזיס געהאַלטן. עס איז שווער צו דערזען דעם אמתן זינען פון דעם דאָזיקן אַרגומענט. אויבנאויף זעט עס ווירקלעך אויס, ווי דער רש"ש באַמערקט, אַז „הסברא אינה מובנת כלל". וואָרום פאַר וואָס זאָלן מיר טאַקע אויך ביי אַ פאַל פון על פּי עצמו בעדים, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד, ניט מחייב זיין דמים דעם בעל השור,

טראָץ דעם, אָדער טאַקע דערפאַר, וואָס מען קען דעם בעל השור קיין קנס ניט מחייב זיין. פאַר וואָס זאָלן מיר אויך דאָ ניט קענען אַרגו־מענטירן אויף דעם זעלבן אופן, ווי מיר אַרגומענטירן אין אַ פאַל פון על פי עצמו שלא בעדים, ווען דער קרבן איז אַ בן חורין? פאַר וואָס זאָלן מיר דאָ ניט קענען זאָגן, אַז ווייל מיר קענען אים ניט קיין קנס מחייב זיין, ווי מיר זיינען אים כופר מחייב אין אַזאַ פאַל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין, דאַרפן מיר אים כאָטש דמים מחייב זיין, פונקט ווי מיר זאָגן אין אָט יענעם פאַל, ווייל דאָ שלא בעדים קע־נען מיר אים ניט קיין כופר מחייב זיין, ווי אין אַ פאַל פון על פי עצמו בעדים, דאַרפן מיר אים דמים מחייב זיין.

אָנשטאַט, וואָס דאָס, וואָס אין דעם פאַל קען קיין קנס ניט זיין, זאָל דינען אַלס מאָטיוו דערפאַר, מען זאָל דעם בעל השור אפילו אין אַ פאַל פון שלא בעדים ניט מחייב דמים זיין, וואָלט אָט דער מאָמענט באַדאַרפט גאָר, פאַרקערט, דינען אַלס מאָטיוו אַז עס זאָל אויף אים דער חיוב דמים אפילו אין אַ פאַל פון עדים חל זיין. וואו איז דאָ די לאָגיק אין דעם, אַז מיר זאָלן מעגן אפעררירן מיט דעם אַרגומענט: מילא קיין כופר קענען מיר אים ניט מחייב זיין, פאַר וואָס אָבער זאָלן מיר אים ניט קיין דמים מחייב זיין? נאָר אין אַ פאַל פון על פי עצמו בלא עדים ביי אַ בן חורין, אָבער ניט אין אַזאַ פאַל פון על פי עצמו בעדים ביי אַן עבד. פאַר וואָס מוז דאָס, וואָס אין על פי עצמו פאַל בעדים ביי אַ בן חורין זיינען מיר דעם בעל השור מחייב כופר, מעגלעך מאַכן פאַר אונדז צו מחייב זיין אים דמים אין אַזאַ פאַל שלא בעדים, וואָס מיר קענען אים דאַן קיין כופר ניט מחייב זיין, און דאָס, וואָס אין אַזאַ פאַל בעדים ביי אַן עבד, קענען מיר אים ניט מחייב זיין קיין קנס דורכאויס אוממעגלעך מאַכן, מיר זאָלן אים דאַן על כל פנים דמים מחייב זיין? וואו געפינט זיך דאָ דער לאָגישער באַזיס, אויף וועלכן עס שטייען די פאַרבינדונגען, וואָס מיר מאַכן דאָ? פאַר וואָס זאָלן מיר טאַקע אויך אין דעם לעצטן פאַל ניט זאָגן: מילא, אויב מיר קענען ניט אין דעם פאַל, וואָס איז דער זעלבער, ווי דער פאַל, ווען עס האַנדלט זיך אין על פי עצמו ביי אַ בן חורין, וואו מיר פסקענען, אַז דער בעל השור איז חייב בכופר, קיין קנס ניט מחייב זיין דעם בעל השור, פאַר וואָס אָבער זאָלן מיר אים ניט דמים מחייב זיין?

און אויב אין דעם פאַל קען מען ווי עס איז אפשר נאָך אָנ־געבן אַ תירוץ, אַז טאַקע ווייל אָט דער פאַל איז דירעקט דער זעלבער ווי יענער, איז דערפאַר, וואָס די תשלומי ממון דאָ קענען ניט קומען אין אָט דער פאָרם, אין וועלכער ער וואָלט דאָ באַדאַרפט קומען — אין דער פאָרם פון קנס — פונקט ווי זיי קומען אין יענעם פאַל אין דער כופר פאָרם, קענען זיי אויך אין דער פאָרם פון דמים דאָ ניט קומען. וואָרום די איינציקע פאָרם, אין וועלכער זיי קענען אין אַזאַ פאַל קומען, איז נאָר אין דער פאָרם פון קנס אָדער כופר — וואָלט מען דאָך אַלענפאַלס אין אַזאַ פאַל שלא בעדים באַדאַרפט דעם בעל השור מחייב דמים זיין. דאָ גילט דאָך פון לכתחילה אָן ניט דער ענין פון קנס, פונקט ווי כופר גילט ניט אין אַזאַ פאַל, ווען דער קרבן איז אַ בן חורין. טאָ פאַר וואָס זאָל מען אים אויך דאָ ניט מחייב דמים זיין, פונקט ווי מען איז אים מחייב דמים אין אַזאַ פאַל, אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין. בפרט נאָך, ווען אין דעם פאַל איז אָן אמתע געלט תביעה פאַראַן, וואָס ווייל עס האַנדלט זיך דאָ ניט אין אַזאַ אבוד נשמה פאַל, וואָס איז מיט מיתת בית דין פאַרבונדן, וואָלטן דאָ די דמי היזק, וואָס דער בעל העבד האָט געליטן דורך דעם, וואָס ער האָט זיין קנעכט אָנגעוואוירן אין פרינציפּ סיי ווי באַדאַרפט באַפרידיקט ווערן. וואָס פאַר אַן עיכוב קען דאָ זיין מצד דעם, וואָס אין אַ פאַל בעדים, קען מען קיין קנס ניט מחייב זיין דעם בעל השור, ווען פונקט אין אַזאַ פאַל ביי אַ בן חורין איז מען יאָ מחייב דעם בעל השור דמים? פאַר וואָס זאָל מען אין יענעם ביז צום לעצטן פונקט ענלעכן צו דעם פאַל יאָ מחייב זיין דמים, כאָטש דאָרטן איז דער ענין פון אַ געלט תביעה גאָר אינגאַנצן ניט פאַראַן, ווען אין דעם פאַל איז מען ניט מחייב. וואו איז די לאָגישע שייכות צווישן די מאָטיוון, וואָס ווערן אָנגעגעבן, און די מסקנות, וואָס מען ברענגט פון זיי אַרויס פאַר אונדז.

כ״ט

דער איינציקער וועג, וואָס קען אונדז פון דער פאַרלעגענהייט אַרויסנעמען, איז, ווירקלעך, נאָר אָנצונעמען די אינטערפּרעטירונג, מיט וועלכער מיר האָבן אפערירט ביים ערקלערן דעם טעם, פאַר וואָס

רבה פסקענט ביי שור המועד שלא במתכוון, אַז נאָר דמים דאַרף מחייב זיין דעם בעל השור, אָבער ניט קיין כופר אָדער קנס.

מיר האָבן דאָרטן אָנגעוויזן, אַז דער באַזיס, אויף וועלכן עס געפינט זיך דער פסק דין זיינער זיינען די פאָלגענדע צוויי פרינציפּן, דער הויפּט פונדאַמענט — דאַרף מען ווידעראַמאָל אונטערשטרייכן — פון וועלכע איז דער הויפּט מאָטיוו, אַז אין יעדן אבוד נשמה פאַל איז אויך אַ געלט פאַרלוסט פאַראַן. דער ערשטער פרינציפּ איז, אַז ווייל מיר זעען, אַז די תורה האָט געמאַכט אַן אָפּנויג ביים עניין פון אַ שור המועד במתכוון פון דעם אַלגעמיינעם כלל פון „אין מערבין עונש בעונש", ווען עס האַנדלט זיך וועגן אבוד נשמה, האָבן מיר אַ רעכט, ווען עס איז דערפאַר אַ לאָגישע באַגרינדונג פאַראַן, אויסצוברייטערן דעם דאָזיקן אָפּנויג אויך אויף אַן אַנדער פאַל: אויך אויף אַ פאַל, ווען אָט די תשלומי ממון קענען ניט קומען אין דער פאָרם פון כופר. דער צווייטער פרינציפּ איז, אַז די דאָזיקע אויסברייטערונג מוז זיך אָבער האַלטן אין זייער באַגרעניצטע ראַמען. די אַלע פעלע, אויף וועלכע מען קען איבערטראָגן אָט יענעם אָפּנויג מוזן זיין אַזוינע, וואָס שטייען אין גאָר נאָענטער שייכות, לויט זייער אינהאַלט, לויט זייערע כאַראַקטער שטריכן, מיט אָט יענעם פאַל, וואָס ער איז דער גורם פאַר אונדזער אויסברייטערונג; מיט אָט יענעם פאַל, פון וועלכן מיר טראָגן אויף זיי דעם אָפּנויג איבער. מיר מוזן, ראשית כל, אַרויסגיין פון דער הנחה, אַז קיין נייע דינים, וואָס קענען כלל ניט אין דער תורה אָנגעהאנגען ווערן, קענען מיר ניט מחדש זיין, מעגן זיי ווי לאָגיש, ווי יושרדיק אויסזען אין אונדזערע אויגן. כל זמן מיר קענען פאַר זיי קיין בפירושע, אָדער שאַרף אימפּליצירטע אחיזה, אין איר ניט געפינען, קענען זיי קיין האפט ניט האָבן. אַן אויסברייטערונג, וואָס מוז זיך געפינען אינגאַנצן אויסער די ראַמען פון דעם אינהאַלט פון דעם פאַל, בנוגע וועלכן עס ווערט געמאַכט אין דער תורה דער אָפּנויג, טאָרן מיר ניט מאַכן. מיר מוזן אין אונדזער אינטערפּרעטירן די רייד פון דער תורה פריער פאַר אַלעס אויף איר אַליין זיך שטיצן. מיר מוזן זיך פריער מיט דעם אויטאָריטעט פון איר געשריבענעם טעקסט פאַרזאָרגן. אונדזער לאָגישע באַגרינדונג אַליין איז ניט גענוג. פריער פאַר אַלץ באַדאַרפן מיר זען, צי עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו געפינען אַן אָנהאַלט פאַר דעם אין דער תורה.

און אין אַ מער קאָנקרעטער פאָרם מיינט דאָס אַלעס, אַז די באַדינגונגען — איך רעד דאָ אַלץ לויט רבהן — דערפאַר, מיר זאָלן קענען אין אַ פאַל פון אַ שור שנגח מחייב זיין דמים דעם בעל השור דאַרפן זיין, ראשית כל, אַז עס זאָל זיך האַנדלען אין אַזאַ פאַל, וואָס אין פרינציפ — חייל ער איז טיף איינגעוואָרצלט אין אַזאַ פאַל, אין וועלכן מען איז טאַקע דן לסקילה דעם שור — זאָל מעגלעך זיין אויך אין אים דעם שור דן לסקילה זיין; וואָס נאָר מחמת אַ געוויסן עיכוב אין פאַל, וואָס שיידעט אים דאָך ניט אָפּ וועזנטלעך פון אָט יענעם ענלעכן צו אים פאַל — איז מען אים לסקילה ניט דן. שנית, אַז אויב מען וואָלט אים אין דעם פאַל דן לסקילה זיין, וואָלט מען דאַן אויך דעם בעל השור דאַרפן כופר אָדער קנס מחייב זיין. אויב מען איז אים אין דעם פאַל ניט מחייב קיין כופר אָדער קנס, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס מען קען דעם שור ניט דן לסקילה זיין.

און דעריבער איז גאָר אַ גרויסער אונטערשייד פאַראַן בנוגע דעם ענין פון אויסברייטערן דעם תשלומי ממון חידוש פון דער תורה אין אַ פאַל פון אבוד נשמה, וואָס איינער איז גורם דורך זיין אָקס, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ שור המועד על פי עצמו, צווישן אַזאַ פאַל, אין וועלכן דער קרבן איז אַן עבד, און צווישן אַזאַ פאַל, אין וועלכן דער קרבן איז אַ בן חורין.

אין ערשטן פאַל האַלטן מיר זיך מיט דעם, וואָס מיר זיינען מחייב דמים דעם בעל השור אין די ראַמען פון דעם אָפּנויג. צווישן דעם חידוש פון דער תורה און דעם חידוש, וואָס מיר זיינען מחדש איז קיין גרויסער שפרונג ניטאָ. עס איז אַן ענגע, נאָענטע פאַרבינדונג צווישן זיי פאַראַן.

דער על פי עצמו פאַל דאָ, אין וועלכן מיר טראָגן אַריין דעם מאָמענט פון תשלומי ממון, איז, כמעט דער זעלבער, ביי אַלעם דעם, וואָס מען קען אין אים קיין תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר זיכער ניט אַריינטראָגן מחמת דעם, וואָס מיר קענען אין אים ניט דעם שור דן לסקילה זיין, ווי אין אַן אַנדער על פי עצמו פאַל, אין וועלכן מיר זיינען מחמת דעם, וואָס מיר זיינען דעם שור יאָ דן לסקילה, מחייב אַפילו כופר דעם בעל השור, ווי אין דעם על פי עצמו פאַל בעדים, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט אין רבהס ערקלערונג, אַוואו ניט דער גאַנצער אינהאַלט פון דעם אומגליק, וואָס איז געשען, רוט

נאָר אויף זיין אייגן עדות זאָגן, נאָר דער איינציקער פּונקט, אַז מיר האָבן דאָ מיט אַ שור המועד צוטון.

ער איז אַזאַ, וואָס אין פּרינציפּ וואָלט מען אייגנטלעך אויך אין אים געקענט דעם בעל השור מחייב כופר זיין, ווי אין ערשטן פאַל. מצד דעם על פי עצמו מאָמענט איז קיין עיכוב ניטאָ פאַר דעם. מען איז דאָך אים אין יענעם פאַל מחייב כופר נאָר אויף זיין עדות זאָגן. וואָלט מען דאָך אין דעם פאַל אויך אים באַדאַרפט מחייב כופר זיין. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם ענין פון כופר, וואָס מיר האָבן אויף דעם בעל השור אַרויפגעלעגט אין יענעם פאַל — האָט דאָך דאָס עדות זאָגן פון די עדות קיין שום ראָלע ניט געשפּילט. זייער עדות זאָגן האָט נאָר מעגלעך געמאַכט, מען זאָל קענען דעם שור דן לסקילה זיין. דירעקט, נאָר צוליב דעם עדות זאָגן פון די עדות, וואָלט מען ניט געקענט אַרויפלעגן קיין כופר אויפן בעל השור. וואָרום אויב זייער עדות זאָגן איז גענוג געווען דערויף, מען זאָל דעם שור דן לסקילה זיין, וואָרום, סיי ווי, ווי שוין געזאָגט, צי ער איז אַ תם דער אָקס, אָדער אַ מועד, קומט אים דאָך סקילה, ווען צוויי מענטשן זאָגן עדות, אַז ער האָט אַ מענטשן אומגעבראַכט — איז אין זייער עדות זאָגן גאָר ניט געווען אַזוינס, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן פאַר אונדז, דעם עונש פון כופר אויף אים אַרויפצולעגן. דעם דאָזיקן עונש האָבן מיר אַרויפגעלעגט אויף אים נאָר דערפאַר, וואָס מיר באַטראַכטן זיין עדות זאָגן גענוג דערויף, מיר זאָלן אים קענען אַלס אַזעלכן, וואָס גייט מיט אַ זינדיקער נשמה אַרום — באַטראַכטן. זייער עדות זאָגן האָט נאָר אָפּגעשאַפט יענע טעכנישע שטערונג, וואָס מאַכט אונמעגלעך אין אַן אַנדער על פי עצמו פאַל, אין אַן על פי עצמו פאַל שלא בעדים, דורכצופירן אָט יענעם אַקט פון כופר, וואָס מיר וואָלטן אויך אין אים באַדאַרפט דורכפירן. אָן זייער עדות זאָגן וואָלטן מיר ניט געקענט דעם שור דן לסקילה זיין, וואָס דאָס וואָלט געדינט אַלס אַן אורזאַכע, מען זאָל ניט קענען דעם בעל השור מחייב כופר זיין. פון דער האפט אָבער צו קענען באַטראַכטן דעם בעל השור אַלס ראוי לעונש כופר, וואָלט גאָר ניט געמינערט געוואָרן אויך דאַן, אַזוי, אַז אין אמתן וואָלט מען טעאָרעטיש,ווירקלעך, אויך אין אַזאַ על פי עצמו פאַל באַדאַרפט דעם בעל השור מחייב כופר זיין. דער עיכוב דערויף איז ניט מצד דעם, וואָס עס זיינען קיין עדות ניטאָ, נאָר דאָס, וואָס, ווייל

עס זיינען קיין עדות ניטאָ, קען מען דעם שור ניט דן לסקילה זיין. וואָרום אויב זיין עדות זאָגן אַליין איז געווען דערויף, מיר זאָלן אים קענען מחייב כופר זיין, ווען מיר זאָלן קענען צוזאַמען דערמיט אויך דעם שור דן לסקילה זיין, איז דאָס אָבער ניט גענוג דערויף, מיר זאָלן דעם שור קענען לסקילה דן זיין, וואָס דאָס איז אַן אונבאַדינגטער תנאי פון קענען דעם עניין פון כופר דורכפירן, ווען עס איז פאַר דעם אַ פרינציפיעלע אורזאַכע פאַראַן.

דער פאַל, אַלזא, וועגן וועלכן מיר רעדן, אַט יענער על פי עצמו פאַל, וואָס דאָס גאַנצע פראָבלעם, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, וואַקסט פאַר אונדז נאָר דורך זיין עדות זאָגן אַרויס, ווען דער גאַנצער אינ־האַלט פון דער באַשולדיקונג איז נאָר אויף זיין עדות זאָגן געבויט, איז, ווירקלעך, כמעט דער זעלבער, ווי דער, אין וועלכן מיר באַדאַרפן לויט דער תורה דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינגעמען. וואָס אין אים פעלט, איז נאָר דער מאָמענט פון השור בסקילה. וואָרום אויך דערויף, מען זאָל אפילו אַ בעל חי קענען דן למיתה זיין פאַר אומ־ברענגען אַ מענטשן, באַדאַרף מען צוויי עדות האָבן. דאָ אָבער פעלט דאָס דאָזיקע עדות זאָגן. און ווייל ער איז כמעט דער זעלבער, האָבן מיר אַ רעכט אָנצונעמען, אַז מיר דאַרפן איבערטראָגן דעם פרינציפ פון תשלומי ממון, וואָס מיר וואָלטן לויט דער תורה אין יענעם פאַל באַדאַרפט פראַקטיצירן, אויך אויף אים. אמת, מיר קענען ניט אין דעם פאַל דעם בעל השור כופר מחייב זיין. וואָרום עס פעלט דאָ אָט יענער אומשטאַנד — דער אומשטאַנד, מען זאָל קענען דעם שור דן לסקילה זיין — וואָס נאָר ער וואָלט מעגלעך געמאַכט פאַר אונדז דאָס צוטון. דאָס אַלעס קען אָבער גענוג זיין נאָר אַלס מאָטיוו, מיר זאָלן דעם עניין פון תשלומי ממון אין אים ניט קענען דורכפירן אין אָט יענער פאָרם, אין וועלכער מיר פראַקטיצירן אים אין יענעם פאַל, אָבער ניט דערויף, מיר זאָלן אים גאָר אינגאַנצן דאַרפן פאַרוואַרפן, אין וואָס פאַר אַ פאָרם ער זאָל ניט זיין.

מיר האָבן דאָ ניט צו טאָן, ווי אין אַ פאַל פון אַ תם שלא במתכוון, מיט אַ פאַל, וואָס פון לכתחילה אָן קען מען ניט אויף דעם בעל השור קיין כופר אַרויפלעגען. אין דעם פאַל פון אַ תם שלא במתכוון באַ־פרייט מען ניט פון כופר דעם בעל השור, ווייל דער בעל השור איז דאָ ניט בסקילה, נאָר ווייל ביי אַ שור תם גילט ניט דערעניין פון

כופר און קנס, פון וואָס פאַר אַ כאַראַקטער דער פאַל זאָל ניט זיין. אפילו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ במתכוון פאַל ביי אַ שור תם, וואָס מען איז אין אים יאָ דן דעם שור לסקילה, לעגט מען אויך ניט אויף דעם בעל השור קיין כופר אַרויף. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאַל, וואָס באַלאַנגט צום קלאַס פון שור נגח דינים, ביי וועלכע עס קען דער עניין פון דמים מחייב זיין דעם בעל השור ניט גילטן. ווארום עס איז אין אים אויך קיין פאַל ניט פאַראַן; וואָס מען זאָל קענען אין אים לויט דער תורה כופר מחייב זיין דעם בעל השור, וואָס דאַן וואָלטן מיר געקענט איבערגיין פון דעם דאזיקן פאַל צו אַן אַנדער פאַל, וואָס קיין כופר קען מען אין אים ניט פראַקטיצירן, צו באַהויפּטן, אַז ווייל ער באַלאַנגט צו אַזאַ קלאַס, וואָס דער עניין פון כופר ווערט דאָרטן אין אַ געוויסן פאַל יאָ פראַקטיצירט, קענען מיר איבערטראָגן דעם אָפּנויג פון תשלומי ממון אַריינגעמען, וואָס די תורה האָט געמאַכט אין יענעם פאַל אין דער פאָרם פון כופר, אויף אויף דעם פאַל, וואָס כאָטש ער איז ענלעך אויף אים, קען מען דעם עניין פון כופר אין אים ניט פראַקטיצירן — אין דער פאָרם, אין וועלכער עס איז מעגלעך דאָ אים צו פראַקטיצירן, אין דער פאָרם פון מחייב דמים זיין דעם בעל השור, פונקט ווי מיר טראָגן איבער דעם עניין פון תשלומי ממון פון אַ שור המועד פאַל במתכוון, אין וועלכן די תשלומי ממון קומען אין דער פאָרם פון כופר, אויף אַ פאַל פון דעם זעלבן קלאַס, אויף אַן אַנדער שור המועד פאַל, וואָס, ווייל עס האַנדלט זיך אין אים וועגן אַ מועד שלא במתכוון, קענען זיי אין דער פאָרם פון כופר ניט קומען דאָרטן.

ווען די תורה וואָלט אין דעם פאַל פון שור תם במתכוון-מחייב כופר געווען דעם בעל השור, וואָלטן מיר אין פאַל פון שלא במתכוון געקענט מחייב דמים זיין דעם בעל השור, פונקט, ווי מיר זיינען מחייב דמים דעם בעל השור אין פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון דער-פאַר, וואָס אין אַ פאַל פון במתכוון זיינען מיר אים בכופר מחייב. די זאַך איז דאָך אָבער ניט אַזוי. אין אַ פאַל פון במתכוון ביי אַ שור תם זיינען מיר דעם בעל השור קיין כופר ניט מחייב, דעריבער קענען מיר אים אין אַ פאַל פון שלא במתכוון ניט נאָר קיין כופר ניט מחייב זיין, נאָר אויך קיין דמים ניט מחייב זיין.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער אין על פי עצמו פאַל, וועגן וועלכן

מיר רעדן. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַזאַ פאַל, וואָס באַלאַנגט צו אַזאַ קלאַס פון שור נגח דינים, וואָס בכלל גענומען, איז ניט נאָר מעגלעך, מען זאָל דעם שור דן לסקילה זיין, נאָר אויך דעם בעל השור דאַן כופר מחייב זיין. ווען אין אונדזער על פי עצמו פאַל וואָלט ניט געווען דער על פי עצמו בנוגע דעם גאַנצן אינהאַלט פון דער פּאַסירונג, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, נאָר בנוגע איין געוויסן אַספּעקט פון פאַל, בנוגע צו דעם, מיר זאָלן האָבן די זיכערקייט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן אָקס, וואָס איז אַ מועד, וואָרום דערויף, אַז ער האָט אַ מענטשן אומגעבראַכט, האָבן מיר דאָס עדות זאָגן פון די צוויי עדות: ווען מיר וואָלטן פאַר זיך אָט אַזאַ פאַל געהאַט, וואָלטן מיר אים באַטראַכט אַלס אַזאַ, וואָס איז אין אַלע פרטים גלייך צום פאַל, וועגן וועלכן די תורה רעדט, ווען זי שרייבט כופר פאַר ביי אַ שור נגח, און מיר וואָלטן אויך דאָ דעם שור דן לסקילה זיין און דעם בעל השור כופר מחייב זיין — כאָטש דער על פי עצמו וואָלט אויך אין דעם פאַל געבליבן.

דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַזאַ פאַל, וואָס אויב מען קען רעדן וועגן זיין ענלעכקייט צו אַן אַנדער שור נגח פאַל איז ניט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם שור תם שלא במתכוון פאַל, נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון. ער איז ווירקלעך נאָר צו אים ענלעך. פונקט ווי ביי אַ שור המועד שלא במתכוון קענען מיר מיט דעם אָפּנויג פון אַריינטראָגן תשלומי ממון, וואָס די תורה מאַכט ביי שור המועד במתכוון, צו אים איבערגיין און אָנווענדן אים אין דער מעגלעכער דאָרטן פאָרם — אין דער פאָרם פון חיוב דמים — אָט אַזוי קענען מיר דאָ אויך איבערטראָגן דעם אָפּנויג פון אַריינטראָגן תשלומי ממון, וואָס מיר דאַרפן מאַכן לויט דער תורה אין אַ פאַל פון על פי עצמו בעדים, אויך אויף אַ פאַל פון על פי עצמו שלא בעדים, אָנווענדיק אים אויך דאָ אין דער פאָרם — אין דער פאָרם פון חיוב דמים — אין וועלכער ער קען אָנגעווענדעט ווערן דאָ. אין דעם פאַל ווי אין יענעם פאַל מאַכן מיר ניט קיין ווייטן שפּרונג. מיר גייען ניט איבער פון אַ פאַל, וואָס באַלאַנגט צו איין קאַטעגאָריע שור נגח דינים צו אַ פאַל, וואָס באַלאַנגט צו אַ גאָר אַן אַנדער קאַטעגאָריע. אין די דאָזיקע ביידע פעלע גייען מיר איבער

פון איין פֿאַל פון אַ געוויסער קאַטעגאָריע שור נגח דינים צו אַ צווייטן פֿאַל פון דער זעלבער קאַטעגאָריע.

ל

און אָט דאָס אַלעס איז אימפּליצירט אין דעם, וואָס רבה זאָגט: ווייל עס האַנדלט זיך אין דעם פֿאַל וועגן אַ בן חורין, וואָס ווען עס וואָלטן דאָ זיין עדות, וואָס זאָלן עדות זאָגן, אַז דער אָקס האָט טאַקע געהרגעט אַ מענטשן, נאָר זיי ווייסן ניט, צי ער איז אַ תם געווען, אָדער א מועד, און דער בעל השור באַשטעטיקט, אַז ער איז אַ מועד געווען, וואָלטן מיר אים — דעם בעל השור — מחייב כופר געווען, איז דעריבער איצט, אַז אַזוינע עדות האָבן מיר ניט, איז מען אים מחייב דמים.

וואָס ער וויל אַרויסברענגען מיט דעם אַלעם געבראַכטן דאָ אין זיין נאָמען — איז, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזאַ פֿאַל, וואָס קומט נאָך אָט יענע באַדינגונגען, וואָס מען באַדאַרף פֿאָדערן דערזיף, מען זאָל קענען אין אַ פֿאַל פון אַ שור נגח שהמית את האדם מאַכן דעם אָפּנויג פון דעם פּרינציפּ פון „אין מערבין עונש בעונש”, כאָטש די פֿאָרם, וועלכע דער דאָזיקער אָפּנויג קען דאָ אָננעמען, קען ניט זיין די זעלבע, וואָס די תורה שרייבט פֿאָר ביי דעם פֿאַל, וואָס דער דאָזיקער אָפּנויג ווערט געמאַכט פון איר. ער ברענגט אַרויס דאָרטן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזאַ פֿאַל, וואָס די פּאָזיטיווע שייכות פֿאַר־בינדונג מיט אָט יענע פעלע, וואָס מען באַדאַרף אין זיי, לויט דער תורה, אָט יענעם אָפּנויג מאַכן, וואָס מען באַדאַרף אין זיי דעם עניין פון תשלומי ממון פּראַקטיצירן, איז ניט נאָר אַזאַ וואָס קען אפילו ניט אַלס נאָר זייער ווייטע באַטראַכט ווערן, נאָר, פאַרקערט, זי מוז אויך אַלס זייער נאָענטע, אַלס זייער אינטימע געזעען ווערן. מיט אַזאַ פֿאַל וואָס שטייט אויף אַזויפיל אין ענגער פאַרוואַנדשאַפט מיט זיי, אַז ניט נאָר באַדאַרף ער אַלס ענלעך צו זיי באַטראַכט ווערן, נאָר אויך אַלס, כמעט, דער זעלבער ווי זיי. וואָרום די דאָזיקע ענגע פאַרוואַנד־שאַפט, אין וועלכער ער שטייט מיט זיי, איז פון אַזאַ הויכער מדרגה, אַז בכלל גענומען, איז מעגלעך, מחמת דעם, וואָס עס האַנדלט זיך אין אים וועגן אַ קרבן, וואָס איז אַ בן חורין, אַז אַפילו דעם עניין פון כופר

זאָל אין אים גילטן, כאָטש ער הערט נאָך דאָן אויך ניט אויף אַ פאַל פון על פּי עצמו זיין, ווי דאָן, למשל, ווען די געשטאַלטונג זיינע וואָלט אָט יענע ענדערונג פאַרמאָגט, אַז ניט דער גאַנצער אינהאַלט פון דעם אומגליק, וואָס איז געשען, וואָלט נאָר אויף זיין עדות זאָגן געררוט, וואָס דאַן וואָלט מען זיכער לויט דער תורה דעם בעל השור באַדאַרפט כופר מחייב זיין. עס איז דעריבער אוממעגלעך, אַז מיר זאָלן ניט דאַרפן זיך האַלטן אין דעם דאָזיקן אָפּנויג אויך איצט, ווען דער דאָזיקער על פּי עצמו פאַל, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, איז, מחמת דעם, וואָס עס איז ניט מעגלעך אין אים דעם שור דן לסקילה צו זיין, קען מען ניט דעם דאָזיקן אָפּנויג רעאַליזירן, אין אָט יענער פאָרם, אין וועלכער מיר וואָלטן אים באַדאַרפט רעאַליזירן — אין דער פאָרם פון כופר.

פון אָט אַזאַ כאַראַקטער איז דער על־פּי־עצמו פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן, ווען עס האַנדלט זיך אין אים וועגן אַ בן־חורין. פונקט אָבער פון אַ קעגנגעזעצטן כאַראַקטער איז דער דאָזיקער פאַל, ווען עס האַנדלט זיך אין אים וועגן אַן עבד.

דער דאָזיקער פאַל איז, ווירקלעך, נאָר צו אַ שור תם שלא במתכוון ענלעך. פונקט ווי אין אַזאַ פאַל קענען מיר ניט צופּסקענען דמים דעם בעל העבד — רבה האַלט דאָך אַזוי — מחמת דעם, וואָס מיר זעען ניט, אַז די תורה זאָל מאַכן דעם אָפּנויג פון אַריינגעמען תשלומי ממון — אין וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל ניט זיין — ביי אַ שור תם. וואָרום ווען אפילו עס האַנדלט זיך וועגן במתכוון אין אַזאַ פאַל, וואָס מען איז דאַן יאָ דן לסקילה דעם שור, לעגן מיר ניט אַרויף קיין כופר און קנס אויף דעם בעל השור, אָט אַזוי קענען מיר ניט דאָס זעלבע טאָן אויך אין דעם פאַל. וואָרום אויב דער על פּי עצמו פאַל ביי אַ בן־חורין באַלאַנגט צו אַזאַ קאַטעגאָריע פון שור נגח פעלע, וואָס עס איז מעגלעך אין אַ געוויסן פון זיי פאַל אפילו כופר צו פּראַקטיצירן, ווי דאַן, ווען דער על פּי עצמו פאַל איז בעדים, באַלאַנגט דער דאָזיקער על פּי עצמו פאַל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד, צו אַזאַ קאַטעגאָריע פון שור נגח פעלע, וואָס אין קיין איינעם פון זיי קען מען ניט דעם ענין פון קנס פּראַקטיצירן. וואָרום ווען אפילו דער על פּי עצמו פאַל דאָ וואָלט בעדים געווען, וואָלט מען אויך דעם בעל השור קיין קנס ניט געקענט מחייב זיין. עס איז אין

דער גאַנצער קאַטעגאָריע, צו וועלכער ער באַלאַנגט, קיין איין פאַל ני־טאָ, וואָס זאָל זיין אַזוינער, וואָס מ׳זאָל קענען פון אים איבערטראָגן דעם אָפּנויג אויף אַן אַנדער פאַל פון דערזעלבער קאַטעגאָריע אין דער פאָרם, אין וועלכער עס וואָלט מעגלעך געווען אין אים דאָס צו טאָן. וואָרום אין קיין פאַל פון די אַלע פעלע, וואָס באַלאַנגען צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע, קען מען ניט לויט דער תורה אָט יענעם אָפּנויג מאַכן, וואָס זי מאַכט ביי אַ פאַל פון אַ שור המועד במתכוון.

און דאָס איז עס, וואָס רבה האָט געמיינט דערמיט, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז דערפאַר, וואָס ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד בעדים, קענען מיר ניט דעם בעל השור מחייב קנס זיין, כאָטש מיר זענען דאָן דעם שור יאָ דן לסקילה, מחמת דעם, וואָס על פי עצמו קען מען קיינעם ניט מחייב קנס זיין — איז דאָן, ווען עס זענען קיין עדות ניט פאַראַן, קען מען ניט נאָר קיין קנס ניט מחייב זיין דעם בעל השור, נאָר אויך דמים קען מען אים ניט מחייב זיין.

ער האָט דערמיט געוואָלט אַרויסברענגען, אַז דער דאָזיקער פאַל קומט ניט נאָך אָט יענע באַדינגונגען, וואָס מען באַדאַרף פאָדערן דע־רויף, מען זאָל קענען אין אַ פאַל פון שור נגח שהמית את האָדם מאַכן דעם אָפּנויג פון פרינציפּ פון „אין מערבין עונש בעונש". אַז ער שטייט ניט אין קיין שייכות פאַרבינדונג מיט אָט יענע פעלע, וואָס מען באַדאַרף אין זיי לויט דער תורה אָט יענעם אָריגינעלן אָפּ־נויג פון אַריינגעמען תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר אָדער קנס, פּראַקטיצירן, פון וועלכע מען וואָלט געקענט צו אים איבערשפּרינגען, נאָר צו אַזוינע, וואָס מען קען לויט דער תורה קיין שום אָפּנויג אַזאַ ניט פּראַקטיצירן.

ווען מען וואָלט אין דעם פאַל בעדים דעם בעל השור קענען קנס מחייב זיין, פּונקט ווי ווען עס האַנדלט זיך אין אים וועגן אַ בן־חורין, זענען מיר אים כופר מחייב, וואָלטן מיר פון דעם בעדים פאַל געקענט מאַכן דעם שפּרונג צו שלא בעדים. פון די תשלומי ממון אין־דער פאָרם פון קנס אין דעם ענליכן צו אים יענעם פאַל, וואָלטן מיר געקענט איבערגיין צו תשלומי ממון אין דער פאָרם פון דמים אין דעם פאַל. אַזוי ווי אָבער אין יענעם פאַל עקזיסטירט כלל ניט דער ענין פון קנס, קען אין דעם פאַל אויך דער ענין פון דמים ניט עקזיסטירן עס איז ניטאָ פון וואַנען דעם נויטיקן שפּרונג צו מאַכן.

ל"א

און נאָר אין ליכט פון אַט יענער אויסטייטשונג, אַז רבהס פסק־דין איז באַגרינדעט אויף דער פאַראויסגייענדיקער הנחה — וואָס אַנקערט אויף דעם באָדן פון געדאַנק, אַז אין יעדן אבוד נשמה פאַל איז אויך דער ענין פון אַ היזק ממון פאַראַן — אַז ווייל די תורה האָט ביי אַ שור נגח אַריינגענומען דעם ענין פון תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר, קענען מיר זיך ערלויבן, מחמת אַ געוויסן גרונד, וואָס מען קען געפינען פאַר דעם — דעם דאָזיקן ענין אויך אין זיין ריינסטער פאָרם אַריינגעמען אין אַזאַ פאַל, וואו ער קען אין דער פאָרם פון כופר ניט קומען — נאָר אין ליכט פון אַט יענער אויסטייטשונג קען אויך געגעבן ווערן אַ זין פון לאָגישן אינהאַלט צו דער מחלוקת צווישן רמב"ם און דעם ראב"ד, וואָס אויבנאויף זעט זי אויס, ווי אַ מילתא בלא טעמא, בנוגע דעם פאַל פון שור תם שלא במתכוון. אין אַזאַ פאַל זאָגט דער רמב"ם, אַז נאָר ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד קען אין דעם פאַל דער ענין פון חיוב דמים גילטן. עס באַדאַרף דאַן דער בעל השור חצי דמי העבד באַצאָלן. דער ראב"ד אָבער זאָגט, אַז אפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין באַדאַרף מען פון דעם בעל השור תשלומי ממון פאַר די יורשים אויפמאָנען.

דער לאָגישער אינהאַלט פון דער דאָזיקער מחלוקה אין ליכט פון אונדזער פריערדיקער אויסטייטשונג איז פאָלגענדער: ביידע פאַר־וואַרפן דעם פסק הלכה פון רבהן. זיי פסקענען, אַז ביי אַ שור המועד בעדים שלא במתכוון זענען מיר ניט דמים דעם בעל השור מחייב, נאָר כופר און קנס, פונקט ווי אין אַזאַ פאַל פון במתכוון. זיי האַלטן ניט, אַז דער ענין פון כופר און קנס, דאַרף אָפּהענגיק זיין פון דעם, צי מיר פאַראורטיילן יאָ אָדער ניט דעם אָקס צו סקילה. ווארום אויב מען קען אויף דעם אָקס אַ למוד זכות געפינען ביי שלא במתכוון, קען מען אָבער אויף דעם בעל השור אַזאַ למוד זכות ניט געפינען. סיי ווי האָט ער אַ מעגלעכקייט געשאַפן, אַז זיין אָקס זאָל אַ מענטשן אומ־ברענגען, דערמיט, וואָס ער האָט אים ניט געהיט.

כאָטש אָבער זיי פאַרוואַרפן דעם פסק הלכה זיינעם, נעמען זיי דאָך ביידע אָן רבהס פאַראויסגייענדיקע הנחה *), אַז ווייל די תורה

*) וואָס אָנבאַלאַנגט דעם געדאַנק, וואָס דינט אַלס מאָטיוו פאַר דער דאָזיגער הנחה, איז דער רמב"ם בעדאַרף צו אים ניט אָנקומען. וואָרום לויט אים נאָך

האָט אַריינגענומען דעם ענין פון תשלומי ממון ביי אַ שור המועד אין דער פאָרם פון כופר, האָבן מיר אַ רעכט אָנצונעמען דעם ענין פון תשלומי ממון אויך אין אַזאַ פאַל, וועגן וועלכן די תורה רעדט ניט; אויך אין אַזאַ פאַל, וואָס זיי קענען ניט אין דער פאָרם פון כופר רעאַליזירט ווערן, וואָס מוזן נאָר אין זייער ריינסטער פאָרם אָנגעווענדעט ווערן. זיי גייען אָבער פיל ווייטער פון אים אין דער דאָזיקער הינזיכט. זיי שטעלן אַוועק די דאָזיקע אויסבעסערונג**) אויף אַ פיל גרעסערן שטח. און אַמווייטסטן גייט דער ראב״ד.

ער האַלט, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז אפילו ביי אַ שור תם שלא במתכוון דאַרף דער בעל השור תשלומי ממון באַצאָלן ניט נאָר דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד, וואָס אין דעם פאַל קען אַן אמתע געלד־תביעה אַרויסגעשטעלט ווערן, נאָר אויך דאַן, ווען דער קרבן איז אַ בן־חורין. זיין געדאַנקען גאַנג איז דער זעלבער ווי רבהס. ער איז מער פון דאָגמאַטישן, טעכנישן*) כאַראַקטער. ער איז מיט אים ניט איינשטימיק נאָר בנוגע דער מיינונג זיינער, אַז מען קען ניט אַרויסטראָגן די פאַרברייטערונג אויסער די ראַמען פון אַ שור המועד,

---

קען מען דאָך די אויסברייטערונג אַריינטראָגן נאָר אין אַזאַ שור נגח פאַל, וואו עס קען אַן אמתע געלד תביעה אַרויסגעשטעלט ווערן מצד וועמען מחמת דעם, וואָס דער שור האָט אומגעבראַכט אַ מענטשן, אָבער ניט אין אַ פאַל, וואו עס קען פון קיין אייגענטום רעכט קיין רעדע ניט זיין. חאָטש אָבער דאָס אַלעס איז אמת, איז וואָס אָנבעלאַנגט דעם עצם געדאַנק אין זיך אַליין, אַז אין יעדן פאַל פון אבוד נשמה איז אויך אַן היזק ממון פאַראַן — איז ער אַזאַ, וואָס מוז דאָך אַנערקענט ווערן, אויך דאַן אַפילו, ווען מיר נעמען אָן, אַז ער קען קיינמאָל ניט צו אויסדרוק קומען, אויב ער איז ניט פאַרבונדן מיט קיין פערזאָן, וואָס האָט דירעקט געליטן פון דעם היזק ממון, ווייל ער קען אַלס זיין קניין כסף באַטראַכט ווערן.

**) בנוגע דעם ראב״ד באַדאַרף די דאָזיגע באַצייכנונג פאַרשטאַנען ווערן אין אַבסאָלוטן זין. בנוגע דעם רמב״ם אָבער באַדאַרף זי פאַרשטאַנען ווערן אין אַ געוויסער באַגרענעצטער הינזיכט: אין דעם זין, וואָס דער פאַל, אין וועלכן ער דערלאָזט ביי אַ שור נגח דעם עניין פון גלאַט תשלומי ממון אַריינ־נעמען, איז צוליב דעם כאַראַקטער פון דעם אינהאַלט זיינעם, געפינט ער זיך אינגאַנצן אויסער דעם תחום פון דעם פאַל בנוגע וועלכן די תורה האָט געמאַכט דעם אָבנויג אירן.

*) פון דעם, וואָס עס וועט קומען ווייטער, וועט דער לעזער פאַרשטיין, וואָס איך מיין מיט די דאָזיקע באַצייכנונגען.

ער גייט אַריבער פון אַ שור המועד שלא במתכוון, וואָס לויט אים נאָך, ווי אויך לויט דעם רמב"ם, גילט דאָ סיי ווי סיי לויט דער תורה דער ענין פון כופר און קנס — צו אַ שור תם שלא במתכוון, ווי אויך צו אָט יענע שור המועד פעלע, וואָס כאָטש זיי זענען אַזעלכע, קען מען לויט רבה נאָך אַלץ ניט דעם אָפּנויג פון דער תורה אין זיי פּראַקטי־צירן.

פונקט ווי ביי רבהן איז דער מאָטיוו פון קענען מחייב זיין תשלומי ממון אין אַ פאַל פון שור המועד שלא במתכוון אָדער אין אַ פאַל פון על פי עצמו שלא בעדים ביי אַ בן חורין דאָס, וואָס אין אַנדערע פאַלן, וואָס זענען פון דער זעלבער קאַטעגאָריע, ווי די פאַלן, דאַרף מען לויט דער תורה אפילו כופר — ווי אין פאַל פון על פי עצמו בעדים, אין דעם זין, ווי מיר האָבן פריער דערקלערט — אָדער אפילו אויך קנס — ווי אין פאַל פון אַ שור המועד בעדים במתכוון — פּראַקטיצירן: אָט אַזוי איז אויך לויט אים נאָך דער מאָטיוו פון דעם, וואָס מיר פּסק'־ענען צו תשלומי־ממון אין אַ פאַל פון אַ שור תם שלא במתכוון און אין אַנדערע פאַלן, וואָס מען באַדאַרף לויט אים נאָך, אַריינטראָגן דעם ענין פון תשלומי ממון נאָר דאָס, וואָס מיר דאַרפן אַרויפלייגן, לויט דער תורה, אין אַ פאַל פון אַ שור המועד במתכוון אָדער שלא במת־כוון כופר און קנס אויף דעם בעל השור; דאָס הייסט: דאָס וואָס די תורה מאַכט אַן אָפּנויג אין די דאָזיקע פעלע און נעמט אין זיי דעם ענין פון תשלומי ממון אַריין.

איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז פונקט ווי ביי רבהן איז די מעג־לעכקייט פאַר אַריינצונעמען דעם ענין פון דמים, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון, וואָס דער אָקס איז לויט אים נאָך ניט בסקילה אָדער בקנס, פאַראורזאַכט פון דעם איינציקן מאָ־טיוו נאָר, וואָס מיר אָנערקענען דאָס רעכט פון די יורשים פון קרבן צו פאָדערן, אַז זיי זאָלן ניט באַרויבט ווערן פון די תשלומי ממון, וואָס וואָלטן אין זייערע הענט אַריינגעפאַלן, אין כמעט אַן ענלעכן פאַל צו דעם פאַל, אין אַ פאַל, ווען דער בעל־השור וואָלט יאָ בכופר אָדער בקנס באַשטראָפט געוואָרן, אַזוי, אַז אויב מיר קענען ניט אין דעם פאַל פון אים די תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר אויפמאָנען, דאַרפן מיר זיי פון אים אויפמאָנען אין דער פאָרם פון דמים. וואָרום מיר זאָגן די תורה האָט אים אין דעם פאַל נאָר פון כופר באַפרייט — פון דאַרפן

אַ פדיון נפש האָבן — אָבער ניט פון דעם תשלומי ממון מאָמענט, וואָס גייט אין כופר מיט דעם פדיון נפש צוזאַמען; פונקט ווי דאָ איז די מעגלעכקייט וועגן וועלכער מיר רעדן, אָפּהענגיק פון אַ ריין טעכנישן מאָטיוו, כמעט, פון דעם, צי מען קען יאָ אָדער ניט דעם היתר אויף דמים, וואָס מיר ווילן פּריווילעגירן די, וואָס וואָלטן פון דעם כופר אָדער קנס געניאָסן, אָנהענגען אין דעם טעקסט פון דער תורה, אָבער ניט פון דעם, צי די טענה פון דמים מצד יענע, וואָס צו זיי וואָלטן די דאַזיקע דמים געגעבן געוואָרן, קען אין זיך אַליין אַ באַרעכטיקונג האָבן, צי דער היזק ממון אין דעם פאַל איז אַזאַ, וואָס האָט פאַראורזאַכט אַ געלד שאָדן פון פאַרלאָרענעם אייגנטום צו וועמען, אָט אַזוי איז אויך ביים ראב״ד, וואָס ביי אים ווערט די דאָזיקע אויס־ברייטערונג אין אַ פּיל גרעסערן מאָסשטאַב געגעבן, די מעגלעכקייט פאַר קענען די דאָזיקע אויסברייטערונג מאַכן נאָר פון אַ מאָטיוו, וואָס איז פון ריין טעכנישן אינהאַלט אָפּהענגיק: פון דעם, וואָס מען קען דעם היתר אויף דמים, וואָס מיר ווילן אין אַ געוויסן שור נגח פאַל פּראַקטיצירן, אָנהענגען אין טעקסט פון דער תורה, אָבער ניט פון דעם, צי די טענה פון די יורשים אָדער דעם בעל הבית פון קרבן, קען אין זיך אַליין אַ באַרעכטיקונג האָבן מחמת דעם, וואָס דער היזק ממון דאָ איז אויך מיט אַ געלד תביעה מאָמענט פאַרבונדן. דער איינציקער מאָטיוו, לויט אים נאָך פאַר קענען אַריינגעמען דעם ענין פון תשלומי ממון אין אָט יענע אַלע קאַטעגאָריעז פון ענייני שור, אין וועלכע ער נעמט דעם דאָזיקן ענין אַריין, איז נאָר דאָס, וואָס ווייל אין יעדן אבוד נשמה פאַל איז דאָך דער היזק ממון מאָמענט פאַראַן, האָבן מיר אַ רעכט, מחמת דעם, וואָס די תורה האָט ביי אַ שור נגח, וואָס איז אַ מועד, דעם עניין פון תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר און קנס אַריינגענומען, אויסצוברייטערן אים אויף אַלע אַנדערע שור נגח פאַלן, אין וועלכע עס גילט ניט קיין כופר און קנס, לויט דער תורה אין זיי, און זיי — די תשלומי ממון — קענען אין זיי נאָר אין דער פאָרם פון דמים קומען — אויסער נאָר אָט יענע פעלע, וואָס עס איז קלאָר בנוגע זיי פון דער תורה, אַז ניט נאָר כופר און קנס קענען דאָרטן ניט אָנ־גיין, נאָר אויך גלאַט דמים, ווי אין די פעלע, וואו זי שרייבט סקילה פאַר דעם שור, כאָטש קיין כופר און קנס גילט אין זיי ניט.

שוין דאָס אַליין, וואָס די תורה האָט דעם עניין פון תשלומי ממון

אין דער פאָרם פון כופר און קנס — ביי אַ שור המועד אַריינגענומען, גיט אונדז אַ באַרעכטיקונג צו באַהויפּטן, אַז דאָרטן, וואו עס איז קיין כופר און קיין קנס ניט פאַראַן, האָבן מיר אַ רעכט דעם בעל השור גלאַט דמים מחייב זיין, אויב דער שור איז ניט בסקילה, אָן אונטערשייד, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ שור המועד אָדער אַ תם. לויט אים נאָך איז אין אַט יענע אַלע פאַלן, אין וועלכע עס איז אין השור בסקילה ואין הבעלים בכופר ובקנס, באַדאַרף מען דעם בעל השור מחייב דמים זיין. די דאָזיקע פעלע זענען ביי אַ שור המועד במתכוון על פי עד אחד, אָדער על פי עצמו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד, ביי אַ שור תם שלא במתכוון, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן־חורין, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד. אַט פונקט ווי לויט רבהן אין אַ פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן־חורין, זאָגן מיר, אַז דאָס, וואָס מען איז ניט מחייב קיין כופר אָדער קנס דעם בעל השור, ווי אין אַ פאַל פון אַ שור המועד בעדים במתכוון, אָדער אין על פי עצמו פאַל בעדים ביי אַ בן חורין דאַרף בשום אופן ניט הייסן, אַז מיר מיינען אים געלד איינצושפּאָרן, אַזוי איז אויך דאָ אין אַט יענע אַלע פעלע, וואָס מיר האָבן אויסגערעכנט לויט דעם ראב״ד, איז דאָס, וואָס מיר זענען ניט דן לסקילה דעם שור, דאַרף קיין אָפּהאַלט ניט זיין, מיר זאָלן קענען אין זיי דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינטראָגן אויף דעם סמך פון דעם, וואָס די תורה האָט ביי אַ שור המועד דעם עניין פון כופר און קנס איינגעפירט, וואָס אויך דער מאָמענט פון תשלומי ממון געפינט זיך אין זיי. דאָס וואָס די תורה האָט אפילו אין אַ פאַל פון במתכוון ביי אַ שור תם דעם עניין פון כופר ניט אַריינגעטראָגן, מאַכט ניט אויס. מיר זאָגן דאָך ניט, אַז מיר מאָנען אויף פון דעם בעל השור דאָס געלד, וואָס מען באַדאַרף געבן די יורשים פון קרבן אָדער דעם בעל העבד אַלס פדיון נפש אָדער אַלס קנס שטראָף וואָס מיר לייגן אַרויף אויף אים. מיר זענען אים מחייב דמים נאָר דערפאַר, וואָס מיר זאָגן: מילא, ווען דער שור זאָל געווען לסקילה פאַראורטיילט ווערן, פאַרשטייען מיר, אַז דער היזק ממון, וואָס איז אין אַזאַ פאַל פאַראַן מוז בלייבן ניט אַקטיוויזירט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס, בכלל גע־נומען, האָט די תורה ביי ענייני שור דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינ־גענומען — ווען אפילו נאָר אין דער פאָרם פון כופר און קנס — דערפאַר, וואָס לויט דער תורה, ווי מיר זעען, קענען תשלומי ממון קו־

מען אין א פאַל, ווען דער שור איז בסקילה, טאַקע נאָר אין דער פאָרם פון כופר און קנס. און אויב זיי קענען ניט אין דער דאָזיקער פאָרם קומען, קענען זיי אין דער פאָרם פון גלאַט דמים אַוודאי ניט קומען. פאַר וואָס אָבער זאָל ער מוזן בלייבן ניט אַקטיוויזירט אין דעם פאַל, ווען מען איז דעם שור ניט דן לסקילה, ווען ער — דער בעל השור — לייַדט קיין שום הפסד ממון ניט דורך דעם, וואָס מען זאָל זיין שור צו סקילה פאַראורטיילן, ווי באַלד מיר האָבן אַ רעכט צו באַהויפּטן, אַז אין שור נגח פעלע דאַרף אין פּרינציפּ מעגלעך זיין פאַר אונדז צו אַקטיוויזירן דעם ענין פון היזק ממון, וואָס איז אין יעדן אבוד נשמה פאַל פאַראַן, כאָטש אין אַנדערע אבוד נשמה פעלע, אין וועלכע עס האַנדלט זיך ניט וועגן דעם אומקום פון אַ מענטשן דורך אַ שור נגח, מוז ער ניט אַקטיוויזירטט בלייבן. וואָרום אויב בנוגע די אַלע אַנדערע קלאַסן פון אבוד נשמה פעלע האָט די תורה אין קיין איינעם פון זיי דעם כלל, אַז אין אַן אבוד נשמה פאַל מוז דער היזק ממון מאָמענט, וואָס געפינט זיך אין אים אונטערדריקט בלייבן — געבראַכן, אין וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל ניט זיין, וואָס דאָס וואָלט געקענט מעגלעך מאַכן פאַר אונדז צוזאָגן, אַז ווי באַלד דער פּרינציפּ איז אין איין פרט פון כלל געבראַכן געוואָרן, קען ער אויך אין אַנדערע פּרטים געבראַכן ווערן, אין דער פאָרם, אין וועלכער עס איז מעגלעך אין זיי דאָס צו טאָן, כאָטש אין דער פאָרם, אין וועלכער דאָס וועט אין דער תורה געטאָן, קענען מיר דאָס ניט טאָן — איז דאָ, אין דעם דאָ־זיקן קלאַס, אין דעם קלאַס פון שור נגח פעלע האָט די תורה אין אַ גע־וויסער פאָרם יאָ געבראַכן דעם דאָזיקן פּרינציפּ. אין דעם פאַל קענען מיר ווירקלעך באַהויפּטן, אַז ווייל אין אַ געוויסן פאַל, ביי אַ שור נגח איז די תורה אַרויסגעגאַנגען פון איר גדר און האָט אין אים דעם היזק ממון מאָמענט — אין אַ געוויסער אייגענאַרטיקער פאָרם, אמת — יאָ אַקטיוויזירט, קענען מיר דאָס אויך דאָ טון — אין דער מעגלעכער פאַר דעם פאַל פאָרם — כאָטש אין דער זעלבער פאָרם, אין וועלכער די תורה האָט דאָס אין יענעם פאַל געטאָן, קען דאָס ניט געטאָן ווערן. פאַר וואָס זאָל דער בעל השור דווקא געניסן פון דעם איינגעשפּאָרטן געלד, וואָס ער וואָלט פאַרלאָרן, ווען מיר וואָלטן דעם שור זיינעם דן לסקילה זיין. פאַר וואָס זאָל דאָס דאָזיקע געלד ניט גיין צו די מענטשן פון דעם צד, וואָס זיינען פון אומגליק געטראָפן געוואָרן, אַלס פאַרגיטי־

קונג — זאָל זיין — פאַר דעם צער, וואָס זיי האָבן געליטן, אָפּגעזען דערפון, צי זיי קענען אַלס תובעים באַטראַכט ווערן, אָדער זיי קענען ניט אַלס אַזעלכע באַטראַכט ווערן. פאַר וואָס זאָלן מיר דאָ ניט קענען אויפמאָנען דעם היזק ממון פון בעל השור?

ווען עס וואָלט מעגלעך געווען אָנצונעמען, אַז אין קיין אבוד נשמה פאַל, קען דער ענין פון היזק ממון ניט זיין, וואָלט מען, נאַטירלעך, דאָס ניט געקענט טאָן, אַזוי ווי אָבער דאָס איז ניט אַזוי, דאַרף מ׳ען דאָס יאָ קענען טאָן. אויף דעם סמך פון די דריי מאָטיוון: וואָס אין יעדן אבוד נשמה פאַל איז אין אמתן אויך אַן היזק ממון פאַראַן; וואָס, אַנדערש ווי אין אַלע אַנדערע אבוד נשמהפעלע, האָט די תורה ביי אַ שור המועד אין אַ געוויסער פאָרם דעם ענין פון תשלומי ממון יאָ אַריינגענומען, און דאָס, וואָס מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ שור נגח פאַל, וואָס דער בעל השור לײַדעט אין אים ניט קיין הפסד ממון — אויף דעם גרונט פון די דאָזיקע דריי מאָטיוון דאַרף דאָס אונדז דאָ ערלויבט זיין צו טאָן. פאַר וואָס זאָל ער דער געווינער אַרויס דערפאַר, וואָס מיר באַגייען זיך מיט רחמים מיט דעם אָקס מחמת דעם, וואָס מיר זעען ניט קיין מעגלעכקייט, מיר זאָלן אים קענען לסקילה דן זיין? אויב די שולדיקייט פון אָקס איז אין אַ פאַל פון שלא במתכוון ניט די זעלבע, ווי אין אַ פאַל פון במתכוון, איז וואָס אָנבאַלאַנגט דעם בעל השור איז די שולדיקייט אָדער אונשולדיקייט אין ביידע פעלע די זעלבע. איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז עס איז קיין פלאַץ ניטאָ פאַר דער טענה, אַז, אמת, טאַקע, אַז אין דעם פאַל איז אַן היזק ממון, ווי אין אַלע אַנדערע אבוד נשמה פעלע פאַראַן. אמת איז אויך, אַז ווייל די תורה האָט אין אַן אַנדער אבוד נשמה פאַל ביי אַ שור נגח אַריינגענומען, אין דער פאָרם פון כופר און קנס, דעם ענין פון תשלומי ממון, וואָלט מען זיך געקענט דערלויבן צו אַקטיוויזירן אין דעם פאַל דעם היזק ממון מאָמענט, וואָס געפינט זיך אין אים. די זאַך איז אָבער, אַז ווייל מיר האָבן צו טאָן מיט אַזאַ פאַל, וואָס ניט נאָר דער בעל השור קען ניט מיט כופר און קנס באַשטראָפט ווערן, נאָר דעם שור אפילו זייענען מיר אין אים לסקילה ניט דן, מוז דער היזק ממון מאָמענט, וואָס געפינט זיך דאָ דאָך אומאַקטיוויזירט בלייבן. וואָרום דער בעל־השור מוז דאָ באַטראַכט ווערן אַלס אַזאַ, וואָס מ׳קען אים בשום אופן פאַראַנט־וואָרטלעך ניט האַלטן פאַר דעם אומגליק, וואָס איז דורך זיין אָקס גע־

שען. ווארום אויף וויפיל עס האנדלט זיך נאר וועגן דעם היזק ממון מאמענט, וואס איז איינגעשלאסן אין דעם דאזיקן אבוד נשמה פאל, און אויף וויפיל טאקע נאר וועגן דעם דאזיקן מאמענט רעדן מיר, קען מען רעדן וועגן זיין פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דעם דאזיקן פאל פונקט, ווי מיר טוען דאס אין יעדן אנדער פאל פון היזק ממון, וואס ווערט פאראורזאכט דורך זיין אָקס, ווען דער טאט זיינער, וואס האט דעם היזק ממון פאראורזאכט, איז ניט אזא בנוגע וועלכן מיר האלטן אים פאר א מועד *).

וואס אנבאלאנגט, אלזא, דעם מאטיוו, פאר בכלל קענען מחייב זיין תשלומי ממון דעם בעל השור אין געוויסע שור נגח פעלע, איז, ווירק־לעך, קיין אונטערשייד ניט פאראן צווישן רבהן און דעם ראב״ד. דער איינציקער מאטיוו פון ראב״ד פאר מחייב זיין דעם בעל השור דמים אין אט יענע אלע פעלע, וואס מיר האבן אויסגערעכנט, איז אויך ביי אים, פונקט ווי רבהן, נאר דאס, וואס מיר געפינען אין דער תורה ביי א שור המועד פאל דעם עניין פון תשלומי ממון אריינגענומען. אין אט יענע אלע פעלע, וואס לויט אים נאך באדארף מען דעם בעל השור מחייב דמים זיין איז נאר אט־דער מאטיוו ווירקזאם. דער אונטער־שייד צווישן זיי באשטייט נאר אין דעם, וואס ער שטעלט אוועק די ווירקזאמקייט פון דעם דאזיקן מאטיוו אויף א פיל גרעסערן שטח, ווי רבה טוט דאס. ווי גרויס אבער דער דאזיקער שטח איז ניט, איז נאר אט יענער מאטיוו דער איינציקער בעל הבית דארטן.

אפילו ווען עס האנדלט זיך וועגן אן עבד, פסקענען מיר, לויט דעם ראב״ד נאך, נאר אט צוליב דעם מאטיוו דמים דעם בעל העבד צו, אבער כלל ניט צוליב דעם מאטיוו, וואס דא איז אויסער דעם מא־מענט פון הריגת נפש אויך דער מאמענט פון א היזק ממון שיש לו בעלים פאראן. ווארום ווען ניט אט־דער אנשפאר, וואס די תורה גיט אונדז מיט דעם, וואס זי האט בכלל דעם עניין פון געלד — ווען אפילו נאר אין דער פארם פון כופר און קנס — אריינגעטראגן, וואלטן מיר דאך מחמת אט דעם מאטיוו דעם עניין פון דמים אין א פאל פון עבד אפילו ניט אריינגעטראגן, פונקט ווי מיר טוען דאס ניט אין א פאל פון בור. מחמת ווען ניט אט דער כופר און אט דער קנס, וואס די

---

*) איך מיין דא לקולא.

תורה שרייבט פאַר ביי אַ שור המועד, וואָלט געמוזט אויסקומען, אַז אין תשלומין לעבד, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ שור נגח אין וואָסער אַ פאַל עס זאָל זיך ניט האַנדלען; אין אַ פאַל אפילו, ווען עס איז הריגת בית דין ניט פאַראַן.

ל"ב

אַ מער קאָנסערוואַטיווע באַציאונג — וואָס אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן די מסקנות אירע בנוגע אָט יענע אַלע פעלע, וואָס פון לכתחילה אָן גילט אין זיי קיין כופר און קנס ניט, פאַלט זי צו־זאַמען — אויסער נאָר, ווען עס האַנדלט זיך אין זיי וועגן אַ קרבן, וואָס איז אַן עבד, און דערפאַר קען זי אויך אַלס פיל ראַדיקאַלער פון זיינער — באַטראַכט ווערן — מיט רבהס פסק־דין וועגן זיי — וועלכע פאַר־קערפערט אין זיך אויך אַ מער לאָגישן צוגאַנג צום עניין, ווייזט דער רמב"ם אַרויס.

ער נעמט אויך אָן רבהס פרינציפ, אַז ווייל די תורה האָט אַריינגע־נומען דעם עניין פון תשלומי ממון ביי שור אין דער פאָרם פון כופר און קנס, קען מען אין אַ פאַל, וואָס וועגן כופר און קנס קען קיין רעדע ניט זיין, דעם עניין פון דמים אַריינגענעמען. ער צעגייט זיך מיט אים נאָר אין דעם פרט, וואָס לויט רבהן, קען דאָס געטאָן ווערן נאָר ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ שור המועד, ווייל נאָר ביי אַ שור המועד איז דאָך דער עניין פון כופר־ און־ קנס־תשלומי ממון פאַראַן, און לויט אים נאָך מוז אויסקומען, אַז דאָס קען געטאָן ווערן נאָר דאַן גאָר, ווען עס האַנדלט זיך דווקא וועגן אַ שור תם, אָדער אין אַנדערע אַזוינע פעלע, וואָס דער בעל השור איז אין זיי פון לכתחילה אָן ניט בכופר אָדער קנס, און דערביי איז אין אים אויך דער בעל השור ניט בסקילה. ווי אויך אין דעם, וואָס לויט רבהן, ווי אויך לויט דעם ראב"ד, איז שוין דאָס אַליין, וואָס די תורה רעדט וועגן כופר — און אויך קנס לויט דעם ראב"ד — ביי אַ שור המועד שוין גענוג דערויף, מען זאָל אין די באַגרעניצטע ראַמען, אין וועלכע מען קען זיך לויט רבהן באַ־נוצן מיט דעם אָפּנויג פון דער תורה, און לויט דעם ראב"ד אויך אין די אַלע פאַלן פון ענייני שור, ווען מען איז דעם שור ניט דן לסקילה — מען זאָל דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינגעמען, קיין אונטער־

שייד ניט, צי עס איז אַ פאַל, וואָס צוזאַמען מיט דעם מאָמענט פון אבוד נשמה געפינט זיך אין אים אויך דער מאָמענט פון דירעקטן היזק ממון — פון היזק ממון שיש לו בעלים — איז לויט דעם רמב"ם דאָס אַליין ניט גענוג.

דאָס, וואָס מיר געפינען בכלל דעם עניין פון תשלומי ממון אין דער תורה אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ געוויסן פאַל פון די ענייני שור, קען פאַר אונדז דינען אַלס מאָטיוו, מיר זאָלן דעם עניין פון דמים קענען אַריינגעמען נאָר דאַן, ווען עס איז דאָ אַן אורזאַכע פאַר מאָנען געלט, פאַר וועמען, ווען די איינציקע אורזאַכע פאַר ניט צופסקענען דמים אין דעם פאַל, וואָלט געווען נאָר דאָס, וואָס עס וואָלט באַ־דאַרפט אויסקומען, אַז לויט דער תורה קען מען בשום אופן ניט פאַר־בינדן דעם עניין פון תשלומי ממון מיט וואָס פאַר אַ פאַל פון ענייני שור עס זאָל זיך ניט האַנדלען.

און דעריבער איז דאַן, ווען, וואָס לויט רבהן, וואָס האַלט, אַז אַ שור המועד שלא במתכוון איז ניט נאָר דעם אָקס זיינען מיר ניט דן לסקילה, נאָר מיר זיינען אויך דעם בעל השור מיט כופר אָדער מיט קנס ניט מחייב, איז דער איינציקער פאַל, אין וועלכן מען קען די אויסברייטערונג פראַקטיצירן נאָר דער פאַל פון אַ שור המועד שלא במתכוון, אָדער דער פאַל פון על פי עצמו שלא בעדים, ווען דער קרבן איז אַ בן חורין, אָבער ניט, ווען ער איז אַ עבד, כאָטש אין דעם פאַל איז אויסער דעם עניין פון אבוד נשמה אויך אַ בפירושער פאַל פון היזק ממון פאַראַן, דאַן, ווען אין ערשטן פאַל איז עס גאָר ניט בנמצא; דאַן, ווען, לויט דעם ראב"ד פאַר וועלכן — ווי דאָס באַדאַרף אויך וועגן רמב"ם געזאָגט ווערן — עס איז קיין נויטווענ־דיקייט ניט פאַראַן, צו באַנוצן זיך מיט דער אויסברייטערונג, וועגן וועלכער מיר רעדן, אין אַ פאַל פון שור המועד שלא במתכוון, וואָרום לויט זיי ביידן נאָך זיינען מיר דאָך דאַן דעם בעל השור בכופר ובקנס מחייב; דאַן ווען לויט אים נאָך זיינען מיר אין אַ פאַל פון שור תם שלא במתכוון דמים מחייב דעם בעל השור, אַן אונטערשייד, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין אָדער וועגן אַן עבד — איז לויט דעם רמב"ם קענען מיר דווקא נאָר, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד דמים מחייב זיין דעם בעל השור. וואָרום לויט אים נאָך האָט נאָר דאַן אַ זין זיך צו באַנוצן מיט דעם מאָטיוו, וואָס די

תורה האָט דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינגענומען, מיט דעם צוועק, איבערצוטראָגן דעם עניין פון תשלומי ממון, וועגן וועלכן די תורה רעדט אויך אין אַזאַ פאַל, אין וועלכן ער קען אַלס כופר און קנס ניט קומען, אין וועלכן ער זאָל קענען נאָר דעם כאַראַקטער פון דמים טראָגן, נאָר, דאַן, ווען דער דאָזיקער פאַל איז, ראשית כל, אַזאַ, בנוגע וועלכן עס איז אַ ספּעציעלע אורזאַכע — אויסער דער אורזאַכע, וואָס אין יעדן אבוד נשמה פאַל איז דער מאָמענט פון סתם אַן היזק ממון דאָ — פאַראַן פאַר דעם, אַז מיר זאָלן וועלן דעם בעל השור מחייב דמים זיין, ווי אין דעם פאַל פון אַן עבד, וואָס איז אומגעקומען דורך אַ שור תם שלא במתכוון.

ווייל אין דעם פאַל האַנדלט זיך ניט גלאַט אַזוי וועגן אַן היזק ממון, נאָר אויך וועגן אַ ווירקלעכער געלט תביעה, וואָס קען צוגעשטעלט ווערן צום בעל השור פאַר דמי היזק ממון, וואָס זיין אָקס האָט צום בעל העבד גורם געווען, און קיין מיתת בין דין איז דאָך דאָ אויך ניטאָ, און קיין געלט שאָדן ליידעט אויך ניט דער בעל השור דורך דעם, וואָס מען זאָל דעם אָקס זיינעם דן לסקילה זיין, וואָרום אין אַ פאַל פון שלא במתכוון ברענגט מען דאָך ניט אום דעם אָקס — קען מען זיך ערלויבן אויף דעם סמך פון דעם, וואָס טראָץ דעם, וואָס די תורה האָט אין קיין איינציקן פאַל פון די פאַרשיידענע אַנדערע קאַטעגאָריעס פון אבוד נשמה פעלע דעם עניין פון תשלומי ממון, אַפילו ווען עס האַנדלט זיך אין זיי וועגן אַ ווירקלעכער געלט תביעה, ניט אַריינגענומען, האָט זי אין דער קאַטעגאָריע פון שור נגח פעלע אַן אויסנאַמע געמאַכט און האָט אים אין אַ געוויסן פאַל — ביי אַ שור המועד — יאָ אַריינגענמען — אויך אין דעם פאַל דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינגעמען; האָבן מיר אַ רעכט צו פסקענען, אַז כאָטש אין אַלע אַנדערע פעלע קענען מיר ניט אַזאַ אָבנויג מאַכן, מיר זאָלן מעגן דעם בעל השור דמים מחייב זיין, קענען מיר אין אים דאָס יאָ טאָן. ווייל ס'האַנדלט זיך דאָ אין אַ ווירקלעכער געלט תביעה, האָבן מיר אַ רעכט צוצופּסקענען אין אים דעם בעל הבית פון קרבן חצי דמי העבד, ווי אין יעדן אַנדערן אַזעלכן פאַל, ווען דער שור איז אַן היזק ממון גורם.

ווען אָבער עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין, איז קיין ספּעציעלע אורזאַכע ניט פאַראַן, פאַר וואָס מיר זאָלן קענען צופּסקענען

דמים די יורשים. ווארום דאָ איז נאָר דער מאָמענט פון היזק ממון פאַראַן, אָבער ניט פון קיין תביעת ממון. דעריבער קען מען ניט אין אַזאַ פאַל מחייב דמים זיין דעם בעל השור אויף דעם סמך פון דעם, וואָס די תורה האָט דעם ענין פון תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר אַריינגענומען אין אַן אַנדער שור נגח פאַל.

ער האַלט ניט, ווי עס זעט איס פון דעם מאָטיוו, וואָס באַדאַרף צוגעשריבן ווערן דעם ראב"ד פאַר דער מיינונג זיינער, אַז איבעראַל, וואו דער שור איז ניט בסקילה און דער בעל השור איז ניט בכופר ובקנס, באַדאַרף מען דעם בעל השור דמים מחייב זיין; פון דעם מאָטיוו, אַז ווי באַלד קיין שום הפסד ממון ליידעט דאָ ניט דער בעל השור, ווי באַלד אַפילו דעם שור זיינעם לאָזט מען לעבן, קענען מיר זיך ערלויבן צוליב דעם אָבנויג, וואָס די תורה האָט געמאַכט אין פאַל פון אַ שור המועד, מיר זאָלן אים דאָך גלאַט דמים מחייב זיין, כדי די יורשים זאָלן אַ טובת הנאה האָבן פון דעם געלט, וואָס ער וואָלט פאַרלאָרן, ווען מען וואָלט זיין שור דן לסקילה געווען.

ער זעט ניט דאָ, ווייזט אויס, דעם לאָגישן גרונד פאַר דער פאַרבינדונג צווישן דעם הפסד ממון, וואָס מיר וועלן גורם זיין דעם בעל השור לטובת די יורשים מיט דעם, וואָס ער איז דאָ פריי פון יעדן אַנדערן מעגלעכן הפסד ממון, וואָס קען לויט דער תורה פאָרגע־שריבן ווערן אין אַנדערע שור נגח פעלע.

דאָס וואָס די תורה האָט אַריינגענומען דעם ענין פון תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר אין געוויסע שור נגח פעלע קען אונדז אַ באַרעכטיקונג געבן נאָר דערויף, אַז אין אַזאַ שור נגח פאַל, וואו עס איז אַ געלט תביעה פאַראַן, זאָלן מיר די דאָזיקע געלט תביעה אַקטיוויזירן. נאָר דאָ קען גילטן דער מאָטיוו פון קיין אַנדער הפסד ממון האָט ער דאָך ניט. אָבער ניט דאָרטן, וואו עס איז פון לכתחילה אָן גאָר קיין געלט תביעה ניט פאַראַן, ווי אין אונדזער פאַל. מען קען דעם בעל השור ברענגען צו הפסד ממון נאָר דאַן, ווען ער באַדאַרף אַ פדיון נפש האָבן, אָבער ניט — נאָר צוליב דעם, כדי די יורשים זאָלן אַ טובת הנאה האָבן. די געלט טובת הנאה, וואָס די יורשים האָבן, ווען מען איז מחייב דעם בעל השור כופר, איז ניט קיין רעזולטאַט פון אַ באַפרידיקונג פון אַ געלט תביעה, וואָס זיי האָבן אויף דעם בעל השור, נאָר אַ רעזולטאַט' פון דעם, וואָס ער באַדאַרף אַ

פדיון נפש האָבן. ווען אָבער די דאָזיקע אורזאַכע פאַלט אַראָפּ, פאַלט במילא אויך דער רעזולטאַט אַראָפּ. ניט עס איז פאַראַן פון וועמען און ניט עס איז דאָ פאַר וועמען געלט אויפצומאָנען דאָ.

פונקט ווי דאַן, ווען מען וואָלט זיי דאָס כופר געלט געגעבן, ווען מיר וואָלטן דאָ געהאַט אַ שור נגח פאַל פאַר זיך, אין וועלכן מען איז מחייב דעם בעל השור כופר, וואָלט מען טאַקע נאָר כופר געקענט אים מחייב זיין, אָבער ניט קיין דמים; פונקט ווי דאַן וואָלט מען בשום אופן ניט געקענט אויפמאָנען פון אים קיין געלט נאָר דערפאַר, כדי די יורשים זאָלן אַ טובת הנאה האָבן, אָט אַזוי קען מען אים איצט, אַז מען איז אים ניט מחייב קיין כופר, קיין דמים ניט מחייב זיין. עס איז קיין אַנדער געלט ניטאָ אין אַ פאַל, ווען דורך דעם אָקס פון וועמען עס ווערט אַ מענטשלעך לעבן אומגעבראַכט, אויסער כופר געלט. נאָר דערפאַר, וואָס מען האָט פון דעם בעל השור אויפגעמאָנט כופר, האָבן זיי אין יענעם פאַל אַ געלט טובת הנאה געהאַט. איצט אָבער, אַז קיין כופר איז ניטאָ, קען במילא אויך קיין טובת הנאה געלט ניט זיין פאַר זיי.

מיט איינעם וואָרט — דער רמב"ם האַלט, אַז מען קען אין אַזוינע פעלע קיין אָפּנויג ניט מאַכן פון דעם פרינציפּ פון אין מערבין עונש בעונש. אַז מען קען אין זיי דעם עניין פון תשלומי ממון ניט אַריינ־נעמען. ביי אַ שור המועד האָט די תורה יאָ אַריינגענומען דעם עניין פון תשלומי ממון — אין דער פאָרם פן כופר, ווייל אָבער זי האָט אים טאַקע נאָר אין דער פאָרם — אין דער פאָרם פון כופר — אַריינ־געטראָגן, האָבן מיר קיין רעכט ניט אריינצוטראָגן זיי — די תשלומי ממון אין דער פאָרם פון גלאַט דמים אין אַזוינע פעלע, וואו זיי קענען אין דער פאָרם פון כופר ניט קומען. תשלומי ממון ביי אַ שור נגח דאָרטן, וואו עס איז דער מאָמענט פון היזק ממן שיש לו בעלים ניט פאַראַן — איז אָדער זיי קענען אין דער פאָרם פון כופר קומען, אָדער זיי קענען גאָר אינגאַנצן ניט קומען, פונקט אַזוי ווי אין אַלע אַנדערע אבוד נשמה פעלע, וואָס עס איז פון לכתחילה אָן אין זיי קיין שום תביעת ממון ניט פאַראַן. אַזוי ווי דאָרטן אָט אַזוי אויך דאָ באַשטייט דאָס פּראָבלעם, וואָס מיר האָבן פאַר זיך — צי דער פאַל, וואָס מיר האָבן פאַר זיך איז יאָ אָדער ניט מיט דעם עניין פון מיתת בית דין פאַרבונדן — אין דעם, צי מיר זאָלן דעם

געמשפטן צום טויט פאַראורטיילן, אָדער מיר זאָלן אים גאָר אינ־גאַנצן באַפרייען.

## ל"ג

און עס איז כדאי צו באַמערקן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַלעם, וואָס עס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, אַז, ווי עס זעט אויס, איז אַפילו בנוגע אַן עבד ביי אַ שור תם שלא במתכוון, דער רמב"ם, ניט גאָר אינגאַנצן זיכער ביי זיך מיט דעם פסק זיינעם, אַז מען באַ־דאַרף דמים — חצי דמי העבד — מחייב זיין דעם בעל השור. וואָרום עס פעלט די קאַטעגאָרישע פאָרם אין דעם אופן, ווי ער גיט אונדז דעם פסק זיינעם איבער. ער שרייבט „נראה לי" — און עס זעט מיר אויס. פון דעם דאָזיקן אויסדרוק איז צו זען, אַז ער האָט דאָך געהאַט געוויסע ספיקות וועגן דעם, צי מען באַדאַרף ווירקלעך מחייב דמים זיין דעם בעל השור אַפילו אין אַט דעם פאַל פון אַ שור נגח.

דער גרונד פאַר די דאָזיקע ספיקות באַדאַרף מען פאַרשטיין, געפינט זיך אין דעם פאָלגענדן אַרגומענט, וואָס מען קען אַרויס־שטעלן אויף צופאַרוואַרפן דעם דאָזיקן פסק הלכה. מען קען אַר־גומענטירן: דו פאַרוואַרפסט דאָך די מעגלעכקייט, ווי מען באַ־דאַרף פאַרשטיין, אַז מען זאָל קענען אין אַ פאַל פון שור תם שלא במתכוון, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בן חורין, מחייב דמים זיין דעם בעל השור, נאָר דערפאַר, וואָס, ווייל מיר זעען, אַז די תורה האָט אַריינגענומען דעם עניין פון תשלומי ממון אין אַ שור נגח פאַל, נאָר אין דער פאָרם פון כופר, דעריבער דאַרפן מיר אָננעמען, אַז נאָר דאַן קען מען אַריינגעמען דעם עניין פון תשלומי ממון אויך אין אַן אַנדער פאַל, ווען אויך אין אים קענען זיי אין דער פאָרם פון כופר קומען, אָבער ניט דאַן, ווען זיי, מוזן קומען אין אים אין דער פאָרם פון גלאַט תשלומי ממון. וואָרום אויב ער איז ניט ענלעך אויף יענעם פאַל אויף אַזויפיל, אַז מען זאָל קענען אויך אין אים דעם בעל השור בכופר מחייב זיין, מוז ער באַטראַכט ווערן ניט אַלס אַזעלכער, וואָס איז ענלעך צו דעם פאַל, ביי וועלכן די תורה האָט דעם אָפנויג געמאַכט, נאָר אַלס אַזעלכער, וואָס באַלאַנגט צו אַט יענער קאַטעגאָריע פון אבוד נשמה פעלע, וואָס

קענען אין קיין שום פאַרבינדונג מיט דעם עניין פון תשלומי ממון געשטעלט ווערן.

ווי באַלד אַזוי אָבער קען מען דאָך אפשר אויך זאָגן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד אין אַ פאַל פון אַ שור תם שלא במתכוון: היות דער אָפּנויג פון אַריינגעמען תשלומי ממון, וואָס די תורה האָט געמאַכט ביי אַ שור נגח, האָט זי אונדז נאָר אין דער פאָרם פון כופר געגעבן און אין דעם פאַל, וואו מיר ווילן אַריינגעמען דעם אָפּנויג קען ער אין דער דאָזיקער פאָרם ניט קומען, דעריבער קען מען אויך אויף אים ניט איבערטראָגן דעם אָפּנויג. פונקט ווי מען קען אים ניט איבערטראָגן אויף אַלע אַנדערע אבוד נשמה פעלע, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ שור נגח, אויב ער קען אין זיי ניט אין דער אָריגינעלער פאָרם זייערער קומען, אָט אַזוי קען ער אויך ניט אויף דעם פאַל איבערגעטראָגן ווערן. טראָץ דעם, וואָס דאָ איז ניט נאָר אַן היזק ממון פאַראַן, נאָר אַן אמתע תביעת ממון, אַן היזק ממון שיש לו בעלים, קען מען דאָך ניט מחייב דמים זיין דעם בעל השור. וואָרום דער איינציקער מאָטיוו פאַר דער מעגלעכקייט אַפילו אין דעם פאַל דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינצונעמען איז דאָך נאָר דאָס, וואָס די תורה האָט ביי אַ שור נגח אין אַ געוויסן פאַל אַן אָפּנויג געמאַכט מיט דעם, וואָס זי האָט דעם עניין פון כופר איינגעפירט. ווען זי וואָלט ניט געווען אין יענעם פאַל אָט יענעם אָפּנויג געמאַכט, וואָלט אונדז גאָר ניט איינגעפאַלן מחייב דמים צו זיין דעם בעל השור אפילו אין דעם פאַל. מיר וואָלטן דאַן אָנגענומען, אַז לויט דער תורה איז אין תשלומים לעבד, אין וואָס פאַר אַ פאַל עס זאָל זיך ניט האַנדלען ביי אַ שור נגח, פונקט, ווי עס איז אין תשלומים לעבד אין די אַלער־ליי בור פעלע. מיר ערלויבן זיך דאָ מחייב דמים צו זיין דעם בעל השור נאָר צוליב דעם אָפּנויג, וואָס די תורה האָט געמאַכט ביי אַ שור המועד. צי קענען מיר זיך אָבער ערלויבן דאָס צו טאָן. די תורה האָט דאָך דעם דאָזיקן אָפּנויג נאָר אין דער פאָרם פון כופר געמאַכט, און דאָ גייען מיר גלאַט תשלומי ממון פראַקטיצירן. אפשר דאַרף זיין אונדזער באַציאונג צו דעם פאַל גלייך ווי אויך דאָ, אין עניני שור וואָלט די תורה, ווי אין עניני בור, קיין שום אָפּנויג ניט געמאַכט. און פונקט, ווי, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אומגעקומענעם עבד דורך אַריינפאַלן אין אַ בור, וואָלט מען דאָך

דעם בעל הבור ניט מחייב געווען קיין דמים, אָט אַזוי באַדאַרף מען אויך ניט אין דעם פאַל דעם בעל השור קיין דמים מחייב זיין.

אָט דאָס ווייזט אויס איז די אורזאַכע פון דעם רמב"מ'ס פאַרזיכ־טיקייט ביים אַרויסגעבן דעם פסק הלכה זיינעם, וואָס שפיגלט זיך אָפּ אין דעם אויסדרוק „נראה לי", וועגן וועלכן איך האָב ביז איצט גערעדט.

און אויב ער האָט אונדז דאָך דעם פסק הלכה זיינעם געגעבן איז דאָס דורך דעם, וואָס ער האָט אויף אים אַ חיזוק געפינען אין רב פפא'ס מיינונג וועגן יציאת וולדות של שפחה דורך אַ שור נגח, אַז מען באַדאַרף דעם בעל השור מחייב דמים זיין, טראָץ דעם דרש פון רב אדה בר אהבה פון שור ולא שוורים אויף דעם פסוק „וכי ינצו אנשים ונגפו אשה הרה ויצאו ילדיה".

לויט אים נאָך איז טראָץ דעם, וואָס ווייל דורך דעם אנשים ווערן דאָך שוורים אויסגעשלאָסן לעניין יציאת וולדות דורך זיי, וואָלט דער „ונגפו אשה הרה" באַדאַרפט איינשליסן אויך אַן אשה הרה א שפחה*) בנוגע די נעגאַטיווע מסקנות, צו וועלכע מיר קומען דורך דעם אנשים ולא שוורים, וואָרום דער אינהאַלט פון דעם דרש איז דאָך, אַז דער פסק דין, וואָס די תורה־גיט וועגן יציאת וולדות איז נאָר דאַן, ווען דער דאַזיקער אַקט ווערט פאַראורזאַכט דורך אַ מענטשן, ווערט אָבער אין אמתן דאָך אַ שפחה אין דעם אשה הרה ניט איינגע־שלאָסן. מיר זאָגן, אַז אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן דעם מיעוט פון ולא שוורים איז לגבי אַ שפחה דער אשה הרה פון פסוק דעם דאַזיקן מיעוט ניט כולל, כאָטש ער איז יאָ כולל אַ שפחה לגבי יציאת וולדות דורך אַ מענטשן.

אין דער הינזיכט, ווי ער פאָרמולירט דאָס אויף אַ לאַקאַנישן, עפּיגראַמישן אופן, איז, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן יציאת וולדות פון אַ שפחה, ווערט זי ניט ווי גלאַט אַן אשה הרה באַטראַכט, נאָר ווי אַ „חמרתא מעברתא", וואָס דער אמתער מיין פון דער דאָזיקער פאָר־מולא איז כלל ניט אַוועקצושטעלן די שפחה אויף דער זעלבער מדרגה ווי אַ בעל חי, אַז בכלל זיינען די דינים, וואָס זיינען גילטיק,

---

*) איבעראַל, וואו עס ווערט דאָ אין דער שקלא וטריא גערעדט וועגן שפחה, ווערט אַ שפחה כנענית געמיינט.

ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן, אויף איר ניט חל, ווייל זי קען ניט אַנדערש, ווי נאָר אַלס אַ מעוברתע קו באַטראַכט ווערן. נייִן, זי מיינט נאָר צו זאָגן, אַז אין דעם פאַל מוז אויסקומען, אַז דער אַקט פון יציאת וולדיה דאַרף ניט אויפגענומען ווערן פון אונדז אין דער הינזיכט פן קענען אַרויסשטעלן אַ געלט תביעה קעגן דעם בעל השור, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן יציאת וולדות פון אַ מעוברתער פרוי, נאָר וועגן יציאת וולדות פון אַ מעוברתער קו.

דאָס הייסט — פונקט ווי דער פאַרפאַל פון יציאת וולדות פון אַ חמרתא מעברתא שטעלט ניט פאָר מיט זיך נאָר אַזאַ פאַרפאַל, וואָס קען נאָר אויף אַ געוויסן באַגרענעצטן אופן פאַרבונדן ווערן מיט דעם עניין פון פאָדערן אַ געלט פאַרגיטיקונג פון בעל השור, נאָר אַזאַ פאַרפאַל, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז די פאַראורזאַכונג פון אַ ממשותדיקן, דירעקטן הפסד ממון, די פאַראורזאַכונג פון אַ אינ־וועסטירטן קאַפּיטאַל, פון אַן אַקטיוויזירבאַרן געלט ווערט, פון אַ קאָנ־קרעטער דעפעניטיווער הכנסה, וואָס וואָלט אים אַריינגעקומען פון די וולדות, וואָס ווערן אַלס קניין כסף פון דעם בעל החמור באַטראַכט, ווי דער חמור אַליין ווערט אַלס זיין קניין כסף באַטראַכט, אַזוי איז אויך דאָ, אין דעם פאַל פון יציאת וולדות של שפחה, דאָס זעלבע. ווי דער חמור אַזוי איז אויך די שפחה, איך וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן די פליכטן אירע צו דעם בעל הבית און וועגן די באַדינגונגס רעכט, וואָס ער האָט אויף איר, אַ קניין כסף זיינער. ווי דאָרטן אַזוי אויך דאָ שטעלט פאָר מיט זיך די יציאת וולדות אַ פאַרפאַל, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז די פאַראורזאַכונג פון אַ פאַרלוסט פון אינוועסטירטן קאַפּיטאַל, פון אַן אַקטיוויזירבאַרן געלט ווערט. וואָרום ווי זי אַליין איז דעם בעל הבית אירן אַ קניין כסף, אַזוי זיינען אויך די וולדות, וואָס זיינען דורך דעם שור אומגעבראַכט געוואָרן.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער אין פאַל פון יציאת וולדות פון ניט קיין שפחה. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרפאַל, וואָס קען טאַקע נאָר אויף באַגרעניצטן אופן פאַרבונדן ווערן מיט דעם עניין פון פאָדערן אַ געלט פאַרגיטיקונג פון בעל השור. דער כאַראַקטער פון דעם פאַרפאַל איז ניט אַזאַ, וואָס קען מעגלעך מאַכן אַרויסצושטעלן אַן אמתע געלט תביעה. וועגן דעם פאַרלוסט פון אַן אינוועסטירטן קאַפּיטאַל קען דאָ קיין רעדע ניט זיין. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן

אַ געשעדיקטן קנין כסף. װעגן װלדות, װאָס זאָלן האָבן אַ רעאַליזיר־באַרן געלט װערט פאַר די עלטערן, װאָס זאָלן אַלס זייער קנין כסף קענען באַטראַכט װערן.

און װייל אַזוי מוז דער פסק דין, װאָס מיר דאַרפן דאָ אַרויס־טראָגן, ניט זיין אַזאַ, װאָס זאָל זיין ענלעך צו דעם פסק דין, װאָס מיר װאָלטן אַרויסגעטראָגן, װען מיר װאָלטן פאַר זיך געהאַט אַ יציאת װלדות פאַל, װאָס די געליטענע איז ניט קיין שפחה, נאָר צו דעם פסק דין, װאָס מיר װאָלטן אַרויסגעטראָגן, װען דאָ װאָלט זיך האַנדלען װעגן יציאת װלדות פון אַ בעל חי. פונקט װי אין אַזאַ פאַל ביי אַ בעל חי, האַנדלט זיך װעגן אַ פאַקטישן, קאָנקרעטן הפסד ממון, װאָס דער אייגנטימער פון בעל חי האָט געליטן דורך דעם, װאָס מען האָט דעם בעל חי, זיין קנין כסף געשעדיקט, אָט אַזוי איז אויך אין דעם פאַל דאָס זעלבע.

די אורזאַכע, װאָס מיר האָבן אָנצונעמען, אַז װייל אין דעם פאַל פון יציאת װלדות ביי אַ שפחה האַנדלט זיך װעגן אַן היזק ממון דורך אַ געשעדיקטן קנין כסף, װעגן אַ פאַרלוסט פון ממשותדיק געלט, ניט נאָר װעגן אַ פאַרלוסט, װאָס קען אויסגעטייטשט װערן, װי אַ פאַרלוסט פון אַ געלט װערט, קען ניט זיין, אַז עס זאָל מוזן אויס־קומען לויט דער תורה, אַז אויך אין דעם פאַל, װי אין אַ פאַל, װען עס האַנדלט זיך ניט װעגן אַ שפחה, װאָס באַלאַנגט צו אַ יידן, דאַרף מען דעם בעל השור באַפרייען פון דמי װלדות, די דאָזיקע אורזאַכע גיט אונדז אַ רעכט אָנצונעמען, אַז װאָס אַנבאַלאַנגט דעם מיעוט פון אנשים לא שוורים, באַציט ער זיך אויף דעם אשה הרה נאָר בנוגע דעם פרט פון אשה הרה ניט פון קיין שפחה, װאָס ער איז אין זיך כולל, אָבער ניט בנוגע דעם צװייטן פרט, דעם פרט פון אשה הרה אַ שפחה, װאָס קען אויך אין אים נכלל װערן, כאָטש גלאַטער װאָלט גע־װען אָנצונעמען, אַז דער מיעוט באַציט זיך אויך אויף אים — אויף דעם פרט פון יציאת װלדות של שפחה.

װאָרום כאָטש, אמת, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם קאָנטעקסט, אין װעלכן עס געפינט זיך דער פסוק, װעגן װעלכן מיר רעדן, אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַלע דינים, װאָס געפינען זיך אין דער זעלבער פרשה, װאָס טראָגן אַלע דעם כאַראַקטער ניט נאָר פון אַ יידישער געזעצגעבונג, װאָס װערט צו אַ יידישן קבוץ דיקטירט, נאָר װאָס

זיינען טאַקע אויך — מיט באַגרעניצטע, אפשר, קליינע אויסנאַמען — נאָר פאַר אים גילטיק, קומט סיי ווי אויס, אַז אויך ער איז פון זעלבן כאַראַקטער, אַז מיט די אנשים און אשה הרה ווערן אנשים און נשים מישראל געמיינט, קען אָבער דער דאָזיקער אונשטרייטבאַרער פאַקט אויסגעטייטשט ווערן נאָר אין דעם זין פון דבר הכתוב בהווה. דאָס הייסט, אויף וויפיל דאָס פובליקום, וואָס וועגן אים רעדט זיך אין דעם ערשטן פסוק פון דער פרשה, אין פסוק „ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם", איז פון יידן באַשטאַנען, אויף אַזויפיל מוזן מיינען די אנשים און נשים פון פסוק — אנשים ונשים מישראל, אָבער ניט אין דעם זין, אַז מען זאָל דאָ אַרויסברייגגען פון דעם כלל הן אַ כלל לאו, אַז אויב די אשה הרה איז ניט קיין אַנדער פרוי געווען, נאָר אַ שפחה, וואָס איז דאָס אייגנטום פון אַ יידן אָדער די אנשים פון „וכי ינצו אנשים" זיינען גוים געווען, גילט ניט אין אַזאַ פאַל — אין דעם הויפּט אינהאַלט זיינעם, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאַל, וואָס טראָגט אין אַ געוויסער מאָס דעם כאַראַקטער פון אַ הפסד ממון און אַז דער נוגף דאַרף ווערן געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם דאָזיקן היזק ממון — דער פסק דין, וואָס מיר געפינען אין פסוק.

ביי אַלעם דעם, וואָס מיר נעמען אָן, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם קאָנטעקסט זיינעם קומט אויס, אַז עס רעדט זיך אין אנשים און אשה הרה וועגן אנשים און נשים מישראל, קען אָבער דאָך ניט די דאָזיקע אויסטייטשונג פאַרשטאַנען ווערן, אַז זי מוז מיינען אנשים ונשים מישראל דווקא, גלייך ווי מען וואָלט באַדאַרפט אַרויסלייענען פון איר אַן אימפּליצירטן צוגאָב פון: אָבער ניט קיין אנשים, וואָס זיינען ניט קיין יידן, אָבער ניט קיין אשה הרה, וואָס איז אַ שפחה, נאָר פאַרקערט, גלייך ווי מען וואָלט באַדאַרפט צוגעבן צו איר אַן אימ־פּליצירונג פון אַ פונקט קעגנגעזעצטן כאַראַקטער, אַן אימפּליצירונג פון „והוא הדין לאנשים ונשים שלא מישראל". דאָס הייסט: די תורה רעדט טאַקע וועגן אנשים ונשים מישראל. עס ווערט אָבער דורך דעם ניט אימפּליצירט אַ שלילה בנוגע דעם פסק דין, ווען עס האַנדלט זיך ניט וועגן אנשים ונשים מישראל דווקא.

און דאָס זעלבע, וואָס רב פפא טוט מיט דעם פסוק: „וכי ינצו אנשים", טוט דער רמב"ם מיט דעם פסוק „אם כופר יושת עליו".

פונקט ווי רב פפא נעמט אָן, אַז ווייל על פי סברא דאַרף אויסקומען, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן יציאת וולדות של שפחה דורך אַ שור, דאַרף מען ניט באַפרייען דעם בעל השור פון דמי וולדות, מוזן מיר איינטייטשן דעם פסוק, אַז דער רבוי „והוא הדין לשפחה", וואָס באַדאַרף פאַרשטאַנען ווערן פון אים, באַציט זיך נאָר אויף דעם פּאָזי־טיוון אינהאַלט זיינעם. דאָס הייסט: אויף יציאת וולדים על ידי אנשים, אָבער ניט אויף זיין נעגאַטיוון אינהאַלט, אויף דעם מיעוט „ולא שוורים", וואָס מיר לערנען אַרויס פון דעם, וואָס שטייט אנשים, כאָטש גלאַטער וואָלט דער פּסוק אויסגעקומען, ווען מיר זאָלן אים פאַרשטיין אין דעם זין, אַז ער נעמט יאָ אַריין דעם דאָזיקן רבוי אין באַצוג צו אַ שפחה — אָט אַזוי דאַרף מען לויט דעם רמב"ם נאָך פאַרשטיין, אַז דאָס, וואָס מיר ווילן אַרויסלערנען פון דעם, וואָס די תורה האָט געמאַכט דעם אָפּנויג פון אַריינגעמען תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר, אַ מיעוט, אַז טאַקע נאָר אין דער פאָרם פן כופר קענען תשלומי ממון אין אַ שור נגח פאַל קומען, אָבער ניט אין דער פאָרם פן גלאַט דמים, מוז זיך ניט דורכאויס איף אַלע אַנדערע קאַטעגאָריעס פן שור נגח פעלע באַציען, מוז ניט פאַרשטאַנען ווערן אויף אַן אופן, אַז אַלע פרטים מוזן אין אים — אין אָט יענעם מיעוט אַריינגענומען ווערן.

אויב מיר קענען ניט נאָר ניט זיין זיכער, אַז ווייל די תורה האָט געמאַכט אַן אָפּנויג און האָט אַריינגענומען דעם עניין פון תשלומי ממון ביי אַ שור המועד האָבן מיר אַ רעכט אויך אין אַנדערע שור נגח פעלע — אָט יענע, וואָס דאָס דאָזיקע אַריינגעמען אין זיי איז ניט קעגן די בפירושע פאָרשריפטן פון דער תורה — דעם עניין פון תשלומי ממון אַריינגעמען, כאָטש זיי קענען אין זיי ניט אין דער פאָרם פון כופר אָנגעווענדעט ווערן, נאָר, פאַרקערט: מיר קענען זיין זיכער, אַז ווייל דער אָפּנויג איז געמאַכט געוואָרן אין דער פאָרם פון כופר איז אין אַזאַ פאַל, וואָס אין דער פאָרם קענען מיר אין אים ניט תשלומי ממון פראַקטיצירן, קען ער בשום אופן ניט אין דער פאָרם פון גלאַט ממון פיגורירן — קען אָבער דאָך אָנגענומען ווערן, אַז דער דאָזיקער כלל מוז ניט דווקא אַלע פרטים פון שור נגח פעלע איינשליסן אין זיך. קען מען דאָך אָננעמען, אַז אין אַזאַ פאַל ווי מיתת עבד דורך אַ שור תם שלא במתכוון, וואָס איז אַזוי אַנדערש פון

אַלע אַנדערע שור נגח פעלע, ווייל דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אמתן קנין כסף, מוז באַטראַכט ווערן אַלס אַזאַ פרט, וואָס באַדאַרף בלייבן אויסגעשלאָסן פון אים. דער מאָטיוו, אַז דאָ וואָלט מען על פי לאָגיק באַדאַרפט מחייב חצי דמי עבד זיין דעם בעל השור, ווייל עס האַנדלט זיך וועגן אַ קנין כסף און קיין מיתת בין דין איז דאָ ניטאָ, און דעם שור זיינען מיר אויך ניט לסקילה דן, וועגט איבער די טענה, וואָס קען אַרויסגעשטעלט ווערן, אַז ווי באַלד עס קען אויס־קומען, אַז דער חיוב פון תשלומי ממון אין דער פאָרם פון כופר ביי אַ שור המועד ענטהאַלט אין זיך אויך אַ מיעוט, אַז אויב ער קען ניט קומען אין אַ שור נגח פאַל אין דער פאָרם פון כופר, קען ער גאָר אינגאַנצן ניט אָנגעווענדעט ווערן דאָרטן, אַז וועגן גלאַט תשלומי ממון קען גאָר קיין רעדע ניט זיין, אַז עס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז דער דאָזיקער מיעוט מוז אַן אויסנאַמע אויף אַלע אַנדערע שור נגח פעלע זיך באַציען. אין אַזאַ פאַל האָבן מיר אַ רעכט אָנצונעמען, אַז ווייל בכלל געפינען מיר ביי די ענינים שור נגח אַ געוויסן אָפּנויג בנוגע דעם פרינציפּ פון תשלומי ממון אין אַ פאַל פון אבוד נשמה, טראָץ דעם, וואָס קיין תביעת ממון קען דאָ ניט אַרויסגעשטעלט ווערן, קענען מיר זיך ערלויבן איבערצוטראָגן דעם דאָזיקן אָפּנויג אויף אַזאַ פאַל, ווי דער פאַל פון שור תם שלא במתכוון, וואו עס קען אַן אמתע תביעת ממון אַרויסגעשטעלט ווערן, אַן אמתע געלט תביעה, וואָס אין געוויסע אַנדערע אבוד נשמה פעלע וואָלט זי אויך באַפריי־דיקט געוואָרן. אויב עס קען זיין אַ מוז אָנצונעמען, אַז די תורה וויל, אַז מען זאָל פון דעם „אם כופר יושת עליו" אַ מיעוט פון גלאַט תשלומי ממון אַרויסלערנען, איז דאָס אָבער כלל קיין מוז ניט אָנצונעמען, אַז זי וויל דווקא, אַז דער דאָזיקער מיעוט זאָל פאַר־שטאַנען ווערן פון אונדז אַלס אַזעלכער, וואָס דערלאָזט קיין יוצא מן הכלל ניט.

ל"ד

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַלעם, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, וויל איך זיך דאָ אויך נאָכאַמאָל אָפּשטעלן אויף דעם, וואָס איך האָב פריער געזאָגט, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט דער הנחה, אַז

אין יעדן אבוד נשמה פאַל איז דער מאָמענט פון היזק ממון פאַראַן, דאַרף דער רמב"ם צו איר ניט אָנקומען אין זין, ער זאָל איר דאַרפן אָנווענדן אין אַ געוויסן פאַל. וואָרום לויט אים נאָך קען נאָר דאַן אויסקומען דעם עניין פון תשלומי ממן אַריינצונעמען אין אַ שור נגח פאַל, ווען עס האַנדלט זיך אין פאַל ניט נאָר וועגן אַן היזק ממון נאָר אויך ווען אַן אמתער תביעת ממון. דאָס, וואָס איך וויל זאָגן דאָ איז אַז איך דענק, אַז ווען דער רמב"ם וואָלט האַלטן ווי רבה אַז ביי אַ שור המועד שלא במתכוון איז מען ניט מחייב דעם בעל השור כופר, ווייל ווען דער שור איז ניט בסקילה קען אויך דער בעל השור בכופר ניט זיין, וואָלט ער אין דעם פאַל אויך מחייב דמים געווען דעם בעל השור, ניט נאָר דאַן, ווען עס זאָל זיך האַנדלען וועגן דעם אומקום פון אַן עבד, נאָר אויך דאַן, ווען עס זאָל זיך האַנדלען וועגן דעם אומקום פון אַ בן חורין. ער וואָלט דאָס געטאָן, ווייל אויך דאָ וואָלט געווען אַ לאָגישע באַגרינדונג פאַר אַ באַהויפּטונג, אַז דער מיעוט פון גלאַט תשלומי ממון, וואָס מיר באַדאַרפן אַרויסלערנען פון חיוב כופר ביי אַ שור המועד במתכוון, וואָס קומט אין דער תרה, דאַרף ניט איינשליסן אין זיך אויך אָט אַזאַ פאַל.

וואָרום כאָטש אין דעם פאַל האַנדלט זיך נאָר אין היזק ממון, וואָס מען קען קאָנסטאַטירן אין יעדן אבוד נשמה פאַל, קען ער — דער דאָזיקער היזק ממון — דאָך פאָרמולירט ווערן ווי אַזאַ, וואָס עס איז אין אים ווי אַ מין תביעת ממון פאַראַן.

דער היזק ממון אין דעם פאַל איז ניט פון דעם זעלבן האַראַקטער, ווי דער פאַל פון אַ שור תם שלא במתכוון, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם אומקום פון אַ בן חורין. דער אינהאַלט פון די טענות, וואָס די יורשים קענען אַרויסשטעלן אין יענעם פאַל, באַשטייט נאָר אין דעם, אַז ווייל די תורה האָט געמאַכט אַן אָפּנויג און האָט אַריינגענומען דעם עניין פון תשלומי ממון אין אַ פאַל פון אַ שור המועד, דעריבער האָבן זיי אַ רעכט צו פאָדערן, אַז דער היזק ממון מאָמענט, וואָס איז פאַראַן אין יעדן אבוד נשמה פאַל, זאָל דאָ אַקטיוויזירט ווערן. קיין טענה, אַז מען איז זיי גורם אַ פאַרלוסט פון געלט, וואָס זיי וואָלטן געקראָגן אין אַן אַנדערן ענלעכן צו דעם פאַל, קען דאָ ניט אַרויסגעשטעלט ווערן. מיט אַ טענה, אַז מען איז זיי גורם אַן הפסד ממון דערמיט, וואָס מען איז דעם שור ניט דן לסקילה, קענען זיי דאָ

ניט קומען. ווארום אפילו, ווען מען זאל יא דן לסקילה זיין דעם שור, וואלטן זיי גאר ניט געהאט דערפון.

גאנץ אנדערש איז דאס אבער אין דעם פאל, דא איז יא פאראן אזא הפסד ממון מאמענט. דא קען יא ארויסגעשטעלט ווערן א טענה פון הפסד ממון, כאטש דער דאזיקער הפסד ממון ווערט ניט פאר־אורזאכט פון דעם, וואס דער אומגעקומענער איז א קניין כסף פון וועמען געוועזן. דא האנדלט זיך פארט, ווען אזא פאל, וואס איז כמעט דער זעלבער, ווי דער, אין וועלכן מען וואלט זיי , כמעט, כופר צוגעפאסקענט. דער טענה זייערער, דעריבער, אז זיי באדארפן ניט ליידן קיין הפסד ממון נאר דער־פאר, וואס מען באגייט זיך מיט רחמים מיט דעם שור, אז זיי באַ־דארפן ניט פארלירן די תשלומי ממון וואס זיי וואלטן אריינגעקראגן, ווען מען וואלט יא דעם שור דן לסקילה זיין, דארף מער וואלידיטעט צוגעשריבן ווערן, ווי דער טענה פון די יורשים אין א פאל פון שור תם שלא במתכוון, וועלכע ניט נאר קען ניט אזא באגרינדונג פאר פאדערן תשלומי ממון ארויסשטעלן, נאר קען בכלל ניט געזען ווערן אלס אזא, וואס קען אין אירגענד וועלכער שייכות מיט אן אמתער געלט תביעה געשטעלט ווערן.

---

און אין צוזאמענהאנג מיט דער אויספירלעכער, ברייטער שקלא וטריא, וואס מיר האבן אנגעפירט ביז איצט, איז זייער אינטערעסאנט אנצואווייזן דערויף, אז פונקט ווי אין א פאל, ווען עס האנדלט זיך וועגן אן אייגנהענדיקן דירעקטן מארד קען מעגלעך זיין, אז דער עניין פון תשלומי ממון זאל פיגורירן אין אים נאר אין אזא פאל דווקא, אין וועלכן דער אינהאלט פון פארברעכן איז פון אן הארבערן אינהאלט, ווי די לעזער האבן געזען פון די ביישפילן, וואס איך האב גאר פריער געבראכט, אט אזוי זעען מיר, ווען מיר שטעלן זיך אפ אויף רבהס מיינונג, בנוגע דעם עניין פון דמים ביי די ענייני שור, אז אויך ווען עס האנדלט זיך וועגן אבוד נשמה, וואס ווערט פאראורזאכט דורך דעם באשולדיקטנס אייגנטום, ווערט דער עניין פון תשלומי ממון פראקטיצירט אויך דווקא נאר אין אזא פאל, ווען דער אינהאלט פון דער באשולדיקונג, איז פון גאר הארבן אינהאלט, ווי דער פאל פון א שור המועד שלא במתכוון, און אמאל דווקא אויך נאר דארטן, וואו עס זיינען קיין תובעים ניט פאראן, ווי אין על פי עצמו בעדים, ווען דער

קרבן איז אַ בן חורין דווקא: אָבער ניט אין אַ פאַל פון אַ שור תם שלא במתכוון, אָדער אין אַ על פי עצמו בעדים פאַל, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן אַן עבד.

און פאַרענדיקן די דאָזיקע שקלא וטריא וויל איך דערמיט, וואָס איך וועל אָנווייזן, אַז להלכה אָבער, בנוגע דער מחלוקת, וועגן וועלכער איך האָב פריער גערעדט, פסקענען מיר ווי דער רמב"ם, אַזוי, אַז דער כלל וועגן וועלכן איך האָב פריער גערעדט: דער כלל, אַז, ווען עס האַנדלט זיך וועגן א אבוד נשמה פאַל, קען נאָר דאַן מעגלעך זייך, אַז דער עניין פון תשלומי ממון זאָל אַריינגעטראָגן ווערן אין אים, ווען אויסער דעם מאָמענט פון אבוד נשמה, וואָס דער דאָזיקער פאַל ענטהאַלט אין זיך, ענטהאַלט ער אויך אַ מאָמענט פון אָביעקטיוון, באַזונדערן אבוד ממון — אַז דער דאָזיקער כלל בלייבט ביי זיין וואַלידיטעט.

## ל"ה

און פון דער פאַרענדיקונג פון דער ביז איצט געפירטער שקלא וטריא גייען מיר איבער צו דער סיסטעמאַטישער דאַרלעגונג פון די דינים פון בור.

דער הויפט פרינציפּ דאָ איז, אַז נאָר אויף נזקי גוף און נזקי ממון — איך מיין דערמיט דעם הפסד ממון, וואָס ווערט פאַראורזאַכט דורך דעם אומקום אָדער געניזוקט ווערן פון אַ בעל חי אייגנטם פון ווּעמען — לעגט מען אַ חיוב תשלומין אַרויף אויף דעם בעל הבור.

און וואָס אַנבאַלאַנגט קערפּערלעכער באַשעדיקונג איז קיין אונטערשייד ניטאָ, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַן אָקס אָדער אַ מענטשן. סיי ווען עס פאַלט אַ בהמה אין אַ גרוב אַריין, און סיי ווען עס פאַלט אַ מענטש אין אים אַריין, מאָנט מען פון דעם בעל הבור תשלומי ממון אויף פאַר דעם היזק גוף, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דעם אַריינפאַלן. און עס ווערן דערביי קיינע אויסנאַמען, קיינע באַגרעניצונגען געמאַכט. סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בהמה, איז קיין אונטערשייד ניט, צי עס האַנדלט זיך אין דעם פאַל וועגן אַ קרבן אַ פקח אָדער שאינו פקח. אַזוי ווי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן איז קיין אונטער-

שייד ניט, צי דער אַריינגעפאַלענער איז אַ קינד אָדער אַ בלינדער, אָדער אַ דערוואַקסענער און אַ זעעוודיקער, וואָס קען אַכטונג געבן אויף זיך, אָט אַזוי אויך, ווען עס פאַלט אַריין אַ בהמה, איז קיין אונטערשייד ניט, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ פקחית אָדער שאינה פקחית.

אָט דער פסק דין אָבער — בנוגע אַ פאַל פון קערפּערלעכער באַשעדיקונג ביי אַ בהמה — איז נאָר לויט דעם רמב"ם. נאָר לויט איבּ נאָך באַדאַרפן מיר קיין אונטערשייד ניט מאַכן אין אַזאַ פאַל צווישן פקחית און אינה פקחית אויך דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בהמה. ער האַלט, ווי עס זעט אויס, אַז ניט נאָר, בנוגע אַ מענטשן זאָגן מיר „אין דרכם של בני אדם להסתכל בדרכים", נאָר אויך וועגן בהמות. דעריבער איז קיין אורזאַכע ניט פאַראַן אין אַ פאַל פון געניזוקט ווערן אַראָפּצונעמען די אחריות פון בעל השור.

דער ראב"ד אָבער האַלט, אַז מען מאַכט יאָ אַן אונטערשייד צווישן פקחית און שאינה פקחית אין אַזאַ פאַל, פונקט ווי מיר מאַכן אַזאַ אונטערשייד דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַל, ווען די בהמה ווערט געהרגעט. וואָרום, אויב דאָרטן זאָגן מיר ניט „אין דרכן של בהמות להסתכל בדרכים", טאָ פאַר וואָס זאָלן מיר דאָ יאָ זאָגן. אין די ביידע פעלע האַנדלט זיך דאָך וועגן נזקי ממון.

און דער טעם, וואָס דער ראב"ד קען אָנגעבן דערפאַר, וואָס מיר זאָגן ניט „אין דרכן של בהמות להסתכל בדרכים", ווי מיר זאָגן דאָס אין אַ פאַל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן היזק גופו של אדם, איז, ווי דער הרב המגיד דערקלערט, — ווייל זיי זיינען ניט קיין בעלי מחשבה, ווי דער מענטש איז. אָדער דערפאַר, ווי דער „תוספות" זאָגט — און אויך דער רא"ש — וואָס זיי גייען ניט בקומה זקופה, ווי דער מענטש, און די אויגן זייערע זיינען שטענדיק צו דער ערד געווענדעט.

ביי אַלעם דעם אָבער מוזן מיר נאָך אַליין זוכן אַ טעם, פאַר וואָס מיר מוזן באַפרייען דעם בעל הבור פון אחריות. ער איז דאָך אָבער פאָרט דער בעל התקלה. דער איינציקער טעם, וואָס קען אָנגעגעבן ווערן דערויף, איז דאָס, וואָס ווייל מיר זאָגן דרכן של בהמות איז להסתכל בדרכים, ווערט דאָס אַריינפאַלן באַטראַכט ווי אַן אונס — וואָס אין דעם דאָזיקן באַגריף גייט אויך דער עניין פון זעלטנקייט אַריין. און כאָטש אין דיני ממונות זיינען מיר ניט אַזוי מקפיד אין זוכן

אַ באַרעכטיקונג פאַר דעם ווערדיקט שולדיק, וואָס מיר ווילן אין דעם אָדער אין יענעם פאַל אַרויסטראָגן, איז דאָס אַלעס נאָר דאַן, ווען עס האַנדלט זיך ניט וועגן אַ פאַל פון אונס. אין אַ פאַל פון אונס אָבער מוז מען דעם גורם בנזיקין פון שטראָף באַפרייען, אין וואָס פאַר אַ פאָרם די שטראָף זאָל ניט דאַרפן זיין. און דעריבער איז אויך אין דעם פאַל פון נפילת בהמה לבור, אַלצאיינס, צי די נפילה האָט יאָ געבראַכט אָדער האָט ניט געבראַכט לידי מיתה, נעמט מען אַראָפּ די אחריות פון דעם בעל הבור פאַר דעם, וואָס עס איז געשען. די ראָלע, וואָס די בהמה האָט געשפּילט אַלס גורם פון דעם געשעענעם, וויגט איבער די ראָלע, וואָס דער בעל הבור האָט דאָ געשפּילט. סוף כל סוף משפּט מען דאָך ניט דעם בעל הבור פאַר דעם, וואָס ער האָט דעם בור געגראָבן, נאָר פאַר דעם אומגליק, וואָס איז דורך דעם דאָזיקן בור געקומען. ווי קען מען אים אָבער אין דעם פאַל משפּטן פאַר דעם אומגליק, ווען די גאַנצע שולד מוז אויף דעם קרבן אַליין אַרויפגעלייגט ווערן?

## ל"ו

און אויב די נפילה האָט לידי מיתה געבראַכט, איז אויב דער קרבן איז אַ מענטש, איז דער בעל הבור פון יעדער שטראָף באַ־פרייט. און ווידעראַמאָל מאַכען מיר קיין אונטערשייד ניט, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ פּקח אָדער ניט. אַפילו, אַז אַ בלינדער אָדער אַ קטן פאַלט אַריין אין אַ גרוב — באַפרייען מיר דעם בעל הבור פון שטראָף.

און ווי מיר האָבן דאָס שוין אויספירליך דערקלערט, זיינען דאָ קיינע שוועריקייטן פאַראַן, פאַר וואָס עס דאַרף אַזוי זיין. דאָס איז אַ פאַל פון דיני נפשות, וואָס וועגן קיין געלד שטראָף קען גאָר קיין ר'עדע ניט זיין. עס איז דאָ קיין געלד תביעה ניט פאַראַן. און וואָס אַנבאַלאַנגט טויט שטראָף פעלט דאָ, ראשית כל, אָט יענער תנאי, וואָס נאָר ער מאַכט מעגליך, אַז מען זאָל קענען וועמען צום טויט פאַראורטיילן — דער תנאי אַז דאָ זאָל זיך האַנדלען וועגען אַ דירעקטען, אבזיכטליכען, אייגענהאַנטיקן מאָרד. מען באַדאַרף כלל ניט אָנקומען צו קיינע אַנדערע, איבעריקע אַנאַליזן, צי די אומ־שטענדן, אונטער וועלכע דאָס אַריינפאַלן אין בור זיינען יאָ אָדער ניט

אַזוינע, וואָס קענען מעגלעך מאַכן פאַר אונדז, אַרויפצוואַרפן אויף דעם קרבן די שולד. צי זיי זיינען אַזוינע, צי זיי זיינען ניט אַזוינע, דאַרפן מיר צו זיי ניט אָנקומען. ווען זיי זאָלן ניט זיין אַזוינע, וואָלט מען נאָך אַלץ ניט געפּסקענט צוליב דעם דעם בעל הבור צום טויט פאַראורטיילן. און ווען זיי וואָלטן יאָ געווען אַזוינע, וואָלט מען כּלל ניט צוליב דעם, אים צום טויט ניט פאַראורטיילט. שוועריקייטן וואָלטן געוויס געווען, ווען דער פּסק דין וואָלט לויט אונדזער געזעצגעבונג אַנדערש געווען.

איצט אָבער זיינען גאָר קיין שוועריקייטן צוליב דעם פאַר אונדז ניט פאַראַן. אַלעס איז אין דער בעסטער אָרדענונג. דער פּסק דין איז אין גייסט פון די פּרינציפּן, אויף וועלכע עס באַזירן די געזעצן וועגן דיני נפשות אין אונדזער געזעצגעבונג.

דאָס גרויסע חשיבות, וואָס ווערט דער מענטשלעכער פּערזענ־לעכקייט צוגעשריבן, שפּיגלט זיך אָפּ אין דער אידישער געזעצ־געבונג ניט נאָר אין דעם, וואָס זי לייגט אַרויף די גרעסטע שטראָף, וואָס מיר קענען זיך נאָר פאָרשטעלן — טויט שטראָף — פאַר אומ־ברייגנען אַ מענטשלעך לעבן, נאָר אויך דורך אָט יענע אַלע באַ־גרעניצונגען, אָט יענע אַלע אַרומצוימונגען, וואָס דאָס רעכט אונ־דזערס צו באַנוצן זיך מיט דער דאָזיקער שטראָף אין אַ פאַל פון איבוד נשמה, געפינט זיך. אין די ביידע פעלע איז דער מאָטיוו דער זעל־בער — דער מאָטיוו פון צושרייבן גרויס חשיבות, פאַרהייליקונג דעם מענטשלעכן לעבן. ווארום דווקא דערפאַר, וואָס מיר באַשטראָפן מיט דער שווערסטער שטראָף פאַר אומברייגנען אַ מענטשן פון דער וועלט — מיט טויט שטראָף — באַדאַרף מען באַזונדערס פאָרזיכטיק זיין, ווען מיר קומען זיך באַנוצן מיט דער דאָזיקער שטראָף.

אָט דער זעלבער מאָטיוו, וואָס לייגט אויף אונדז די פליכט אַרויף צו באַשטראָפן מיט דער האַרבסטער שטראָף פאַר פאַרגיסן מענטשלעך בלוט, דער זעלבער מאָטיוו לייגט אויף אונדז אויך די פליכט אַרויף, אַז מיר זאָלן אין אַ פיל, פיל גרעסערער מאָס פאָר־זיכטיקייט אַרויסווייזן, ווי די פאָרזיכטיקייט, וואָס מיר דאַרפן פּראַק־טיצירן, ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַ פאַל פון דיני ממונות — ווען עס קומט אונדז אויס צו באַנוצן זיך מיט איר. ווייל דאָס מענטשלעכע לעבן באַדאַרף פאַר אונדז הייליק און ווערטפול באַטראַכט ווערן, דאַרף ביי אונדז אויך דאָס לעבן פון דעם, וואָס מיר קלייבן זיך

אומברייינגען דערפאַר, וואָס דאָס לעבן פון חבר זיינעם איז דורך זיין בור אומגעבראַכט געוואָרן הייליק און טייער זיין — און מיר טאָרן דאָס ניט גרינגשעצן און אומברענגען מיט דעם כוח פון אָט יענער איבערפלעכלעכער אַנאַלאָגיע, וואָס מיר זאָלן דורכפירן צווישן דעם דאָזיקן איבוד נשמה פאַל פון בור און צווישן די אַלע אַנדערע אבוד נשמה פעלע, טראָץ דעם, וואָס זייער אינהאַלט איז פון אַ גאַנץ אַנ־דער כאַראַקטער, ווי זיין אינהאַלט איז — אַ דאַנק דעם „הצד השוה" נאָר, וואָס אין זיי אַלע קען מען דעם דאָזיקן מאָמענט פון אבוד נשמה קאָנסטאַטירן. אויב עס ווערט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט אַ טויט אורטייל אַרויסצוטראָגן אין אַ פאַל פון אבוד נשמה, איז דאָס נאָר אין אַזאַ פאַל, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז טאַקע אבוד נשמה ממש, נאָר דאַן, ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַזאַ פאַרשולדיקטן, וואָס ער אַליין האָט די קדושה פון זיין לעבן פאַרשוועכט דורך דעם, וואָס ער האָט זיינע הענט פאַרפלעקט מיט דעם בלוט פון זיין חבר, וואָס ער האָט פאַרגאָסן. וואָרום דורך דעם מאָרד טאַט, וואָס ער איז באַגאַנגען, „האָט ער זיך", ווי דער רמב"ם פאָרמולירט עס, פון כלל מענטש אַרויסגענומען און ער איז זיינסגלייכן מיט די ווילדע רויב חיות געוואָרן, וואָס אונדזער פליכט איז צו פאַרניכטן זיי. נאָר אין אַזאַ פאַל, אָבער ניט אין אַ פאַל פון אבוד נשמה, אין וועלכן עס געפינט זיך קיין סימן ניט אפילו פון דעם אַלעם, ווי אין דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ די גאַנצע צייט.

און נאָר צוליב דעם דאָזיקן מאָטיוו — וואָס דאָס לעבן פון מענטשן איז הייליק — איז אויך אין אַ פאַל פון אבוד נשמה ממש אפילו: כל זמן עס איז ניט די געריכטלעכע פראָצעדור פאַרענדיקט געוואָרן, נאָך פיל חקירות און דרישות און בדיקות פאַרשיידענע, נאָך וועלכע עס איז ביי אונדז קיין שום ספק שוין ניט געבליבן, אַז ער — דער באַשולדיקטער — טראָגט, ווירקלעך, אויף זיין געוויסן די שווערע זינד פון רציחת נפש, געפינט ער זיך נאָך אַלץ בחזקת כשרות, אין וועלכער יעדער אַנדער מענטש געפינט זיך, און אויך זיין לעבן נעפינט זיך פאַר אונדז אויף דער זעלבער מדרגה פון חשיבות, ווי דאָס לעבן פון אַלע אַנדערע מענטשן.

איידער דאָס געריכט האָט זיין פסק דין אַרויסגעגעבן, איז אויך זיין לעבן פונקט, ווי דאָס לעבן פון יעדן איינעם פון אונדז, הייליק. און דעריבער באַדאַרפן מיר זוכן און געפינען אַ צד זכות פאַר אים,

אַנצואווענדן די אַלערליי מעגלעכסטע מיטלען, מיט וועלכע מיר קענען זיך באַנוצן, אויף ניט דאַרפן אים פאַראורטיילן, כדי אויך מיר זאָלן ניט קומען צו דעם, מיר זאָלן אומשולדיק בלוט פאַרגיסן. מיר זאָלן אַליין ניט אָט יענע שווערע זינד באַגיין, פאַר וועלכער מיר קלייבן זיך דעם באַשולדיקטן צו באַשטראָפן.

## ל"ז

און ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אָקס, אין אַזאַ פאַל פון מיתה על ידי נפילה לבור איז אויב ער איז א פקח, אַזאַ, וואָס קען אַכ־טונג געבען אויף זיך, איז דער בעל הבור פטור פון תשלומין. מיר זיינען אים מחייב תשלומי ממון נאָר אין אַ פאַל פון שאינו פקח. אין אַ פאַל פון פקח אָבער באַפרייען מיר דעם בעל הבור פון תשלומי ממון. און דאָס איז אליבא דכולי עלמא. אויך לויט דעם רמב"ם איז אין אַ פאַל פון פקח זאָגען מיר דאָ ניט: אין דרכו של שור להסתכל בדרכים", ווי מיר טוען דאָס לויט אים נאָך, אין אַ פאַל פון אַ נפילה, וואָס האָט נאָר לידי היזק גופו של השור געבראַכט. אין דעם פאַל זאָגן מיר: „בעי לעיוני ומיזל" — ער באַדאַרף אַכטונג געבן, ווען ער גייט. און דאָס, וואָס מיר מאַכן דאָ יאָ אַזאַ אונטער־שייד — צווישן פקחית און שאינה פקחית — טראָץ דעם, וואָס אין יענעם פאַל מאַכן מיר אים ניט, אָט פונקט, ווי מיר מאַכן אים ניט ביי היזק גופו של אדם, איז צוליב דעם, וואָס די נפילה לבור, וואָס פאַראורזאַכט נאָר אַ היזק גוף פאַר דער בהמה, באַטראַכטן מיר ניט — לויט דעם רמב"ם — פאַר אַן אונס, פאַר אַ זעלטענעם פאַל. די נפילה אָבער, וואָס פאַראורזאַכט מיתה, ווערט שוין יאָ אַלס זעל־טענער פאַל באַטראַכט אַזוי, אַז דער דאָזיקער פאַל מוז שוין באַטראַכט ווערן אַלס אַזאַ, וואָס עס איז אין אים דעם עלעמענט פון אונס פאַראַן. דעריבער נעמען מיר אין דעם פאַל אַראָפּ די אחריות פון בעל הבור — ווי מיר האָבן דאָס אַלעס שוין גאָר פריער, וואו עס איז דער פּלאַץ געווען פאַר דעם, דערקלערט.

אין דעם פאַל זאָגן מיר: „בעי לעיוני ומיזל" דערפאַר, וואָס מיר האַלטן, אַז די נפילה דאָ, ווי מיר האָבן דאָס שוין דערקלערט אויס־פירלעך אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, איז ניט אַזאַ, וואָס וואָלט געקענט פאָרקומען מיט אַלע אַנדערע אָקסען, מחמת דעם, וואָס מיר האַלטן,

אַז אין דרכו של שור להסתכל בדרכים, און דעריבער, ווי באַלד עס געפינט זיך אַ בור אויף זיין וועג, קען טרעפן, אַז ער, אָדער אַן אַנדערער, ווי ער זאָל מחמת דער געוויסער, נאַטירלעכער מאָס פון אומפאָרזיכטיקייט, וואָס איז אויך אַ בעל חי געאייגענט פונקט, ווי אַ מענטשן, אין אים אַריינפאַלן. ווארים דער רעזולטאַט פון אַזאַ נפילה וואָלט נאָר צו היזק גופו געקענט ברענגען. זי איז אַזאַ, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון אַן אומנאַטירלעכער, ווילדער אומפאָרזיכ־טיקייט, וואָס ביי אַ נאָרמאַלן אָקס מערקן מיר זי ניט. און דעריבער מוזן מיר דעם דאָזיקן פאַל אַלס אַ זעלטענעם פאַל באַטראַכטן, אַלס אַזאַ, וואָס עס איז אין אים דער עלעמענט פון אונס פאַראַן. און וויל ער איז אַזאַ, מוזן מיר די גאַנצע שולד אויף דעם אָקס אַרויפ־לייגן.

דער פשט פון דעם דאָזיקן אַרגומענט איז, אַז מיר אָנערקענען דאָס רעכט פון איינעם, ער זאָל זיין אָקס אָדער פערד אין רשות הרבים לאָזן אַרומגיין, ניט דאַרפנדיק מורא האָבן, עס זאָל מיט אים קיין אומגליק ניט טרעפן, נאָר מיט דעם תנאי, ער זאָל גיין נאָר ווי אַלע פון זיין מין גייען, אַז, אויף וויפיל עס ליגט אין דער טבע זיינער ניט צו טאָן אַזוינס, וואָס קען אים לידי תקלה ברענגען, זאָל ער דאָס ניט טאָן. ווארים עס האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן דעם, וואָס מיט אים קען אַ תקלה טרעפן. אָפּנויגענדיג פון די אייגנשאַפטן, וואָס מיר קאָנסטאַטירן ביי בעלי חיים, שטעלן זיי — די בעלי חיים, וואָס מאַכן אַזאַ אָפּנויג — ניט נאָר זיך אַליין אין סכנה, נאָר אויך אַנדערע. זיי קענען דורך דעם ניט נאָר זיך אַליין לידי תקלה ברענגען, נאָר אַליין גאָר אַ תקלה פאַר אַנדערע ווערן. אויף אָט אַזאַ ווילדן אַרומ־דרייען זיך אין די גאַסן ווערט זיי קיין רעכט ניטגעגעבן. מיר קענען ניט דעם בעל הבור באַשולדיקן אין דעם טויט פון אַריינגעפאַלענעם אָקס, וואָס ער — דער אָקס — האָט אַליין געבראַכט אויף זיך, דורך דעם, וואָס ער האָט זיך ניט אויפגעפירט, גייענדיק אין וועג, ווי אַלע אַנדערע פון זיין מין פירן זיך אויף. אמת דער בור איז פון בעל הבור באיסור אויסגעגראָבן געוואָרן. אויך זיין געפינען זיך אין רשות הרבים איז באיסור געווען. מיר קענען אָבער ניט רופן דעם בעל הבור צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם טויט פון אָקס. דער טויט זיינער איז געקומען ניט פון עצם פאַקט פון דעם, וואָס אַ גרוב האָט זיך אין רשות הרבים געפונען. זיין טויט האָט גורם

געווען נאָר דאָס, וואָס ער האָט זיך אויף אַ ווילדן אונפאַראַנטוואָרט־לעכן אופן ניט געהיט, גייענדיק. דאָס, וואָס ער איז ניט געגאַנגען, ווי ער וואָלט באַדאַרפט גיין, ווי ער וואָלט געקענט גיין. ווען ער וואָלט געווען געגאַנגען, ווי אַלע אַנדערע גייען, וואָלט מיט אים דער אומגליק ניט געווען געטראָפן. דער דאָזיקער פאַל באַדאַרף, וואָס אַנבאַלאַנגט דעם פונקט פון קענען האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור, אַלס אַ פאַל פון אונס באַטראַכט ווערן. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן אויסנאַמספאַל, מיט אַ פאַל, וואָס קען ניט טרעפן מיט קיין אַנדער אָקס פקח. דער ערשטער באַדינג דערויף, מיר זאָלן קענען פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן דעם בעל הבור אין דעם טויט פון אַ בעל חי, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין דעם גרוב, וואָס ער — דער בעל הבור — האָט אויסגעגראָבן, איז, אַז עס זאָל גאָר קיין מעגלעכקייט ניט זיין צו מאַכן דעם קרבן פאַר אַ שותף צום בור אין דעם טויט זיינעם, דורך דעם, וואָס ער אַליין האָט געטאָן אַזוינס וואָס איז דער אַקטיווער, גורם געווען, אַז ער זאָל אין אים אַריינפאַלן. ווען מיר זאָגן, אַז בור ווערט אַלס „מועד מתחלתו" באַטראַכט, אַז מיר באַ־טראַכטן דעם טאַט פון בעל הבור אַלס אַזאַ, וואָס מוז פון אים אַ תקלה אַרויסקומען, און דעריבער מוזן מיר אים אין אַ פאַל, ווען דער בור איז טאַקע גורם אַ תקלה דעם בעל הבור אין דעם באַשולדיקן, האָבן מיר אין זינען דאַן דעם כלל, ניט דעם „יוצא מן הכלל".

ער איז אַ מועד מתחלתו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן היזק גופו של שור, ווען דער שור איז אַ פקח, ווייל אַזאַ נפילה קען טרעפן, לויט דעם רמב"ם, מיט יעדן איינעם פון דעם כלל, צו וועלכן אָט דער אָקס, וואָס איז אַריינגעפאַלן — באַלאַנגט. אויך איז ער אַ מועד מתחלתו, אליבא דכולי עלמא, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן, וואָס האָט געליטן אַ היזק גוף דורך זיין אַריינפאַלן אין בור, ווייל קיין מענטש איז ניט פאַרזיכערט, אַז עס זאָל מיט אים קיין אומ־גליק ניט טרעפן דורך דעם בור. ווייל אַזוי איז די טבע פון מענטשן. זיי ציילן ניט די טריט זייערע, ווען זיי גייען. און ווי עס קומט אויס לויט דעם רמב"ם, טוען דאָס געוויינלעך ניט אויך די בעלי חיים. אמת, יעדער איינער, וואָס פאַלט אַריין אין אַ גרוב, איז אין דעם שולדיק דאָס, וואָס ער איז ניט פאָרזיכטיק געווען. ער האָט אָבער מיט דעם ניט געטאָן אַזוינס, וואָס זאָל אים פון כלל אַרויסנעמען, וואָס דאָס זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייט אויף אים די שולד אַרויפוואַרפן.

מיר האָבן מיט יעדן פאַל אַזאַ מיט אַן אחד מרבים צו טאָן. דאָס, וואָס האָט מיט אים געטראָפן, האָט געקענט אויך מיט יעדן אַנדער מענטשן טרעפן. די טענה, ווען ער זאָל געווען אַכטונג געבן אויף זיך גייענדיק, וואָלט ער ניט געווען אַריינגעפאַלן — קען דאָ גאָר ניט העלפן. מיר מוזן נעמען די מענטשן, ווי זיי זיינען. מיר קענען ניט אַוועקנעמען דאָס רעכט פון קיינעם צו גיין, ווי עס גייען געוויינלעך מענטשן, נאָר כדי איינער זאָל זיך קענען אויסגראָבן אַ גרוב אין רשות הרבים. איידער אַוועקצונעמען דאָס רעכט פון רבים, ווען מיר בעסער באַגרענעצן די רעכט פון יחיד. בפרט, אַז אין ערשטן פאַל האַנדלט זיך וועגן באַרויבן דעם גאַנצן כלל פון אַזוינע רעכט, וואָס אַן זיי קען קיינער ניט אויסקומען, וועגן פאָדערן פון אים אַזוינס, וואָס איז קעגן דער מענטשלעכער נאַטור, דאַן, ווען אין צווייטן פאַל האַנדלט זיך נאָר וועגן ניט פּריוויליגירן דעם יחיד מיט אַזאַ רעכט, וואָס ער קען זיך גאַנץ גוט באַגיין אָן איר, מיט אַזאַ רעכט, וואָס פאַר אים קען דערפון אַ גאָר קנאַפּע טובה אַרויסקומען, און פאַר אַנדערע אַ גאָר גרויס אומגליק פאַראורזאַכט ווערן.

ער רעכנט זיך פאַר אַ מועד מתחלתו אויך פאַר קינדער. אויף וויפיל עס קען פון דעם, וואָס זיי וועלן זיך אינרשות הרבים געפינען, קיין תקלה פאַר קיינעם ניט אַרויסקומען, קען מען פון זיי ניט אַוועקנעמען דאָס רעכט צו באַנוצן זיך מיט דעם רשות הרבים, פונקט ווי דערוואַקסענע באַנוצן זיך מיט אים. אוודאי איז דער ניט רייפער שכל פון אַ קטן, ער זאָל וויסן, אַז ער דאַרף זיך היטן, ווען ער גייט פאַרביי אַ גרוב, ער זאָל אין אים ניט אַריינפאַלן — אַוודאי קען מען באַטראַכטן דעם ניט רייפן שכל פון קטן אַלס דער גורם פון דעם, וואָס עס איז מיט אים געשען. אָבער דאָס אַלעס קען ניט באַפרייען דעם בעל הבור פון אחריות. מען קען ניט פאָדערן פון פאָטער, ער זאָל האַלטן זיין קינד איינגעשלאָסן, אָדער: ער זאָל שטיין און וואַכן איבער אים שטענדיק, ווען ער געפינט זיך אין גאַס.

און דאָס זעלבע איז אויך בנוגע אַ בלינדן. אוודאי איז אַ בלינדער אויסגעשטעלט צו דער געפאַר, אַז פאַרבייגייענדיק אַ גרוב זאָל ער אין אים אַריינפאַלן, אוודאי קען מען באַטראַכטן דאָס בלינדקייט פון קרבן אַלס דעם גורם דערפון, וואָס ער איז אין גרוב אַריינגעפאַלן. דאָס אַלעס קען אָבער ניט באַפרייען דעם בעל הבור פון זיין פאַר־

אַנטוואָרטלעכקייט. פאַרקערט, דווקא דערפאַר, וואָס זיי — די בלינדע — זיינען אויסגעשטעלט צו אַ געפאַר אין אַזאַ פאַל מער פון דערוואַקסענע, פון זעעוודיקע — דווקא דערפאַר מוז דער בעל הבור אַלס גרויסער חוטא באַטראַכט ווערן. דערמיט, וואָס ער האָט אַ גרוב אין רשות הרבים אויסגעגראָבן, האָט ער געשטעלט אין געפאַר אַ כלל אַ גאַנצן, וועלכער האָט פונקט, ווי ער, די זעלבע רעכט צו באַ־נוצן זיך אויף אַ לעגיטימען אופן מיטן רשות הרבים. ניט די נאָך ניט דערוואַקסענע, ניט די בלינדע, שטעלן פאָר מיט זיך אַ געפאַר פאַר וועמען, וואָס מען זאָל זיי קענען פאַרווערן פון הויז אַרויסצו־גיין. דורך זייער הילפסלאָזיקייט קען אַמאָל אויף זיי אָן אומגליק קו־מען. זיי קענען אָבער קיינמאָל ניט קיין אומגליק פאַר אַנדערע זיין. עס מוז דעריבער די גאַנצע שולד נאָר אויף דעם בעל הבור פאַלן. ווארים כאָטש זיי זיינען, ווירקלעך אַליין דער גורם געווען פון זייער אַריינפאַלן קען אָבער קיין רעדע ניט זיין פון פאַרבונדן דעם מאָמענט מיט אַ טענה קעגן זיי, מיט אַרויפוואַרפן אויף זיי די שול־דיקייט פאַר דעם, וואָס עס איז מיט זיי געשען. זיי האָבן מיט גאָר ניט פאַרבראָכן מיט דעם, וואָס דורך זייער בלינדקייט אָדער ניט רייפקייט, זיינען זיי אין גרוב אַריינגעפאַלן. מען קען ניט אַרויפ־לייגן אַ חוב אויף די פאָטערס, זיי זאָלן וואַכן שטענדיק איבער זייערע קינדער אין גאַס, אָדער אויף די בני בית פון בלינדן, זיי זאָלן די טריט זיינע היטן שטענדיק, ווען ער לאָזט זיך אין גאַס גיין, נאָר דער־פאַר, כדי בערל אָדער שמערל זאָלן קענען פאַרוואַנדלען דעם רשות הרבים אין אַ רשות היחיד זייערן.

נאָר, אַלזאָ, אין באַצוג צו אָט די אויסגערעכנטע פעלע קענען מיר באַטראַכטן דעם בור פאַר אַ מועד מתחלתו. מיר קענען אים אַלס מועד באַטראַכטן אין באַצוג צו זיי דערפאַר, וואָס די קרבנות, וועגן וועלכע מיר רעדן אין צוזאַמענהאַנג מיט זיי, באַלאַנגען צו אַזאַ כלל, וואָס פון אָנהויב אָן האָט ער געטראָגן אַ געפאַר אין זיך פאַר אַלע די, וואָס שטעלן אים — אָט יענעם כלל — צוזאַמען. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן קיין אויסנאַמספאַל. דאָס, וואָס עס האָט גע־טראָפן מיט איינעם, האָט אויך געקענט טרעפן מיט אַ צווייטן, מיט אַ דריטן. ווארים דער קרבן האָט זיך ניט אַנדערש אויפגעפירט, ווי די אַלע אַנדערע, וואָס באַלאַנגען צו איין כלל מיט אים, וואָס מיר זאָלן קענען זאָגן: ער איז אַליין שולדיק. ווארים, ווען ער זאָל

געוועזן זייך, ווי אַלע אַנדערע פון דעם כּלל, צו וועלכן ער באַלאַנגט, וואָלט מיט אים דער אומגליק ניט געווען געשען.

באַפרייען דעם בעל הבור אין די דאָזיקע אַלע פעלע, אַרויפּ־וואַרפן די שולד אויף דעם קרבן — הייסט: געבן די פּריווילעגיע דעם בעל הבור, ער זאָל בעלי־בתיווען איבער די מענטשן פון שטאָט; ער זאָל קענען טאָן דאָרטן, וואָס ער וויל, מיט דעם כּוח פון אַ טענה צו די איינוואוינער: גייט ניט, ווי איר זיינט געוואוינט צו גיין, לאָזט ניט אַלעמען פון שטוב אַרויס, וועט איר ניט דאַרפן מורא האָבן, טאָמער וועט מיט אייך דורך מיין בור אַן אומגליק טרעפן; הייסט באַרויבן אַ וועלט אַ גאַנצע פון זייער פרייהייט פון באַוועגונג, פון פאָדערן פון זיי איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג, זייער איינגע־בוירענע טבע צו ענדערן.

בנוגע צו אָט דעם רבים, וועגען וועלכן מיר האָבן ביז איצט גערעדט, קען מען ווירקלעך באַטראַכטן דעם בור אַלס מועד.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אָקס אָדער אַ בהמה שהנם פּקחים, וואָס די נפילה לבור האָט זיי לידי מיתה געבראַכט. בנוגע צו דעם כּלל, צו וועלכן דער קרבן באַלאַנגט, איז דער בור ניט קיין מועד. דאָ איז ניטאָ דער מאָמענט פון אַלס אַ תקלה לרבים אים קענען באַטראַכטן. דאָ קען מען ניט זאָגן, אַז אויב ניט מיט אים, וואָלט דאָס, וואָס עס איז מיט אים געשען, אויך מיט אַן אַנדערן געווען געטראָפן, אַז פאַר יעדן איינעם פון כּלל, צו וועלכן דער קרבן באַלאַנגט, האָט אין זיך דער בור אַ געפאַר געטראָגן. דאָ האָבן מיר, ווירקלעך, נאָר מיט אַן אויסנאַמס־פאַל צו טאָן. מיט די אַנדערע וואָלט דאָס ניט געקענט טרעפן. וואָ־רום אויב די טבע פון — אַפילו — פּקחים בעלי חיים איז, אמת, ניט צוציילן די טריט זייערע דערגרייכט אָבער קיינמאָל ניט די אומפאָרזיכטיקייט זייערע — פון די בעלי חיים פּקחים — צו אַזאַ מדרגה, אַז דאָס אַריינפאַלן זייערס אין אַ גרוב זאָל זיך מוזן מיט טויט פאַר זיי ענדיקן.

ל"ח

און וואָס אנבאלאנגט תשלומין פאַר נזקי ממון, ווערן כלים אויסגעשלאָסן דערפון, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ תקלה על ידי בור. דאָס איז אין אנקלאנג מיט דעם פרינציפּ אין ענייני תקלה, אַז כלים אין אַ רשות הרבים איז „שמירתם על הבעלים" — אין דעם זין, אַז אויב אפילו מיר נעמען פון אים — פון בעל הכלים — ניט אַוועק דאָס רעכט צו האַלטן זיי אויף אַ ווײַלע דאָרטן, האַלטן מיר אים אָבער דאָך פאַראַנטוואָרטלעך, ווען איינער איז ניזוק געוואָרן דורך זיי גייענדיק, און מיר פריווילֶיגירן אים אויך ניט צו מאָנען פון וועמען דמי נזק אין אַ פאַל, ווען זיי זײַנען פון יענעם אומגערן, דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף זיי גייענדיק, צעבראָכן געוואָרן.

---

און גאָר צו לעצט וויל איך זיך נאָך אויך אָפּשטעלן אויף אייניקע הערות, וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן אין „בצרון" וועגן דעם ענין פון „שור ולא אדם" פאַר דער צײַט, וואָס איך בין אָנגעגאַנגען מיט מײַן אַרבעט ביז איצט.

הרב רפאל מרדכי באַרישאנסקי, — „בצרון", אייר, תש"ה — פרעגט אָפּ דעם טעם פון הרב רבי ברוך עפּשטיין, וועלכער לויטעט, אַז אַ „נפילה שגרמה למיתה, באה באשמתו של הנופל", דורך דער בפירושער משנה, וואָס לערנט אונדז: „נפל לתוך הבור בן או בת פטור", כאָטש דאָ קען מען ניט זאָגן „דאיבעי להם לעיוני". און דאָס זעלבע איז אויך, ווען אַ סומא איז דער נופל. דערפון זעען מיר, לויט זײַן מיינונג, אַז דער בעל הבור איז פטור מגזירת הכתוב.

וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער דער דאָזיקער קשיא זײַנער, אַז דאָ קען מען ניט זאָגן, דאיבעי להם לעיוני", קען מען זי פאַרענטפערן דערמיט, וואָס מיר זאָלן באַהויפּטן, אַז אין אמתן דאַרף אויך אַזאַ פאַל באַטראַכט ווערן אַלס אַזאַ, אין וועלכן עס קען דער מאָטיוו פון „באשמתו של הנופל" אָנגעווענדעט ווערן. טאַקע דערפאַר, וואָס מען קען וועגן זיי — וועגן די קרבנות — אַליין ניט זאָגן „בעי לעיוני", קען מען אָננעמען, אַז דער בעל הבור דאַרף ניט טראָגן די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַרן אַרײַנפאַלן. דער שולדיקער דאָ איז דער פאָטער

— למשל, אין אַ פאַל, ווען דער נופל איז אַ קינד — וואָס האָט ניט אַכטונג געגעבן, אַז דאָס קינד זיינס זאָל ניט געשטעלט ווערן אין אַ סכנה, זיין לעבן צו פאַרלירן.

פונקט, ווי ווען ער וואָלט אַריינגעפאַלן, וואָלט ער געווען דער שולדיקער, וואָרים מיר וואָלטן געזאָגט דאַן: בעי ליה לעיוני ומיזל" — אָט אַזוי זאָגן מיר אויך אין דעם פאַל, אַז ער איז שולדיק. מיר האָבן אַ מעגלעכקייט צו זאָגן דאָס, ווייל קינדער זיינען עלול אַריינ־צופאַלן אין אַזאַ גרוב, ווי אויך אונטערגעוואָרפן צו ווערן נאָך אַנדערע ענלעכע געפאַרן אַזוינע. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזאַ פאַל, וועגן וועלכן מיר קענען ניט זאָגן, אַז דער איינציקער גורם זיינער, איז נאָר דער עצם פאַקט פון געפינען זיך פון דער גרוב אין רשות הרבים. עס קומט דאָ צו דער עלעמענט פון נאַכלעסיקייט אַלס גורם צום אומ־גליק, וואָס איז געשען.

אין די ביידע פעלע: אין דעם פאַל, ווען דער קרבן איז אַ פקח, און אין דעם צווייטן פאַל, ווען דער קרבן איז אַ בן קטן, אָדער אַ בת קטנה, אָדער אַ בלינדער — אין די דאָזיקע ביידע פעלע שפּילט אָט דער דאָזיקער עלעמענט פון נאַכלעסיקייט אַ גאָר באַדייטענדע ראָלע. אין צווייטן פאַל באַשטייט די נאַכלעסיקייט אין דעם, וואָס די עלטערן פון קרבן האָבן, אָן שום השגחה איבער זיי, איבערגעלאָזט זייערע קינדער אין גאַס. און אין ערשטן פאַל באַשטייט זי אין דעם, וואָס דער קרבן האָט פון זיך אַליין אויף אַן אונפאַראַנטוואָרטלעכן אופן זיין השגחה אַוועקגענומען.

אמת, מען וואָלט געקענט פרעגן דאַן: אויב אַזוי, וואָלטן מיר דאָך אויך ביי אַ בהמה שאינה פקחת באַדאַרפט באַפרייען דעם בעל הבור? פאַר וואָס זאָלן מיר דאָ ניט טענהן: היות זי איז אַן אינה פקחית, וואָלט דאָך דער אייגנטימער אירער ניט געווען באַ־דאַרפט לאָזן זי אין גאַס אַריין אָן אַ שמירה. די זאַך איז אָבער, וואָס דער דאָזיקער פאַל איז ניט גלייך צו יענעם.

דאָרטן, אין ערשטן פאַל, האָבן מיר אַ רעכט אָנצונעמען, אַז די נפילה פון קרבן קען באַטראַכט ווערן גלייך ווי ער אַליין, דער, וואָס האָט באַדאַרפט אויף אים השגחה געבן, וואָלט אין גרוב אַריינ־געפאַלן. דאָס הייסט, אַז פונקט, ווי, ווען ער וואָלט אַריינגעפאַלן, וואָלטן מיר געזאָגט, ער וואָלט געווען באַדאַרפט אַכטונג געבן אויף

זיך, אָט אַזוי דאַרפן מיר אויך דאָ זאָגן: ער וואָלט געווען באַדאַרפט אַכטונג געבן, אַז עס זאָל מיט דעם קרבן קיין אומגליק ניט געשען. וואָרום, ווייל עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דעם פאַרלוסט פון אַ מענטש־לעך לעבן, זאָגן מיר, אַז עס איז געלעגן אַ חוב אויף די משפחה מיט־גלידער, צו וועלכע דער קרבן האָט געהערט, ניט לאָזן אים אַליין אין גאַס אַרויסגיין. היות אָבער זיי האָבן דעם דאָזיקן חוב פאַרנאַכ־לעסיקט, באַפרייען מיר דעריבער דעם בעל הבור פון פאַראַנטוואָרט־לעכקייט. וואָרום כאָטש מיר קענען אויף דעם קרבן ניט אַרויפ־וואַרפן די שולד פון אומפאָרזיכטיקייט, קענען מיר זי אָבער אויף זיי יאָ אַרויפוואַרפן. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ קרבן, בנוגע וועלכן זיי האָבן אויף זיך אַ פליכט געטראָגן אַכטונג צו געבן אויף אים. מעג אָפילו די ווירקזאַמקייט פון דער דאָזיקער פליכט ניט זיין פון אַזאַ פאַרנעם, זי זאָל מעגלעך מאַכן פאַר אונדז צו פאָדערן, אַז אין יעדן פאַל, וואו עס געפינט זיך אַ שאינו פקח אין אַ פאַמיליע, זאָל זי מוזן אים שטענדיק אונטער איר שמירה האַלטן, זאָל זי אים קיינמאָל ניט אַליין אין גאַס אַרויסלאָזן, דאַרף זי דאָך פאַר זיך אין אַ גע־וויסער פאָרם — אויף אַ רעפלעקטיוון וועג — אויסדרוק געפינען. איך מיין דערימט צו זאָגן: זי דאַרף פאַר זיך אויסדרוק געפינען אין דעם זין, אַז אין אַ פאַל, ווען עס געשעט אַן אומגליק מיט אָט דעם שאינו פקח אין גאַס, זאָל מען אין אַזאַ פאַל, לכל הפחות, די שולד אויף דעם בעל הבור ניט וואַרפן.

דער פאַל פון נפילה לבור איז ניט גלייך צו אַ פאַל פון אַ שור נגח. דאָרטן קען דער שאינה פקחית מאָמענט פון קרבן ניט באַ־טראַכט ווערן אַלס גורם צו דער נגיחה, ווי אין אַ פאַל פון נפילה לבור. דער אומגליק אין יענעם פאַל געשעט ניט, ווייל דער קרבן איז אַ שאינו פקח, נאָר ווייל דער שור איז אַ נגח. דאָס זעלבע, וואָס האָט מיט דעם שאינו פקח געטראָפן, וואָלט אויך געווען געקענט מיט אַ פקח טרעפן. דאָ אָבער, האָט ניט דער בור גורם געווען דעם אומגליק, נאָר דאָס שאינו פקחות פון קרבן. וואָרום ווי באַלד מיר האַלטן זיך אין פרינציפ פון „בעי לעיוני", זאָגן מיר דאָך, אַז בנוהג שבעולם פאַלט אַן אדם פקח ניט אַריין אין אַ גרוב. דער עניין פון בעי לעיוני אין דעם אַלגעמיינעם אינהאַלט זיינעם קען דעריבער אויך דאָ, אין אַ פאַל פון נפילת אדם שאינו פקח אָנגע־ווענדעט ווערן.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער אין אַ פאַל פון נפילת שור. דאָ האַנדלט זיך נאָר אין נזק ממון פאַר דעם בעל השור, דורך דער נפילה פון דעם שור זיינעם. דאָ איז דעריבער ניט שייך צו זאָגן, אַז ער האָט פאַרנאַכלעסיקט אַ פליכט, וואָס איז אויף אים געלעגן. רעדן אין דער טערמינאָלאָגיע וואָלט מען געקענט, ווען עס זאָל מעגלעך זיין — אַ זאַך, וואָס איז ניט מעגלעך — עס זאָל זיך האַנדלען אין אַ נפילה פון אַזאַ שור ניט וועגן פאַראורזאַכן היזק דורך דעם שור צום בעל השור, נאָר צו אַן אַנדערן דורך דעם, וואָס דער שור איז אַן אינו פקח. עס איז אויף דעם בעל השור ניט געלעגן קיין פליכט, ניט אַרויסצולאָזן דעם שור שאינו פקח אין גאַס, כדי צו באַוואָרענען, עס זאָל מיט אים מעגלעך קיין סבה ניט טרעפן. בנוגע צו אַ שור האָט דער בעל השור אויף זיך אַ פליכט — אין די מעגלעכע פאַר דער פליכט ראַמען — צו זען, ער זאָל יענעם ניט מזיק זיין, אָבער ניט קיין פליכט צו זען, אַז עס זאָל מיט איסקיין אומגליק ניט געשען. ווען אַ שור שאינו פקח דעריבער פאַלט אַריין אין אַ בור, קען דאָ קיין רעדע ניט זיין וועגן באַפרייען דעם בעל הבור פון פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, פאַר וואַרפן די שולד פאַר דעם געשעענעם אומגליק אויף דעם בעל השור.

## ל״ט

און געשריבן האָב איך דאָס אַלעס נאָר לשיטתו.

איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז, וואָס אַנבאַלאַנגט מיר, וואָס האַלט, אַז פון אָנהויב אָן דאַרף מען ניט שטעלן אין צווייפל — אין צעטער פון אונדזער דערקלערונג פאַר דעם פטור פון דעם בעל הבור, ווען עס האַנדלט זיך וועגן נפילת אדם, שהביאה לידי מיתה, דעם זעלבן מאָטיוו, מיט וועלכן מיר וואָלטן דערקלערט דעם חייב פאַר אים — פאַר דעם בעל הבור — אין פאַל דער אומגעקומענער נופל אין זעלבן בור וואָלט אַן אָקס שאינו פקח געווען, וואָלט איך געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם דאָזיקן תירוץ.

פאַר מיר, וואָס קען בשום אופן ניט איינזען די מעגלעכקייט, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פקח און סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ שאינו פקח, מען זאָל קענען דערקלערן דעם פטור ביי נפילת

אדם לבור דורך דעם בעי לעיוני, ווען אפילו מיר זאלן מוזן אנ־
נעמען, — וואס דאס איז ניט אזוי, אז אויסער דער דאזיקער דער־
קלערונג קען אונדז קיין אנדער דערקלערונג גאר איינגאנצן אויפן
געדאנק ניט קומען, אז דאס אייינציקע, וואס וואלט אונדז דאן גע־
בליבן צו טאן, איז נאר דאס, מיר זאלן זיך מיט דעם עניין פון
גזירת הכתוב ארויסהעלפן — מחמת פארשיידענע אויסזעצונגען,
צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך די פאלגענדע אויסזעצונג, וואס
צילט אירע פיילען אויך אין דעם פאל דווקא פון נפילת אדם לבור,
וואס בנוגע אים הערשט א מין אידילישע זיכערקייט ביי די אנהענ־
גער פון דעם בעי לעיוני מאטיוו, אז דארטן איז פשוט אוממעגלעך
ניט צו דערקלערן דעם פסק דין, וואס מיר פסקענען אין אים, מיט
דעם עניין פון בעי לעיוני — אין פאל ווען דער נופל איז א פקח —
די פאלגענדע אויסזעצונג: אויב דא האנדלט זיך נאר אין דעם, וואס
מיר זאגן: בעי לעיוני, טא פאר וואס זשע זאגן מיר ניט „בעי לעיוני"
אין א פאל פון נפילת אדם לבור שיש בו כדי להמית אויך דאן,
ווען דער נופל ווערט דורך דער דאזיקער נפילה נאר געניזוקט.
פאר וואס אין א פאל, ווען ער ווערט געהרגעט, זאגן מיר, אז באשמתו
של הנופל איז אויף אים דער טויט געקומען, און דאן ווען ער
ווערט נאר געניזוקט, זאגן מיר שוין, אז באשמתו של בעל הבור
איז ער געניזוקט געווארן — פאר מיר טויג ניט דער דאזיקער תירוץ.

ווארום די זעלבע קשיא קען אויך אין דעם פאל אנגעווענדעט
ווערן: אויב דער תירוץ איז, אז כאטש דא האנדלט זיך וועגן אן
אדם שאינו פקח, קען דאך אויך דא, ווי ביי אן אדם פקח, דער עניין
פון בעי לעיוני אנגעווענדעט ווערן, טא פאר וואס זאגן מיר ניט
בעי לעיוני אויך דאן, ווען דער נופל ווערט נאר געניזוקט? פאר
וואס אין דעם פאל, ווען ער ווערט געהרגעט, לעגן מיר ארויף
די שולד פון געשעענעם אומגליק אויף די, וואס מיר האלטן פאר־
פליכטעט אכטונג צו געבן אויף דעם אריינגעפאלענעם שאינו פקח,
און דא, ווען ער ווערט נאר געניזוקט ווארפן מיר שוין ארויף די
שולד אויף דעם בעל השור?

ער אבער, וואס לשיטתו, וואלט מען זיך זייער גוט געקענט
באנוצן מיט דעם בעי לעיוני מאטיוו אלס דערקלערונג פאר דעם
פטור אין א נפילת אדם פאל, ווען ניט אט יענע אייינציקע קשיא,

וואָס ער פרעגט — פאַר אים וואָלט דאָך דער תירוץ, וואָס מיר האָבן אויף דער קשייא געגעבן, זייער צופרידנשטעלנד באַדאַרפט זיין.

אויב ביי אַ נפילת אדם פקח קען ער צופרידן בלייבן מיט דער דערקלערונג פון בעי לעיוני און ווי פילע אַנדערע, קימערט אויך ער זיך זייער ווייניק, ווי עס זעט אויס, וועגן דער קשייא, וואָס מיר פרעגן; אויב, משמעותן, ער באַטראַכט דעם אונטערשייד, וואָס מיר מאַכן צווישן אַ פאַל פון היזק גוף אין אַ בור, שיש בו כדי להמית, און אַ פאַל פון מיתה, ווען דער נופל איז אַן אדם פקח, פאַר אַן עניין מושכל; אויב פאַר אים, ווי עס זעט אויס, איז דאָס גאַנץ כשר וישר, אַז טראָץ דעם, וואָס מיר באַפרייען פון שולדיקייט דעם בעל הבור אין אַ פאַל, ווען דער נופל איז אַ פקח, ווייל מיר שטעלן אַרויס די טענה פון „בעי לעיוני", זאָלן מיר דאָך, ווען ער ווערט גע־ניזוקט, די דאָזיקע טענה ניט אַרויסשטעלן, דאַרף דאָך פאַר אים אויך אין דעם פאַל פון שאינו פקח, נאָך דעם תירוץ, וואָס מיר געבן, אַז טראָץ דעם, וואָס דער קרבן איז אַ שאינו פקח, קען מען דאָך אויך דאָ דעם מאָטיוו פון „בעי לעיוני" אַריינטראָגן, גאַנץ כשר וישר זיין, אַז טראָץ דעם, וואָס מיר באַפרייען דאָ דעם בעל הבור פון שול־דיקייט דערפאַר, וואָס ווי אין אַ פאַל, ווען דער נופל איז אַ פקח, שטעלן מיר אויך דאָ אַרויס די טענה פון „בעי לעיוני", זאָלן מיר דאָך, ווי דער נופל ווערט נאָר געניזוקט, די דאָזיקע טענה ניט אַרויסשטעלן. פאַר אים דאַרף אויך דער אונטערשייד, וואָס מיר מאַכן אין דעם פאַל צווישן אַ נפילה, וואָס האָט לידי מיתה געבראַכט, און צווישן אַ נפילה, וואָס האָט נאָר לידי היזק גוף געבראַכט, אַלס אַן עניין מושכל געזען ווערן, אַלס אַ דבר המתקבל על הלב באַ־טראַכט ווערן, פונקט, ווי עס ווערט פון אים, ווי מען באַדאַרף אָנ־נעמען, דער אונטערשייד, וואָס מיר מאַכן צווישן די דאָזיקע צוויי פעלע, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נופל אַ פקח — אַלס אַזעלכע באַטראַכט.

---

סיי ווי אָבער — בנוגע לעיקר הדבר, איז טראָץ דעם, וואָס, ווי מיר האָבן דערקלערט גאָר פריער דעם עניין — און נאָר טאַקע אין די ראַמען פון אונדזער פאָרמולירונג — איז יאָ מעגלעך צו באַ־טראַכטן אַ נפילה שהביאה לידי מיתה אַלס אַ פאַל, וואָס איז באשמתו

של הנופל — אויב, נאַטירלעך, דער נופל איז אַן אָדם פקח — פאָרגעקומען, און דעריבער וואָלט מען אויך צוליב דעם געקענט באַפרייען דעם בעל הבור פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם אומגליק, וואָס איז דורך זיין בור פאַראורזאַכט געוואָרן, קען מען זיך דאָך אָבער באַנוצן מיט דעם דאָזיקן טעם ניט אַנדערש, ווי נאָר אין דער פאָרם פון „כיהודה ועוד לקרוא". וואָרום, ווי מיר האָבן דאָס שוין גענוג קלאָר געמאַכט, איז „מעיקרא דדינא" דאָ גאָר קיין „פירכא" ניטאָ. דער עיקר טעם פאַר דעם פטור איז דאָס, וואָס מען דאַרף גאָר ניט קיין ספעציעלן טעם דאָ. וואָרום ווען אפילו מען וואָלט ניט געקענט באַפרייען דעם בעל הבור פון פאַראַנטוואָרט־לעכקייט אין פאַל פון נפילת אדם, שהביאה לידי מיתה, וואָלט מען דאָך געמוזט דאַן באַפרייען דעם בעל הבור פון יעדער שטראָף. וואָרום, וואָס אנבאַלאַנגט טויט שטראָף, פעלן דאָ, ווי אין אַלע אַזעלכע פעלע, די באַדינגונגען, וואָס זאָלן מעגלעך מאַכן צו געבן אים אַזאַ שטראָף. אין אַ סך האַרבערע פעלע, ווי דער דאָזיקער פאַל איז, באַפרייען מיר דעם גורם פון טויט פון איינעם. פרעגן ווידער אויף די חכמים, פאַר וואָס זיינען זיי אים כאָטש כופר ניט מחייב, קען מען אויך ניט. מיר געפינען כופר אין דער תורה נאָר ביי אַ „שור מועד שהרג את האדם". ביי די ענינים פון בור רעדט זי ניט פון קיין כופר. גלאַט תשלומי ממון איז אויך דאָס אייגענע. די תורה רעדט ניט פון קיין תשלומי ממון, ווען זי רעדט פון ענייני בור. לויט דער תורה קען אויסקומען תשלומי ממון, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזוינע פעלע, נאָר אין דער פאָרם פון כופר.

---

און אין ליכט פון דעם, וואָס איך האָב אָט ערשט געזאָגט, איז די באַהויפּטונג וואָס הרב באָרישאַנסקי מאַכט, אַז דער בעל הבור איז פטור מגזירת הכתוב, וואָס לשיטתו, אַז אין אמתן האָבן מיר טאַקע פאַר זיך אַ האַרבע שאלה, פאַר וואָס מיר פסקענען, אַז דער בעל הבור איז פטור, דאַרף מען דעם גזירת הכתוב זיינעם פאַרשטיין אין זין פון חוקה שאין לה טעם — איז דורכאויס פאַלש. מען קען אָנווענדן דעם דאָזיקן אויסדרוק דאָ נאָר אין פאָלגענדן זין: וואָס פאַר אַ טענות האָט איר צו די חכמים, אַז אַלעס, וואָס זיי זאָגן געפינט זיך דאָך אין דער תורה. וואָס אַנבאַלאַנגט אָבער וועגן דער מאָטי־

ווירונג פון פטור, געפינען מיר זיך דאָ כלל ניט אין דער לאַגע פון פאַרלאָרן זיך פילן. ער, דער פטור דאָ — האָט גענוגענדע לאָגישע באַגרינדונג. קשיות וואָלט מען געקענט פרעגן ערשט דאַן, ווען אנשטאט דעם פטור, וואָלטן מיר פאַר זיך אַ חייב געהאַט.

ט

איך וויל דאָ אויך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם, וואָס ער זאָגט: „וסברת מר עלען, שאין אומדים חיי אדם בדולרים וסינטים, ואין שום קניין כסף ליורשים בחיי אביהם" — היא סברא מוזרה ואין לה יסוד בדיני ישראל".

די זאַך איז, אַז זיי זיינען ביידע גערעכט און ביידע אומגערעכט. דאָס, וואָס עלען זאָגט: „שאין אומדים חיי אדם בדולרים וסינטים" איז ניט אמת. אין אַ סך אבוד נשמה פעלע טוען מיר דאָס יאָ. עס איז אָבער, אמת, אין אַ געוויסן זין, אַז איןקניין כסף ליורשים בחיי אביהם. וואָס דאָס מיינט, לויט דעם, ווי איך האָב דאָס שוין אויס־פירלעך דערקלערט: דער מאָמענט פון היזק ממון איז אין יעדן אבוד נשמה פאַל פאַראַן. עס איז אָבער אין קיינעם פון זיי דער מאָמענט פון תביעת ממון ניטאָ. און דעריבער איז די באַמערקונג פון הרב באַרישאַנסקי, אַז די סברא איז אַ „סברא מוזרה ואין לה יסוד בדיני ישראל" צופיל צו שאַרף און ניט עקזאַקט. דער דאָזי־קער ענין איז אַ צופיל פאַרצוויַיגטער, אַ צופיל קאָמפּליצירטער, מיט צופיל טיפן אינהאַלט אָנגעלאָדן, מען זאָל אים קענען אָפּפטרן מיט עטלעכע ווערטער, ווי זיי ביידע — אין פאַרשידענע ריכטונגען — טוען דאָס. עס איז מן הנמנע, אַז דאָס יוצא זיין מיט אַזוינע גע־ציילטע ווערטער אין אַזאַ פאַל זאָל ניט פירן צו דעם, מען זאָל אין פלאַכקייט און אין אויבערפלעכלעכער אָריענטאַציע בנוגע דעם גאַנצן ענין שטעקן בלייבן.

גאָר מאָדנע איז דאָס, וואָס ער זאָגט: „ואם תפסו יורשי הנרצח מהרוצח בעד היזק מיתת אביהם — תפיסתם תפיסה". דאָס איז באמת אין דער בחינה פון „תורה חדשה מאתי תצא".

איך וואָלט וועלן וויסן, וואו קען מען געפינען אפילו דעם קלענסטן סמך דערויף אין די רייד פון דער תורה אָדער פון די

חכמים. דאָרטן, וואו עס האַנדלט זיך וועגן אַ ריינעם אבוד נשמה פאַל, איז אַבסאָלוט אויסגעשלאָסן יעדע מעגלעכקייט, עס זאָל קענען אַ רעדע זיין וועגן דעם עניין פון „אי תפיס לא מפקינן מיניה" אָדער וועגן דעם „קים ליה בדרבה מיניה". איך ווייס אויך ניט, צי ווען עס איז אַפילו אַ דירעקטער אמתער היזק ממון פאַרבונדן מיט אַ פאַל פון איבוד נשמה, ווי דער פאַל פון המדליק את הגדיש ועבד כפות לו וגדי סמוך לו, קען וועלכע עס איז מעגלעכקייט זיין אָנצואווענדן דאָן דעם פרינציפּ פון „אי תפיס לא מפקינן מיניה".

הרב באַרישאנסקי גיט אָן אַ מראה מקום אין רש"י בבא מציעא צ"א. פון דאָרטן, הייסט עס, דאַרף זיין קלאָר, דאָס וואָס ער זאָגט, אַז אין יעדן פאַל פון רציחת נפש אנערקענען מיר, אַז עס איז פאַראַן אַ תביעת ממון דאָרטן — וואָס אויב מיר רעאַליזירן זי ניט, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס מיר מוזן זיך האַלטן אין דעם כלל פון „קים ליה בדרבה מיניה" — מצד די יורשים פון נרצח. און דערצו נאָך איז די עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער תביעת ממון אַזוי שטאַרק, אַז אויב זיי, די יורשים, האָבן אַליין אַרויסגעריסן מיט גוואַלד די גע־העריקע געלט באַפרידיגונג פון די נכסים פון רוצח, נעמט מען דאָס ניט אָוועק פון זיי.

איז וואָס אַנבאַלאַנגט דעם שטיקל רש"י, דאַרף מען זאָגן, אַז בכלל איז דאָרטן ניט אַלעס אַזוי איינפאַך, ווי עס באַדאַרף אויסקומען לויט דעם ווירדיקן רב. עס באַדאַרף אויך אָנגעוויזן ווערן דערויף, אַז אי דער אלפס, אי דער רא"ש ביי דעם עניין פון חסימה געבן אָן ניט רבאס דערקלערונג, נאָר דעם טעם פון רב פפא. עס איז דע־ריבער נאָך אַ ספק, צי דאָס, וואָס מען קען אַרויסלערנען פון רש"יס דערקלערונג קען די וואַלידיטעט פון אַן הלכה פסוקה האָבן. סיי ווי אָבער, ווען אפילו יאָ, קען דאָס, וואָס ער — רש"י — זאָגט אָנגע־ווענדעט ווערן נאָר אין אַ פאַל, וואָס אַ חוץ דעם מאָמענט פון אבוד נשמה, איז נאָך אויך דער מאָמענט פון אייגנטום פאַרלוסט, פון אַ תביעת ממון, פאַראַן אין אים, ווי עס זיינען די פאַלן פון דער גמרא, אויף וועלכע די ציטירטע שטעלע פון רש"י באַציט זיך.

אפילו לויט די נאָך, וואָס האַלטן, אַז אין יעדן פאַל פון „קים ליה בדרבה מיניה" בלייבט דער באַשולדיקטער אין אַ פאַל פון מיתת בית דין חייב בידי שמים, איז אין אַ ריינעם אבוד נשמה פאַל קען

וועגן אַזאַ חייב גאָר קיין רעדע ניט זיין. ווארום אין אַזאַ פאַל איז גאָר אינגאַנצן קיין תביעת ממון ניטאָ.

הרב באַרישאַנסקיס באַהויפּטונג, אַז „ההורג אדם פטור מנזיקין רק משום שקם ליה בדרבה מיניה", איז פּשוט צום שטוינען. ווי קומט דאָ דער עניין פון „קים ליה בדרבה מיניה?"

איך באַדאַרף אויך באַמערקן, אַז מיר שיינט, אַז עס איז כלל ניט נויטיק איינצוטייטשן רבאס מיינונג אין דעם זין, ווי רש"י טוט דאָס, אַז עס האַנדלט זיך וועגן יוצא זיין בידי שמים. אין בבא מציעא זאָגט רבא ניט מער, ווי אתנן זונה אסרה תורה — ואפילו הבא על אמו. ער גיט דאָרטן קיין שום דערקלערונג ניט, וואָס ער מיינט מיט דעם זאָג זיינעם. דערפאַר אָבער איז אין בבא קמא ע' קומט ביי אים דער דאָזיקער אַרגומענט אין דער באַגלייטונג פון אַ פולער דער־קלערונג, וועלכע האָט קיין שום שייכות ניט מיט דעם עניין פון יוצא זיין בידי שמים. אויך רש"י דערמאָנט דאָרטן גאָר ניט אין דער שטעלע, וואו ער טייטשט אויס רבאס רייד, וועגן דעם דאָזיקן עניין. דאָ איז אָבער ניט דאָס אָרט פאַר דעם אַלעם. און לענייננו איז דאָס אויך ניט נויטיק.

## מ"א

און בכלל פאַרשטיי איך ניט, ווי אַזוי עס איז פאַר אים — פאַר הרב באַרישאנסקי — גאָר אינגאַנצן מעגלעך געוועזן צו אפּע־רירן מיט דעם עניין פון גזירת הכתוב, ווען ער מוז דאָ פאַרשטאַנען ווערן אויף אַ גאַנץ אַנדער אופן, אויף אַ זייער משונהדיקן אופן, ווי ער ווערט פאַרשטאַנען אין יעדן אַנדערן פאַל, וואו עס קומט אונדז אויס צו באַנוצן זיך מיט אים.

ווען מיר זאָגן אין דעם אָדער אין יענעם פאַל בנוגע אַ פאַר־שריפט פון דער תורה, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ גזירת הכתוב, מיינען מיר דערמיט נאָר צו באַהויפּטן, אַז דער טעם פאַר דעם פאָרשריפט, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך, איז פאַרהוילן פון אונדז. מיר מיינען אָבער דערביי כלל ניט צו באַהויפּטן, אַז ער האָט בכלל קיין טעם ניט. מיר מיינען דערמיט צו זאָגן, אַז מיר קענען זיך ניט דערטראַכטן צו דער שכלדיקייט, וואָס ליגט אין אים

באַהאַלטן. אונדזער כוונה אָבער דערביי איז כלל ניט צו זאָגן, אַז אונדזער שכל און אונדזער יושר געפיל מוזן רעוואָלטירן קעגן אים. און אָט יענע אַלע פעלע ווילן מיר ניט באַהויפּטן מיט דער גזירת הכתוב באַצייכענונג, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזאַ פאַרשריפט, וואָס על פי שכל און על פי סברא מוז ער אַלס אַן אַבסורד באַטראַכט ווערן, מיט אַזאַ, וואָס מוז נאָר אַלס אַ קאַפּריז פון רבונו של עולם געזען ווערן, וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון ווילקירלעכקייט. אין אונדזער פאַל אָבער מוז ער טאַקע נאָר אויף דעם אופן פאַרשטאַנען ווערן.

ער מוז אַזוי פאַרשטאַנען ווערן דערפאַר, וואָס עס מוז אויסקומען לויט אים נאָך — לויט הרב באַרישאנסקי — אַז כאָטש ער פאַרוואָרפט דעם טעם פון בעי לעיוני, האַלט ער אויך אָבער אין פרינציפּ דאָך ווי די, וואָס נעמען אָן דעם דאָזיקן טעם אָן קווייַנקלעניש, אַז דער טעם פאַר דעם פּטור ביי נפילת אדם מוז זיך האַלטן אין די ראַמען פון יאָ קענען האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור פאַר דער נפילה אָדער ניט. ווען דער פסק דין וואָלט דאָ געווען, אַז ביי אַ נפילה פון אַ שאינו פקח דאַרף מען מחייב זיין דעם בעל הבור, וואָלט שוין פאַר אים אַלעס כשר וישר געווען. ער פאַרוואַרפט דעם טעם נאָר דערפאַר, וואָס ביי אַזאַ נפילה פסקענען מיר אויף דעם זעלבן אופן, ווי ביי אַ פקח. אויף אַזאַ אופן דעריבער קען שוין די גזירת הכתוב באַצייכענונג דאָ ניט מיינען, אַז דער שכל אונדזערער האָט גאָר ניט וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם פאַרשריפט, פאַר זיך אַליין גענומען, אַז אין אמתן איז יאָ פאַר אים אַ טעם פאַראַן, מער ניט דער דאָזיקער טעם מוז בלייבן פאַר אונדז אַ סוד, וואָס די חכמה העליונה האַלט אים פאַרבאָרגן אין זיך.

דאָ מוז זי מיינען, אַז, אויף ווי ווייט דער שכל זאָגט אונדז, האַנדלט זיך דאָ ניט נאָר אין דעם, וואָס מיר קענען פאַר אים — פאַר דעם פסק דין — קיין געעריקן טעם ניט אָנגעבן, נאָר אין דעם וואָס מיר מוזן צו דער איבערצייגונג קומען, אַז עס קען פאַר אים בכלל ניט אָט אַזאַ טעם אָנגעגעבן ווערן, ווייל דער פאַרשריפט דאָ איז ניט ווי אַלע אַנדערע גזירת הכתוב פאַרשריפטן, בנוגע וועלכע דאָס באַצייכענען זיי אַלס גזירת הכתוב איז ניט דערפאַר, וואָס זייער אינהאַלט איז פון אַן אינערלעכער סתירה דורכגעדרונגען, אויף אַ ניט

יושרדיקן, ניט לאָגישן באַזיס אַוועקגעשטעלט געוואָרן, ניט דערפאַר, וואָס ער האָט ניט די נויטיקע מאָדיפיקאַציעס, וואָס ער וואָלט באַ־דאַרפט האָבן, לויט געוויסע פון שכל הישר דיקטירטע, פאַראויסגעזעענדע הנחות, פון וועלכע עס מוז אָפּהענגיק זיין אונדזער אורטייל בנוגע דעם עניין, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך אין אים.

דאָ מוז אויסקומען, אַז, דורך דעם, וואָס מיר זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ גזירת הכתוב, באַצייכענען מיר דעם פסק דין, וועגן וועלכן עס ווערט גערעדט, ניט אַלס אַזעלכן, וואָס די שכלדיק באַגרינדונג זיינע איז פאַרהוילן פון אונדז, נאָר אַלס אַזעלכן, וואָס פאַרמאָגט אַן אינערלעכע סתירה אין זיך, וואָס איז קעגן די פּרינציפּן, וואָס אַ פאָרשריפט וועגן דעם עניין, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך אין אים, וואָלט זיך באַדאַרפט ריכטן לויט זיי.

ווען מיר וואָלטן, למשל, ניט זיין געבונדן דאָ מיט דער הנחה, אַז נאָר אין די ראַמען פון פּראָבלעם, צי מען קען יאָ אָדער ניט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור פאַר דער נפילה דאַרף דאָ אונדזער פסק דין אַרויסגעגעבן ווערן, וואָלטן מיר זיך גוט גע־קענט באַנוצן דאָ מיט דעם גזירת הכתוב מאָטיוו. מיר וואָלטן דאַן געזאָגט: אמת, מיר ווייסן ניט דעם פאַרוואָס פאַר דעם, וואָס עס ווערט ניט געמאַכט דאָ קיין אונטערשייד צווישן אַ פּקח און אַ שאינו פּקח, ווי אין אַ פאַל פון נפילת שור. ווי באַלד אָבער, אַז מיר זיינען ניט געצווינגען אָנצונעמען, אַז אויב עס קען בכלל אָנגעגעבן ווערן אַ טעם פאַר אַן אַרויסגעגעבענעם פסק דין — וואָס דער אינהאַלט זיינער זאָל ניט זיין — אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור, מוז ער זיך, ווי אין פאַל פון נפילת שור לבור, אין די ראַמען פון פּראָבלעם: צי מיר קענען יאָ אָדער ניט פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן דעם בעל הבור פאַר דער נפילה — באַוועגן; ווי באַלד מיר קענען דאָ ניט קומען מיט אַ טענה, אַז אין אינהאַלט זיינעם איז אַן אינערלעכע סתירה פאַראַן, אַז ער איז לאָגיש ניט אויסגעהאַלטן, אַז לויט דעם שכל הישר אונדזערן מוז ער ווי אַ פאַרזעעניש אויסזען, קענען מיר זאָגן: אמת: מיר ווייסן ניט דעם טעם. זיכער איז אָבער, אַז די חכמה העליונה מוז אַ געהעריקן טעם האָבן, וואָס איז בכוח אַ משווה קטן וגדול צו זיין אין דעם פאַל. דאָס הייסט: צו פאַרענטפערן

פאַר וואָס דאָ דאַרף מען ניט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן אַ נפילה לבור פון אַ גדול און צווישן אַ נפילה פון אַ קטן.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער איצט, ווען מיר גלויבן, אַז אונדזער פסק דין וועגן נפילת אדם לבור מוז יאָ אָפּהענגיק זיין פון דעם, צי מיר קענען יאָ אָדער ניט פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן דעם בעל הבור, אַז על פי יושר, ווי אויך על פי שכל, איז אויסגעשלאָסן יעדע מעגלעכקייט, מיר זאָלן קענען געפינען אַ טעם פאַר אַ פסק דין בנוגע נפילת אדם לבור, וואָס זאָל ניט זיין קיין פועל יוצא פון דער ענטשיידונג אונדזערער בנוגע דעם, צי מיר האַלטן יאָ פאַר־אַנטוואָרטלעך אין אַזאַ פאַל דעם בעל הבור, אָדער ניט.

וואָרום דורך דער דאָזיקער הנחה ווערן אויסשליסלעך נאָר די פאָלגענדע צוויי וועגן פאַר אונדז אָנגעצייכענט בנוגע אונדזער מעגלעכן פסק דין אין אַ פאַל פון נפילת אדם. אָדער מיר זאָגן: „בעי לעיוני" — און דאַן דאַרפן מיר צוזאַמען דערמיט, וואָס מיר באַ־פרייען דעם בעל הבור אין אַ פאַל, ווען דער נופל איז אַ פקח, אים מחייב זיין, ווען דער נופל איז אַ שאינו פקח, וואָס דאַן קען מען בעי לעיוני ניט זאָגן. אויב ווידער מיר האַלטן, אַז אין אַזאַ פאַל זאָגן מיר ניט בעי לעיוני, אפילו דאָרטן, וואו עס זעט אויס אין פלוג, אַז מען וואָלט יאָ געקענט זאָגן, אַז ער — דער נופל — וואָלט געוועזן באַדאַרפט אַכטונג געבן ווי ער גייט, דאָס הייסט, אפילו ווען דער נופל איז אַ פקח — דאַן איז, פאַרקערט, ניט נאָר דאַרפן מיר מחייב זיין דעם בעל הבור, ווען דער נופל איז אַ שאינו פקח, נאָר אויך דאַן, ווען דער נופל איז אַ פקח. קיין דריטער וועג איז ניטאָ. וואָרום נאָר אַ פסק דין, צו וועלכן מיר זאָלן צוגעפירט ווערן איבער איינעם פון די דאָזיקע צוויי וועגן, וואָלט געקענט באַטראַכט ווערן אַלס אַ לאָגיש אויסגעהאַלטענער, אַלס אַזעלכער, וואָס מען וואָלט אויף אים אַ טעם קענען געפינען אין איינער פון אָט יענעאיינציקע צוויי מעגלעכע ברירות, וואָס מיר האָבן פאַר זיך בנוגע דעם פרינ־ציפּ, לויט וועלכן מיר דאַרפן זיך ריכטן אין אונדזער אַרויסגעגע־בענעם פסק דין בנוגע אַ פאַל פון נפילת אדם לבור, ווען מיר גייען אַרויס פון דער הנחה, אַז דער פטור אונדזערער אָדער חייב אין דעם פאַל דאַרף זיין אָפּהענגיק פון דעם, צי מיר קענען יאָ אָדער ניט האַלטן דעם בעל הבור פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער נפילה.

אַזאַ פסק דין, דעריבער, ווי אונדזערער — דער פסק דין, אַז סיי, ווען דער נופל איז אַ פקח, און סיי, ווען ער איז אַ שאינו פקח — קען אין לאָגישן זין ניט אַנדערש, ווי נאָר אַלס אַ מין אַנדרגוגוס באַטראַכט ווערן. מיר האָבן אין אים אַ געמיש פון זאַץ און קעגנזאַץ. פון איין זייט פסקענען מיר לויט דעם גלייך, ווי מיר וואָלטן אָנגענומען, אַז אין אַ פאַל פון נפילת אדם זאָגן מיר יאָ בעי לעיוני, ווען עס קומט אָבער צו אַ שאינו פקח פסקענען מיר שוין אויף אַזאַ אופן, וואָס איז אַ סתירה צום מאָטיוו פון אונדזער פסק דין ביי אַ פקח: ניט אין דעם זין, וואָס לויט דעם, וואָס מיר פסקענען דאָ, מוז שוין אויסקומען, אַז מיר וואָלטן באַדאַרפט אין פריערדיקן פאַל מחייב זיין דעם בעל הבור, נאָר אין דעם זין, וואָס, לויט דעם פסק דין דאָ, גייען מיר שוין אינגאַנצן אַרויס פון די ראַמען, אין וועלכע מיר וואָלטן זיך באַדאַרפט האַלטן ביים אַרויסגעבן אונדזער פסק דין דאָ. וואָרום צי מיר קענען זאָגן בעי לעיוני ביי אַ פאַל פון נפילת פקח לבור, אָדער מיר דאַרפן אין אַזאַ פאַל זאָגן לא בעי לעיוני, איז קלאָר, אַז אין אַ פאַל פון שאינו פקח דאַרף מען דעם בעל הבור סיי ווי מחייב זיין.

אונדזער שוועריקייט אויף אַזאַ אופן אין דעם דאָזיקן פאַל באַשטייט ניט אין דעם, וואָס מיר קענען קיין טעם ניט געפינען פאַר דעם פאַרשריפט, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, נאָר אין דעם, וואָס מיר האָבן שוין צופיל וואָגיגען טעם אויף צו דערקלערן אים אַלס אַזעלכן, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז אַזאַ, וואָס מאַכט אוממעגלעך צו דערלאָזן, אַז עס זאָל קענען אויף אים אַ טעם געגעבן ווערן, אין דעם, וואָס מען קען פאַר אים גאָר אינגאַנצן קיין יסוד ניט געפינען, אויף וועלכן ער זאָל זיך האַלטן קענען. וואָס ער איז פון אַזאַ אומלאָגישן כאַראַקטער, וואָס דער שכל אונדזערער מוז זיך אָפּזאָגן פון אים. אין דעם פאַל קען פאַר אונדז די באַהויפּטונג אונדזערע, אַז מיר האָבן דאָ מיט אַ גזירת הכתוב צו טאָן ,אַ גאָר קנאַפּע ישועה זיין.

וואָרום זי מוז דאָ ניט מער ווי נאָר אימפּליצירן אַ מיטגייענדע מיט איר באַהויפּטונג, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאַרשריפט, וואָס מוז אַלס אַן אַבסורד באַטראַכט ווערן, וואָס דער שכל הישר קען מיט אים קיין שלום ניט מאַכן.

אויב אין יענעם פאַל הערן מיר דאָס שיצן זיך אונדזערס אונטער די פליגל פון דער באַהויפּטונג, וואָס מיר מאַכן, אַז מיר האָבן דאָ

צו טאָן מיט אַ גזירת הכתוב, רעדן צו אונדז: באַרואיקט אייך. ווען איר זאָלט וויסן די כוונה פון דער חכמה העליונה, וואָלט איר דעם פאַרהוילענעם פון אייך טעם געקענט אויסגעפינען, הערן מיר זי אין דעם פאַל רעדן צו אונדז: פאַרשווענדעט ניט אייער צייט אומ־זיסט אויף זוכן אַ תירוץ, וואָס זאָל קענען געגעבן ווערן אויף די קשיות, וואָס איר פרעגט. וואָרים דער איינציקער תירוץ, וואָס קען דאָ געגעבן ווערן, איז נאָר דאָס, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאַרשריפט, אין וועלכן עס איז פאַרקערפּערט אַ קאַפּריזנער ווילן פון דער תורה, וואָס די איינציקע כוונה זיינע איז נאָר צו להכעיס טאָן. פאַרגעסט אין דעם, אַז מען קען דעם תירוץ, וואָס איר זוכט, געפינען, וועט איר דערהערן דאַן דעם דאָזיקן ווילן רעדן צו אייך: אוודאי זענט איר גערעכט מיט אייערע טענות, אוודאי איז דער דאָזיקער פאַרשריפט אַזאַ, וואָס שוין דער עצם עיקר אינ־האַלט זיינער, וואָס מאַניפעסטירט זיך אין אַזאַ אונזיניקער קאָמבי־נאַציע, מאַכט אַבסאָלוט אונמעגלעך צו טראַכטן אפילו, אַז מען קען פאַר אים אַ טעם געפינען. אוודאי איז לויט דעם שכל וואָלטן אין אים זיך באַדאַרפט געפינען אָט יענע מאָדיפיקאַציעס, וואָס איר דענקט, אַז זיי דאַרפן זיין אין אים. איך האָב אָבער געוואָלט האַנדלען דווקא אַזוי, ווי איך האָב געהאַנדלט.

---

עס איז קלאָר, אַלזאָ, אַז מיט דעם תירוץ פון גזירת הכתוב, קען מען דעם גאַנצן עניין פון נפילת אדם לבור ניט איינאָרדענען ווי געהעריק.

מיר האָבן ווידעראַמאָל נאָר צוויי ברירות פאַר זיך: די ערשטע ברירה איז צו זוכן און געפינען אַ תירוץ אויף דער קשייא, וואָס הרב באַרישאַנסקי פרעגט, וואָס זאָל זיך קענען אַריינפּאַסן אין די ראַמען פון דעם פּראָבלעם: צי מיר דאַרפן יאָ באַטראַכטן דעם בעל הבור אַלס דעם איינציקן שולדיקן אין דער נפילה לבור, ווען דער נופל איז אַ מענטש, אָדער ניט. און אַזוי ווי עס איז אַבסאָלוט אומ־מעגלעך אָט אַזאַ תירוץ צו געפינען, ווי מיר האָבן דאָס שוין באַ־וויזן, איז די איינציקע צווייטע ברירה, וואָס בלייבט דאַן פאַר אונדז — קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער גאַנצער צוגאַנג צום עניין, נאָך וועלכן עס שלעפּט זיך נאָך די הנחה, וועגן וועלכער מיר האָבן

גערעדט די גאַנצע צייט, איז אַ פאַלשער. אַז פאַר דער יידישער געז־
זעצגעבונג זיינען די מאָטיוון אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור און
די מאָטיוון אין אַ פאַל פון נפילת שור לבור בנוגע דעם פסק דין,
וואָס מיר דאַרפן אין יעדן באַזונדערן פאַל אַרויסגעבן כלל ניט היינו
הך. דער איינציקער וועג, וואָס אונדז בלייבט דאַן, איז דערטראַכטן
זיך צום געדאַנק, אַז דאָס פראָבלעם, וואָס מיר האָבן פאַר זיך אין אַ
פאַל פון נפילה לבור, צי מיר דאַרפן יאָ באַפרייען אָדער ניט באַ־
פרייען דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילה, מוז אין די צוויי באַ־
זונדערע מינים נפילות — אין דער נפילה לבור פון אַ מענטשן און
אין דער נפילה לבור פון אַ שור — פון גאַנץ צוויי באַזונ־
דערע אויסגאַנגס פונקטן באַהאַנדלט ווערן. אַז די פאַרהעלטניסע
צווישן דיביידע פאַלן זיינען ניט קיין אַנאַלאָגישע, אַז מעג דער
מאָטיוו ביי אַ שור פקח דער עניין פון בעי לעיוני זיין, קענען מיר
דאָך ביי אַ נפילת אדם, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ שאינו פקח, צי
וועגן אַ פקח, ניט מחייב זיין דעם בעל הבור. אפילו, ווען מיר זאָלן
אויך ביי אַ פקח ניט זאָגן בעי לעיוני, אָדער פאַרקערט, ווידער,
ווען מיר וואָלטן אפילו ביי אַ שאינו פקח בעי לעיוני געקענט זאָגן,
וואָלטן מיר אַלץ ניט געקענט אַ שטראָף אויף דעם בעל הבור אַרויפ־
לעגן. ווארים, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נפילה ביי אַ מענטשן,
שהביאה לידי מיתה, קען דער עניין פון בעי לעיוני דאַן קיין אַנט־
שיידענדן ווערט, בנוגע דעם פסק דין, וואָס באַדאַרף אַרויסגעגעבן
ווערן, ניט האָבן. וואָרים דאָ ווערט אָוועקגעלעגט אַ גאַנץ אַנדער
יסוד פאַר דעם פסק דין, וואָס באַדאַרף פון אונדז אַרויסגעגעבן ווערן
אין דעם פאַל, אַ גאַנץ אַנדער פרינציפּ, וואָס איז בכוח, ווי איך האָב
זיך פריער אויסגעדריקט אַ „משווה קטן וגדול" צו זיין, וואָס מאַכט
אוממעגלעך אַן אונטערשייד צו מאַכן צווישן אַ בן גדול און בן
קטן, צווישן אַ פקח און שאינו פקח, ווען מיר דאַרפן אונדזער פסק
דין אַרויסטראָגן, ווען עמעצער איז אין אַ בור אַריינגעפאַלן.

מ"ב

און איצט לאָמיר איבערגיין צו די הערות פון הרב דוד שאפּירא.
ער ברענגט דאָס, וואָס רבי שמשון רפאל הירש שרייבט אין זיין פירוש
אויף דער תורה, אַז „על חיי אדם אין תשלומין", און וועלכן, ווי
ער באַהויפּטעט מען באַדאַרף געפינען שטיצע פאַר דעם אַלעם, וואָס
עלען האָט אָנגערעדט אַרום דעם ענין.

ווייזט אויס, אַז אַן דעם גאון וואָלט ער גאָר ניט געוואוסט, אַז מיתת בית דין באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון פאַרברעכענס, פאַר וועלכע מען באַשטראָפט נאָר מיט טויט שטראָף, ווי אויך, אַז ווען ניט דאָס, וואָס דער געוואַלדיגער תירוץ עלענס אויף די אַלע קשיות, וואָס ער האָט אָנגעוואָרפן, האָט צוזאָגן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיגען עניין, וואָלט ער, הרב שאַפּירא זיך זייער פאַרצווייפעלט גע־פילט. ווידער זעט עס אויך אויס, אַז לדעתו איז דאָס, וואָס רבי שמשון רפאל הירש זאָגט, היינו הך מיט דעם, וואָס אייזיק עלען זאָגט. וועלען מיר איבערלאָזען די ערשטע צוויי פונקטען. דער לעזער האָט שוין געהאַט די מעגלעכקייט צו איבערצייגען זיך, אויף וויפיל עס איז פאַראַן פּלאַץ צו וואונדערן זיך אויף דעם דרש פון שור ולא אדם, אויף וועלכען עלען האָט עס מיט אַזוינע גוואַלדען מרעיש עולמות געווען; אויף ווי ווייט, ווידער, דער טעם זיינער — עלענס — קען אַלס „טעם המתקבל על הלב", ווי הרב שאפירא באַצייכענט אים, באַטראַכט ווערען. איך וויל דאָ נאָר זאָגען עטלעכע ווערטער וועגען דעם, אויף וויפיל מען קען אַ תנייא דמסייעא זען אין דעם, וואָס דער ציטירטער גאון זאָגט, צו דעם, וואָס מיר געפינען אין עלענס דערקלערונג; אויף וויפיל עס קען אַלס ריכטיג באַטראַכט ווערען אַ באַהויפּטונג, אַז דאָס, וואָס ביידע זאָגען, איז היינו הך.

אַ שיינער היינו הך.

רבי שמשון רפאל הירש רעדט ניט וועגן דעם עניין פון „אין תשלומין לחיי האדם", מיט וועלכע ער אפערירט אין דער דערקלע־רונג זיינער אויף דעם פסוק פון דער תורה, אויף וועלכן ער שטעלט זיך אָפּ צו מפרש זיין, אין אַ טאָן פון אַן איבערראַשענדיקער, „אשר לא שערום אבותינו"דיקער אנטפּלעקונג, צו וועלכע מען איז זוכה נאָך אַ לאַנגער מאַטערניש אין זוכן אַ פאַרענטפערונג צו אַזוינע קשיות, וואָס דורות גאַנצע האָבן אויף זיי קיין ריכטיקן תירוץ ניט געקענט געפינען, נאָר אין דעם געוויינלעכן טאָן פון מפרש זיין די פסוקים פון דער תורה כסדרם, אין גייסט פון די באַקאַנטע פעסטגעשטעלטע פרינציפּן פון דער תורה, לויט די חז"ל. ער מאַכט ניט דעם אָנ־שטעל מיט דעם, וואָס ער זאָגט, „שעל חיי האדם אין תשלומין", אַז ער גייט דאָ מאַכן אַ באַהויפּטונג, וואָס וואָלט גאָר קיינעם ניט גע־קענט איינפאַלן.

ער טוט נאָר דאָס, וואָס יעדער אַנדער מפרש וואָלט אין אַזאַ פאַל

געטאָן. ער פֿאַרענטפֿערט ניט קיין קשיות, מיט וועלכע ער זאָל האָבן געוועזן פֿריער אַרויסגעטראָטן קעגן די חז״ל. ער דערקלערט נאָר אויף אַ קלאָרן וועג דעם עניין, אויף וועלכן ער שטעלט זיך אָפּ, אויף אַן אופֿן, דער יודע ספֿר, פֿאַר וועלכן דער פּירוש זיינער איז באַשטימט, זאָל קענען איינזען, אַז אַלעס איז אין דרש פֿון די חז״ל אין אָרדנונג, אַז מען מוז אַזוי די תורה פֿאַרשטיין. ווען ער זאָגט: „שעל חיי האדם אין תשלומין" מאַכט ער ניט די באַהויפּטונג זיינע אין אַ טאָן, גלייך, ווי דער פּרינציפּ, אין וועלכן עס רעדט זיך אין איר, וואָלט אויסשליסלעך נאָר זיינע אַ נייע ענטדעקונג געוועזן, נאָר ווי עס וואָלט זיך גערעדט אין איר וועגן אַ באַקאַנטן פּרינציפּ, וואָס קען דערקלערן דאָס, וואָס באַדאַרף דאָ דערקלערט ווערן.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער מיט עלענען. איידער ער איז אונדז מזכּה מיט זיין תּירוץ, שטעלט ער פֿריער צונויף אַ באַשולדי־קונגס אַקט, קעגן די חז״ל, וואָס וואַרפֿט פּשוט אַ מורא אָן אויף אונדז. ער באָמבאַרדירט מיט קשיות „שווערע", וועלכע „מוזען" שטעמפּלען די חז״ל אַלס „מגלי פנים בתורה שלא כהלכה", וועלכע באַצוועקן אַרויפּצוצווינגען אויף אונדז אַ גלויבן, אַז, אייגנטלעך, וואָלט מען לויט דער תורה אין אַ פֿאַל פֿון מיתת אדם על ידי נפילה לבור גע־מוזט אפילו מיט טויט באַשטראָפֿן דעם בעל הבור, און ערשט נאָכ־דעם ווי ער האָט אונדז אויף טויט איבערגעשראָקן, דערציילט ער אונדז, אַז דער איינציקער וועג, ווי אַזוי צו געפֿינען אַ למוד זכות אויף די חז״ל, איז — מיר זאָלן אָננעמען, אַז אויך אין דער ידישער גע־זעצגעבונג איז „אין תשלומין לחיי האדם".

דער עיקר אָבער איז ניט אין דעם. דער עיקר אונטערשייד איז אין דעם, וואָס ביי רבי שמשון רפאל הירש שטעלט מיט זיך פֿאָר די דאָזיקע באַהויפּטונג אַן אמת טאַקע.

ווען ער זאָגט, אַז אין תשלומין לחיי האדם, זעט מען, לויט דעם טאָן, אין וועלכן ער רעדט וועגן דעם, אַז ער טוט ניט מער, ווי נאָר דאָס, וואָס ער קאָנסטאַטירט אַן אונבאַשטרייטבאַרן פֿאַקט, אַז די ידדי־שע געזעצגעבונג ווייסט ניט פֿון באַשטראָפֿן מיט אַ געלד אָפּצאָל פֿאַר אַ פֿאַרברעכן, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז דאָס אומברענגען פֿון אַ מענטשלעך לעבן; אַז, וואָס אַנבאַלאַנגט דער שטראָף, וואָס באַדאַרף אין אַן אבוד נשמה פֿאַל אַרויפֿגעלעגט ווערן אויף דעם באַשולדיקטן,

איז קיין אונטערשייד ניטאָ צווישן אַזאַ פאַל און אַן אַנדער שווערן פאַרברעכן אָדער זינד, בנוגע וועלכן עס קען אפילו גאָר אויפן געדאַנק ניט אַרויפקומען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרברעכן, וואָס האָט מיט דעם עניין פון גוט מאַכן אַ געלד שאָדן צו טאָן. פונקט ווי אין יענע פעלע ווערט לויט דער תורה דער באַשולדיקטער צום טויט פאַראורטיילט, אָט אַזוי איז אויך דאָ לויט דער תורה די איינציקע שטראָף, מיט וועלכער מיר דאַרפן באַשטראָפן דעם באַשולדיקטן — צום טויט אים פאַראורטיילן; דעם פאַקט, אַז צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרשיידענע זינד און פאַרברעכנס פאַרמירן די אבוד נשמה פעלע אַ באַזונדער קלאַס, וואָס די שטראָף, וואָס ווערט געגעבן פאַר באַגיין אַ פאַרברעכן, וואָס באַלאַנגט צו דעם דאָזיקן קלאַס, איז צום טויט דעם פאַרברעכער צו פאַראורטיילן. זיין באַהויפּטונג פאַרמאָגט אַן אמת אין זיך, און זי איז אַם פּלאַץ. ער דערקלערט אונדז, פאַר וואָס עס איז מעגלעך געווען פאַר דער תורה, זי זאָל אַ טאָטאַלן פּטור פאַר־שרייבן אין דעם פאַל. דאָס איז דערפאַר, לערנען מיר אַרויס פון זיינע רייד, וואָס, ווייל דאָ האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות, איז וויבאַלד מען קען ניט דעם באַשולדיקטן צום טויט פאַראורטיילן, מוז במילא אויסקומען, אַז ער איז פּטור אינגאַנצן. וואָרום ביי אבוד נשמה פּראַק־טיצירן מיר דאָך ניט קיין תשלומי ממון. אמת, אין געוויסע פעלע קען אויסקומען, אַז צוליב אַ געוויסן אַספּעקט, וואָס אין אַ געוויינלעכן אבוד נשמה פאַל איז ניט צו געפינען אים — וואָס איז פאַרבונדן מיט זיי, קען מען לויט דער תורה יאָ דאַן דעם עניין פון תשלומי ממון אין דעם אָדער אין יענעם פאַל פּראַקטיצירן. אין דעם פאַל אָבער קען מען לויט דער תורה אַזאַ היתר ניט אַריינטייטשן. דאָ פּירט זי זיך לויט דעם כלל פון „אין תשלומין לחיי האדם".

ער דערקלערט מיט דער באַהויפּטונג זיינער, ווי געזאָגט, נאָר די מעגלעכקייט, וואָס די תורה האָט געהאַט פאַר זיך פאַרצושרייבן אַ טאָטאַלן פּטור אין דעם פאַל פאַר דעם בעל הבור. די דאָזיקע באַהויפּ־טונג אימפּלאַצירט אָבער ניט נאָך אַן אַנדערע, אַ מיטגייענדע מיט איר, באַהויפּטונג, אַז עס וואָלט אונמעגלעך געווען פאַר איר — פאַר דער תורה — דאָס צו טאָן נאָר דערפאַר, וואָס דאָ האַנדלט זיך וועגן אבוד נשמה; נאָר דערפאַר, וואָס מיר זאָגן: „אין תשלומין לחיי אדם". דאָס, וואָס ער זאָגט: „אין תשלומין לחיי אדם" דערקלערט

ניט דעם פֿאַר וואָס מען באַשטראָפֿט ניט מיט קיין געלט פֿאַר אומ־
ברענגען אַ מענטשן, נאָר דעם טעם, פֿאַר וואָס עס מוז אויסקומען,
אַז דער בעל הבור באַדאַרף אינגאַנצן באַפֿרייט ווערן. דער טעם,
פֿאַר וואָס מען באַשטראָפֿט פֿאַר אומברענגען אַ מענטשן איז דאָס,
וואָס אומברענגען אַ מענטשן איז, ווי מיר האָבן דאָס שוין דערקלערט,
די שווערסטע זינד, וואָס מיר קענען זיך נאָר פֿאָרשטעלן, דעריבער
דאַרף מען פֿאַר אַזאַ פֿאַרברעכן אויך מיט דער שווערסטער מעגלעכער
שטראָף באַשטראָפֿן, ווי מיר טוען דאָס אין אַ פֿאַל פֿון אַן אַנדער
שווערן פֿרברעכן. דער אין תשלומין לחיי האדם איז נאָר אַ פּועל יוצא
פֿון אָט יענעם טעם, אַן אַנדער פֿאָרמולירונג פֿון דעם פֿאַקט, אַז פֿאַר
אבוד נשמה גיט מען טויט שטראָף.

און ווען עלען וואָלט אויך מער גאָר ניט געטאָן נאָר דאָס, וואָס
רבי שמשון רפֿאל הירש טוט, וואָלט מען אויך צו אים גאָר קיין טענות
ניט געקענט האָבן. ער טוט אָבער דאָס פּונקט פֿאַרקערטע.

עס האַנדלט זיך ניט אַזוי אין דער באַהויפּטונג פֿון „אין תשלומין
לחיי האדם", וואָס מיר געפֿינען ביי עלענען, וואָס פֿאַר זיך אַליין גע־
נומען, קען זי ווירקלעך אַלס ענלעך צו אָט יענער „אין תשלומי ממון
לחיי האדם" באַהויפּטונג ביי רבי שמשון רפֿאל הירש אויסזען, ווי
אין דער פֿילאָזאָפֿישער באַגרינדונג, וואָס קומט ביי אים מיט איר
צוזאַמען. אָט דאָס ביסל פֿילאָזאָפֿיע גיט אין איר אַריין אַזאַ אינהאַלט,
וואָס מאַכט אונמעגלעך דעם קלענסטן שפּור פֿון אמת איר צוצושרייבן.
די דערקלערונג, וואָס ער גיט פֿאַר דער דאָזיקער באַהויפּטונג — די
דערקלערונג, אַז דערפֿאַר איז „אין תשלומין לחיי אדם", ווייל דאָס
מענטשלעכע לעבן ווערט ניט געשאַצט אין סענטן און אין דאָ־
לאַרן — אָט די דאָזיקע דערקלערונג איז אמתער סם פֿאַר איר. זי
הרגעט זי אַוועק אינגאַנצן.

וואָרים, ראשית כּול, איז די דאָזיקע דערקלערונג פֿאַר זיך אַליין
דורכאויס פֿאַלש. ווייל דער מאָטיוו, פֿאַר וואָס מען באַשטראָפֿט ניט מיט
קיין געלד אין אַ פֿאַל פֿון אבוד נשמה, איז ניט דאָס, וואָס דאָס מענטש־
לעכע לעבן ווערט ניט אין קיין געלד געשאַצט, נאָר דאָס, ווי מיר
האָבן דאַרויף אָט ערשט אָנגעוויזן, וואָס מען האָט דאָ צו טאָן מיט
אַ שווערן פֿאַרברעכן, וואָס פֿאָדערט, מען זאָל דעם באַשולדיקטן מיט
דער שווערסטער שטראָף — זיין לעבן ביי אים צונעמען — באַשטראָפֿן,

אָפּגעזען דערפון, צי אַ מענטשלעך לעבן קען יאָ אָדער ניט געשאַצט ווערן אין געלד.

והשנית, צוליב דער מסקנה, וואָס מיר מוזען אַרויסברענגען פון דער דאָזיקער דערקלערונג, פון דער אונפאַרמיידלעכער פון איר מסקנה, אַז ניט נאָר איז עס מעגלעך געווען פאַר דער תורה צו באַפרייען פון שטראָף דעם בעל הבור, נאָר עס איז איינפאַך אונמעגלעך געווען פאַר איר ניט צו באַפרייען אים. ווייל ווי האָט זי געקענט באַשטראָפן אים מיט געלד, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט ניט אין דאלארן געשאַצט? דורך דער דאָזיקער דערקלערונג טוט ער עלען פונקט פאַרקערט, ווי רבי שמשון רפאל הירש טוט. רבי שמשון רפאל מאַכט ניט אָפּהענגיג דעם „אין תשלומין לחיי אדם" פון דעם, וואָס דאָס מענטשלעכע לעבן קען ניט אין דאלארן געשאַצט ווערן. ער אָבער טוט דאָס יאָ. דורך דעם איז אויסער דעם, וואָס ער פירט אונדז צו אַ פאַלשער דערקלערונג, פירט ער אונדז צו אַ מסקנה, וואָס ניט נאָר קען זי ניט אָנגענומען ווערן פון אונדז שוין נאָר דערפאַר אַליין, וואָס דער יסוד, אויף וועלכן זי האַלט זיך, האָט קיין האָפּט ניט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס זי שטייט אין קאָנפליקט מיט דעם אופן, ווי מיר פירן זיך אין געוויסע אבוד נשמה פעלע.

שוין אין ליכט פון אָט דעם קאָנפליקט אַליין, אָפּגעזען פון דעם, צי עס קען איר, פאַר זיך אַליין גענומען, באַדייטונג צוגעשריבן ווערן, מוז די דאָזיקע דערקלערונג אַלס דורכאויס פאַלש באַטראַכט ווערן. וואָרום ווען זי וואָלט ניט זיין אַזאַ, וואָלט פאַר קיינעם קיין מעגלעכקייט ניט געווען, ווי עס איז יאָ דער פאַל, צו פּסקענען, אַז מען זאָל פון באַשולדיקטן אויפמאָנען תשלומי ממון אין געוויסע אבוד נשמה פעלע, ווען מען קען אים — דעם באַשולדיקטן — ניט פאַרמשפּטן צום טויט. וואָלט באַדאַרפט אויסקומען, אַז עס זאָל אפילו ווען גאָר אויפן געדאַנק ניט קענען קומען, אַז מען קען אויף וואָסער עס איז אופן דעם עניין פון תשלומי ממון מיט אַ ריינעם אבוד נשמה פאַל פאַרבונדן. אויך דאָס איז אָבער זייער ווייט פון אַן אמת צו זיין.

וואָרום, ווען עס וואָלט ניט געווען אַזוי, וואָלט ניט מעגלעך געווען פאַר די חז"ל צו זוכן אַ טעם, פאַר וואָס מען זאָל ניט אויף אַ הורג אדם צוזאַמען מיט דעם, וואָס מען פאַרמשפּט אים צום טויט, אויך אַ געלד שטראָף אַרויפלייגן; פאַר וואָס זיי האָבן געמוזט דאָס אַרויס־

לערנען פון „כדי רשעתו": „ברשעה אחת אתה מחייבו ואין אתה מחייבו בשתי רשעות".

---

און מערקווירדיק, וואָס פאַר אַן אויסגעהאַלטנקייט, וואָס פאַר אַן אייזנפעסט האַלטן זיך אויף דער אַט ערשט אָנגענומענער פּאָזיציע, הרב שאַפּירא ווייזט עס אַרויס. אַט ערשט איז ביי אים אַלעס אין דער בעסטער אָרדנונג געווען אַ דאַנק עלענס דערקלערונג. פּונקט, ווי ער האָט גאָר פריער גאָר ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן פאַר־ריסענעם טאָן פון עלענס שקלא וטריא באַלד אין אָנהויב פון זיין אַרויסטריט, קעגן דעם טאָן אין דעם דערקלערן זיינעם דעם דרש פון די חז"ל אַלס כולו מקשה, לויט וועלכן עס מוז אויסקומען, ווי איך האָב דאָס שוין געזאָגט, אַז אין אמתן וואָלט מען אין אַזאַ פאַל אפילו מיתה באַדאַרפט געבן דעם בעל הבור, אַט אַזוי האָט ער אויך גאָר ניט וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם תירוץ, וואָס ער — עלען — גיט אונדז, אַז דערפאַר, וואָס דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט ניט אין קיין געלד גע־שאַצט, דעריבער איז אונמעגלעך געווען פאַר דער תורה ניט צו באַ־פרייען דעם בעל הבור. זי האָט מחמת דעם דאָזיקן טעם אויף אים בשום אופן קיין תשלומי ממון ניט געקענט אַרויפלעגן. גאָר פּלוצלינג אָבער גייט ער איבער צום „ערוך השולחן" און צום „משך חכמה", וועלכע פאַרענטפערן דעם פּטור, וועגן וועלכן מיר רעדן, מיט דעם, וואָס מיר זאָגן „בעי לעיוני ומיזל", וואָס דאָס דאַרף שוין מיינען, אַז עלענס תירוץ איז שוין ניט גענוג אויף צו פאַרענטפערן די קשיא. מען מוז שוין אָנקומען צום תירוץ, וואָס זיי געבן. איך זאָג דאָס אויף דעם סמך פון דעם, וואָס מען קען דאָך ניט אָננעמען, אַז זיי מיינען צו געבן אַ תירוץ, פאַר וואָס מען פאַראורטיילט ניט דעם בעל הבור צום טויט. זיי מוזן דאָך אוודאי מיינען מיט דעם תירוץ: פאַר וואָס מען באַשטראָפט אים כאָטש ניט מיט תשלומי ממון — וואָס אויף דער קשיא האָט שוין עלען דעם תירוץ זיינעם געגעבן. ווייזט אויס, אַז אויך ביי אים — ביי הרב שאַפּירא — זיינען ווי ביי יענעם רב פון דער פאַלקס מעשה, וואָס האָט גערעכט געגעבן דער רביצין זיינער פאַר דעם, וואָס זי האָט אים פאַרגעוואָרפן, אמאי ער האָט גערעכט געגעבן דיביידע בעלי דינים, וואָס זיינען געקומען זיך לאָדן פאַר אים — אַלע גערעכט.

מ״ג

און וואָס אַנבאַלאַנגט די ציטירטע גדולים אַליין — איז כבודם במקומם מונח ועפר אני תחת כפות רגליהם. דאָס אָבער, וואָס זיי זאָגן וועגן דעם דאָזיקן עניין, וואָס ווערט פון אונז באַהאַנדלט, קען פון אונדז ניט אָנגענומען ווערן. דער „ערוך השולחן״, לויט ווי הרב שאַפּירא ציטירט אים, זאָגט: „בנזקי אדם חייב, מפני שאין דרכו של אדם להתבונן בדרכים״. „אבל דבר נזק המביא לידי מיתה, פשיטא, שכל מין אדם נזהר מזה״. וואָס פאַר אַ לאָגישן אינהאַלט אָבער קען מען אַריינלעגן אין דער דאָזיקער דערקלערונג, ווען איןביידע פּעלע האַנדלט זיך ניט וועגן אַ באַוואוסטזיניקער נפילה. אוואו איז דאָ דער מאָטיוו פאַר דעם, מיר זאָלן קענען זאָגן, אַז ווען ער — דער נופל — ווערט נאָר געניזוקט, באַדאַרפן מיר באַשטראָפן דעם בעל הבור. וואָרום מען קען דאָס אַריינפאַלן זיינס אין גרוב צו זיין אייגענער נאַכלעסיקייט ניט צושרייבן, ווייל עס איז ניט דער שטייגער פון מענטשן, זיי זאָלן מתבונן בדרכים זיין. ווען ער ווערט אָבער גע־הרגעט, שרייבן מיר שוין צו יאָ די נפילה צו זיין אייגענער נאַכלעסיקייט, זאָגן מיר שוין, אַז „דרכו של אדם איז יאָ להתבונן בדרכים״. אין די ביידע פעלע האַנדלט זיך דאָך וועגן אַ קרבן, וואָס בשעת ער איז אַריינ־געפאַלן אין גרוב, האָט ער קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן דעם, וואָס עס קען טרעפן מיט אים, אַז אַ סכנה לויערט אויף אים איבער דעם וועג. טאָ וואו איז דאָ פאַראַן פּלאַץ פאַר מאַכן אַן אונטערשייד צווישן אַ נפילה, וואָס האָט לידי מיתה געבראַכט, און אַ נפילה, וואָס האָט נאָר לידי היזק גופו של הנופל געבראַכט.

זייער ניט אין אָרדנונג זיינען אויך די אַלע באַהויפּטונגען, וואָס ווערן געבראַכט אין דער ציטירטער פון הרב שאַפּירא דערקלערונג — פון רבי שמחה מאיר. זיי זיינען מיניה וביה מיט סתירות פול. מיט דער דאָזיקער דערקלערונג קען מען ווייט ניט פאַרפאָרן. אין קיין איין פונקט אפילו פון דעם גאַנצן הלכה געוועב אַרום דעם עניין פון נפילה לבור קען מען ניט די ווירקזאַמקייט פון דער דערקלערונג, וועגן וועלכער מיר רעדן, קאָנסטאַטירן, ווען זי ווערט גענומען אין דער אויסטייטשונג, אין וועלכער זי מוז גענומען ווערן, ווייל זי איז די איינציקע מעגלעכע אויסטייטשונג, וואָס קען איר געגעבן ווערן,

אין דער אויסטייטשונג, אַז מיר מוזן מאַכן אַן אונטערשייד צווישן אדם און שור ביי דעם עניין פון אַ נפילה לבור דערפאַר, וואָס, ווייל אַ מענטש איז אַ בר דעת, וואָלט ער געוועז געקענט אָפּגעהיט ווערן פון דעם אומגליק, וואָס האָט אים געטראָפן. ווארום ווייל ער איז אַ בר דעת איז ער אַ מתבונן בדרכו, ווען ער גייט, כדי ער זאָל ניט געטראָפן ווערן פון אַ מעגלעכער געפאַר, וואָס געפינט זיך איבערן וועג, איבער וועלכן ער גייט, דאַן, ווען אַ בעל חי, ווייל ער איז ניט קיין בר דעת, גייט סתם אין דער וועלט אַריין, ניט טראַכטענדיג כלל וועגן די געפאַרן, וואָס לויערן, מעגלעך, אויף אים איבער דעם גאַנצן וועג זיינעם. ווארום, זייענדיק ניט קיין בר דעת, איז ער גאָר ניט פעאיק אויף אַזאַ טראַכטן.

וואָרום לויט איר נאָך — לויט דער דאָזיקער דערקלערונג — וואָלט, ראשית, ניט מעגלעך געוועזן צו מאַכן דעם אונטערשייד בנוגע דעם עניין פון באַשטראָפן דעם בעל הבור צווישן אַ בור שיש בו כדי להמית און צווישן אַ בור שאין בו כדי להמית. ווי באַלד מיר זאָגן, אַז „אין דרכו של אדם להתבונן בדרכים״, טאָ וואָס פאַר אַ זין האָט עס צוזוגעבן, ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ דרך, איבער וועלכן עס געפינט זיך אַ בור, וואָס מען קען פון אַריינפאַלן אין אים נאָר געניזוקט ווערן, אָבער ניט געהרגעט ווערן. ווען דער בור איז אָבער אַזאַ, וואָס פון אַריינפאַלן אין אים קען מען אויך געהרגעט ווערן, דאַן זאָגן מיר שוין ניט, אין אַ פאַל, ווען איינער איז אין אים אַריינגעפאַלן, און איז פון דער נפילה טאַקע אויך געהרגעט געוואָרן: „אין דרכם של בני אדם להתבונן בדרכים״. אַ מאָדנע איבערנאַטירלעכע טבע שרייבן מיר צו אויף אַזאַ אופן דעם מענטשן. עס קומט אויס, אַז ווען אַ מענטש לאָזט זיך אַרויס אין וועג אַריין, ווערט ער פון אַזאַ אינטואיציע פאַרכאַפּט, וואָס אָפּהענגיג פון דעם, צי עס געפינט זיך יאָ אָדער ניט אַ תקלה, וואָס קען מיט אַ לעבנס געפאַר פאַרן מענטשן זיך פאַרענדיקן, מאַכט זי אים דאַן יאָ אָדער ניט פאַר אַ מתבונן בדרכים.

עס איז קלאָר, אַז לויט דער דאָזיקער דערקלערונג מוז אויסקו־מען, אַז ער פאַרמאָגט דער מענטש אַ מאָדנעם איבערנאַטירלעכן דעת, וואָס מאַכט אים פעאיק פון דער געפאַר פון אַ בור שיש בו עשרה

טפחים זיך יאָ אויסצוהיטן, אָבער פון דער געפאַר פון אַ בור שיש בו רק ט' טפחים זיך ניט קענען אויסהיטן.

עס איז קלאָר, אַלזאָ, אַז ווען די דאָזיקע בר דעת דערקלערונג, אין צענטער פון וועלכער עס שטייט דער פרינציפּ פון יאָ קענען אָדער ניט קענען באַטראַכטן דעם געליטענעם אַלס בר דעת, וואָלט געווען אַ ריכטיקע, וואָלט מען ביי נפילת אדם לבור באַדאַרפט באַפרייען דעם בעל הבור אויך ווען עס האַנדלט זיך אפילו וועגן אַ בור שאין בו כדי להמית, טראָץ דעם, וואָס דאָ האַנדלט זיך נאָר וועגן אַזוינע תשלומי ממון, וואָס ווערן פאַר דעם היזק גופו של אדם אויפגעמאָנט. ווען מיר פירן זיך אָבער ניט אַזוי, איז דאָס אַ סימן, אַז די דערקלערונג איז קיין דערקלערונג ניט. עס מוז זיין אַן אַנדער דערקלערונג פאַר דעם, וואָס מיר לעגן ניט אַרויף קיין געלט שטראָף אויף דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון אַ נפילת בור שיש בו כדי להמית.

און נאָך דעם דאָזיקן דורכפאַל קומט באַלד אַ צווייטער דורכפאַל.

זאָל שוין זיין, אַז עס איז לאָגיש, מיר זאָלן מאַכן דאָס באַפרייען פון בעל הבור פון אחריות אָפּהענגיג פון דעם, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ תקלה, וואָס מען קען דורך איר דאָס גאַנצע ביסל לעבן פאַרלירן, אָדער מען קען אָפּקומען מיט דעם, וואָס מען זאָל נאָר פון אַ פאַר הענט אָדער אַ פאַר פיס פטור ווערן. ווי אַזוי אָבער שטימט מיט דער דאָזיקער דערקלערונג דאָס, וואָס מיר נעמען ניט אַמאָל אַראָפּ די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון בעל הבור אויך דאַן, ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַ בור שיש בו כדי להמית, דאָס, וואָס מיר מאַכן אַן אונטערשייד בנוגע דעם דאָזיקן פונקט צווישן אַ נפילה לבור שיש בו כדי להמית, וואָס האָט געבראַכט לידי מיתה, און צווישן אַ נפילה, וואָס האָט נאָר לידי היזק גופו של הנופל געבראַכט. איז דען מעגלעך צוצושרייבן דעם מענטשן אויך אָט אַזאַ מאָדנע אינטואיציע, וואָס דיקטירט אים צו זיין אַ מתבונן בדרכו גייענדיק, ווען עס געפינט זיך איבער דעם וועג, איבער וועלכן ער גייט אַ תקלת בור שיש בה כדי להמית, נאָר דאַן, ווען, אַז ער וועט אויב ער וועט אין איר אַריינפאַלן, וועט דער רעזולטאַט פון דער נפילה פאַר אים מיתה זיין, אָבער ניט דאַן, ווען ער וועט נאָר מיט היזק גופו אָפּקומען? עס איז דאָך קלאָר, אַז, לכל הפחות, ד״ו וואָלט אין ביידע פעלע: אין פאַל, ווען דער נופל ווערט

דערהרגעט, ווי אין פאַל, ווען ער ווערט נאָר געניזוקט — דער מאָ־טיוו, אַז דער מענטש איז אַ בר דעת באַדאַרפט זיך אַרויסווייזן אַלס גענוג ווירקזאַם, מען זאָל דעם בעל הבור פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט באַפרייען.

און דער רעזולטאַט איז ווידעראַמאָל דאָס אייגענע. עס מוז אַפּנים זיין אַן אַנדער דערקלערונג פאַר דעם, וואָס מיר זיינען ניט מחייב דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור וואָס האָט אים לידי מיתה געבראַכט.

און טאָמער איז דאָס אַלעס נאָך ניט גענוג — טאָ נאָט אייך נאָך אַ טענה.

אויב דער איינציקער מעגלעכער מאָטיוו פאַר קענען מאַכן אַן אונטערשייד בנוגע דעם פסק הלכה, וואָס מיר באַדאַרפן אַרויסטראָגן צווישן אַ נפילה פון אַ שור און אַ נפילה פון אַ מענטשן ביי אַ בור שיש בו כדי להמית, איז נאָר דאָס, וואָס דער מענטש קען זיך היטן, דאַן, ווען די בהמה, ווייל זי איז ניט קיין בר דעת, קען דאָס ניט טאָן — טאָ פאַר וואָס זאָלן מיר ביי דער נפילה פון אַ בהמה מאַכן אַן אונ־טערשייד צווישן אַ פקחית און שאינה פקחית? פאַר וואָס באַפרייען מיר ניט אויך אין אַ פאַל פון פקחית דעם בעל הבור? מיר באַ־פרייען דאָך דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת אדם נאָר דערפאַר, ווי דער מאָטיוו באַהויפטעט, וואָס אין קעגנזאַץ צו אַ בהמה, וואָס קען אויף זיך ניט אַכטונג געבן, גייענדיק, קען דער מענטש דאָס יאָ טאָן. ווי באַלד אָבער, אַז ביי אַ בהמה פקחית באַפרייען מיר דעם בעל הבור, קומט דאָך שוין אויס, אַז עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידן וועגן דעם, אַז ביי נפילת אדם, שהביאה אותו לידי מיתה, איז דער גורם דערפון, וואָס מיר באַפרייען דעם בעל הבור, דאָס, וואָס דער מענטש איז אַ בר דעת, דאַן, ווען די בהמה קען ניט באַטראַכט ווערן אַלס בר דעת. ווארום לויט דעם פסק הלכה, וואָס מיר טראָגן אַרויס בנוגע א בהמה, קומט אויס, אַז מיר האַלטן, אַז עס עקזיסטירט גאָר ניט אַזאַ אונטערשייד פון קענען יאָ אָדער ניט אויסמיידן אַ געפאַר, אויף וועלכער זיי קענען זיך אָנשלאָגן גייענדיק. וואָרום פונקט ווי ביי נפילת אדם לבור זאָגן מיר, אַז ער איז אַליין שולדיק אין דער נפילה זיינער, אָט אַזוי אויך אין פאַל פון נפילה לבור פון אַ בהמה פקחית זאָגן מיר, אַז זי איז אַליין איז אין דער נפילה אירער שולדיק. מיר

טוען דאָ אַ זאַך, וואָס מיר וואָלטן בשום אופן ניט געקענט טאָן, ווען מיר וואָלטן בלייבן שטיין אויף דעם באָדן פון מאָטיוו, מיט וועלכן מיר האָבן אָט ערשט דערקלערט דעם פּטור אין פאַל פון נפילת אדם לידי בור, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס דער מענטש איז אַ בר דעת. ווארום אויב מיר באַפרייען דעם בעל הבור אויך אין אַ פאַל פון אַ בהמה פקחית, מוז דאָך זיין, אַז אויך אַ בהמה פקחית האַלטן מיר פאַר אַ בר דעת, וואָס אַנבאַלאַנגט קענען אַכטונג געבן אויף זיך בשעת זי גייט.

אָט ערשט איז נעביך אַ צער בעלי חיים געוועזן אויף איר פּאַר דער הילפלאָזיקייט, וואָס מיר האָבן איר צוגעשריבן בנוגע דעם עניין פון קענען זיך אויסהיטן פון אין אַ בור אַריינצופאַלן און מיר זיינען גרייט געוועזן צו לערנען בלק מיט דעם בעל הבור, וואָס האָט באַ־דאַרפט באַטראַכט ווערן, ווי דער מלאך המות אירער, און פּלוצלינג אין סאַמע מיטן קאָך אין אונזער האַרצען פון דעם געמישטן שטאַרקען געפיל פון רחמנות אויף דער הילפלאָזער בהמה נעביך פון איין זייט און כעס און צאָרן אויף דעם בעל הבור פון דער צווייטער זייט, האָבען מיר זיך אַרומגעזען, אַז מיר האָבן אַ טעות געמאַכט, אַז אין אמתן איז זי ניט קיין קלענערער בריה, ווי דער מענטש איז, אין דער דאָזיקער הינזיכט, אַז עס איז אייגנטלעך ניטאָ פאַר וואָס צו לערנען בלק מיט דעם בעל הבור, אַז אין ביידע נפילה פעלע: צי דער נופל איז אַ מענטש, צי ער איז אַ בהמה דאַרף דער פסק דין אונדזערער דער זעל־בער זיין: אין ביידע פעלע מוזן מיר דעם בעל הבור באַפרייען.

אמת, אין אַ פאַל פון נפילת בהמה שאינה פקחית זיינען מיר אין קעגנ־זאַץ צו דעם פאַל, ווען די בהמה איז אַ פקחית דעם בעל הבור יאָ מחייב, דאַן, ווען ביי נפילת אדם מאַכן מיר ניט קיין אונטערשייד, צי דער נופל איז יאָ אַ פקח אָדער ניט, אַזוי, אַז עס קומט אויס, אַז להלכה איז שוין יאָ פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן דער נפילה פון אַ מענטשן און דער נפילה פון אַ בהמה. אויך אָט דער פאַקט אָבער קען אונדז נאָר אַלס ראיה לסתור דינען, ניט אָבער אַלס ראיה לבנות. די קשיא, וואָס מיר האָבן געפרעגט קען דורך דעם ניט נאָר ניט פאַרענטפערט ווערן, נאָר נאָך מער האַרבער ווערן. וואָרום דאָ קערן מיר זיך אום צו דער פראַגע, וואָס מיר האָבן אויסגעלאָזט פריער, ווען מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די דינים פון נפילה לבור בנוגע אַ מענטשן. אויסער

אָט יענע אַלע קשיות, וואָס מיר האָבן פריער געפרעגט, קומט נאָך איצט צו די פאָלגענדע קשיא.

ווי באַלד, אַז אונדזער פסק דין, דער פסק דין פון חייב, און פטור אין דעם אָדער יענעם פאַל פון נפילה לבור דאַרף אָפּהענגיק זיין פון דעם, צי מען קען צושרייבן צו דעם קרבן די פעאיקייט אויסצוהיטן זיך פון אַ סכנה גייענדיק, טאָ פאַר וואָס מאַכט מען קיין אונטערשייד ניט צווישן אַן אדם פקח און אַן אדם שאינו פקח? פאַר וואָס באַפרייט מען דעם בעל הבור ביי נפילת אדם לבור, שהביאה לידי מיתה, אויך דאַן, ווען דער נופל איז אַ קינד, אָדער אַ בלינדער, וואָס זיי קענען זיך געוויס ניט אויסהיטן פון אַ תקלה, אויף וועלכער זיי קענען זיך אָנשטויסן איבער דעם וועג, וואָס זיי גייען. וואָס מיר זאָלן ניט דענקען וועגן דעם, צי אַ נפילת בהמה פקחית דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ פאַל פון נפילת אדם בנוגע דעם, מיר זאָלן דערקלערן שולדיק אָדער ניט שולדיק דעם בעל הבור, איז דאָך דאָס זיכער, אַז אין צו־זאַמענהאַנג מיט דעם אַרויסגעשטעלטן פרינציפּ פון יאָ אָדער ניט באַזיצן די פעאיקייט צו באַמערקן די געפאַרן, וואָס געפינען זיך אין גאַס, מוז דער פאַל פון אַ נפילה לבור פון אַ בלינדן אין דער זעלבער קאַטעגאָריע, אין וועלכער דער נפילה פאַל פון אַ בהמה שאינה פקחית געפינט זיך, געשטעלט ווערן. צו דער קשייא, אלזא: פאַר וואָס מיר זיינען ניט מחייב דעם בעל הבור אין אַ נפילה פאַל פון אַ בהמה פקחית ווי מיר זיינען אים מחייב אין אַ נפילה פאַל פון אַ בהמה שאינה פקחית, קומט נאָך צו די קשיא: פאַר וואָס זאָל די נפילת אדם שאינו פקח לבור גלייך זיין ביי אונדז צו דער נפילה פון אַ פקח? פאַר וואָס זאָלן מיר אין אַזאַ פאַל באַטראַכטן דעם בעל הבור אַלס אומ־שולדיק.

מ״ד

מיט איינעם וואָרט: די אַלע אונטערשיידן צווישן איין נפילה פאַל און אַ צווייטן, וואָס וואָלטן באַדאַרפט לדינא עקזיסטירן אַלס פועל יוצא פון דעם, וואָס מיר מאַכן אָפּהענגיק, אונדזער ווערדיקט פון דעם, צי דער קרבן אין דעם אָדער אין יענעם נפילה פאַל קען באַ־טראַכט ווערן אַלס אַזעלכער, וואָס קען זיך פון אַ תקלה אויסהיטן, אָדער ניט — זעען זיך גאָר אינגאַנצן ניט אָן אין די פסקי הלכה וואָס

מיר טראָגן אַרויס אין די פאַרשיידענע נפילה פאַלן. זיי — די דאָזיקע פסקי הלכה געפינען זיך אין אונקאָמפּראָמיסלעכן קאָנפליקט מיט דעם דאָזיקן פרינציפ. וואָס דאָס מיינט אויך, אַז ניט נאָר זיינען מיר פטור געוואָרן פון אָט יענע אַלע אונטערשיידן, וואָס וואָלטן באַדאַרפט עק־זיסטירן צווישן איין נפילה פאַל און אַ צווייטן, נאָר מיר זיינען אויך פטור געוואָרן פון דער עצם באַהויפּטונג, וואָס אויף איר האָבן מיר געבויט די דערקלערונג, פאַר וואָס מיר מאַכן אַן אונטערשייד צווישן נפילת אדם און נפילת בהמה, די באַהויפּטונג, אַז אַ מענטש קען זיך אויס־היטן פון אַזאַ לויערענדער סכנה, ווי אַ בור איז, און אַ בהמה איז ניט פעאיק דערויף.

פאַרשרייבנדיק אויף אַ דעטאַליזירטן אופן די אַלע דינים, וואָס האָבן מיט נפילת אדם צו טאָן, האָבן מיר אָט יענע באַהויפּטונג פאַרלאָרן. לויט די דאָזיקע אַלע דינים קומט אויס אַז בנוגע אָט דעם פּונקט פון קענען אויסהיטן זיך פון אַ לויערענדער סכנה, איז די בהמה פּונקט אַזאַ בריה, אָדער פּונקט אַזאַ שלימזל, ווי דער מענטש איז. דער איינ־ציקער פאַל, וואָס אין ווערדיקט, וואָס מיר געבן אין אים אַרויס ווערט רעפלעקטירט אונדזער גלויבן אין דער העכערשטעליקייט פון אַ בהמה אין דער הינזיכט לגבי אַ מענטשן, איז דער פאַל פון מיתת בהמה שאינה פקחית דורך אַ נפילה לבור, שיש בו כדי להמית, וואו מיר האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל הבור, דאַן, ווען ביי אַזאַ פאַל פון נפילת אדם שאינו פקח באַפרייען מיר דעם בעל הבור פון פאַראַנט־וואָרטלעכקייט. דאָס הייסט — גראדע אין אַזאַ פאַל, וואו ער וואָלט זיך ניט באַדאַרפט רעפלעקטירן אין אנקלאנג מיט דער מאָטיווירונג פאַר דעם, וואָס מיר באַפרייען דעם מענטשן, וואָס איז אַ בר דעת, אַז ווייל ער איז אַ בר דעת קען ער זיך אויסהיטן פון אַ תקלה, וואָס געפינט זיך אויפן וועג, איבער וועלכן ער גייט. אין אנקלאַנג מיט דער דאָזיקער מאָטיווירונג, וועלכע קען אַנגעווענדעט ווערן נאָר דאַן, ווען עס האַנ־דעלט זיך וועגן אַ נפילת אדם פקח.

מיר מאַכן אַן אונטערשייד לדינא מחמת אָט דער צוגעשריבענער דורך אונדז העכערער פעאיקייט צום מענטשן אויסצוהיטן זיך פון אַ סכנה גראדע אין אַזאַ פאַל פון נפילה, וואָס אין אמתן איז אין אים מחמת דעם דאָזיקן מאָטיוו קיין מעגלעכקייט ניט פאַראַן צו מאַכן אַזאַ אונטערשייד צווישן נפילת אדם און נפילת בהמה.

פונקט ווי עס איז שווער אין האַרמאָניע צו ברענגען אונדזער פסק דין בנוגע אַ בהמה פקחית, שנפלה לבור מיט דער באַהויפּטונג, וואָס מיר מאַכן, אַז ביי נפילת אדם מוזן מיר דעם בעל הבור באַפרייען דערפאַר, וואָס, ווייל דער נופל איז אַ בר דעת, קען ער זיך פון אַ סכנה אויסהיטן — מחמת דעם, וואָס די דאָזיקע באַהויפּטונג מוז מיינען, אַז ביי אַ בהמה אָבער, ווען זי איז אַפילו אַ פקחית, קענען מיר ניט זאָגן, אַז זי קען זיך אויסהיטן פון אַ נפילה לבור.

וואָרום, צי מיר קענען אויסטייטשן דעם שור ולא אדם, אַז ער מוז אין זיך אויך פאַר אַן אדם שאינו פקח אַ מיעוט ענטהאַלטן, צי ניט, איז דאָך דאָס אָבער זיכער, אַז אַן אדם פקח איז ער אַלענפאַלס ממעט, אַזוי, אַז פון דעם מיעוט אדם פקח מוז אומבאַדינגט אַ חיוב פאַר אַ בהמה פקחית אַרויסגעדרונגען ווערן. וואָרום אויב ניט, אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער מיעוט אדם באַציט זיך נאָר אויף אדם שאינו פקח, וואָרום אויף אַן אדם פקח דאַרפן מיר גאָר קיין מיעוט ניט האָבן. וואָרום פון לכתחילה אָן מוז דער שור פון דער תורה נאָר אַ שאינו פקח מיינען, וואָלט דאָך פון אָנהויב אָן גאָר ניט מעגלעך געווען פאַר אונדז צו מאָטיווירן דעם אונטערשייד, וואָס מיר מאַכן צווישן אַ נפילה לבור פון אַ שור און צווישן אַזאַ נפילה פון אַ מענטשן מיט דעם מאָטיוו, וואָס די דערקלערונג, וועגן וועלכער מיר רעדן, גיט אָן, נאָר מיר וואָלטן אים דאַן מוזן דערקלערן מיט דעם עניין פון גזירת הכתוב אָדער זוכן צו געפינען אַ מער פאַסיקן מאָטיוו פאַר אים.

פונקט, אַלזאָ, ווי עס איז שווער צו ברענגען אין האַרמאָניע אָט יענעם פסק דין אונדזערן וועגן אַ בהמה פקחית שנפלה לבור מיט אָט יענער באַהויפּטונג, אָט אַזוי איז אויך שווער צו ברענגען אין האַרמאָ־ניע מיט אָט יענער באַהויפּטונג דעם פסק דין אונדזערן וועגן נפילת אדם שאינו פקח.

מען קען זיך ניט העלפן.. אויב מיר ווילן זיין אויסגעהאַלטן, אויב מיר ווילן זיך ניט אין ווידערשפּרוכן פאַרפּלאָנטערן, מוזן מיר, ווען מיר ווילן זיך האַלטן אין יענער באַהויפּטונג: פון איין זייט, אין אַ פאַל פון נפילת בור פון אַן אדם שאינו פקח דעם ווערדיקט שולדיק אויף דעם בעל הבור אַרויסטראָגן. און פון דער צווייטער זייט מוזן מיר דאָס זעלבע טאָן אויך אין אַ פאַל פון נפילת בהמה, ווען זי איז אפילו אַ פקחית ; ניט נאָר ווען זי איז אַ שאינה פקחית.

מיט איינעם וואָרט די דערקלערונג איז גאָר קיין דערקלערונג ניט: ניט בנוגע אַ מענטשן און ניט בנוגע אַ בהמה. איןביידע פעלע הינקט זי שטאַרק הינטער.

לויט דער דערקלערונג וואָלט מען ביי אַ פאַל פון נפילה לבור, שאין בו עומק של י׳ טפחים, באַדאַרפט באַפרייען דעם בעל הבור, ווען דער נופל איז אַן אדם פקח, סיי ווען ער ווערט געניזוקט, סיי ווען ער ווערט געהרגעט. צום סוף איז מען אין אַ פאַל פון געניזוקט ווערן גאָר מחייב דעם בעל הבור אין אַ נפילה אין אַזאַ בור. אין אַ פאַל, ווידער, פון נפילת אדם, שיש בו י׳ טפחים, שהביאה לידי מיתה, וואָלט מען ביי אַ סומא און קטנים באַדאַרפט דעם בעל הבור מחייב זיין. צום סוף איז מען אים גאָר מחייב. ביי אַ נפילה ווידער אין אַזאַ בור, שהביאה לידי היזק גופו של הנופל, וואָלטן מיר דעם בעל הבור באַדאַרפט באַ־פרייען, אויב דער נופל איז אַ פקח. צום סוף איז מען אים מחייב. אין אַזאַ נפילה לבור ווידער, אויב דער נופל איז אַ בהמה, וואָלט מען דעם בעל הבור באַדאַרפט מחייב זיין אפילו, ווען די בהמה איז אַ פקחית, און די נפילה אירע איז פאָרגעקומען בייטאָג, סיי ווען זי איז געהרגעט געוואָרן, סיי ווען זי איז נאָר געניזוקט געוואָרן. צום סוף אָבער באַפרייט מען גאָר דעם בעל הבור — אין די ביידע פעלע, לויט דעם ראב״ד און אַנדערע, און אויך לויט דעם רמב״ם איז מען מחייב דעם בעל הבור נאָר אין פאַל, ווען די נפילה האָט נאָר לידי היזק גופו של הנופלת גע־בראַכט..

## מ״ה

און מערקווירדיק — פון דעם, וואָס דער גאון שרייבט באַלד נאָך אָט דער שטעלע, אויף וועלכער מיר האָבן זיך ביז איצט אָפּגעשטעלט, זעט מען, אַז אים אַליין איז די דאָזיקע דערקלערונג ניט זייער שטאַרק געפעלן געווען, אַז אויך ער אַליין האָט געפילט, וואָס פאַר אַ שווערע קשיות זי מוז קעגן זיך אַרויסרופן. נאָך דער פריערדיקער געבראַכטער פון אונדז ציטאַטע קומט באַלד די פאָלגענדע שטעלע, וואָס טראָץ דעם, וואָס זי איז געשריבן אויף אַן אופן — די גאַנצע סוגיא דאָרטן איז געשריבן אויף אַ זייער ניט קלאָרן, נאַכלעסיקן אופן, אַזוי, אַז עס איז זייער שווער צו דערזען, ווי געעריק, דעם ריכטיקן מיין פון דעם, וואָס ער וויל זאָגן — ווי זי וואָלט געווען אַ המשך פון דעם, וואָס ער זאָגט

פריער, ווי עס וואָלט אין איר גאָר ניט געווען אַזוינס, וואָס וואָלט געקענט שעדיקן די דערקלערונג, וואָס ער דערלעגט ביז איצט,„ איז זי אין אמתן כלל ניט קיין המשך פון דער פריערדיקער דערקלערונג, נאָר זי ענטהאַלט אין זיך אַ גאַנץ נייע דערקלערונג, וואָס איז געבויט אויף אימפליצירטע באַהויפּטונגען, וואָס זיינען ממש דער היפוך פון די פרי־ערדיקע באַהויפּטונגען, וואָס זיינען פון אים אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער ערשטער דערקלערונג.

נאָכדעם, וואָס ער שרייבט, אַז מצד הסברא געפעלט אים בעסער די שיטה פון ירושלמי, לויט וועלכן עס קומט אויס, אַז ווען אפילו די נפילת אדם לבור, שיש בו י׳ טפחים האָט נאָר לידי היזק גופו של הנופל געבראַכט, דאַרף מען באַפרייען דעם בעל הבור, שרייבט ער, אַז דאָס, וואָס ביי אַ בור של ט׳ טפחים זיינען מיר מחייב דעם בעל הבור, איז דערפאַר וואָס ווייל אַ בור, וואָס איז ניט טיף איז „לית ליה קלא״, מען ווייסט ניט, הייסט עס, וועגן דעם, דעריבער קען מען ניט האָבן קיין טענות צום נופל, אמאי ער איז ניט פאָרזיכטיג געווען. ווארום ווייל ער האָט ניט געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַ גרוב אין שטאָט, האָט ער זיך ניט געהיט גייענדיק. אַנדערש איז אָבער, ווען עס איז פאַראַן י׳ טפחים אין גרוב. וועגן אַזאַ גרוב טראָגן זיך אַרום קלאַנגען אין שטאָט, אַז אויף דעם אָרט געפינט זיך אַ גרוב. ער וואָלט זיך דעריבער געווען באַדאַרפט היטן. ער וואָלט געווען באַדאַרפט זיין פאָרזיכטיק.

ווי דער לעזער קען זען דאָ, ווערט שוין דורך דעם אַלעם פאַר־וואָרפן די דערקלערונג, וואָס ער האָט אָט ערשט געגעבן, אַז דערפאַר זיינען מיר ניט מחייב דעם בעל הבור ביי נפילת אדם לבור, שהביאה לידי מיתה, ווייל מיר זאָגען, אַז אַ מענטש, ווייל ער איז אַ בעל דעת, האָט ער זיך מבור, שיש בו כדי להמית, געקענט אויסהיטן. וואָרום פון דעם, וואָס ער זאָגט אין דעם, וואָס מיר האָבן צולעצט ציטירט, אַז דאָס, וואָס מיר באַפרייען דעם בעל הבור, איז דערפאַר, וואָס מיר זאָגן, אַז ווייל ער האָט געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אין יענעם פלאַץ אַ גרוב, וואָלט ער זיך געווען באַדאַרפט געווען היטן, ווי אויך פון דעם, וואָס ער זאָגט, אַז ביי אַ בור, וואָס איז פחות מי׳ טפחים, זיינען מיר מחייב דעם בעל הבור, ווייל היות עס איז זיין אויפמערקזאַמקייט ניט צו־געצויגן געוואָרן, אַז עס איז דאָרטן, וואו ער איז געגאַנגען, אַ גרוב

פאַראַן, ווייל ער האָט ניט געוואוסט דערפון, האַלטן מיר אים ניט פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דער נפילה, מוז דאָך שוין אומבאַדינגט אויסקו־מען, אַז מיר זאָגן ניט אויף אַ מענטשן, אַז ווייל ער איז אַ בר דעת איז דרכו להתבונן בדרכים, נאָר פאַרקערט: מיר זאָגן דווקא, אַז אין דרכו של אדם להתבונן בדרכים.

פון דער צווייטער זייט, ווידער, דאַרף שוין אויסקומען, אַז אויף וויפיל מען קען, בכלל ריידן, וועגן דער פעאיקייט אַכטונג צו געבן אויף זיך גייענדיק אין צוזאַמענהאַנג מיט פאַלען פון נפילה לבור, איז דאָס נאָר דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נפילה פון בעלי חיים — פון אַ בהמה פקחית. אין אַ בור שיש בו י׳ טפחים באַפרייען מיר דעם בעל הבור טראָץ דעם, וואָס עס האַנדלט זיך ניט וועגן אַ נופל אַ בר דעת, מחמת דעם מאָטיוו פון בעי לעיוני, ווערענד, ווען דער נופל איז אַ בר דעת, באַפרייען מיר אים נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרנאַכלע־סיקט די וואַרנונג, וואָס איז אים, ווי אַלע אַנדערע אין שטאָט, געגעבן געוואָרן, אַז מען דאַרף אין יענעם געוויסן אָרט פאָרזיכטיק זיין, אַכ־טונג געבן, מען זאָל אין דעם גרוב, וואָס געפינט זיך דאָרטן ניט אַריינפאַלן. וואָרום זאָגן, אַז אין אמתן האַלטן מיר אַז אַפילו אַ בהמה איז, ווייל זי איז ניט קיין בר דעת, ניט קיין מתבוננת בדרכים, און אויב מיר באַפרייען דעם בעל הבור אין דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן, טוען מיר דאָס נאָר דערפאַר, וואָס מיר זאָגן, אַז ווייל ער האָט געוואוסט, אַז דאָרטן איז אַ גרוב פאַראַן, וואָלט ער איר ניט געוועזן באַדאַרפט אַרויסלאָזן אין גאַס — דאָס זאָגן קענען מיר ניט. וואָרום אויב אַזוי, פאַר וואָס מאַכן מיר אַ חילוק צווישן אַ פקחית און אַ שאינה פקחית און צווישן אַ פקחית ביום און בלילה. פאַרקערט, דאָ וואָלטן מיר נאָך מער באַדאַרפט און געקענט קומען מיט דער טענה, אַז ער וואָלט ניט באַדאַרפט געוועזן זי לאָזן גיין אין גאַס אַליין אָט אין יענעם אָרט, אין וועלכן די גרוב האָט זיך געפונען.

סיי ווי אָבער, וואָס אנבאלאנגט תכלית, אויף ווי ווייט עס זאָלן קענען אין דער ריכטיקער אָרדענונג געבראַכט ווערן די אַלע דינים, וואָס מיר האָבן אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַלערליי נפילות לבור, קען אויך די דאָזיקע דערקלערונג ניט די גאַנצע ישועה ברענגען. אייניקע קשיות פון די, מיט וועלכע מיר האָבן אָפּגעפרעגט די פריערדיקע דער־קלערונג פאַלן, אמת, איצט אַראָפּ. אייניקע בלייבן אָבער.

ראשית כול איז שווער אין האַרמאָניע צו ברענגען די צוויי פאַל־גענדע דינים: דעם דין פון דער נפילה פון אַן אדם שאינו פקח לבור, וואָס אין אַזאַ פאַל באַפרייען מיר דעם בעל הבור פונקט, ווי אין אַ פאַל פון אַ נפילת אדם פקח, און דעם דין וועגן נפילת בהמה שאינה פקחית ביום אָדער אַפילו פקחית בלילה, וואָס דאָ באַפרייען מיר שוין ניט דעם בעל הבור. ווארום דער אמת איז דאָך, אַז אין דיביידע פעלע וואָלטן מיר אויף איין און דעם זעלבן אופן דעם דין באַדאַרפט פסקענען. דער איינציקער מאָטיוו פאַר דעם, וואָס מיר מאַכן קיין אונטערשייד ניט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן נפילת אדם לבור צווישן אַ פקח און אַ שאינו פקח, מוז דאָך זיין נאָר דאָס, וואָס ווייל דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ בור דאית ליה קלא, זאָגן מיר, אַז פונקט, ווי עס איז אַ פליכט געלעגן אויף דעם נופל אַכטונג צו געבן, אַז עס זאָל מיט אים דורך דעם דאָזיקן בור קיין תקלה ניט טרעפן, אָט אַזוי וואָלט ער אויך געווען באַדאַרפט אַכטונג געבן בנוגע דעם אויף די קינדער זיינע. אויב אַזוי אָבער, פאַר וואָס זאָגן מיר ניט דאָס זעלבע אין דעם פאַל בנוגע אַ בהמה שאינה פקחית? פאַר וואָס זאָגן מיר ניט, אַז ער איז שולדיק אין דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן. וואָרום וויסנדיק אויף געוויס, אַז עס געפינט זיך אַ תקלה אין שטאָט, וואָלט ער די שאינה פקחית זיינע ניט געווען באַדאַרפט לאָזן אין גאַס אַריין אָן דער שמירה זיינער. דאָ האַנדלט זיך דאָך ניט וועגן אַרויפלעגן אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף דעם בעל השור צו האַלטן אונטער אַ שטענדיקער שמירה דעם שור שאינו פקח זיינעם. דאָ האַנדלט זיך דאָך וועגן אַן אויסנאַמס פאַל, וועגן אַ צייטווייליקער שמירה, וועגן האַלטן אים אונטער השגחה אין אַ גע־וויסן איינצלנעם מאָמענט. אויב מען קען פון אים — פון אייגענטימער — ניט פאָדערן, אַז ער זאָל אונטער אַ שטענדיקער שמירה זיין שור שאינו פקח האַלטן, אַז ער זאָל אים קיינמאָל ניט אין גאַס אַליין לאָזן גיין, מחמת מורא, טאָמער געפינט זיך אַ תקלה אין שטאָט, דורך וועל־כער עס וועט אויף אים אַן אומגליק קומען, קען מען דאָס אָבער יאָ פאָדערן פון אים אין אָט אַזאַ איינצלנעם פאַל, וואָס נאָר גאָר זייער זעל־טען קען ער טרעפן, אין אָט אַזאַ איינצעלנעם פאַל — אין אַ פאַל דאית ליה קלא — מיט וועלכן עס איז פאַרבונדן ניט גלאַט אַזוי אַ מורא פאַר אַ מעגלעך עקזיסטירנדער תקלה אין גאַס, וואָס קען גורם זיין אַן אומגליק דעם שור, נאָר מיט אַ מורא פאַר אַ פאַקטישער געפאַר

פון אַ תקלה, וואָס עקזיסטירט טאַקע. מען קען דאָס טאָן אי צוליב דעם טעם פון צער בעלי חיים, אי צוליב דעם טעם פון גורם זיין, כמעט, אבזיכטלעך אַ הפסד ממון דעם בעל הבור.

אויב ווען מיר נעמען אָן, אַז דעם טעם פון יאָ פסקענען אָדער ניט פסקענען לטובת דעם נופל באַוועגט זיך אַרום דעם ענין פון בעי לעיוני, קענען מיר דערלאָזן די מעגלעכקייט*) צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן אַן אדם שאינו פקח און אַ שור שאינו פקח, ווייל מחמת דעם, וואָס ביי אַ שור שאינו פקח האַנדלט זיך נאָר וועגן היזק ממון, קען מען ניט אָט אַזאַ שטרענגען פאַרבאָט פון האַלטן שטענדיק אונטער זיין שמירה דעם שור אַרויפלעגען אויף דעם בעל השור, קען מען איצט, ווען דער מאָטיוו פון באַפרייען דעם בעל הבור, אין אַ פאַל פון מיתת אדם לבור שיש בו י׳ טפחים, איז דער טעם פון „דאית ליה קלא", שוין ניט מאַכן אָט אַזאַ אונטערשייד, מחמת דעם, ווי מיר האָבן דאָס שוין דערקלערט, וואָס איצט האַנדלט זיך שוין ניט וועגן דעם, עס זאָלן ליגען אַ שטענדיקער פאַרבאָט אַרויסצולאָזן אַ שור שאינו פקח אין גאַס, ווי עס וואָלט זיך געמוזט האַנדלען אין יענעם פאַל, נאָר וועגן אַ פאַרבאָט ניט אַרויסצולאָזן אים אין אַ געוויסן איינצעלנעם פאַל, אין אַ פאַל, ווען מען ווייסט אין שטאָט, אַז עס געפינט זיך אויף אַ געוויסן אָרט אין איר אַ גרוב.

אויסער דער שוועריקייט וועגן וועלכער מיר האָבן אָט ערשט גערעדט, זיינען פאַראַן נאָך אייניקע אַנדערע שוועריקייטן. די הויפט שוועריקייט אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס ווען אַפילו מיר וואָלטן זיך פון קלעם פון אָט יענע שוועריקייטן — בכלל זיי: אויך די שוועריקייט, וועגן וועלכער מיר האָבן יאָ גערעדט — באַפרייען געקענט, וואָלט אונדז אַלץ די דאָזיקע דערקלערונג בשום אופן פון המצר ניט געקענט אַרויספירן. וואָרום דער תלמוד ירושלמי איז טאַקע תלמוד ירושלמי, מען קען אָבער אויך דעם תלמוד בבלי אויף הפקר ניט לאָזן. וואָס פאַר אַ תירוץ איז דאָס, ווען לויט דעם תלמוד בבלי, אין וועלכן מיר האַלטן זיך, ווען לויט דעם, ווי מיר פסקענען להלכה, בלייבט ער אומווירק־זאַם אינגאַנצן. להלכה פסקענען מיר ניט, אַז אויך ביי היזק גופו של

*) איך שרייב דאָס לשיטתם. אין אמתן איז אַזאַ מעגלעכקייט ניטאָ אויך אין דעם פאַל, ווי איך האָב דאָס קלאָר געמאַכט אין קאַפּיטל ל״ט און אויך אין דעם, וואָס איך האָב געשריבן דאָ ניט לאַנג צוריק.

אדם דורך אַ נפילה לבור, שיש בו כדי להמית, דאַרף דער בעל הבור באַפרייט ווערן.

און אַז מיר האַלטן ביים דאָזיקן אַרגומענט בנוגע דעם טעם פון „דאית ליה קלא", לאָמיר שוין אויך אָנווייזן דאַרויף, אַז ער קען אונדז מיט אויסגעצייכנטער דינסט פאַרזאָרגן אויך אויף צו פאַרוואַרפן דעם ערשטן טעם, דעם טעם פון „בעי לעיוני".

אַפילו נאָר אַ פּרואוו צו זוכן אַ דערקלערונג פאַר דעם, וואָס מיר באַפרייען דעם בעל הבור, ווען דער אומגעקומענער נופל איז אַ מענטש, מיט דעם בעי לעיוני מאָטיוו, וואָלט געמוזט שטוינונג אַרויסרופן ביי אונדז שוין, פּשוט, צוליב דעם אַליין, וואָס אין דער גמרא, די רייד פון וועלכער באַדאַרפן לויט זיי נאָך מיט אָט דעם טעם פאַרענטפערט ווערן, איז ניט נאָר געפינען מיר ניט קיין חיזוק פאַר אָט אַזאַ דער־קלערונג, נאָר מיר געפינען צו איר אַ בפירוש'ע געגנערשאַפט דאָרטן.

מיט אונבאַשטרייטבאַרן רעכט וואָלטן מיר געקענט קעגן זיי מיט די פאָלגענדע דברים קשים כגידים אַרויסטרעטן: שוין דאָס איינ־קשענען זיך זייערס צו באַטראַכטן דעם פּטור ביי נפילת אדם לבור, ווען דער נופל ווערט געהרגעט, פאַר אַ גוואַלדיק האַרבן ענין — שוין דאָס אַליין איז שוידערלעך אומגעלומפּערט. וואָרום די קשייא האָט אין אמתן נאָך אַלע זייערע טענות קיין שום ממשות ניט. נאָך מער אומגעלומפּערט, נאָך מער האָט קיין האפּט ניט דער ענין פון בעי לעיוני, מיט וועלכן זיי ווילן פאַרענטפערן די קשיות אויפן פּטור.

ניט דער אַלפס, ניט דער רמב"ם, ניט דער רא"ש אַפּערירן מיט דעם ענין פון „בעי לעיוני ומיזל" אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן פּטור. פּונקט ווי קיינער פון זיי שטעלט זיך ניט אָפּ מיט קשיות אים צו פאַרוואַרפן.

נאָך מער: אויב די דאָזיקע פאָרמולא ווערט פון די ראשונים און פון דער גמרא יאָ אָנגעווענדעט, איז דאָס דווקא נאָר אין פאַלען, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן בעלי חיים, ווי זיי טוען דאָס ביי מיתת שור פּקח על ידי נפילה לבור. בנוגע אַ מענטשן געפינען מיר זיי שטענדיק רעדן נאָר וועגן דעם, אַז „אין דרכם של בני אדם להתבונן בדרכים".

עס איז, ווירקלעך, צו שטוינען דערויף, וואָס זיי האָבן זיך גע־קענט דערטראַכטן צו דערקלערן דעם פּטור מיט דעם, וואָס ביי נפילת

אדם לעגן מיר אַרויף די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף דעם נופל, וואָ־
רום אין קעגנזאַץ צו אַ בהמה, ווען וועלכער מיר זאָגן ניט, אַז זי
איז אַ מתבוננת בדרכים, מחמת זי איז ניט קיין בר דעת, זאָגן מיר
ווען אַ מענטשן, וואָס איז יאָ אַ בר דעת, אַז ער איז יאָ אַ מתבונן
בדרכים, — ווען די גמרא זאָגט אונדז בפירוש, אַז ווען אַ מענטשן
זאָגן מיר ניט, אַז ער איז אַ מתבונן בדרכים, אַז ווען אויף וויפיל
זי אפּעררירט יאָ מיט דעם עניין פון „בעי לעיוני" בנוגע נפילה לבור
ענינים, פון אַ מתבונן בדרכים זיין, טוט זי דאָס בפירוש דווקא נאָר
דאָ, ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אַ נפילה פאַל פון אַ בהמה.

## מ"ו

און מערקווירדיק: דער „משך חכמה" ציטירט אַ שטעלע פון
„בבא קמא" נ"ד מיט דעם צוועק צו באַווייזן, ווי ריכטיק עס איז זיין
דערקלערונג, אַז דערפאַר באַפרייען מיר דעם בעל הבור, ווייל מיר זאָגן
„בעי לעיוני", ניט פילנדיק דערביי, אַז פון דער דאָזיקער שטעלע טאַקע,
וואָס באַדאַרף באַווייזן די ריכטיקייט פון דעם פטור מאָטיוו זיינעם, זעט
מען קלאָר, וואָס קלאָרער קען שוין גאָר ניט זיין, אַז אָט אַזאַ דער־
קלערונג, ווי ער גיט אָן, מוז אינגאַנצן פאַרוואָרפן ווערן.

די שטעלע, וואָס ער ציטירט, לייענט זיך ביי אים ווי פאָלגט:
„נפל לתוכו בן דעת פטור. מאי בן דעת? מין בן דעת — פטור"*). און

*) מיר געבן דאָ דעם גאַנצן טעקסט וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך אין פנים
— וועלכער לעזט זיך, ווי פאָלגט:

„נפל לתוכו שור חרש שוטה וקטן" — מאי שור חרש שוטה וקטן? אלימא
שור של חרש, שור של שוטה, שור של קטן — הא שור של פקח פטור? א"ר
יוחנן: שור שהוא חרש, שור שהוא שוטה, שור שהוא קטן. אמר רבי ירמיה:
לא מיבעיא קאמר. לא מיבעיא שור שהוא פקח דהוא חייב, אבל שור חרש שוטה
וקטן — אימא חרשותו גרמה לו, קטנותו גרמה לו — וליפטר. קמ"ל. אמר ליה
רב אחא לרבינא: והתנייא: נפל לתוכו בר דעת פטור — מאי לאו שור בר
דעת? אמר ליה: לא. אדם. אלא מעתה — אדם בן דעת הוא דפטור; הא
לאו בן דעת הוא דחייב? שור ולא אדם כתיב. אלא מאי בן דעת? מין בן דעת.
אמר ליה: והתנייא: נפל לתוכו שור בן דעת פטור? אלא אמר רבא: שור
והוא חרש, שור והוא שוטה, שור והוא קטן דווקא. אבל שור והוא פקח — פטור.
מאי טעמא? משום דבעי ליה עיוני ומיזל. תנייא נמי הכי: נפל לתוכו שור חרש
שוטה וקטן וסומא ומהלך בלילה חייב. פקח ומהלך ביום פטור.

איידער ער ברענגט זי שרייבט ער: „וזה מרומז ב„בבא קמא״, נ״ד. אין אָט יענער שטעלע, הייסט עס, געפינען מיר אַ רמז דערויף, אַז דער טעם פאַר דעם, וואָס מיר באַפרייען דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבורו, איז דער „בעי לעיוני״ מאָטיוו, וואָס מיר ווענדן אָן אין אַזאַ פאַל: דערפאַר, וואָס ווייל אַ מענטש איז אַ בר דעת, באַטראַכטן מיר אים אַלס אַ יודע לשמור את עצמו. די נפילה זיינע לבור דאַרף דעריבער באַטראַכט ווערן אַלס אַזאַ, וואָס ער — דער נופל — אַליין איז שולדיק אין איר.

נאָר אָבער אַ נס אַ גרויסער וואָלט געקענט מעגלעך מאַכן, מיר זאָלן קענען זען אין דער דאָזיקער שטעלע דעם קלענסטן רמז אַפילו, אַז מחמת אָט יענעם מאָטיוו זיינען מיר ניט מחייב דעם בעל הבור ביי אַ פאַל פון נפילת אדם לבור. פאַרקערט: אויב שוין יאָ רעדן וועגן רמזים, קען מען דאָ שוין מער ווי נאָר אַ רמז געפינען דערויף, אַז כלל ניט מחמת דעם דאָזיקן מאָטיוו באַפרייען מיר דעם בעל הבור. ווי אַזוי קען מען דאָס אַרויסטייטשן פון דעם בן דעת דאָ, וועלכער קומט אין דער באַגלייטונג פון באַלדיקן פירוש, אַז ניט דווקא וועגן אַן אָדם בן דעת האַנדלט זיך דאָ, נאָר וועגן יעדן אָדם — אַפילו וועגן אַזאַ, וועלכער איז ניט קיין בן דעת, אַז דערפאַר באַפרייען מיר דעם בעל הבור ביי נפילת אדם לבור, ווייל שיש בו דעת לשמור את עצמו? עס איז זיך קוים מעגלעך פאָרצושטעלן אַ גרעסערן — פון לאָגישן שטאַנדפונקט — אַבסורד, ווי אָט אַזאַ אויסטייטשונג מוז מיט זיך פאָרשטעלן. וואָס פאַר אַן אַנדער מסקנה קען מען דען אַרויסבאַקומען פון דער דאָזיקער שטעלע, אויב ניט די מסקנה, אַז דער פטור אין אַ פאַל פון נפילת אדם קען מען בשום אופן ניט מיט דעם מאָטיוו פון יודע לשמור את עצמו דערקלערן? ווען אויף דער פראַגע פון „מאי בן דעת?״ וואָלט דאָ דער ענטפער געווען — וואָס דאָס איז, אַגב, אַ זאַך, וואָס באַדאַרף אַלס אוממעגלעך באַטראַכט ווערן — „אדם שהוא בן דעת״, וואָלט דאַן די באַהויפּטונג פון גאון ניט נאָר אַ באַרעכטיקטע געווען, נאָר אַפילו אַ צו באַשיידענע אַ ביסל. וואָרים דאַן וואָלט מען ניט נאָר אַ רמז אין דער שטעלע אויף זיין בעי לעיוני דערקלערונג געקענט געפינען, נאָר טאַקע אַ זיכערע באַשטעטיקונג פאַר איר.

וואָרום ווי באַלד מיר טייטשן איין דעם בן דעת פון דער ברייתא: אדם שהוא בן דעת, וואָס דאַן מוז דאָס שוין הייסן, אַז די ברייתא מיינט

אונדז צו זאָגן, אַז אויב אַזאַ מענטש, וואָס איז ניט קיין בן דעת, פאַלט אַריין אין גרוב, איז מען דעם בעל הבור יאָ מחייב, מוז דאָך דאַן שוין במילא אויסקומען, אַז דאָס, וואָס מיר זיינען ביי אַ בן דעת ניט מחייב דעם בעל הבור, איז נאָר דערפאַר, וואָס מיר האַלטן אים — דעם נופל — פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אַריינפאַלן, מחמת דעם, וואָס מיר זאָגן, אַז ווייל ער איז אַ בר דעת האַלטן מיר, אַז ער וואָלט זיך געוועזן געקענט אויסהיטן פון דער תקלה. ווי באַלד אָבער, אַז די אויסטייטשונג פון בר דעת איז מין בן דעת — וואָס דאָס איז טאַקע די איינציקע אויס־טייטשונג, וואָס קען געגעבן ווערן דעם בן דעת פון דער ברייתא, אויב מען זאָל מוזן אָננעמען, אַז די ברייתא רעדט וועגן אַ מענטשן, ניט וועגן אַן אָקס — וואָס דאָס הייסט, אַז מיר נעמען אָן, אַז די ברייתא רעדט וועגן וואָס פאַר אַ מענטשן עס זאָל ניט זיין, סיי דער נופל איז אַן אדם שיש בו דעת און סיי אַזוינער, שאין בו דעת, מוז דאָך שוין במילא אויסקומען פונקט פאַרקערט, ווי עס וואָלט באַדאַרפט אויסקומען, ווען אָנשטאָט דער דאָזיקער אויסטייטשונג — מין בן דעת — וואָלט זיך געפינען אין דער ציטירטער שטעלע די אויסטייטשונג, וועגן וועלכער מיר האָבן פריער גערעדט. וואָרים ווי באַלד מיר זאָגן, אַז בן דעת שליסט אויך איין זיך אַן אדם שאין בו דעת קען דאָך שוין ניט אויסקומען, אַז דערפאַר באַפרייען מיר ביי נפילת אדם דעם בעל הבור, ווייל מיר זאָגן, אַז דער נופל וואָלט זיך געוועזן געקענט אויסהיטן פון דער תקלה מחמת דעם, וואָס ער איז אַ בר דעת, נאָר, אַז מיר באַפרייען אים, פשוט, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַ מענטש. ווייל נאָר דאַן, ווען דער נופל איז אַ בעל חי באַשטראָפן מיר דעם בעל הבור אָבער ניט דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן — אַזוי, אַז אין אמתן איז ניט נאָר קען מען ניט קיין ראיה געפינען אין יענער שטעלע פאַר דער בעי לעיוני דערקלערונג פון „משך חכמה", נאָר, פאַרקערט, נאָך: אַן אויסדריקלעכע סתירה צו איר געפינען.

### מ"ז

מען וואָלט אפשר געקענט פאַרענטפערן די דאָזיקע קשיא בדוחק גדול. מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז דערמיט, וואָס דער גאון האָט זיך באַנוצט מיט דעם אויסדרוק „ומרומז", האָט ער געמיינט אונטערצו־

שטרייכן פאַר אונדז, ווי אַזוי מען באַדאַרף פאַרשטיין דאָס, וואָס מוז אַרויסגעדרונגן ווערן פון זיינע רייד, אַז אין דער דאָזיקער ציטאַטע דאַרפן מיר אַ ראיה אויף זיין דערקלערונג געפינען. ער מיינט מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק צו זאָגן: כאָטש אַלס בפירושע ראיה קען זי ניט באַנוצט ווערן, וואָרום על פי ההשקפה הראשונה ענטהאַלט זי גאָר אַ סתירה צו איר, קען מען אָבער דאָך אַ רמז אין איר דערויף יאָ געפי־נען. וואָרום כאָטש מיר פסקענען, אַז ביי נפילת אדם לבור באַפרייען מיר דעם בעל הבור אָן אונטערשייד, צי דער נופל איז אַן אדם שיש בו דעת, אָדער אַזאַ, וואָס אין בו דעת, ווייל בן דעת מיינט מין בן דעת, קען מען דאָך נאָך אַלץ זאָגן, אַז דער עיקר טעם פאַר דעם, וואָס ביי נפילת אדם לבור באַפרייען מיר דעם בעל הבור, איז טאַקע דער „בעי לעיוני". איי וואָס, ווי אַזוי קענען מיר קומען מיט דער טענה צום נופל: „דו ביזט אַליין שולדיק אין דער נפילה דיינער", ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער נפילה פון אַ סומא אָדער קטנים, וואָס וועגן זיי קען מען דאָך ניט זאָגן, אַז זיי זיינען יודעים לשמור את עצמם? איז די זאַך אַזוי: כאָטש בנוגע זיי אַליין קען מען ניט זאָגן, אַז זיי זיינען שולדיק אין דער נפילה זייערער דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט געטאָן דאָס, וואָס זיי וואָלטן געקענט טאָן, דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך ניט געהיט, וואָרום וועגען זיי קען מען דאָך ניט זאָגן, אַז זיי זיינען יודעים לשמור את עצמם, קען מען אָבער די שולד אויף די אפטרופסים זייערע יאָ אַרויפוואַרפן, ווי מיר האָבן שוין דערקלערט דעם דאָזיקן אַרגומענט פריער אין אַן אַנדער צוזאַמענהאַנג. דאָס הייסט, אַז טראָץ דעם, וואָס מיר קענען דאָ ניט אפערירן מיט דער טענה פון „שהם יודעים לשמור את עצמם", קען מען אָבער מיט דעם עיקר אינהאַלט אירן, וואָס באַשטייט אין דער טענה פון „בעי לעיוני", אויך דאָ אפערירן, ווי אין ערשטן פאַל. ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פקח, וואָס פאַלט אַריין, האָבן מיר די טענה צום נופל אַליין. מיר טענה'ן צו אים: דו ביזט דאָך אַ יודע לשמור את עצמך — טאָ פאַר וואָס האָסטו זיך ניט געהיט? און ווען ער איז ניט קיין פקח — קומען מיר מיט דער דאָזיקער טענה צו די נאָענטע זיינע. דער סומא איז דאָך — טענען מיר צו זיי — אַ שאינו יודע לשמור את עצמו — טאָ פאַר וואָס האָט איר אים ניט גע־היט, ער זאָל אַליין אין גאַס ניט אַרויסגיין. אויף אַזאַ אופן, דעריבער, איז ניט נאָר זיינען מיר ניט געצוואונגען צו געפינען אין דער ציטיר־

טער שטעלע פון דער גמרא, אין דעם, וואָס זי זאָגט: „מאי בן דעת? מין בן דעת", אַ סתירה צו דעם „בעי לעיוני" מאָטיוו, נאָר, פאַרקערט, אַ רמז גאָר אויף אים.

וואָרום אַוּיב ניט — פרעגט זיך: פאַר וואָס האָט די ברייתא געשריבן בן דעת, וואָס קען מיינען נאָר אַ בן דעת, אויך דאַן, ווען מיר טייטשן אים אויס אויף אַ מענטשן? פאַר וואָס האָט זי בעסער ניט געשריבן: „נפל לתוכו אדם", וואָלט מען דאָך שוין דאַן זיכער געוואוסט, אַז דאָ ווערט קיינער ניט אויסגעשלאָסן. פאַר וואָס האָט זי זיך דווקא געוואָלט באַנוצן מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק, וואָס קען, שפּראַכלעך אַלענפאַלס, ברענגען לידי טעות, אַז דער פּטור באַציט זיך טאַקע נאָר אויף אַ מענטשן, וואָס איז אַ בר דעת, אָבער ניט אויף קיין מענטשן, וואָס איז ניט קיין בן דעת. אָדער: קען גאָר אויסגעטייטשט ווערן, אַז ניט וועגן אַ מענטשן רעדט זי, נאָר וועגן אַן אָקס גאָר — וועגן אַ שור פּקח. ווען ניט דאָס, וואָס דאַן וואָלט מיט זיך די ברייתא אַ סתירה פאָרגעשטעלט צו דער אָנגענומענער הלכה, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן, איז קיין חילוק ניט, צי דער נופל איז יאָ אָדער ניט קיין פּקח, וואָרום דער מיעוט אדם, וואָס מיר לערנען אַרויס פון שור מוז מיינען כל אדם, וואָלטן מיר דאָך דעם בן דעת פון דער ברייתא, ווען מיר וואָלטן געוועזן געצוואונגען אָנצונעמען, אַז ער רעדט וועגן אַ מענטשן דווקא, טאַקע נאָר אַלס אדם בן דעת איינגעטייטשט.

דער איינציקער וועג אויף צו פאַרענטפערן די דאָזיקע קשייא איז נאָר אָנצונעמען, אַז דערפאַר האָט זי זיך מיט דער דאָזיקער באַצייכענונג באַנוצט, אַז דערפאַר האָט זי געשריבן בן דעת אָנשטאָט אדם, כדי, אַגב אורחא, מרמז צו זיין, אַז דער עיקר טעם פאַר דעם פּטור ביי נפילת אדם לבור האָט מיט דעם מאָטיוו פון דער טענה בעי לעיוני צו טאָן; איז מיט דעם ענין פון דעת פאַרבונדן.

ווי געזאָגט אָבער איז דאָס אַ ויש ליישב בדוחק גדול.

די שוועריקייט ניט צו דערלאָזן, אַז דער בן דעת פון דער ברייתא אין דעם זין פון מין אדם — אין קיין אַנדער זין קען ער דאָך ניט פאַרשטאַנען-ווערן, ווען מיר נעמען אָן, אַז ער באַציט זיך אויף אַ מענטשן — מוז אימפּליצירן, אַז דער טעם פון פּטור ביי נפילת אדם — אפילו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אדם פּקח, האָט ניט מיט דעם ענין פון

„בעי לעיוני" צו טאָן, וואָרום פאַרקערט גאָר, ער מוז דווקא אימפּלי־
צירן אַ באַהויפּטונג, אַז נאָר ער איז ־דער אמתער מאָטיוו פאַר דעם
פּטור אפילו דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נפילה פון אַ שאינו
פקח — איז אַ סך אַ גרעסערע, ווי די שוועריקייט, וואָס די קשייא
פאַר וואָס שטייט ניט נפל לתוכו אדם אָנשטאָט נפל לתוכו בן דעת
פאַרשאַפט אונדז.

ווען אפילו אָבער מיר זאָלן מוזן באַטראַכטן די דאָזיקע קשייא
אַלס אַזאַ, וואָס איז פון גוואַלדיקער וויכטיקייט, וואָלטן מיר סיי ווי אָבער
יעדן מין תירוץ, וואָס וואָלט אונדז באַדאַרפט פירן צו אַ באַהויפּטונג,
אַז אויך די ברייתא האָט געהאַלטן פון דעם „בעי לעיוני" מאָטיוו
בנוגע נפילת אדם לבור — פאַרוואַרפן געמוזט.

צי די קשייא מוז, ווירקלעך, פון גרויס וויכטיקייט באַטראַכט ווערן,
צי זי מוז ניט, איז, אַלענפאַלס, דאָס זיכער, אַז מיט דעם דאָזיקן רמז
תירוץ קען מען זי ניט פאַרענטפערן ; אַז ניט דערפאַר האָט די ברייתא
געשריבן בן דעת, ניט אדם, כדי אונטערצושטרייכן, אגב אורחא, אַז דער
טעם, פאַר וואָס מיר באַפרייען דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת
אדם, איז דערפאַר, וואָס מיר נעמען אַראָפּ די פאַראַנטוואָרטלעכקייט
פאַר דעם געשעענעם אומגליק פון בעל הבור, דערפאַר, וואָס מיר זאָגן
דאָ : „בעי לעיוניי".

שוין געגוג אָנצואווייזן אויף דעם מאָטיוו, וועלכער דאַרף שוין פון
פריערדיקע שטעלן באַקאַנט זיין דעם לעזער און וואָס דער אינהאַלט
זיינער האָט שוין אויך דעם גאון אַליין אַ ביסל באַאומרואיקט — ווי מיר
האָבן שוין אָנגעוויזן דערויף אין אַ פריערדיקן פּלאַץ ביי אַן אַנדער
געלעגנהייט — אויף דעם מאָטיוו, אַז ווען מיר נעמען אָן די דאָזיקע
אַריינטייטשונג, מוז דאָך אויסקומען לויט דער דאָזיקער ברייתא, אַז
מען דאַרף ניט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן מיתה און היזק גוף ביי
נפילת אדם. וואָרום דער גאַנצער פּטור ביי נפילת אדם איז דאָך נאָר
דערפאַר, וואָס מיר נעמען אַראָפּ די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון בעל
הבור. די הלכה איז דאָך אָבער ניט אַזוי. ווען עס האַנדלט זיך נאָר
וועגן היזק גוף, זיינען מיר יאָ מחייב דעם בעל הבור.

איבעריקנס, לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער סוגייא איז בכלל
גאָר ניטאָ וואָס צו רעדן וועגן דער דאָזיקער אויסטייטשונג. וואָרום
עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדן וועגן דער קשייא אַליין, וואָס נאָר אין

איר זכות קען מען פאַר איר אַ זין — אמת, אַן אונזיניקער זין — געפינען. עס איז אין אמתן אַזאַ קשייא גאָר אינגאַנצן ניט פאַראַן — מחמת אַ זייער גאָר פשוטן טעם. לויט דעם לעצטן וואָרט אין דער סוגייא האַנדלט זיך טאַקע כלל ניט וועגן אַ מענטשן אין דעם „נפל לתוכו בן דעת", נאָר וועגן אַן אָקס גאָר. דער נפל לתוכו בן דעת מיינט פשוט שור בן דעת.

## מ"ח

אמת *) מ'וואָלט געקענט אַרגומענטירן: אָט דאָס אַליין, וואָס די גמרא דערלאָזט אַלס אַ סלקא דעתך אפילו, אַז דער בן דעת פון דער ברייתא קען אויסגעטייטשט ווערן מין בן דעת, אַז זי — די ברייתא — מיינט דווקא אַ מענטשן, דאָס, וואָס זי פרעגט ניט אָפּ דעם דאָזיקן „הווא אמינא" מיט דער פראַגע: אויב ער מיינט מין בן דעת — פאַר וואָס זשע ווערט דער דאָזיקער אויסדרוק ניט פאַרביטן מיט דעם וואָרט אדם? פאַר וואָס שטייט ניט: נפל לתוכו אדם אָנשטאָט נפל בן דעת לתוכו? — אָט דאָס אַליין ענטהאַלט אין זיך אָט יענעם רמז, וועגן וועלכן איך האָב גערעדט פריער. דאָס הייסט, אַז דאָס, וואָס זיי — די מסדרים — פון דער סוגייא האָט ניט באַאומרואיקט די דאָזיקע קשייא, קען אונדז דינען אַלס אַ סימן, אַז זיי האָבן אָנגענומען, אַז דאָס וואָלט מען געקענט דערקלערן אויף דעם אופן, ווי מיר האָבן גערעדט וועגן דעם פריער אין אונדזער לימוד זכות אויף דעם גאון. איז אָבער אויך דערויף פאַראַן וואָס צו ענטפערן: ראשית: פאַר וואָס האָט זי טאַקע ניט געפרעגט די קשייא? זי וואָלט זי דאָך טאַקע באַלד אויך געקענט פאַרענטפערן מיט דעם ריכטיקן תירוץ. שנית — און אָט דער שנית איז דער סאַמע וויכטיקסטער אַרגומענט — איז ווידער־אַמאָל דאָס אייגענע. דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער ברייתא, איז אויך גילטיק בנוגע דער גמרא. צי מיר באַדאַרפן באַטראַכטן די קשייא, וואָס מיר פרעגן אויף דער גמרא, אַלס אַ גוואַלדיקע קשייא, צי ניט, איז אָבער דאָס זיכער, אַז מען קען זי ניט פאַרענטפערן אויף אַ וועג, אַז עס זאָל אויסקומען, אַז אויך די גמרא האָט גוואַלדיק גע־גלויבט, אַז דער אמתער מאָטיוו פאַר באַפרייען דעם בעל הבור אין

*) דאָס באַציט זיך אויף דעם לעצטן פּאַראַגראַף.

אַ פאַל פון נפילת אדם איז דאָס, וואָס מיר זאָגן בעי לעיוני וועגן דעם פאַל. פונקט ווי דאָס וואָלט אוממעגלעך געווען צו טאָן בנוגע דער ברייתא איז דאָס אויך אוממעגלעך צו טאָן בנוגע דער גמרא.

און וואָס אנבאַלאַנגט צו דער קשייא אַליין: פאַר וואָס די גמרא האָט ניט אָפּגעפרעגט די אויסטייטשונג, אַז דער בן דעת אין דער ברייתא מיינט מין בן דעת, מיט דער קשייא, אַז אויב זי רעדט טאַקע וועגן אַ מענטשן — טאָ פאַר וואָס האָט זי בעסער ניט געשריבן: נפל לתוכו אדם? — איז סוף כל סוף אויך ניט אַזוי געפערלעך.

עס וואָלט אפשר געווען געקענט זיין אַ נויטווענדיקייט פאַר דער גמרא צו פרעגן די דאָזיקע קשייא דאָן, ווען די אויסטייטשונג מין אדם וואָלט פון לכתחילה אָן ניט געווען אַזאַ, וואָס באַדאַרף סיי ווי פאַר־וואָרפן ווערן מחמת אַ פיל שטאַרקערער אָפּפרעגונג, וואָס קומט טאַקע באַלד נאָך דער דאָזיקער אויסטייטשונג: די אָפּפרעגונג, אַז דער נפל לתוכו בן דעת דאַרף דווקא מיינען שור בן דעת, טאַקע ווי דער פרי־עריקער סלקא דעתך באַהויפּטעט, ניט מין בן דעת, כדי עס זאָל קענען אויסקומען ווי רבי ירמיהו וויל האָבן, אַז אין אַ פאַל, ווען דער נופל איז אַ שור פקח, באַפרייען מיר אויך ניט דעם בעל הבור פון תשלומי ממון — פשוט דערפאַר, וואָס מיר האָבן אַ בפירושע ברייתא, אַז ביי אַ שור פקח איז דער בעל הבור פטור. איצט אָבער, אַז אָט יענע אויס־טייטשונג פון מין בן דעת איז יאָ אַזאַ*) איז צו וואָס האָט זיך דער מסדר

*) וואָרום די איינציקע אורזאַכע פאַר אַקצעפּטירן די דאָזיקע אויסטייטשונג איז דאָך נאָר דאָס, כדי מיר זאָלן ניט דאַרפן פאַרוואַרפן רבי ירמיהוס אויס־טייטשונג פון דער משנה, וואָרום ווי באַלד מיר נעמען ניט אָן, אַז דער בן דעת מיינט מין בן אדם, נאָר שור בן דעת, איז דאָך אין איר אַ סתירה פאַראַן צו אָט יענער אויסטייטשונג. ווי באַלד אָבער, אַז רבי ירמיהוס אויסטייטשונג מוז סיי ווי סיי פאַרוואָרפן ווערן, האָט דאָך קיין זין ניט, מען זאָל זיך מאַטערן אויסצוטייטשן די ברייתא, אַז זי רעדט וועגן אַ מענטשן. צו וואָס זאָלן מיר זאָגן, אַז זי רעדט וועגן אַ מענטשן דווקא, ווען מען קען אָן שוועריקייטן אָננעמען, אַ פונקט ווי די לעצטע ברייתא רעדט וועגן אַ שור בן דעת, וואָרום זי שרייבט דאָך בפירוש שור פאַר דעם בן דעת, וואָס קומט דאָרטן, אָט אַזוי רעדט אויך די דאָזיקע ברייתא וועגן אַ שור בן דעת ניט וועגן דעם מין בן דעת — און מיר האָבן אין איר, אַזוי אַרום דעם זעלביקן דין, וועגן וועלכן די לעצטע ברייתא און די משנה רעדן. און אין דעם זין באַדאַרף מען פאַרשטיין די אויסדרוקן בנוגע דער אויסטייטשונג פון מין בן דעת: „זי מוז" אָדער „זי באַדאַרף" פאַרוואָרפן ווערן, מיט וועלכע איך באַנוץ זיך אין פנים אין פאַרבינדונג מיט דעם דאָזיקן ענין.

איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז אַלענפאַלס אויף וויפיל פון איר דאַרף אָפּ־

— אָדער: די מסדרים — פון דער סוגייא באַדאַרפט באַנוצן מיט אַט יענער קשיא אויף דער אויסטייטשונג, וואָס אין בעסטן פאַל קען זי נאָך אַלץ ניט באַטראַכט ווערן אַלס אַזאַ, וואָס טראָגט אין זיך פאַר־ניכטונג פאַר איר; וואָס אין בעסטן פאַל איז אויסער נאָר דאָס, ווי צו מאַכן נאָר נאָך אַ ביסל מער געדיכטער דעם שאָטן פון צווייפל, וואָס מיר האָבן סיי ווי געהאַט, אויך אָן דער דאָזיקער קשייא, בנוגע דעם, צי מיר באַדאַרפן, ווירקליך, אויסטייטשן די ברייתא, אַז זי מיינט

---

הענגען חי מעגלעכקייט צו קענען קומען צו דער מסקנה, אַז רבי ירמיהוס פירוש אויף הער משנה איז אָננעמבאַר — מוז זי אַלס פאַרוואָרפענע, אַלס אונאָננעמבאַרע באַטראַכט ווערן, ווי איך האָב שוין אין קורצן אין פנים אָנגעוויזן דאַרויף. וואָרום, ווען אַפילו איינער זאָל זיך ווענלן איינעקשנען און באַהויפטן, אַז דער בן דעת מוז מיינען מין בן דעת, איז דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער באַהויפטונג קען זיין ניט מער ווי נאָר דאָס, אַז ער האַלט, אַז טראָץ דעם, וואָס מען מוז מודה זיין, אַז די משנה רעדט וועגן אַ שור חרש שוטה וקטן דווקא, קען מען דאָך אָננעמען, אַז די ברייתא רעדט וועגן מין אדם דווקא. וואָס דינו, סיי ווען דער נופל איז אַ בן דעת, סיי ניט, איז כדין שור פקח שנפל לבור. דאָס הייסט, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אויסשליסליכן צוועק, וואָס נאָר ער איז דער גורם געווען, מיר זאָלן פון לכתחילה אָן גאָר קומען צו דער דאָזיגער אויסטייטשונג, דעם צוועק מיר זאָלן דורך איר ניט דאַרפן אין דער ברייתא, וועגן וועלכער עס רעדט זיך, זען אַ סתירה צו רבי ירמיהוס פירוש אויף דער משנה, מוז ער אויך מודה זיין, אַז זי מוז באַטראַכט ווערן אַלס אַזאַ, וואָס מוז פאַרוואָרפן ווערן, גלייך, ווי זי וואָלט זיך גאָר אין עקזיסטענץ ניט געפונען. וואָרום אויב אָן דער לעצטער ברייתא וואָלט מען געקענט אָננעמען, אַז דער פטור אין דער ברייתא נפל בן דעת לתוך הבור, ווען מיר טייטשן אויס דעם בן דעת אירן אַ מענטש, איז פאַרבונדן מיט אַ מיעוט לגבי שור פקח, דאָס הייסט, אַז ווען זי וואָלט גערעדט ניט וועגן אַ מענטשן, נאָר וועגן אַ שור פקח, וואָלט זי ניט געפּסקענט, אַז דער בעל הבור איז פטור, נאָר, אַז ער איז חייב, איז איצט קען מען דאָס ניט טאָן. איצט, אַז מיר האָבן אַ בפירושע ברייתא, אַז אין אַ פאַל פון נפילת שור פקח לבור איז דער בעל הבור פטור, מוז מען אָננעמען, אַז מען קען אַזאַ מיעוט ניט פאַרבינדן מיט דעם פטור, וואָס געפינט זיך דאָ. איצט קען מען אָט אַזאַ „ללמד על אחרים" אויס־טייטשונג ניט אַריינגעמען אין איר. איצט קען זי ניט מער ווי נאָר אַלס אַ „בא ללמד על עצמו" פאַרשטאַנען ווערן. איצט קען מען ניט אָננעמען, אַז נאָר ווייל זי רעדט דאָ וועגן נפילת אדם איז מעגלעך פאַר איר צופסקענען פטור, נאָר, אַז זי פסקענט פטור אין דעם פאַל פון נפילת אדם, וועגן וועלכן זי רעדט גראָדע דאָ, פונקט ווי זי וואָלט דאָס זעלביקע געטאָן, ווען זי וואָלט גערעדט וועגן אַ פאַל פון נפילת שור פקח.

דווקא מין בן דעת — איז זי ניט בכוח אויפצוטאָן; וואָרום אויב אין פּרינציפּ נעמען מיר אָן, אַז עס איז מעגלעך צו באַהויפּטן, אַז די ברייתא רעדט וועגן אַ מענטשן דווקא, קען דאָך דאָס, וואָס זי האָט געשריבן בן דעת קיין אָפּהאַלט ניט זיין פאַר דעם. וואָרום אויב מיר זאָלן זיין געצוואונגען אָנצונעמען, אַז די ברייתא רעדט וועגן אַ מענטשן דווקא, קען דאָך טאַקע בן דעת מין בן דעת מיינען; צו וואָס, אַלזאָ, האָט זי זיך באַדאַרפט באַנוצן מיט אָט יענער קשיא, ווען דאָ שטייט און וואַרט אָט יענע אָפּפרעגונג, וואָס איז בכוח שוין פון דעם שמא, אין וועלכן מיר געפינען זיך בנוגע דער מין אדם אויסטייטשונג, צו אַ זיי־כערן ברי אונדז צופירן; וואָס מאַכט ניט נאָר מעגלעך פאַר אונדז צו צווייפלען אין איר — פון דער אויסטייטשונג, אויף וויפיל מיר באַנוצן זיך מיט איר אויף צוקומען צו דער מסקנה, אַז מען קען מסכים זיין מיט רבי ירמיהוס אויסטייטשונג פון דער משנה — ריכטיקייט, נאָר מיר זאָלן מוזן שוין אויך מיט דער פולסטער זיכערקייט קומען צו דער איבערצייגונג, אַז מיר מוזן זי דורכאויס פאַרוואַרפן דווקא אין דער הינזיכט.

דאָס איינציקע, וואָס מען קען זאָגן וועגן דער דאָזיקער קשיא, איז, אַז די גמרא האָט זיך דאָ געפירט, ווי זי פירט זיך אַלע מאָל אין אַזוינע פעלע. יעדן מאָל, וואָס זי האָט צו טאָן מיט מיינונגען און באַהויפּטונגען, וואָס, ווי עס ווייזט זיך אַרויס נאָכדעם, מוזן זיי סיי ווי פאַרוואָרפן ווערן צוליב אַן אומבאַשטרייטבאַרן אַרגומענט, וואָס קומט גאָר צום סוף פון דער שקלא וטרייא — ווערן דאַן אויסגעלאָזט איי־ניקע — פון לייכטערן כאַראַקטער — אַרגומענטן, וואָס וואָלטן געקענט אַרויסגעשטעלט ווערן קעגן די „הווא אמינא"ס, קעגן די דערווייליקע אויסטייטשונגען אָדער באַהויפּטונגען. און הויפּטזעכלעך פירט זי זיך אַזוי בנוגע אַזוינע אַרגומענטן, וואָס זיינען ניט בכוח אונדז אויף אַ באַ־שטימטן אופן אין אַ געוויסער ריכטונג צופירן, בנוגע אַזוינע, וואָס אפילו אויגנשיינלעך דערזעט מען, אַז זיי האָבן ניט קיין סאָלידן באָדן אונטער זיך; בנוגע אַזוינע, וואָס מען קען זיי באַטראַכטן, ווי אַ מין שטויסן וואַסער, וואָס זעען אויס, ווי עפּעס יאָ אַרגומענטן און ניט קיין אַרגומענטן, ווייל זיי פאַרמאָגן אין זיך ניט קיין באַצווינגענדיקן לאָ־גישן אינהאַלט, דורך וועלכן זיי זאָלן אונדז קענען פירן לשבט או לחסד — דורך שווערער מאַכן די וואָגיקייט אין דער אָדער יענער

ריכטונג פון אַ געוויסער מיינונג אָדער באַהויפּטונג פון צווישן די, וואָס שטייען אין צענטער פון דער סוגייא — צו אַ נייער פּאָזיציע אויף וועלכער מיר האָבן זיך ניט געפונען אין דער שקלא וטרייא — אין דעם לעצטן מאָמענט אײדער מיר האָבן דעם נייעם אַרגומענט אַרויס־געשטעלט, נאָר זיי לאָזן אונדז איבער אויף דער זעלבער פּאָזיציע, אויף וועלכער מיר האָבן זיך געפונען אין דער פריערדיקער פּאַזע פון לויף פון דער שקלא וטרייא — ווי עס איז דער פאַל מיט דער קשייא, וועגן וועלכער מיר רעדן, מיט דער קשייא, פאַר וואָס עס ווערט ניט געפרעגט, אַמאי עס שטייט ניט נפל לתוכו אדם אין דער ברייתא, וואָס וואָלט אונדז געלאָזט בלייבן בנוגע דעם, ווי אַזוי מיר דאַרפן פאַר־שטיין די ברייתא, צו וואָס פאַר אַן אנטשיידונג מיר דאַרפן קומען בנוגע דעם, ווי אַזוי די משנה באַדאַרף באמת פאַרשטאַנען ווערן, אין דער זעלבער לאַגע, אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען, אײדער מיר האָבן זי געפרעגט. זי וואָלט אונדז אפילו אויף קיין איין שריט ווייטער צו אונדזער געגאַרטן ציל ניט געקענט צופירן. וואָרום צי מען וואָלט גע־זוכט צו געפינען אַ תירוץ אויף איר צי ניט — קען מען אויך אויבנ־אויף איינזען, אַז פון גוואַלדיקן ווערט איז זי ניט, אַז זי פאַרמאָגט כלל ניט אין זיך אָט יענעם נויטיקן פאַר איר אינהאַלט, דורך וועלכן זי זאָל קענען ווערן אַן אַנטשיידענער פאַקטאָר בנוגע דעם, צי די אַויס־טייטשונג דאַרף פון אונדז אַקצעפּטירט ווערן אָדער פאַרוואָרפן ווערן.

וואָס אַנבאַלאַנגט אָט דער זעלטענער אייגנשאַפט פון אומווירק־זאַמקייט איז זי פשוט אַ מוסטער פון פערפעקציע. אין דער דאָזיקער הינזיכט איז זי דער אמתער פּראָטאָטיפּ פון אָט יענע אַלע אומפּרוכט־באַרע אַרגומענטן, וואָס באַלאַנגען צום זעלבן קלאַס ווי זי.

דאָ האָבן מיר, ווירקלעך, צו טאָן מיט אַזאַ קשייא, וואָס באַלאַנגט צו אָט יענע קשיות, וואָס קענען בכלל ניט געפרעגט ווערן. פון אָט אַזאַ כאַראַקטער זיינען זיי שוין.

## מ"ט

דערויף, אַז די דאָזיקע קשייא זאָל קענען געפרעגט ווערן, וואָלטן, ראשית, נויטיק געווען די פאָלגענדע צוויי באַדינגונגען: א) די גמרא וואָלט זיך דערויף, זי זאָל זיך קענען ווי געהעריק באַשעפטיקן מיט איר, באַדאַרפט פריער פאַרזאָרגן מיט אַן אייביקייט אַ גאַנצער.

וואָרום זי איז אַזאַ, וואָס די דיסקוסיע, וואָס וואָלט זיך געקענט אָרום איר ענטוויקלען, וואָלט ניט ווייניקער, ווי כאָטש אַ גאַנצע אייביקייט געמוזט געדויערן. אויב איינער גלויבט שטאַרק, אַז די משנה מוז מיינען, „שור פקח לא מבעי" קען מען אים מיט דער דאָזיקער קשיא ניט באַזיגן. ער קען זי אָפּפּטרן מיט דעם זאָג: „לא חיישינן למידק כולי האי". דאָס הייסט: אויב בן דעת קען אין פּרינציפּ יאָ מיינען מין בן דעת, איז וועגן דער דאָזיקער קשיא ניטאָ וואָס זיך צו באַאומרואיקן. זי — די ברייתא — וואָלט געוועז געקענט שרייבן „נפל לתוכו אדם". אָבער אַז זי האָט געשריבן נפל לתוכו בן דעת איז אויך אָן אומגליק. די קשייא קען, אַלזאָ, ניט דינען אַלס אורזאַכע פאַר די מסקנות, צו וועלכע מען וויל דורך איר קומען.

אָפּשטעלן דעם וכוח ביי דעם וואָלט מען אָבער דאָך ניט געקענט. וואָרום פּונקט ווי מען קען אָפּפרעגן די זיכערקייט פון דער קשיא אָט אַזוי קען מען אויך אָפּפרעגן דעם תירוץ, וואָס מען וואָלט געקענט געבן אויף איר. וואָרום דער צד שכנגד, אָט דער, וואָס וויל דווקא האָבן, אַז מען מוז רבי ירמיהוס אויסטייטשונג פון דער משנה פאַרוואַרפן, וואָלט געקענט ענטפערן דעם קעגנער זיינעם: וואָס ביזטו אַזוי זיכער, אַז „לא חיישינן למידק כולי האי". איך בין אין דעם כלל ניט אַזוי זיכער. איך האַלט אַלץ, אַז אויב די ברייתא האָט מיט דעם בן דעת געמיינט אַ מענטשן, וואָלט זי געוועז באַדאַרפט דאָס קלאָר מאַכן. וואָלט זי געוועז באַדאַרפט שרייבן: „נפל לתוכו אדם". און אָט אַזוי חוזר חלילה. נאָכן פאַרענדיקן זיך פון די דאָזיקע טענות, וואָלט זיך אָנגעהויבן אַ נייער ציקעל פון די זעלבע טענות. דער בר פלוגתא פון ערשטן וואָלט ווידער געקענט ענטפערן דעם קעגנער זיינעם: דו ביזט ניט זיכער, אַז מען קען פאַרענטפערן די קשייא מיט כולי האי לא חיישינן. איך בין יאָ זיכער. די טענות פון ערשטן ציקל, דער אינהאַלט פון וועלכע איז ניט מער ווי נאָר באַהויפּטונגען, וואָס יעדער איינער פון די דיסקו־טאַנטן מאַכט וועגן דעם, אַז ער האַלט יאָ אָדער ניט פון דעם ענין פון „כולי האי לא חיישינן למידק", וואָלטן געקענט פאַרגעזעצט ווערן אין ווייטערדיקע אומאויפהערלעכע ציקלען ביז אין דער אומענדלעכ־קייט אַריין.

דאָ וואָלט נאָך אַ סך ערגער געקענט זיין, ווי אין דער מעשהלע וועגן דעם יינגל און דער לבנה, וואָס האָבן איינמאָל אין אַ שיינער

אויסגעשטערנטער נאַכט ביז אין גרויען טאָג אַריין זייער העפלעכקייט אָנגעהאַלטן און האָבן אַלע מאָל זייער מאַרשרוט פון באַגלייטן איינער דעם צווייטן איבערגעחזרט. דאָ וואָלטן רבינא און רב אחא געקענט זיך איבערוואַרפן איינער מיט דעם אַנדערן מיט די טענות זייערע פון יאָ חיישינן למידק און לאָ חיישינן למידק כּולי האי ביז דעם לעצטן גרויען טאָג פון אַן אייביקייט אַ גאַנצער און אַלץ נאָך ניט פאַרטיק ווערן.

ב) זיי וואָלטן ביידע פריער באַדאַרפט אָפּמאַכן ביי זיך, אַז אָט דאָ, אין בבא קמא נ״ד, דאַרפן זיי זיך אָפּשטעלן; אַז דאָ דאַרפן זיי ביי זיך אָפּמאַכן, אַז אַלעס, וואָס באַדאַרף ווייטער אָנגיין אין דער גמראָ, טאָר זיי ניט אינטערעסירן, כּדי זיי זאָלן קענען ווידמענען די גאַנצע צייט פון דעם אייביקן לעבן, וואָס ווערט זיי געשענקט ווערן, דער דיסקוסיע, ביי וועלכער זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

דאָס איז ראשית.

שנית — שוין דאַן אפילו, ווען זיי וועלן ביז צום לעצטן פונקט פון דער אייביקייט צוקומען — איז וואָס אנבאלאנגט דעם הויפּט צוועק, וואָס די דיסקוסיע, וואָלט זיך באַדאַרפט שטעלן, וואָס אַנבאַלאַנגט תכלית — איז לאָ מיניה ולאָ מקצתו. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם הויפּט פּראָבלעם: צי מען מוז פאַרוואַרפן רבי ירמיהוס אויסטייטשונג פון דער משנה, צי מען מוז ניט — וועט מען אויך דאַן צו קיין טאָלק ניט קענען קומען. מיר וועלן זיך אויך דאַן — טאַקע צוליב דעם טעם, וואָס זי — די דיסקוסיע וועגן דעם בן דעת פון דער ברייתא — האָט געמוזט אַ גאַנצע אייביקייט געדויערן. צוליב דעם, וואָס דער אָפּשטעל, וואָס איז פאַר איר געקומען, איז געווען אַ רעזולטאַט נאָר פון דעם, וואָס זי האָט שוין אויך דעם לעצטן טראָפּן פון דער פּליסנדיקער צייט פאַר־טאָן — געפינען אויף דער זעלבער פּאָזיציע, אין וועלכע מיר וואָלטן זיך געמוזט אין די ערשטע פאָר מינוט פון דער דיסקוסיע געפינען, ווען מיר זיינען עדות געווען פון זייערע טענות אין דער מהדורה ראשונה זייערער. מיר וואָלטן זיך געמוזט אַרומזען דאַן, אַז די גמרא האָט פאַר אונדז — אין דער דאָזיקער וויכטיקער הינזיכט — גאָר ניט אויפגעטאָן. אַז מיר זיינען ניט קלוגער געוואָרן בנוגע דעם פון דער דיסקוסיע, אַז מיר טאַפּן נאָך איצטער אין דער פינצטער בנוגע דעם, ווי אַזוי מען באַדאַרף פאַרשטיין די משנה: צי ווי רבי יוחנן, וואָס

זאָגט, אַז די משנה רעדט וועגן אַ חרש שוטה וקטן דווקא, אָדער ווי רבי ירמיהו, וואָס האַלט, אַז דאָס, וואָס די משנה זאָגט וועגן שור חרש שוטה וקטן, באַציט זיך אויך אויף אַ שור פקח. וואָרום אם רבי לא שנה, רבי חייא מניין לו? פון דער גאַנצער דיסקוסיע וואָלטן מיר געקענט קומען צו דער מסקנה, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט דער לייזונג פון דעם הויפּט פּראָבלעם, צו וועלכער זי באַדאַרף אונדז צופירן, טאַפּט די גמרא ניט ווייניקער, ווי מיר, אין דער פינצטער.

און נאָך מער: מיר וואָלטן דאַן — אויב דער רבונו של עולם וואָלט אונדז ניט מיט אַ פּאָר מינוטן פריער, איידער די אייביקייט וואָלט זיך געענדיקט, פון דער וועלט צוגענומען — צוליב זיי — צוליב די דיסקוטאַנטן — דאָס גאַנצע ביסל ביטער האַרץ אונדזערס אויף שונאי ציון אויסגעגאָסן.

מיר וואָלטן געטענה'ט צו די בר פלוגתאס: צוליב וואָס האָט איר דאָס אַ גאַנצע אייביקייט צייט אויף אייער דיסקוסיע געפּטרט? אייגנטלעך, זאָגט איר דאָך ביידע דאָס זעלבע וועגן דעם עצם עניין. קיינער פון אייך האָט דאָך ניט אַרויסגעבראַכט קיין אַרגומענט, וואָס זאָל באַזיצן דעם כוח — די מיינונג, וואָס ער וויל פאַרטיידיקן, אַרויפ־צוצווינגען אויף אונדז. אייערע אַרגומענטן קענען נאָר אַרויפצווינ־גען אויף אונדז אַן איבערצייגונג, אַז איינעם פון אייך גייט אין לעבן, אַז מיר זאָלן דווקא קומען צו אַ מסקנה, אַז אויסצוטייטשן דעם בן דעת פון דער ברייתא מיין בן דעת איז דורכאויס אוממעגלעך, און דעם צווייטן גייט אין לעבן, אַז מיר זאָלן קומען צו אַ מסקנה, אַז מען מוז זי ניט דווקא פאַרוואַרפן; אָבער בשום אופן ניט, אַן איבערצייגונג, אַז דווקא די אָדער יענע מיינונג פון איינעם פון אייך שטעלט מיט זיך אַן אמת פּאָר.

דער פון אייך, וואָס באַהויפּטעט, אַז לא חיישינן למידק כולי האי, מוז דאָך על כל פנים מודה זיין, אַז די לא חיישינן באַהויפּטונג זיינע שטעלט מיט זיך נאָך כלל ניט פּאָר קיין אַבסאָלוטן אמת, וואָס ווייל זי איז אַזאַ, ווערט שוין במילא בטל דורך איר די קשייא אויף דער אויסטייטשונג מין בר דעת, וואָס באַדאַרף לויט רבי ירמיהוס פירוש אויף דער משנה געגעבן ווערן דעם בן דעת פון דער ברייתא; אַז מיר זיינען כלל ניט געצוואונגען אָנצונעמען, אַז נאָר דערפאַר וואָס לא חיישינן למידק שטייט ניט אין דער ברייתא אדם אָנשטאָט דעם בן

דעת, וואָס געפינט זיך דאָרטן. דורך דעם תירוץ דיינעם ווערן מיר נאָך אַלץ ניט באַרויבט פון דער מעגלעכקייט צו באַהויפּטן, אַז עס שטייט ניט אדם אין איר, פּשוט, דערפאַר, וואָס זי רעדט ניט פון קיין מענטשן, נאָר וועגן אַ בעל חי. דאָס איינציקע, וואָס קען דורך אים דערגרייכט ווערן, איז, העכסטנס, נאָר דאָס, וואָס, מיר זאָלן ניט מוזן זיין געצוואונגען מחמת דער קשיא: פאַר וואָס שטייט ניט נפל לתוכו אדם? די אויסטייטשונג מין בן דעת פאַרוואַרפן דווקא. וואָרום אויב מען קען ניט מיט זיכערקייט באַהויפּטן, אַז נאָר דערפאַר האָט די ברייתא געשריבן בן דעת, ניט אדם, ווייל זי האָט ניט באַטראַכט דעם דאָזיקן דיוק בלישנא פון גרויס וויכטיקייט, קען מען אָבער אויך ניט מיט זיכערקייט באַהויפּטן, אַז זי האָט דאָס ניט געקענט טאָן נאָר דערפאַר.

און דאָס זעלבע — אין אַן אַנדער ריכטונג — קענען מיר אויך טענען צום צווייטן צד, וואָס טענעט, אַז ווען די ברייתא וואָלט גע־מיינט מיטן בן דעת אַ מענטשן, וואָלט זי געשריבן „נפל לתוכו אדם". מיר קענען טענען צו אים: בנקיטת חפץ וואָלסטו דאָך אויך ניט גע־קענט שווערן, אַז די באַהויפּטונג דיינע פאַרקערפּערט אַן אַבסאָלוטן אמת אין זיך. מעגלעך אַז דו ביזט גערעכט. מעגלעך, אַז דו ביזט ניט גערעכט. קיין אַרגומענט, וואָס זאָל אונדז באַווייזן די ריכטיקייט פון דיין באַהויפּטונג, וואָס זאָל אונדז איבערצייגן, אַז דאָס וואָס זי האָט ניט אדם געשריבן איז נאָר דערפאַר, וואָס זי רעדט טאַקע גאָר ניט וועגן אַ מענטשן — האָסטו דאָך ניט אַרויסגעבראַכט. דו מוזט דאָך אויך מודה זיין, אַז דאָס העכסטע, וואָס קען דערגרייכט ווערן דורך דיין אַרגומענט איז נאָר דאָס, מיר זאָלן זיך קענען דערלויבן צו באַ־הויפּטן, אַז מען קען די מין בן דעת אויסטייטשונג פון דעם בר פלוגתא דיינעם יאָ פאַרוואַרפן. וואָרום אויב מען קען זיך ניט מיט באַצווינגענ־דער אַכט באַציען צו דיין אָפּפרעגונג אין באַצוג צו דער מסקנה, צו וועלכער דו ווילסט אונדז דורך איר צופירן, קען מען אָבער אויך ניט מיט זיכערקייט באַהויפּטן, אַז מען דאַרף אויף איר גאָר אינגאַנצן קיין אַכט ניט לעגן, אַז מען מוז זי פאַרוואַרפן דווקא.

און אַזוי אַרום קומט דאָך, ווירקלעך, אויס, אַז איר האָט ניט געהאַט וועגן וואָס זיך צו קריגן, אַז, אייגנטלעך, מוזט איר נאָך אַ ריכטיקן אַנאַליז, וואָס איר זאָלט מאַכן, קומען צום באַשלוס, אַז איר

זיינט ביידע איינשטימיג, כמעט; אַז אין אמתן טיילט איר די זעלבע מיינונג ביידע. דער חילוק איז נאָר אין דעם, וואָס איינער פון אייך זוכט צו באַווייזן, אַז מ ע ן מ ו ז נ י ט דווקא די מין בן דעת אויסטייטשונג פאַרוואַרפן, און דער צווייטער, אַז מ ע ן ק ע ן ז י י אָ פאַרוואַרפן — וואָס בנוגע דעם אינהאַלט איז דאָס ערשטע היינו הך מיט דעם צווייטן. נאָר די פאָרם איז ביי יעדן איינעם אַנדערש געשלייערט.

## ג.

אַ גאַנצע אייביקייט — מיט די דאָזיקע ווערטער וואָלטן מיר אונדזערע בייזע רייד צו זיי פאַרענדיקט — האָט איר צווישן זיך אַ קאַמף געפירט מיט דעם רעזולטאַט, עס זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז איר האָט גאָר ניט פאַר וואָס אַ קאַמף צווישן זיך אָנצופירן; מיט דעם רע־זולטאַט, אַז אויך ביים לעצטן טראָפּן צייט פון דער אייביקייט זאָלן מיר פונקט אַזוי קלוג בלייבן בנוגע דעם אַלעם, בנוגע וועלכן מיר האָבן געוואָלט קלוגער ווערן, ווי מיר זיינען געווען באַלד אין אָנהויב פון דער דיסקוסיע, וואָס איר האָט פאַרפירט צווישן זיך.

פונקט ווי מיר האָבן דעמאָלט ניט געוואוסט, ווי אַזוי מען באַ־דאַרף פאַרשטיין דעם בן דעת פון דער ברייתא, צי ער מיינט שור שהוא בן דעת אָדער מין בן דעת. — אָט אַזוי ווייסן מיר דאָס ניט אויך איצטער. פונקט ווי מיר האָבן דעמאָלט ניט געוואוסט צי מען באַדאַרף פאַרשטיין די משנה ווי רבי יוחנן טייטשט זי אויס, אָדער מיר באַ־דאַרפן אָננעמען רבי ירמיהוס אויסטייטשונג — אָט אַזוי ווייסן מיר דאָס ניט אויך איצט. אָ גאַנצע אייביקייט געפטערט דערויף, מיר זאָלן דערגייין דעם אמת וועגן דעם אַלעם. צום סוף זיינען מיר, אַנשטאָט מיר זאָלן צום אמת דערגייין, גאָר צום עד סוף כל הדורות דערגאַנגען.

---

עס איז ניטאָ, אלזא, קיין אורזאַכע פאַר מאַכן אַ וועזן דערפון, וואָס עס געפינט זיך ניט אין דער גמרא די קשיא, אַמאי עס שטייט ניט נפל לתוכו אדם. ניט נאָר האָט די גמרא געקענט מוותר זיין אויף דער דאָזיקער קשיא, נאָר זי האָט ניט געקענט ניט מוותר זיין אויף איר. זי האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט דאָס יאָ צו טאָן. צו די אַלע

אַנדערע מאָטיוון קומט נאָך צו דער לעצטער „טעכנישער" מאָטיוו: דער מאָטיוו, אַז עס וואָלט, פשוט ניט געקלעקט קיין צייט פאַר דעם.

לאָמיר אָבער פאַרגעסן אין דער אייביקייט, וועגן וועלכער איך האָב גערעדט מיט דעם איינציקן צוועק אַרויסצוברענגען נאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזאַ קשייא, וואָס דער כאַראַקטער אירער איז אַזאַ, אַז וויפיל מען זאָל וועגן איר ניט דיסקוטירן, וועלן מיר אַלץ בלייבן, וואָס אַנבאַלאַנגט דער שייכות פון דער קשיא צום הויפט פראָב־לעם, פאַר וועלכן מיר באַדאַרפן אַ לייזונג געפינען: בנוגע דעם, צי מיר באַדאַרפן פאַרשטיין די משנה, אויף וועלכער די גמרא האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווי רבי יוחנן טייטשט זי אויס, אָדער מיר באַדאַרפן ירמיהוס פירוש אַקצעפּטירן — ביי די זעלבע רעזולטאַטן, צו וועלכע מיר מוזן באַלד אין אָנהויב פון דער דיסקוסיע צוקומען; צו די רע־זולטאַטן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ מאָדנער קשייא, וואָס מען קען וועגן איר קיין באַשטימטע מיינונג ניט אַרויסטראָגן. וואָרום דער כאַראַקטער אירער איז אַזאַ, וואָס פאַרוואַנדלט זי אין אַ קשייא, וואָס איז יאָ אַ קשייא און ניט קיין קשייא. מיט דעם זעלבן רעכט, וואָס מען קען איר אַ געוויסן האפט צושרייבן, מיט דעם זעלבן רעכט קען מען איר אין דער דאָזיקער הינזיכט גאָר אינגאַנצן מבטל זיין.

לאָמיר אַלזאָ, פאַרגעסן אין דער אייביקייט. לאָמיר נאָר פּרוּוון ווייטער מיט אונדזערע אַנאַליזן אָנגיין, כדי אויסצוגעפינען אויף אַ קאָנ־קרעטן אופן די רעזולטאַטן, וואָס די דאָזיקע קשייא — אַליין אָדער צוזאַמען מיט דעם תירוץ אויף איר — ווען זי וואָלט יאָ געפרעגט געוואָרן אין דער גמרא, וואָלט אונדז געקענט ברענגען.

דערלאָזן די מעגלעכקייט, אַז די גמרא וואָלט דאַן געוועזן געקענט מיט דער דאָזיקער קשייא די סוגייא פאַרענדיקן, כדי מיר זאָלן קומען צו דער מסקנה, אַז די גמרא האַלט, אַז נפל לתוכו בן דעת מוז מיינען טאַקע שור בן דעת, אַז דער בן דעת אין דער ברייתא קען זיך ניט באַציען אויף אַ מענטשן, און דעריבער מוז רבי ירמיהוס אויסטייט־שונג פון דער משנה פאַרוואָרפן ווערן — איז, נאַטירלעך, אויסגע־שלאָסן. נאָך מער אונדערלאָזבאַר איז אָנצונעמען, אַז זי וואָלט געוועזן פאַרענדיקט דאַן די סוגייא ניט מיט דער קשייא, וואָס זי וואָלט גע־פרעגט, נאָר מיט אַ תירוץ אויף איר, מיט דעם תירוץ פון „כולי האי לא חיישינן למידק", וואָס דאַן וואָלטן מיר באַדאַרפט קומען צו דער

מסקנה, אַז די גמרא מיינט — אַמוויינִיקסטן — מיט דעם צו זאָגן, אַז רבי ירמיהוס אויסטייטשונג פון דער משנה בלייבט יאָ אין קראַפט.

וואָרום אין ערשטן פאַל וואָלטן מיר דאָך באַדאַרפט בלייבן ביי דער מיינונג, אַז ווען ניט די קשיא וואָלט מען רבי ירמיהוס אויס־טייטשונג געקענט אַקצעפטירן. דאַן, ווען דער אמת איז, אַז מען וואָלט זי סיי ווי סיי באַדאַרפט פאַרוואַרפן, צוליב דער בפירושער סתירה, וואָס מען געפינט אין איר אין דער ברייתא, וואָס ווערט אין דער זעלבער סוגייא געבראַכט. אמת, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, וואָלט דאָך דאַן די דאָזיקע ברייתא אין דער סוגייא ניט געקומען. מיר וואָלטן אָבער אויסגעפינען וועגן איר עקזיסטענץ אין אַנדערע ערטער פון דער גמרא, שוין ניט רעדנדיק וועגן דעם, וואָס ז י י האָבן דאָך י אָ געוואוסט, צי זיי וואָלטן זי יאָ אָדער ניט געבראַכט אין יענער סוגייא, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ ברייתא.

צווייטנס, וואָלטן מיר זיך — אין ערשטן פאַל — טראַץ דעם, וואָס די דאָזיקע קשיא וואָלט באַדאַרפט אַרויפצווינגען אויף אונדז אַ באַשטימטע מסקנא בנוגע דער אויסטייטשונג פון דער משנה, דאָך געמוזט פילן דאַן, ווי מיר וואָלטן אויף אַ וואַקלדיקן זיך באָדן שטיין געבליבן. מיר וואָלטן דאַן געזאָגט צו זיך דאָס, וואָס מיר געפינען זייער אָפט אין דער גמרא איבערגעחזרט: „אם קבלה היא נקבל, ואם לדין יש תשובה". אין אונדזער פאַל מיינט די דאָזיקע פראַזע צו זאָגן: אוודאי מוזן מיר פסקענען להלכה לויט דער מסקנא, צו וועלכער מיר מוזן קומען לויט דעם, ווי איר פאַרענדיקט די סוגייא. אויף וויפיל אָבער דער דאָזיקער אַרויפגעצוואונגענער אויף אונדז דין איז אינגאַנצן אָפּהענגיג פון דער קשיא, וואָס האָט אים פאַראורזאַכט — בנוגע דעם קענען מיר זיך געוויסע ספיקות דערלויבן. אויב זיי האָבן ניט געגעבן קיין תירוץ אויף דער קשיא, מיט וועלכער זיי האָבן פאַרענדיקט די סוגייא, וואָלטן מיר דאָס געטאָן. מיר וואָלטן אַרויסגעשטעלט דעם תירוץ, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין איינִיקע מאָל גערעדט, דעם תירוץ, אַז „לא חיישינן למידק כולי האי". מיר וואָלטן צו זיי געטענעט דאַן: אמת, מיר קענען ניט מיט זיכערקייט באַהויפּטן, אַז דער יסוד, אויף וועלכן איר האָט געבויט די אויסטייטשונג פון דער משנה, איז דורכ־אויס אַ פאַלשער. מיר זעען אָבער אויך ניט איין, פון וואַנען עס האָט זיך צו אייך גענומען די זיכערקייט, אַז ער האָט געגנוג האפט אין זיך

אַרויפצוצווינגען אויף אונדז רבי יוחננס אויסטייטשונג פון דער משנה דווקא. און דעריבער איז כאָטש לדינא מוזן מיר, נאַטירלעך, פסקענען, ווי איר ווילט, ווי עס זעט אויס, מיר זאָלן פסקענען, זיינען מיר אָבער צוזאַמען דערמיט אויך געצוואונגען צו באַטראַכטן דעם דאָזיקן דין אייערן ווי אַ מין גזירת הכתוב. וואָרום דער יסוד, אויף וועלכן ער האַלט זיך, די מאָטיווירונג זיינע, זעען ניט אויס אין אונדזערע אויגן אַלס סאָלידע גענוג. מעגלעך, אַז דער דיוק בלישנא, מיט וועלכן איר אפּעריִרט איז אַ באַרעכטיקטער. מעגלעך אָבער, אַז מען מוז כלל ניט דורכאויס אַרויסלערנען פון דעם, וואָס די ברייתא האָט ניט געשריבן נפל לתוכו אדם, אַז זי האָט געמיינט דערמיט אונטערצושטרייכן, אַז דער בן דעת אין איר מיינט דווקא שור בן דעת. וואָרום פּונקט, ווי איר פרעגט: פאַר וואָס האָט זי ניט געשריבן: נפל לתוכו אדם, אויב זי האָט מיט בן דעת אַ מענטשן געמיינט, אָט אַזוי קען מען אויך פאַר־קערט פרעגן: אויב זי האָט דווקא שור בן דעת געמיינט מיט דעם בן דעת, טאָ פאַר וואָס האָט זי טאַקע ניט געשריבן שור בן דעת, כדי קלאָר צו מאַכן פאַר אונדז אויף אַן אופן, אַז עס זאָל גאָר קיין ספק ניט בלייבן ביי אונדז וועגן דעם, אַז ווען דער נופל איז אַ שור פקח קען מען דעם בעל הבור ניט מחייב זיין אין דער נפילה.

בנוגע דעם צווייטן פאַל ווידער: ווען די גמרא וואָלט געווען פאַרענדיקן מיט דעם תירוץ, וואָלט נאָך ערגער געווען. עס וואָלט אויסגעקומען, אַז זי האָט זיך כלל גאָר ניט גערעכנט מיט דער גוואַל־דיקער שוועריקייט, בנוגע וועלכער עס איז זיך גאָר כלל ניט מעגלעך פאָרצושטעלן, עס זאָל געווען קענען מעגלעך זיין פאַר איר זיך ניט צו רעכענען מיט איר, מיט די נאָך גרעסערע טענות, וואָס עס איז גאָר שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז די גמרא האָט זיי געקענט פאַרזען — מיט וועלכע מען וואָלט דאַן געקענט קומען צו זיי.

וואָרום עס וואָלט אויסגעקומען דאַן, אַז זי פאַרענדיקט די סוגייא, מיט דער אבזיכטלעכער כוונה פון ריכטיקן וועג אונדז אַראָפּצופירן, אַרויפצווינגען אויף אונדז אַ מסקנה, וואָס באַדאַרף אונדז פירן צו אַ פאַלשער הנחה, אַז מען באַדאַרף אויסטייטשן די משנה ווי רבי ירמיהו. וואָרום ווי באַלד די סוגייא פאַרענדיקט זיך לטובת רבי ירמיהו, און די גמרא זאָגט אונדז גאָר ניט, ווי מיר דאַרפן זיך לדינא אויפפירן: צי לויט דער אויסטייטשונג פון דער משנה, וואָס רבי יוחנן גיט אונדז,

אָדער לויט רבי ירמיהוס אויסטייטשונג, מוז זי מסתמא אוודאי מיינען דערמיט צו זאָגן, אַז ניט נאָר קענען מיר אויך רבי ירמיהוס אויסטייט־שונג אַקצעפּטירן, נאָר אויך, אַז זי באַדאַרף אַלס די איינציקע דערלאָז־באַרע פאַררעכנט ווערן, און נאָר לויט איר נאָך אויך לדינא זיך פירן. וואָס דאָס הייסט: ניט נאָר מעגלעך מאַכן פאַר אונדז אויסצוטייטשן דעם בר דעת פון דער ברייתא אויף אַ וועג, וואָס ער דאַרף אויף אים בשום אופן ניט אויסגעטייטשט ווערן, נאָך אויך ברענגען דערצו, מיר זאָלן פּסקענען אין דעם פאַל לדינא פונקט פאַרקערט, ווי דער דין איז אין אמתן. און ווען אפילו מיר וואָלטן ניט געוואוסט וועגן דעם, אַז דער דין קען בשום אופן ניט געפּסקנט ווערן לויט רבי ירמיהוס אויס־טייטשונג פון דער משנה, ווי אויך, אַז דער בן דעת פון דער ברייתא קען בשום אופן ניט מין בן דעת מיינען, וואָלטן מיר געקענט דברים קשים כגידים קעגן זיי רעדן פאַר דעם, וואָס זיי האָבן דערלאָזט די מעגלעכקייט מיט דעם אופן, וואָס זיי האָבן פאַרענדיקט די סוגייא, עס זאָל זיך שאַפן ביי אונדז דער איינדרוק, אַז מיר מוזן אויסטייטשן דעם בן דעת פון דער ברייתא מין בן דעת, און לדינא דאַרפן מיר זיך פירן דווקא לויט דעם, ווי רבי ירמיהו טייטשט די משנה אויס.

מיר וואָלטן, ראשית כול, אויף אַן אַנדער אופן אַרויסגעשטעלט קעגן זיי די זעלבע טענה, מיט וועלכער מיר וואָלטן געקומען צו זיי, ווען זיי וואָלטן פאַרענדיקט די סוגייא מיט דער קשיא; די טענה: מיט וואָס זיינט איר דאָס אַזוי זיכער, אַז דער תירוץ אייערער באַזיצט גענוג כוח בטל צו מאַכן די קשייא, פאַר וואָס שטייט ניט אדם אַנשטאָט בן דעת. ווען אפילו אָבער, ער זאָל דערויף יאָ גענוג כוח באַזיצן, באַ־זיצט ער שוין גאָר קיין כוח ניט דערויף, ער זאָל אונדז קענען פירן צו דער מסקנה, אַז מיר מוזן דווקא רבי ירמיהוס אויסטייטשונג אָנ־ווענדן בנוגע דער משנה. וואָרום ווען אַפילו דער תירוץ זאָל דאַרפן באַטראַכט ווערן אַלס אַ גוטער, וואָלט דאָס געקענט געטאָן ווערן נאָר אין דעם זין, מיר זאָלן ניט מוזן אָננעמען, אַז ווייל עס שטייט ניט אדם, קען דער בן דעת פון דער ברייתא בשום אופן ניט מיינען מין בן דעת, אָבער ניט, אַז ער מוז מיינען מין בן דעת. רבי יוחנן, למשל, וואָלט פונקט אַזאַ רעכט געהאַט דאַן, ווי רבי ירמיהו, צו באַהויפּטן: דו זאָגסט, אַז די ברייתא מיינט מין בן דעת, און איך זאָג, אַז זי מיינט שור בן דעת. נאָר ווען אַפילו מיר זאָלן אָננעמען, אַז זי מיינט דווקא מין בן דעת, זיינען מיר נאָך אַלץ ניט געצוואונגען אָנצונעמען, אַז די

משנה מוז מיינען פּקח לא מבעי. מען קען דאַן אָננעמען, אַז זי מיינט אַזוי. קיין מוז איז דאָס אָבער ניט.

וואָרום דער תירוץ קען דאָך ניט האָבן די זעלבע באַדייטונג, וואָס אַנבאַלאַנגט די רעזולטאַטן, צו וועלכע מען קען דורך אים קומען, ווי די קשיא אין ערשטן פאַל. די רעזולטאַטן, צו וועלכע עס פירט די קשיא, ווען מען באַטראַכט זי אַלס סאליד גענוג, זיינען, אַז מען מוז רבי ירמיהוס פירוש פאַרוואַרפן. אין צווייטן פאַל אָבער קענען זיי זיין ניט מער ווי נאָר דאָס, אַז מען זאָל אים קענען אַקצעפּטירן, אָבער אַלץ נאָך ניט, אַז מען מוז אים אַקצעפּטירן.

ווען אָבער אַפילו מיר זאָלן זיך ווילען באַגיין דאַן לפנים משורת הדין, מיר זאָלן אָננעמען, אַז די גמרא איז געווען זיכער, אַז מ'וועט איר ניט פאַרשטיין אויף דעם וועג, וועגן וועלכן מיר האָבן אָט ערשט גע־רעדט. וואָס וואָלט אונדז אָבער אַרויסקומען דערפון? עס וואָלט נאָך אַלץ גענוג שלעכט דאַן געווען.

אַלענפאַלס וואָלט זיך דאָס — דער אופן, ווי זי וואָלט געווען פאַרענדיקט די סוגייא — זיכער געמוזט מיינען, אַז לויט איר נאָך איז דאָ אַ מעגלעכקייט יאָ אויסצוטייטשן דעם בן דעת פון דער ברייתא מין בן דעת, אַז מען מוז זי ניט דורכאויס פאַרוואַרפן, וואָס דאָס מיינט שוין ווידער אויך, אַז אויך וואָס אַנבאַלאַנגט לדינא, גיט זי אונדז ניט קיין אָנווייזונג, ווי מיר דאַרפן זיך פירן, אַז אויך, וואָס אַנבאַלאַנגט דעם אופן, ווי מען באַדאַרף פאַרשטיין די משנה: צי ווי רבי ירמיהו טייטשט זי אויס, אז פּקח לא מבעי, אָדער ווי רבי יוחנן, אַז די משנה רעדט וועגן אַ שור חרש שוטה וקטן דווקא — געפינען מיר ביי איר קיין הכרעה ניט.

און דאָס אַלעס מיינט, אַז זי — די גמרא — וואָלט פאַרענדיקט די סוגייא אויף אַן אופן, מיר זאָלן דורך איר אויף אַ שוידערלעך פאַלשן וועג אַוועקגעשטעלט ווערן, וואָרום דער בן דעת פון דער ברייתא דאַרף דאָך אין אמתן דורכאויס נאָר אַ שור בן דעת מיינען. ער דאַרף כלל ניט מין בן דעת מיינען. דאָס זעלבע איז אויך בנוגע דער משנה. זי קען בשום אופן ניט אויסגעטייטשט ווערן, אַז זי מיינט: „פּקח לא מבעי". מיר קענען בשום אופן ניט אָננעמען, אַז עס איז דאָ אַ מעג־לעכקייט צו באַהויפּטן, אַז לדינא קען מען זיך אפשר אויך לויט רבי ירמיהוס אויסטייטשונג פירן.

## נ"א

וועגן די אופנים, וועגן וועלכע איך האָב אָט ערשט גערעדט, איז, אלזא, ניטאָ וואָס צו רעדן. מען דאַרף דעריבער אָננעמען, אַז די סוגייא וואָלט זיך געוועזן פאַרענדיקט דאָן אויף דעם זעלבן אופן, ווי זי פאַר־ענדיקט זיך איצט. דאָס הייסט, אויך דאָן, ווען די קשיא זאָל געווען געפרעגט ווערן, וואָלט די סוגייא געמוזט פאַרענדיקט ווערן מיט דער לעצטער ברייתא: „נפל לתוכו שור בן דעת פטור". אַז דערפון וואָלט קיין שום נוצן ניט געקענט געווען אַרויסקומען — וועגן דעם האָבן מיר שוין גערעדט: דאָס וואָלט געהייסן נאָר אַן איבע־ריקן באַלאַסט אַריינטראָגן אין דער סוגייא; אַפערירן מיט אַזאַ אר־גומענט, וואָס טראָגט גאָר ניט וועזנטלעכעס צו־צו איר. וואָרום ער איז ניט בכוח דאָס הויפּט פּראָבלעם אויף דערווייל אַפילו אין דער אָדער יענער ריכטונג אויף אַ מער זיכערער פּאָזיציע אַוועקשטעלן. וואָרום די פראַגע איז אַזאַ, וואָס שוין ביים פרעגן זי שלעפּט זיך איר נאָך דער תירוץ, וואָס קען אויף איר געגעבן ווערן. און דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערן בנוגע דעם תירוץ. ער איז כלל ניט בכוח די קשיא מבטל צו זיין. זיי רעדן ביידע מיט אַ האַלב מויל. ניט די קשיא איז אַזאַ, זי זאָל קענען אונדז צווינגען, מיר זאָלן די מסקנה, צו וועלכער זי וויל אונדז צופירן — אָקצעפּטירן. און ניט דער תירוץ איז אַזאַ, וואָס די מסקנה, צו וועלכער ער וויל אונדז צופירן, זאָל קענען דורך אים אויף אונדז אַרויפגעצוואונגן ווערן.

ניט אין דעם אַליין אָבער גייט עס.

עס גייט אויך אין דעם — און דאָס איז פון גאָר גרויס וויכטיקייט — וואָס עס וואָלט פאַר אונדז דאַן זייער שווער געווען — אָדער אפילו כמעט אוממעגלעך — איינצופּאַסן זי — די קשייא, וועגן וועלכער מיר רעדן — אין דער שקלא וטריא אויף אַן אָופן, זי זאָל קענען פאַר־בונדן ווערן אין דער נויטיקער געעריקער געקייטעלטקייט מיט דעם לעצטן רינג אירן, מיט דער לעצטער ברייתא, וואָס ברענגט אונדז שוין צו אַ באַשטימטער, אומבאַשטרייטבאַרער אַנטשיידונג בנוגע דעם צענטראַלן פּראָבלעם, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, איינאָרדענען זי קאָמ־פּאָזיציאָנעל אויף אַן אופן, עס זאָל קענען פון איר אַ גראַדער וועג זיך ציען צו דער דערגרייכונג פון דעם הויפּט צוועק, וואָס די מסדרים פון

דער סוגייא האָבן זיך געשטעלט; פון דעם הויפט צוועק אַרויסצוברענגען אויף אַ שאַרפן בולטן אופן דעם לעצטן אַרגומענט, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס דער שווער פונקט פון דער סוגייא, וואָס אַרום אים באַוועגן זיך די אַלע פאַרשיידענע טיילן אירע.

ווען די גמרא זאָל געווען פרעגן נאָך דעם „אלא מאי בן דעת? — מין בן דעת״: „אי הכי לימא: נפל לתוכו אדם״, וואָלט קאָמפּאָזיציאָנעל נאָכדעם ניט מעגלעך געווען איבערצוגיין צום לעצטן טייל: „והתנייא: שור בן דעת פטור״? עס קען זיך אפילו אויסווייזן, אַז אין אַן אַנדער פאָרם וואָלט מען דאָס יאָ געווען געקענט טאָן. אָנשטאָט: „והא תנייא שור בן דעת פטור?״ וואָלט מען געווען געקענט שרייבן: „תנייא נמי הכי״. אין אמתן אָבער וואָלט אָט דער דאָזיקער פאָרם שנוי אויך ניט געטויגט. וואָרום עס וואָלט געמוזט אויסקומען דאַן, אַז לויט דער גמרא האָט די קשייא די זעלבע וואלידיטעט, ווי די ברייתא, וואָס דאָס איז ניט אַזוי, שוין ניט רעדנדיק וועגן דעם, וואָס די דאָזיקע פאָרם — דער תנייא נמי הכי — קען זיך פאַרבינדן נאָר מיט אַן אָפן אויסגעשפּראָכענער באַהויפּטונג, אָבער ניט מיט אַן אינדירעקטער, מיט אַן אימפּליצירטער.

אין פאַל ווידער, ווען נאָך דער קשייא וואָלט אויך געקומען דער תירוץ פון „לא חיישינן למידק״, וואָלט, אמת, פון קאָמפּאָזיציאָנעלן שטאַנדפּונקט שוין געווען גרינגער איבערצוגיין צו דער לעצטער ברייתא. דאָ וואָלט די ברייתא געקענט געבראַכט ווערן אויך אין איר איצטיקער פאַרבינדונג. נאָך דעם תירוץ וואָלט געקענט קומען אין איר — אין דער סוגייא — דער „והתנייא: נפל לתוכו שור בן דעת — פטור״? אָבער ווידעראַמאָל דאָס אייגענע: עס וואָלט זיך דאַן געמוזט שאַפן דער איינדרוק, אַז ווען ניט די לעצטע ברייתא, וואָלט דער תירוץ שוין גענוג געווען דאַרויף, מען זאָל אַלענפאַלס — קענען פסקענען דעם דין לויט רבי ירמיהוס אויסטייטשונג מיט ניט ווייניקער רעכט ווי לויט רבי יוחננס אויסטייטשונג, וואָס דאָס איז שוין גאָר ניט ריכטיק. וואָרום ווי ניט ענטשיידנדיק עס איז די האָפט פון דער קשייא, איז זי דאָך פון גרעסערער וואַלידיטעט בנוגע דעם, צי מ׳באַדאַרף יאָ אָדער ניט פּאַרוואַרפן די מין בן דעת אויסטייטשונג, און צוזאַמען דערמיט אויך: צי מען מוז יאָ אָדער ניט רבי ירמיהוס אויסטייטשונג פון דער משנה — פּאַרוואַרפן, ווי די וואַליטידעט פון דעם

תירוץ, וואָס ווערט אויף איר געגעבן. צי די קשיא איז בכוח אוממעג־לעך צו מאַכן די אויסטייטשונג מין בן דעת, צי ניט, איז אָבער דאָס זיכער, אַז אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשוואַכט ווערט יאָ די דאָזיקע אויס־טייטשונג דורך דער קשייא — און זי בלייבט שוין אַזוי אָפּגעשוואַכט שוין אַפילו נאָך דעם תירוץ, וואָס ווערט אויף איר געגעבן.

מיט איינעם וואָרט: ווען די קשייא וואָלט יאָ געפּרעגט געוואָרן, וואָלט די סוגייא ניט געווען געקענט האָבן דאָן אָט יענע אינערלעכע פאַרבינדונג צווישן די פאַרשיידענע טיילן אירע, וואָלט זי געמוזט דאָן אויף געוויסע קאָמפּאָזיציאָנעלע שוועריקייטן זיך אָנשטויסן. עס וואָלט צעשטערט געוואָרן דאָן אָט יענע נויטיקע האַרמאָניע, אין וועלכע די אַלע באַזונדערע פּאַזן פון דער סוגייא דאַרפן זיך צוזאַמענגיסן. די אין געהעריקע אָרדענונג צוזאַמענשטעלונג פון דער סוגייא, דער פרייער, אומגעצוואונגענער איבערגאַנג פון איין פּאַזע פון דער שקלא וטריא, וואָס גייט אָן אין איר, צו דער צווייטער, די דערגרייכונג פון די צילן און צוועקן, וואָס די דאָזיקע סוגייא האָט זיך געמוזט שטעלן, ווי דאָס איז דער פאַל מיט אַלע אַנדערע סוגיות אין דער גמרא, וואָלטן דאַן ניט געווען געקענט זייער געהעריגען תיקון קריגן.

די דאָזיקע אַלס אונבאַדינגט נויטיקע פאַר אַ סוגייא קוואַליפיקאַ־ציעס, וועגן וועלכע איך האָב שוין פאַרבייגייענדיק — און ניט אויף אַן אויסשעפּנדיקן און ווי געהעריק אָרגאַניזירטן אופן — גערעדט אייניקע מאָל, קענען סומירט און פאָרמולירט ווערן אין די דאָזיקע צוויי כוללדיקע הויפּט פּרינציפּן, וואָס מוזן אַלס די נשמה, דער לעבנס־אָטעם פון יעדער סוגייא באַטראַכט ווערן.

א') דער „להגדיל תורה ולהאדירה" פּרינציפּ. דאָס הייסט: אַרומ־ריידן דעם עניין, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך אין דער סוגייא אויף אַלערליי דערלאָזבאַרע — פון לאָגישן שטאַנדפּונקט — אופנים, אָפּעררירן מיט אַלערליי פאַרזוכן — דורך אַנאַליזין און אַרגומענטן; דורך פרעגן קשיות און פאַרענטפערן זיי מיט תירוצים — וואָס קענען געשטעלט ווערן אין שייכות מיט דעם באַהאַנדלטן עניין, אויף צו לייזן דאָס פּראָבלעם, וואָס די סוגייא האָט פאַר זיך, אָפּגעזען דערפון, צי די מסקנות, צו וועלכע מען קען קומען דורך די דאָזיקע פאַרזוכן, קענען אָנגענומען ווערן אַלס גאַנץ זיכערע אָדער ניט; צי זיי קענען באַטראַכט ווערן אַלס אַזעלכע וואָס זיינען נאָר פון צייטווייליקן ווערט,

וואָרום די אַלע פאַרביילויפנדיקע באַהויפּטונגען, אַנאַליטישע אַרגומענטן און אויסטייטשונגען וועלן מוזן נאָכדעם סיי ווי סיי פאַרוואָרפן ווערן, אָדער צוליב, אַלס אַזעלכע, וואָס קענען שוין בשום אופן ניט פאַרוואָרפן ווערן.

ב') דער צווייטער איז דער „לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא" מאָמענט וואָס איז דער הויפּט צוועק פון יעדער סוגייא. דאָס הייסט: פאַרענדיקן שטענדיק מיט אַן אַרגומענט, וואָס מוז אונדז שוין צו זי־כערע מסקנות צופירן, וואָס אין אים ליגט שוין דער אמתער שליסל פאַר אונדז אויף צולייזן דאָס פּראָבלעם ווי געהעריק.. אויב צווישן די אַרגומענטן, וואָס זיינען געקומען פאַר אים, האָט מען קיין איינעם אַפילו ניט געקענט געפינען, וואָס זאָל געוועזן קענען באַטראַכט ווערן אַלס אַ לעצטער פונקט, וואָס מאַכט שוין אוממעגלעך צו ציען דעם דיאַלעק־טישן פאָדעם ווייטער, שטעלט שוין מיט זיך אָט יענער אַרגומענט, ווירקלעך, אָט אַזאַ לעצטן פונקט פאַר, מיט וועלכן עס ווערט שוין די גאַנצע שקלא וטריא געשלאָסן, נאָך וועלכן מען קען שוין, ווירקלעך, דעם דיאַלעקטישן פאָדעם ווייטער ניט ציען. וואָרום דורך דעם דאָזיקן אַרגומענט ווערן מיר שוין צוגעפירט צו זיכערער באַשטימט־קייט, ווי אַזוי מען באַדאַרף דאָס פּראָבלעם, וואָס איז דער צענטראַלער פונקט פון דער סוגייא, לייזן, און צו אַ קלאָרער אָנווייזונג, ווי אַזוי דער דין, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך אין דער סוגייא, דאַרף גע־פסקנט ווערן.

און דעריבער לעגט די גמרא שטענדיק אַזויפיל אָנשטרענגונג אַן דערויף, אַז די אַראַנזשירונג פון דער סוגייא זאָל געמאַכט ווערן אויף אַן אופן, עס זאָל קענען אַ באַלאַנסירטע פאַרהעלטניס עקזיס־טירן צווישן די דאָזיקע צוויי הויפּט פּרינציפּן, אַז איינער זאָל דעם „וואוילזיין" פון צווייטן ניט שטערן.

פון איין זייט ווייזט זי שוין באַלד אין אָנהויב אָנגעשטרענגטע פאָרזיכטיקייט אַרויס, אַז די סוגייא, וואָס זי הויבט אָן, זאָל דורך איר ניט געעפענט ווערן אויף אַ וועג, וואָס זאָל שוין אומנויטיק מאַכן — און דעריבער: אויך אוממעגלעך — אַ פּרעלימענאַרע בריי־טערע שקלא וטריא אָנצופירן בנוגע דעם באַהאַנדלטן אין איר עניין, אויף אַ וועג, זי זאָל קענען אין פולן מעגלעכן שוואונג דעם פּרינ־ציפּ פון „להגדיל תורה ולהאדירה" ווי געעריק דורכצופירן, זי זאָל קענען זיך באַנוצן איידער זי גייט צו צו דער ענדגילטיקער אַנטשיידונג

פון פראָבלעם, וואָס זי באַהאַנדלט — מיט פאַרשיידענע אַנאַליזן, אַר־גומענטן און פּלפּול עלעמענטן. פון דער צווייטער זייט איז זי אָבער דערביי ביז גאָר שטענדיק פּאָרזיכטיק, צו באַנוצן זיך מיט דעם דאָזיקן פּרינציפּ נאָר אין אַזאַ פאָרם, ווי איך האָב שוין גאָר פריער אָנ־געוויזן דערויף פאַרבייגייענדיק, אַז די דאָזיקע פּלפּול מאָמענטן זאָלן די גאַנצקייט, די אויסגעהאַלטנקייט און די צוועקמעסיקייט פון דער סוגייא ניט שטערן, אַז זיי זאָלן קענען האַלטן אָפּן אין זיך אַ בשותפות־דיקן פרייען וועג, דורך וועלכן די סוגייא זאָל קענען צוגעפירט ווערן צום לעצטן וויכטיקסטן הויפּט אקארד, מיט וועלכן זי דאַרף זיך שליסן. זי שליסט דעריבער איין אין דער סוגיא נאָר אָט יענע עלעמענטן, וואָס מען קען לייכט און אומגעשטערט איבערגיין פון זיי צום הויפּט צוועק פון דער סוגייא, צום „לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא" מאָמענט. די אָבער, וואָס זיינען ניט מסוגל פאַר דעם, וואָס באַדאַרפן ברענגען דערצו, אַז די סוגייא זאָל פאַרענדיקט ווערן אויף אַן אופן, דער הויפּט עלעמענט אין איר זאָל שוין מוזן אויסגע־לאָזן ווערן, אָדער ניט קענען פאַרענדיקט ווערן אָן דעם, ער זאָל ניט מוזן באַגעגענען געוויסע קאָמפּאָזיציאָנעלע שטערונגען בנוגע דער מעגלעכקייט, וואָס שטייט אים פאָר, אין געהעריקער פאַרבינדונג מיט זיי געשטעלט ווערן, אָן דעם, מיר זאָלן ניט זיין געצוואונגען איבעריקע אַרומוועגן זוכן פאַר דער פאַראייניקונג זיינער מיט זיי, וואָס דאָס מיינט, אָן שום נוצן מיט איבעריקן מאַטעריאַל די סוגייא אָנלאדן — די דאָזיקע עלעמענטן פאַרוואַרפט זי. זי פאַרוואַרפט זיי אויך אין אַזאַ פאַל, ווען אַפילו עס האַנדלט זיך וועגן אַזוינע עלעמענטן, וועלכע זיינען, אין קעגנזאַץ צו אונדזער פאַל — צום פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן — דווקא יאָ פון געוויסן וואָגיקן אינהאַלט — עלעמענטן, וואָס זענען בכלל ניט פון וואָגיקן אינהאַלט — ערלויבט זי זיך ניט אַריינ־צונעמען אין דער סוגייא אָן דעם מאָטיוו אַפילו. וועגן וועלכן מיר רעדן, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן דערויף — פון שטאַנדפּונקט פון קענען באַטראַכט ווערן אַלס לאָגישע אַרגומענטן. זי קען זיך דער־לויבן דאָס צו טאָן, וואָרום סיי ווי דאַרף זי זיי ניט אויף צושלאָגן אָדער פאַרטיידיקן די באַהויפּטונג, וואָס זי האָט אין זינען אין פאָר־אויס שוין צו פאַרוואַרפן אָדער צו אַקצעפּטירן.

וואָרום זי האָט דערויף אַ שטאַרקערע קאָרט, וואָס דערלאָזט שוין

גאָר ניט קיין שום מעגלעכקייט אָפּצופרעגן זי אָדער צו צווייפלען, צי זי פאַרמאָגט אין אַ געהעריקער מאָס וואַלידיטעט, צו באַטראַכטן זי אַלס אַזאַ, וואָס איר אמת מוז פון אונדז אָנגענומען ווערן.

## נ״ב

און אָט דער גייסט, דער גייסט פון אָט יענע צוויי פּרינציפּן: א) אַריינצולאָזן זיך אין אַ שקלא וטריא וועגן דעם פּראָבלעם, בנוגע וועלכן זי דאַרף אַ לייזונג געפינען, כאָטש זי וואָלט געקענט דער־גרייכן דעם דאָזיקן צוועק דורך אַ פיל קירצערן וועג, ווי דער וועג, אויף וועלכן זי האָט זיך אָוועקגעלאָזט; און ב) זוכן איינצופּאַסן די פאַרשיידענע טיילן פון דער שקלא וטריא אין אַזאַ געקייטעלטקייט, זי זאָל זיך קענען אין פיינער קאָמפּאָזיציאָנעלער אָרדענונג פאַרענ־דיקן מיט דעם הויפּט אַרגומענט, וואָס באַדאַרף גאָר צולעצט קומען — אָט דער גייסט שוועבט אויך אויף אונדזער סוגייא. זי קען דינען אַלס אַ מוסטער אילוסטראַציע פאַר דעם אופן, ווי אַזוי אָט יענע צוויי פרינציפּן ווערן פאַרקערפּערט אין אַ סוגייא.

אָפּשטעלנדיק זיך אויף דעם, וואָס די משנה זאָגט: „נפל לתוכו שור חרש שוטה וקטן — פטור״ — ברענגט זי — די גמרא — דיביידע מיינונגען: די מיינונג פון רבי יוחנן און די מיינונג פון רבי ירמיהו. און געטריבן פון דעם מאָטיוו פון להגדיל תורה ולהאדירה״ הויבט זי אָן די שקלא וטריא מיט רבי ירמיהוס אויסטייטשונג. וואָ־רום ווען זי וואָלט זיך אָפּגעשטעלט אויף רבי יוחננ׳ס, וואָלט דער מאָמענט פון „להגדיל תורה ולהאדירה״ געמוזט גאָר אינגאַנצן פעלן, אין דער סוגייא. וואָרום וועגן רבי יוחננס אויסטייטשונג איז זיך ניטאָ וואָס צו מפלפל זיין. ווארום דאָס איינציקע, וואָס קען דאָ געטאָן ווערן, איז נאָר דאָס, ברענגען אַ תנייא דמסייע ליה פון דער לעצטער ברייתא, וואָס זי ברענגט אין דער סוגייא — וואָס דאָס וואָלט שוין גאָר אינגאַנצן אוממעגלעך געמאַכט צו מפלפל זיין זיך וועגן דער אויס־טייטשונג פון רבי ירמיהו, צו זוכן אַ באַרעכטיקונג פאַר דער דאָזיקער אויסטייטשונג. וואָרום פון דער לעצטער ברייתא איז דאָך שוין קלאָר, אַז מען קען ניט די משנה אויסטייטשן, ווי רבי ירמיהו וויל זי אויסטייטשן, אַז מען מוז אין איר אַ סתירה זען אויף פון דער

פריערדיקער ברייתא, וואָס איידער מיר ווייסן פון דער לעצטער, וואָלט מען זי געקענט אויסטייטשן אויף אַן אופן, זי זאָל ניט מוזן אַ סתירה צו איר ענטהאַלטן.

און פונקט ווי זי קען דינען אַלס מוסטער אילוסטראַציע פאַר דעם אופן, ווי דער ערשטער פּרינציפּ, דער פּרינציפּ פון „להגדיל תורה ולהאדירה", ווערט פאַרקערפּערט אין אַ סוגייא, אַט אַזוי קען זי אַלס מוסטער אילוסטראַציע דינען בנוגע דעם אויך פאַר דעם צווייטן פּרינציפּ, פאַר דעם פּרינציפּ פון „לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא". זי איז אויף אַזאַ אופן איינגעאָרדנט, אַז די ביידע מאָ־מענטן פון וועלכע זי איז צוזאַמענגעשטעלט — דער „לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא" מאָמענט און דער מאָמענט פון „להגדיל תורה ולהאדירה" — זיינען אין איר אויף אַ וואונדערלעכן אופן צוזאַ־מענגעגאָסן. עס איז פאַראַן אַ נאַטירלעכע אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן זיי.

פאַרענטפערנדיק די קשייא פון דער ברייתא „נפל לתוכו בן דעת", וואָס ווערט געפרעגט אין דער סוגייא אויף רבי ירמיהוס אויסטייטשונג פון דער משנה, פאַרענדיקט די גמרא אין צוזאַמענ־האַנג מיט דעם תירוץ, וואָס ווערט געגעבן אויף דער קשייא, מיט דער פונדאַמענטאַלסטער קשייא פון דער לעצטער ברייתא, פון וועל־כער די גמרא האָט זיך פריער אָפּגעהאַלטן, כדי עס זאָל מעגלעך זיין מרבה בדברי תורה צו זיין, כדי אַרויסצוברענגען, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט דער ערשטער ברייתא וואָלט מען זיך שוין ווי עס איז געקענט אַן עצה געבן — מיט דער פונדאַמענטאַלסטער קשייא פון דער לעצטער ברייתא, דורך וועלכער עס ווערט שוין דערגרייכט סוף כל סוף דער אַנדערער, ניט ווייניקער וויכטיקער צוועק: צו אַ באַשטימטער מיי־נונג קומען: אי וועגן דעם, ווי אַזוי מען באַדאַרף טייטשן די משנה, ווי אויך די ערשטע ברייתא, וואָס דאָס מיינט שוין אויך — צו אַ באַ־שטימטער מיינונג קומען בנוגע דעם, ווי אַזוי דער דין דאַרף גע־פּסקנט ווערן.

---

און, אגב — פּילעס פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב ביז אַהער געזאָגט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַראַנזשירונג און צוזאַמענשטע־לונג פון די סוגיית אין דער גמרא, קען מען פאָרמולירן אין אַן אונ־

בויגזאַמען לאָגישן פרינציפּ, אַז דאָרטן, וואו מיר פאַרנעמען זיך צו לייזן אַ געוויסן פּראָבלעם, פאַר וועלכן מיר האָבן שוין פון אָנהויב אָן אַ זיכערע לייזונג, נאָר צוליב געוויסע מאָטיוון געפינען מיר פאַר נויטיק אָנצופירן אַ לענגערע שקלא וטרייא, אַוועקצולאָזן זיך אויף פאַרשיידענע וועגן, דורך וועלכע מיר זאָלן סוף כל סוף צוגעפירט ווערן צו אָט יענעם פונקט, וואו מיר קענען די לייזונג געפינען, צו וועלכן מיר וואָלטן, אמת, אויך גאָר אין אָנהויב, אָן דעם, מיר זאָלן געוועזן דאַרפן אויף די דורכגעמאַכטע זייטיקע וועגן זיך אַוועקלאָזן — גע־ווען געקענט צוקומען, מוזן מיר זייער פאָרזיכטיק זיין, אויסצולאָזן אָט יענע עלעמענטן, וואָס מאַכן אוממעגלעך דעם נויטיקן פרייען איבערגאַנג אין דער שקלא וטרייא צו אָט יענעם פונקט, וואָס נאָר ער קען אונדז געבן דעם ריכטיקן ענטפער, וואָס נאָר ער קען ניט באַטראַכט ווערן, ווי נאָר אַ צייטווייליקער ענטפער, דורך וועלכן מען באַדאַרף ערשט צום לעצטן פונקט צוקומען.

## נ"ג

דער היוצא לנו, אַלזאָ, פון דער שקלא וטרייא, וואָס מיר האָבן אָנגעפירט ביז איצט, איז, אַז דיביידע דערקלערונגען פון „משך חכמה" זיינען אַזוינע, וואָס מוזן פאַרוואָרפן ווערן. וואָרום זיי זיינען אין קאָנ־פליקט מיט דעם אַלעם, וואָס מיר געפינען אין תלמוד און ביי די גדולי הפוסקים הראשונים. ניט ווייניקער ווי די „דאית ליה קלא" דערקלערונג איז קעגן דער גמרא, איז אויך די „בעי לעיוני" דער־קלערונג.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם „דאית ליה קלא מאטיוו" — איז בכלל קיין זכר וועגן אים ניטאָ אין ערגעץ אין צוזאַמענהאַנג מיט די ענינים, וועגן וועלכע מיר רעדן. דער „בעי לעיוני" ווערט יאָ דאָ אָדער דאָרטן דערמאָנט אין דעם דאָזיקן צוזאַמענהאַנג — אָבער, ווי איך האָב דאָס שוין געענוי און אויספירלעך דערקלערט, כלל ניט אויף אַ וועג, וואָס זאָל קענען באַשטעטיקן די פאַלשע דערקלערונג, וואָס ווערט געגעבן פאַר דעם, וואָס מיר באַפרייען דעם בעל הבור פון שטראָף אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבורו, נאָר גאָר פאַרקערט נאָך: אויף אַ וועג, וואָס צווינגט אונדז, פשוט, צו פאַרוואַרפן זי.

און דאָ וויל איך נאָך צוגעבן פאָלגענדעס: דער גאַנצער עניין

פון דעם „בעי לעיוני" פרינציפ איז בכלל זייער אַ קאָמפּליצירטער: כלל ניט אַזאַ איינפאַכער, ווי די וואָס אַפּערירן מיט אים אַזוי לייכט־הענדיק שטעלן זיך פאָר. דער ווערט זיינער איז כלל ניט פון אַ ערשט־ראַנגיקן פרינציפּ. יעדן מאָל, וואָס מיר זאָגן „בעי לעיוני ומיזל" איז דאָס מער ניט ווי נאָר אַ עפּיגראַמישע פאָרמולירונג פון דעם פסק, וואָס מיר געבן אַרויס אין אַ געוויסן פאַל, אַז מיר באַדאַרפן דעם בעל התקלה באַפרייען. ער איז ניט קיין פאָראויסגייענדיקער פרינציפּ, וואָס נאָר לויט אים נאָך דאַרף מען זיך ריכטן אין יעדן פאַל, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן אַ תקלה. אין זיך אַליין איז ער אין קיין פאַל גאָר אינגאַנצן קיין לייטנדער פרינציפּ ניט. זיין פונקציע איז — פון אַ שמש זיין ביי דעם אמתן פרינציפּ, וואָס לויט אים נאָך פירן מיר זיך אין דעם פאַל פון אַ תקלה, אין וועלכן מיר באַנוצן זיך מיט דער דאָזיקער פאָר־מולא. ער איז ניט מער ווי נאָר די פאָרם, אין וועלכער עס מאַניפעס־טירט זיך דער ווערדיקט אומשולדיק, וואָס מיר באַדאַרפן אַרויסטראָגן בנוגע דעם בעל התקלה אויף דעם סמך פון אָט יענעם פרינציפּ, וואָס נאָר ער האָט פאַראורזאַכט דעם דאָזיקן ווערדיקט. דער דאָזיקער „בעי לעיוני" מיינט ניט צו זאָגן, אַז ווען מיר האָבן פאַר זיך אַ פאַל, וואָס פאַר אַ פאַל עס זאָל ניט זיין, פון תקלה, מוזן מיר דעם בעל התקלה אַלס אומשולדיק דערקלערן, וואָרום מיר זאָגן, אַז דער נתקל באַדאַרף אַכטונג געבן, ווען ער גייט. וואָרום דער קאַרדינאַלער פרינציפּ אין די ענינים פון תקלה איז „בעי לעיוני". עס הויבט זיך אַפילו גאָר ניט אָן. פאַרקערט, בכלל גענומען איז אין די אַלע עניני תקלה — אין יעדער תקלה, וואָס איז פון זעלבן כאַראַקטער, פון וועלכן עס איז די בור תקלה — דער קאַרדינאַלער הויפּט פרינציפּ, אַז מיר דאַרפן דעם בעל התקלה באַשולדיקן. בכלל גענומען קען אונדז אין אָט יענע פעלע קיינמאָל ניט אויסקומען צו באַנוצן זיך מיט דער דאָזיקער פאָרמולאַ. נאָר אין איינצלנע פעלע, אין אָט יענע פעלע, אין וועלכע עס געפינט זיך אַ שולד עלעמענט מצד דעם נתקל, וואָס וויגט איבער דעם שולד עלעמענט פון בעל התקלה, דורך וועלכן עס ווערט אומווירקזאַם דער כלל, ביי וועלכן מיר האַלטן זיך אין געוויינלעכע תקלה פעלע, דער כלל פון „אין דרכם של אנשים — והוא הדין לבעלי חיים *) — להתבונן בדרכים". נאָר אין אַזוינע פעלע וואַרפן מיר די שולד אויף דעם

*) לויט דעם רמב"ם אַלענפאַלס.

נתקל. נאָר אין אַזאַ פאַל באַנוצן מיר זיך מיט דער „בעי לעיוני פאַר־מולא", וואָס דער מיין אירער דאַן איז, ווי מיר האָבן אָט ערשט אים פאָרמולירט. זי איז ניט מער ווי אַן עקוויוואַלענט פאַר דער באַ־הויפּטונג, וואָס מיר דאַרפן מאַכן דאָ, אַז דער ווערדיקט אונדזערער מוז דאָ זיין לטובת דעם בעל התקלה, אַז דאָ זאָגן מיר ניט ווי אין, כמעט, אַלע אַנדערע פעלע, אַז מיר קענען ניט אַרויסשטעלן קיין טענה פון „בעי לעיוני" צום נתקל, נאָר פאַרקערט, דאָ שטעלן מיר יאָ אַרויס אַ טענה פון „בעי לעיוני". דער „בעי לעיוני" פיגורירט ניט דאָ אַלס אַן אָנגענומענער כלל, אַלס אַ לייטענדער אַלגעמיינער פרינציפּ פאַר אַלערליי תקנה פעלע, נאָר ניט מער ווי נאָר אַלס אויסדרוק פאָרם, וואָס איז פאַר דעם פאַל צוגעפּאַסט. ניט דער „בעי לעיוני" מאַכט פאַר אונדז מעגלעך דעם ווערדיקט שולדיק אַרויסצוטראָגן, נאָר פאַרקערט: דער ווערדיקט שולדיק, וואָס מיר מוזן אין דעם פאַל אַרויסטראָגן איבער דעם אמתן ווירקענדן אין דעם פאַל פאַקטאָר, וואָס צווינגט אונדז אַרויפצוואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף דעם נתקל, מאַכט מעגלעך פאַר אונדז מיט דעם בעי לעיוני צו אָפּערירן — אין דעם איינציקן אמתן זין, וואָס קען אים געגעבן ווערן, ווען מיר באַנוצן זיך מיט אים — אין דעם זין, אַז אין קעגנזאַץ צו דעם אַלגעמיינעם לייטענדן פרינציפּ פון „לא בעי לעיוני", לויט וועלכן מיר ריכטן זיך אין אַלע אַנדערע תקלה פעלע, קומט אויס, אַז דאָ, ווייל מיר מוזן די שולד אַרויפוואַרפן אויף דעם קרבן, זאָגן מיר ניט: „לא בעי ליה לעיוני", נאָר „בעי ליה לעיוני".

מיר האָבן אַ רעכט צו באַנוצן זיך אין אַזאַ פאַל מיט אַזאַ אויס־דרוק דערפאַר, וואָס אין יעדן פאַל, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן אַ תקלה, איז דאָך דער אינהאַלט פון דעם פּראָבלעם וואָס מיר האָבן פאַר זיך: צי מיר באַדאַרפן באַפרייען דעם בעל התקלה, ווייל מיר דאַרפן אָננעמען, אַז אין דעם פאַל מוזן מיר אַרויפוואַרפן די שולד אויף דעם נתקל, ווייל אַנדערש, ווי אין אַנדערע פעלע, אין וועלכע מען קען ניט קומען מיט דער טענה, ער וואָלט געוועזן באַדאַרפט אַכטונג געבן, ווי ער גייט, ווייל מיר מוזן זיך האַלטן אין דעם כלל פון שאין דרכו של אדם — והוא הדין לבעל חי — להתבונן בדרכים, קען מען אין דעם פאַל, אפשר, יאָ אַרויסשטעלן אַזאַ טענה; אָדער מיר דאַרפן אָננעמען, אַז אויך דער פאַל איז ניט אַנדערש, ווי אַנדערע

פעלע און מען קען אויך אין אים ניט אַרויסשטעלן די טענה פון בעי לעיוני, מיר זאָלן מוזן צוליב דעם די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם, וואָס דער נתקל האָט דורך דעם תקלה גערליטן, אויף אים — אויף דעם נתקל — אַרויפוואַרפן. און דעריבער איז אין אַ פאַל, ווי מיר באַשליסן, אַז מיר באַדאַרפן יאָ באַפרייען דעם בעל התקלה איז דאָס אין זייער גוטער אָרדענונג צו באַנוצן זיך מיט דער בעי לעיוני פאָרמולא. דאָס מיינט ניט מער ווי נאָר דאָס, ווי מיר האָבן שוין דאָס דערקלערט, אַז מיר נעמען אָט יענעם פאַל אַרויס פון אַלע אַנדערע תקלה פעלע, ביי וועלכע מיר שטעלן ניט אַרויס די טענה פון בעי לעיוני צום געליטענעם — און מיר שטעלן אין אים די דאָזיקע טענה יאָ אַרויס.

און ווי באַלד אַזוי איז אויך דער תירוץ, מיט וועלכן רבי שמחה מאיר האָט געוואָלט פאַרענטפערן די קשייא פון תוספות אין בבא קמא, מ"ט, שוין במילא קיין תירוץ ניט.

תוספות פרעגט: ביי שור שנגח שפחה מעוברת זיינען מיר מחייב דעם בעל השור דמי וולדות, טראָץ דעם, וואָס פון דעם „וכי ינצו שני אנשים ונגפו אשה הרה" לערנען מיר אַרויס, אַז אנשים ולא שוורים. וואָרום אָט דער מיעוט אויף אשה הרה באַציט זיך נאָר אויף אַ בת חורין, אָבער ניט אויף קיין שפחה, וואָס אין באַצוג צו די קינ־דער, וואָס ווערן ביי איר געבוירן, קען זי, ווי אַ חמרתא מעברתא באַ־טראַכט ווערן. וואָרום ווייל זי איז אַ קניין כסף פון איר בעל הבית, קען דער דאָזיקער פאַל באַטראַכט ווערן, ווי אַ פאַל פון שור שנגח את הפרה והמית את וולדה. אויב אַזוי אָבער: פאַר וואָס טוען מיר ניט דאָס זעלבע אין אַ פאַל, ווען דער נופל אין גרוב איז אַן עבד? פאַר וואָס זאָגן מיר אויך דאָ ניט, אַז דער מיעוט אדם אין דעם דרש „ולא אדם" דאַרף אַן עבד ניט אַריינגעמען; אַז ווייל דער עבד איז קניין כספו של בעליו, דאַרף דער טויט זיינער באַטראַכט ווערן לענין תשלומי ממון, ווי דער טויט פון אַן אָקס?

אויף דעם זאָגט דער „משך חכמה", אַז דורך זיין דערקלערונג ווערט פאַרענטפערט די קשייא. וואָרום ווי באַלד, אַז דער גאַנצער טעם, פאַר וואָס מיר באַפרייען דעם בעל הבור ביי נפילת אדם, איז

נאָר דאָס, וואָס מיר קומען אַרויס מיט אַזאַ טענה צום נופל, וואָס מאַכט אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער נפילה, קען דאָך שוין במילא ניט זיין, אַז דער מיעוט אדם פון שור ולא אדם זאָל זיך אויף זיין עבד ניט באַציען. וואָרום די דאָזיקע טענה קען דאָך אַרויסגעשטעלט ווערן בנוגע אַן עבד אַ נופל ניט מיט וויניקער האפט, ווי אין פאַל, ווען דער נופל איז אַ בן חורין. דאָרטן, אין פאַל פון אַן אשה הרה — ווייל עס האַנדלט זיך וועגן אַ גזירת הכתוב, וואָרום מיר ווייסן דאָך ניט דעם טעם, פאַר וואָס, ווען אַן אָקס איז דער גורם פון די יציאת וולדות פון דער אשה הרה, דאַרף מען דעם בעל השור באַפרייען, האָבן מיר אַ רעכט מחמיר צו זיין אין אַ פאַל פון אַ שפחה; האָבן מיר אַ רעכט צו באַהויפּטן, אַז פון מיעוט אנשים ולא שוורים דאַרף מען אויס־שליסן די שפחה, וואָס אין דעם פאַל איז אַ דירעקטער קניין כסף פאַרלוסט פאַראַן. דאָ אָבער, וואָס מיר האָבן אַ טעם, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז אַזאַ, וואָס מאַכט אים דורכאויס גילטיק אויף יעדן מין מענטש זיך צו באַציען, איז קיין מעגלעכקייט ניט פאַראַן אויסצושליסן דעם עבד. פונקט ווי אין פאַל פון אַ בן חורין באַפרייען מיר דעם בעל הבור, ווייל מיר זאָגן, אַז ווייל דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ נפילה פון אַ בר דעת, וואַרפן מיר אויף דעם נופל די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט אַרויף, אָט אַזוי אויך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער נפילה פון אַן עבד. ווארים ער איז דאָך פונקט אַזאַ בן דעת ווי אַ בן חורין. אויך אין דעם פאַל איז דאָך דער נופל שולדיק אין דער נפילה. טאָ ווי קען מען מאָנען תשלומי ממון פאַר דעם עבד פון בעל הבור, ווען — דער בעל הבור — טראָגט אויף זיך קיין שולד ניט פאַר דער נפילה.

איצט אָבער, ווען דער מאָטיוו פון בעי לעיוני פאַלט אַראָפּ, איז דאָך אַפילו, ווען מיר וואָלטן דעם אמתן טעם פון מיעוט אדם ניט וויסען, ווען מיר וואָלטן אַפילו געמוזט דעם מיעוט שור ולא אדם נאָר אַלס גזירת הכתוב באַטראַכטן, וואָלטן מיר פון דעם דאָזיקן מיעוט אַן עבד געקענט אויסשליסן, פונקט ווי מיר שליסן אויס פון „וכי ינצו אנשים" אַ שפחה. ווער שמועסט נאָך, אַז אין אמתן ווייסן מיר יאָ דעם טעם, פאַר וואָס ביי נפילת אדם שהביאה לידי מיתה, מוז מען דעם בעל הבית באַפרייען — וואָלט מען אוודאי געקענט דאָס טאָן. איצט, ווען מיר ווייסן, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דעם טויט פון אַ מענטשן, וואָס אין אַזאַ פאַל איז: אָדער מען איז

מחייב מיתה דעם באַשולדיקטן, אָדער מען מוז אים אינגאַנצן באַ־
פרייען. וואָרים תשלומי ממון קענען קומען אין אַזאַ פאַל נאָר אין
דער פאָרם פון כופר; אויב אָבער ניט אין דער פאָרם קענען זיי גאָר
אינגאַנצן ניט קומען — איצט קען מען דאָך אוודאי פרעגן: פאַר וואָס
זאָל מען דעם בעל הבור ניט מחייב זיין תשלומי ממון צו באַצאָלן דעם
בעל העבד פאַר דעם שאָדן, וואָס ער האָט געליטן דורך דעם, וואָס
זיין עבד איז אומגעקומען? מיר קענען פאַרשטיין, אַז מיר קענען
אים ניט באַשטראָפן פאַר דעם עצם פאַקט, וואָס ער האָט גורם געווען
דעם טויט פון אַ מענטשן. פאַר וואָס אָבער זאָלן מיר אים ניט קענען
באַשטראָפן פאַר דעם היזק ממון, וואָס איז דורך דעם טויט פון עבד
פאַר דעם אייגענטימער זיינעם פאַראורזאַכט געוואָרן? וואָס קען דאָ
זיין דער אָפּהאַלט, אַז דער היזק ממון זאָל מוזן דורך אים בטל ווערן?
קיין מיתת בית דין איז דאָך אין דעם פאַל ניט פאַראַן — טאָ פאַר
וואָס זאָל אין אים דאָ דער היזק ממון ניט קומען צום אויסדרוק?

נ״ד

און אָט אַזוי איז אויך מיט דעם עניין פון „נתקל פושע״. אויך
דאָ פלאָנטערן זיך איניקע פון די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם
וויכוח פון שור ולא אדם. עפּעס זעט אויס, ווי זיי וואָלטן פאַרגעסן —
אָדער גאָר ניט געוואוסט — אין דעם אמתן באַדייט פון דעם דאָזיקן
יורידישן פּרינציפּ. לויט זיי קומט אויס, אַז אין דער פאָרמולא „נתקל
פושע״ רעדט זיך ניט נאָר וועגן אַזאַ פאַל, ווען דער נתקל פיגורירט
אין אים אויך אַלס מזיק, און דערצו נאָך אַלס אַזאַ מזיק דווקא, וואָס
ער איז, די איינציקע סיבה געווען פאַר דעם היזק, וואָס עס איז אין
דעם פאַל געשען: ווי, למשל, אין אַ פאַל — לויט רבי מאירן —
ווען איינער אַ דורכגייער איז ניזוק געוואָרן פון אַ קרוג, וואָס איי־
נער האָט אין רשות הרבים געטראָגן, בשעת זי איז פון זיינע הענט
אַרויסגעפאַלן דורך, ווי עס קען דערקלערט ווערן, אַ געוויינלעכער אונ־
באַלאַנסירטער באַוועגונג פון זיין קערפּער, אַ זאַך, וואָס קען טרעפן
אַמאָל מיט יעדן מענטשן, נאָר אויך וועגן אַזאַ פאַל, אין וועלכן עס
האַנדלט זיך וועגן אַ ניזוק, וואָס פיגורירט אין דעם פאַל אויך אַלס
בעל תקלה, ווי אין אַ פאַל, למשל, פון המניח את כדו ברשות הרבים,

ואחר נתקל בו — ושברו; און אויך דאָן אַפּילו, ווען דער נתקל איז אין אַזאַ פאַל ניט דער מזיק, נאָר דער ניזוק, דאָס הייסט, אויך דאַן, ווען אין דעם פאַל איז ניט דער כד צעבראָכן געוואָרן, נאָר ער, דער נתקל, איז דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף דעם כד, געניזוקט געוואָרן.

דער אמת איז אָבער, אַז אַלס יורידישע באַצייכענונג, וואָס אַנט־האַלט אין זיך שוין אויך אַ פּסק דין בנוגע דעם פאַל, אין וועלכן מיר באַנוצן זיך מיט איר, קען זיך די דאָזיקע „נתקל פושע" פאָרמולא בשום אופן ניט באַציען אויף דעם, וואָס פיגורירט אין אָט יענע לעצטע צוויי פעלע אַלס נתקל.

אויב דאָס וואָרט נתקל אַליין קען זיך אין דער געוויינלעכער אַנ־ווענדונג זיינער — אין זיין אורשפּרינגלעכער, קאָנקרעטער עטימאָ־לאָגישער באַדייטונג: אין זין פון אָנשטויסן זיך אויף עפּעס, פון געשטרויכלט ווערן — אויך אין אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה, באַציען אויף דעם, וואָס איז פון דער תקלה געטראָפן געוואָרן, ער זאָל ווערן דורך איר אַ מזיק אָדער אַ ניזוק, איז אָבער אין זיין פאַרבונדנקייט מיט דעם טערמין פושע, מיט וועלכער ער קומט צוזאַמען אין דער דאָזיקער פאָרמולא, דאָס הייסט: אויף וויפיל זיי ביידע צוזאַמען פאָרמירן דעם אינהאַלט פון יורידישן פרינציפּ, וואָס זי אַנטהאַלט אין זיך — קען ער זיך שוין אויף אַזאַ פערזאָן ניט באַציען.

די פאָרמולא נתקל פושע רעדט טאַקע, דווקא נאָר וועגן אַזאַ נתקל, וואָס פיגורירט, ראשית כל, אויך אַלס מזיק, און אין אַזאַ פאַל נאָך דערצו, אין וועלכן עס פיגורירט ניט קיין בעל תקלה;*) אין אַזאַ פאַל, וואו ער איז דער איינציקער גורם פון דעם היזק, וואָס ער האָט פאַראורזאַכט, אין וועלכן ער פיגורירט אי אַלס דער מזיק, אי אַלס דער בעל תקלה, ווי אין פאַל פון נשברה כדו ברשות הרבים, וואו דער היזק, וואָס זיין כד האָט גורם געווען איז זיין אייגנטום

*) דאָס הייסט: וועגן אַזאַ פאַל, וואָס אין אים קען גאָר ניט געשאַפן ווערן קיין פּראָבלעם בנוגע אַ שטראָף, וואָס מען זאָל דאַרפן אַרויפלעגן, אויב ער אַליין איז חער ניזוק. וואָרום עס איז דאָך אין דעם פאַל קיין אַנדער מזיק אויסער אים — דעם נתקל — ניט פאַראַן.

געווען, אָדער אין אַ פאַל, וואָס דאָס אייגנטום האָט אונטער זיין השגחה זיך געפונען *). אַזוינע פעלע אָבער, וואו עס געפינט זיך אויסער דעם נתקל אויך אַ בעל תקלה, ווי דער פאַל פון המניח את כדו ברשות הרבים, שליסט די דאָזיקע פאָרמולא ניט איין אין זיך. אין אַזוינע פעלע ריכטן מיר זיך אין אונדזער פסק דין בנוגע זיי לויט גאָר אַן אַנדער לייטענדן פּרינציפּ. מיר שטעלן זי אַוועק אויף דעם באָדן פון גאָר אַ גאַנץ אַנדער פאָרמולאַ.

אַלענפאַלס איז דאָס זיכער, אַז מיר קענען ניט אָפּערירן מיט איר אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזאַ פאַל — אַ פאַל פון המניח את הכד, למשל, — סיי ווען דער נתקל איז דער מזיק און סיי ווען ער איז דער ניזוק — מיט דעם צוועק, אַז עס זאָל באַוויזן ווערן דורך איר, אַז מיר דאַרפן אין אים לטובת דעם בעל תקלה אונדזער אורטייל אַרויסטראָגן. אויב שוין יאָ אָפּערירן מיט איר אין אַזאַ פאַל — קען מען דאָס טאָן — כּמעט נויטיק איז דאָס כלל ניט. וואָרים דאָס, וואָס קען אַרויסגע־בראַכט ווערן פון דעם, איז סיי ווי קלאָר — נאָר מיט דעם צוועק, צו באַווייזן, אַז פונקט ווי אין אַ נתקל פאַל, ווען וועלכן עס ווערט גערעדט אין דער נתקל פושע פאָרמולא, באַטראַכטן מיר די ראָלע פון נתקל אַלס מזיק פאַר געניגענט, מיר זאָלן אים קענען האַלטן פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דעם געשעענעם היזק, אָט אַזוי קענען מיר אין אַזאַ פאַל — אין אַ פאַל, וואו עס פיגורירט אַ בעל תקלה — די ראָל, וואָס דער בעל תקלה שפילט דאָ אַלס דער גורם פון היזק, פאַר גע־ניגנט באַטראַכטן, מיר זאָלן דאָס קענען טאָן.

וואָרום אויב דער בעל תקלה איז לויט דעם בוכשטאַבלעכן זין פון דעם טערמין נתקל, ניט אָט יענער נתקל, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין דער פאָרמולא פון נתקל פושע, איז ער אָבער בנוגע דער ראָל, אין וועלכער ער טרעט אַרויס אַלס גורם פון דעם היזק, וואָס איז אין דעם תקלה פאַל געשען; בנוגע דעם מאָטיוו, פאַר וואָס מיר באַטראַכטן דעם נתקל פון יענער פאָרמולא פאַר אַ פושע — יאָ אַזאַ נתקל.

ווארום די נתקל פושע פאָרמולא דאַרף כלל ניט אויסגעטייטשט ווערן אויף אַן אופן, אַז זי אַנטהאַלט אַ באַהויפּטונג אין זיך, אַז דער

*) ווי עס וואָלט באַדאַרפט אויסקומען אין אַ פאַל פון המעביר חבית ממקום למקום, לויט רבי מאירן, ווען דער מעביר איז אַ שומר חנם.

נתקל, וועגן וועלכן זי רעדט, באַדאַרף, דערפאַר, וואָס ער איז אַ נתקל, אַלס פּושע באַטראַכט ווערן, וואָס דאַן וואָלט שוין געמוזט אויסקומען, אַז אין דער דאָזיקער פאָרמולא רעדט זיך וועגן יעדן מין נתקל, אפילו וועגן דעם נתקל פון אַ פאַל, וואָס אויסער אים — דעם נתקל — פיגורירט אין אים — אין פאַל — אויך אַ בעל תקלה, ווי אין פאַל פון המניח את כדו, וואו דער נתקל איז ניט דער אײנציקער פאַר־אורזאַכער פון געשעענעם היזק; אַז זי מיינט אונדז צו זאָגן, מיט דעם אינהאַלט פון פסק דין, וואָס איז אימפּליצירט אין איר, אַז, כאָטש מיר האָבן דאָ אַ בעל תקלה, וואָס אויך ער קען באַטראַכט ווערן אַלס דער גורם פון געשעענעם היזק — דערפאַר אָבער, וואָס ער — דער נתקל — פיגורירט אַלס אַזעלכער אין דעם פאַל, דערפאַר וואָס ער איז דער דירעקטער גורם פון דעם היזק פאַל, באַטראַכטן מיר נאָר אים אַלס דעם אמתן גורם פון היזק — נאָר אויף אַן אופן, אַז ער — דער נתקל — ווערט באַטראַכט פון איר אַלס אַזעלכער — אַלס פּושע — טראָגט דעם, וואָס ער איז אַ נתקל, וואָס איצט מוז שוין אויסקומען, אַז זי רעדט נאָר וועגן אַ געוויסן טיפּ נתקל פון דעם נתקל קלאַס, ווי דער נתקל אין פאַל פון נשברה כדו, וואו קיין באַזונדער בעל תקלה פיגורירט אין אים גאָר אינגאַנצן ניט, וואו ער איז דער איינ־ציקער, וועלכן מען קען אַלס דעם גורם פון געשעענעם היזק אין דעם פאַל באַטראַכטן; אַז זי מיינט אונדז צו זאָגן, אַז אין אַ נתקל פאַל — אין אַזאַ נתקל פאַל, וואָס עס פיגורירט אין אים ניט נאָך אַ פּער־זאָן, וואָס מען זאָל איר קענען באַטראַכטן אַלס שותף בנוגע דעם פאַר־אורזאַכטן היזק — באַשטראָפן מיר דעם נתקל טראָגט דעם, וואָס עס האַנדלט זיך אין דעם פאַל וועגן אַן היזק, וואָס איז פאַראורזאַכט גע־וואָרן פון אַ נתקל; וואָס באַלאַנגט — ווי מיר וועלן רעדן באַלד וועגן דעם — צו דער פאָלקאָמסטער שלא במתכוון קאַטעגאָריע פון אַ היזק פאַל.

אין דעם עיקר אינהאַלט אירן קומט אונדז די דאָזיקע פאָרמולא לאָזן הערן, אַז אין אַ נתקל פאַל, אין וועלכן קיין אַנדער מאָטיוו קען ניט אָנגעגעבן ווערן — ווי עס איז דער נתקל פאַל, וועגן וועלכן זי רעדט — פאַר באַפרייען דעם נתקל, וואָס פיגורירט אין אים אַלס מזיק, אויסער דעם מאָטיוו פון זיין אַ נתקל בשעת ער האָט דעם היזק פאַר־אורזאַכט, איז דער דאָזיקער מאָטיוו ניט גענוג דערויף, מיר זאָלן

אים קענען פון תשלומי ממון פאַר דעם היזק באַפרייען; אַז כאָטש דער היזק אַקט, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן אין אַזאַ פאַל, איז אַ מער לקולא אַקט, ווי גלאַט אַ בשוגג אַקט, ווייל ער איז דאָך גאָר אינגאַנצן שלא במתכוון פאַראורזאַכט געוואָרן — וואָרום אי דער פאַראורזאַכטער היזק, אי די אומשטענדן, אונטער וועלכע ער האָט אים פאַראורזאַכט, זיינען דאָך קעגן זיין ווילן פאָרגעקומען, וואָרום ניט נאָר האָט ער ניט געוואָלט קיינעם קיין היזק גורם זיין, נאָר ער האָט אויך קיין נתקל ניט געוואָלט ווערן — מוזן מיר דאָך דעם פאַראורזאַכער פון געשעענעם היזק אין דעם פאַל פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם היזק האַלטן, פונקט ווי מיר וואָלטן דאָס געטאָן, ווען עס וואָלט זיך גע־האַנדלט דאָ וועגן אַן היזק אַקט, וואָס וואָלט פון אים — פון נתקל — במזיד אָדער בשוגג באַגאַנגען געוואָרן. מיר מוזן אַזוי פסקענען, וואָרום טראָץ דעם וויכטיקער האַרבן אינהאַלט, וואָס אין אים, — אין אָט יענעם פאַל — קען ער אָבער נאָך אַלץ ניט — לויט די, וואָס באַ־הויפּטן, אַז אַ נתקל איז אַ פושע — באַטראַכט ווערן אַלס אַן אונס פאַל. וואָרום לויט זיי נאָך קען אַלס אונס פאַל באַטראַכט ווערן נאָר אַזאַ פאַל, וואָס מען קען אין אים בשום אופן ניט צושרייבן צום מזיק אַ געוויסע — ווען אַפילו ניט קיין אבזיכטלעכע — באַטייליקונג דורך אַ געוויסער מאָס פון פאַרבאַטענער נאַכלעסיקייט פון זיין זייט. וואָרום אין די אַלע נתקל פעלע, וועגן וועלכע די נתקל פושע פאָרמולא רעדט, קען מען דאָס דווקא טאַקע יאָ טאָן, ווי אין פאַל פון נשברה כדו, למשל, וואָס כאָטש ער — דער נתקל דאָ — האָט ניט נאָר קיינעם קיין היזק ניט געוואָלט גורם זיין, נאָר ער האָט אויך קיין נתקל ניט געוואָלט ווערן; ער האָט אויך כלל ניט געוואָלט, אַז דער כד זיינער זאָל צעבראָכן ווערן*) — איז דאָס אַלץ אָבער פאָרט פאָרגעקומען דורך דעם,

*) דער שלא במתכוון באַגריף איז ניט גאָר אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון דעם שוגג באַגריף, ער זאָל פאָרמירן מיט זיך אַ גאַנץ באַזונדערן, פאַרשיידענעם, אָפּגע־טיילטן פון ערשטן, באַגריף, פונקט ווי דער לעצטער — דער שוגג באַגריף — מיט דעם במזיד באַגריף זיינען גאַנץ צוויי פאַרשיידענע איינער פון צווייטן באַגריפן. דער שוגג באַגריף נעמט אַריין אין זיך — אין זיין אַלגעמיינעם אינהאַלט — אויך די אַלע פעלע, וואָס דאַרפן באַצייכנט ווערן אַלס שלא במתכוון פעלע. זיי פאָרמירן אָבער אין אים אַ באַזונדער קלאַס, פונקט ווי אויך ער אַליין — אָט דער אָ קלאַס — שליסט איין פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס אין זיך. פאַר דעם אַלעם געזאָגטן אָבער פאָדערט זיך אַ באַזונדער שטודיום.

וואָס ער האָט פאַרנאַכלעסיקט צו זיין פאָרזיכטיק, ווי געעריק, אַז דער כד זאָל ניט צו דער ערד פאַלן. באַפרייען אָבער פון תשלומי נזיקין אין אַזאַ נזק פאַל, קענען מיר נאָר דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אמתן אונס פאַל, ניט נאָר וועגן אַזאַ, וואָס זעט נאָר אויגענשיינ־לעך אַלס אַזעלכער אויס. וועגן אַזאַ פאַל, וואָס דער היזק, וואָס איז געשעען אין אים, איז פאַראורזאַכט געוואָרן אין אים — אָדער קען באַ־טראַכט ווערן, מחמת געוויסע מאָטיוון, אַז ער איז פאַראורזאַכט גע־וואָרן אויף אַזאַ אופן — אָן דער מינדעסטער באַטייליקונג מצד דעם מזיק; וואָס די גאַנצע רעאַליזירונג זיינע איז פאָרגעקומען דורך אַ זייטיקן אויסערן פאַקטאָר, דורך אַן אויסערן כוח אָדער דורך אַ פרעמדן ווילן *); אָן דעם, ער אַליין זאָל מאַכן גרינגער די אַרבעט פאַר אָט יענעם אויסערן כוח אָדער פרעמדן ווילן **).

און אַזוי אַרום איז ניט נאָר קען דאָס, וואָס מען באַדאַרף אַרויס־לערנען פון דער פאָרמולאַ נתקל פושע אין באַצוג צו אָט יענע פעלע, וואָס זיינען ניט קיין נתקל פעלע — ווי עס באַדאַרף דער דאָזיקער טער־מין פאַרשטאַנען ווערן אין אָט יענער פאָרמולאַ — בשום אופן ניט באַשטיין אין דעם, אַז אין יעדן נתקל פאַל מוזן מיר אַלס שולדיקן נאָר דעם, וואָס פיגורירט אַלס נתקל אין פאַל, באַטראַכטן — שוין נאָר דער פאַל אַליין, וואָס ער פיגורירט אין אים אַלס נתקל — אָפּגעזען דערפון, צי עס פיגורירט אין אים נאָך אַ פערזאָן אַלס גורם פון היזק, וואָס עס איז אין יענעם פאַל געשען — נאָר פאַרקערט גאָר, אַז אין אַזאַ פאַל — אין אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה — קען מען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם היזק, וואָס עס איז דורך דער תקלה פאַראורזאַכט געוואָרן פאַר דעם נתקל, אויף אים אַליין בשום אופן ניט אַרויפוואַרפן ***). איצט קען דער אינהאַלט, וואָס מען

*) ווי אין פאַל פון נשברה כדו, ווען דאָס צעבראָכן ווערן פון כד זאָל געווען פאָרקומען על ידי הפשרה, אָדער דורך דעם, וואָס אַ בייזוויליגע פערזאָן האָט אים, דעם כד, פון האַנט אַרויסגעשלאָגן און ער איז אַנטלאָפן באַלד.

**) ווי אין פאַל, למשל, פון אבנו וסכנו, שנפלו מן הגג והזיקו, כאָטש דער ווינט איז ניט געווען קיין רוח שאינה מצוייה.

***) פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט פריער אין אייניקע שטעלן אין צוזאַמענ־האַנג מיט דעם ענין פון נתקל פושע, וואָס ווערט פון מיר באַהאַנדלט אין דער סוגייא, וועט דער לעזער אײנזעען, אַז פון דעם וואָס עס ווערט געזאָגט אין דער שטעלע — און אייניקע נאָך אַנדערע שטעלן — באַדאַרף כלו ניט פאַרשטאַנען ווערן,

קען אַרויסלערנען פון דער דאָזיקער פאָרמולאַ, באַשטיין נאָר אין דעם, אַז אין יעדן פאַל, וואָס דער איינציקער מאָטיוו אויף צו באַפרייען דעם, וואָס קען אין אים באַטראַכט ווערן, ווי עס איז דער פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה, אַלס דער גורם פון היזק, וואָס איז אין דעם פאַל געשען, איז דאָס, וואָס דאָס גורם זיין פון היזק קען באַ־טראַכט ווערן, ווי עס קען זיך דאַכטן, מחמת דעם אָדער יענעם גרונד, אַלס אַן אונס אַקט — גילט ניט דער דאָזיקער מאָטיוו, פונקט ווי עס גילט ניט דער שלא במתכוון מאָטיוו אין אָט אַזאַ נתקל פאַל, וועגן וועלכן עס ווערט גערעדט אין דער נתקל פושע פאַרמולאַ. ווארום די איינציקע מעגלעכקייט, וואָס עקזיסטירט פאַר אונדז צו לאָזן אַ גורם פון אַ היזק — אָט דעם, וואָס מוז אַלס אַזעלכער באַטראַכט ווערן — אומבאַשטראָפט, איז נאָר דאַן, ווען אָט דער היזק, וואָס ער — דער

---

אַז אויב דער נתקל איז דער מזיק, און דער בעל תקלה איז דער ניזוק, מוז אויך איך מודה זיין, אַז מען באַדאַרף דאַן דעם בעל תקלה באַשטראָפן. אויב איך רעד דאָ וועגן אַ נתקל אַ ניזוק, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס אַזאַ נתקל קען מען אין אַ מער דירעקטער לאָגישער פאַרבינדונג מיט דעם נתקל פון דער נתקל פושע פאָרמולא פאַראַלעלירן. בנוגע צום עצם ענין אָבער איז קיין אונטערשייד ניט פאַראַן צווישן אַ נתקל אַ מזיק און אַ נתקל אַ ניזוק אין דעם פאַל. ווארום צוליב דעם זעלבן טעם טאַקע וואָס מיר באַשטראָפן דעם בעל תקלה, ווען דער נתקל איז דער ניזוק — צוליב דעם טעם, אַז פונקט ווי אין אַ פאַל, וועגן וועלכן עס ווערט גערעדט אין דער נתקל פושע פאָרמולא, זאָגן מיר, אַז עס קען ניט ביישטיין דער זכות פון זיין אַ נתקל דעם מזיק, מיר זאָלן אים באַפרייען פון שטראָף פאַר דעם היזק, וואָס ער האָט גורם געווען, אָט אַזוי מוזן מיר זיין געצוואונגען אָנצונעמען, אַז עס קען ניט ביישטיין דעם בעל תקלה אין דעם פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן, דעם זכות, וואָס דער ניזוק דאָ איז אַ נתקל, מען זאָל אים פון שטראָף באַפרייען פאַר דעם היזק, וואָס ער האָט אים — דעם ניזוק — גורם געווען. ווארום מיר זאָגן, אַז פונקט ווי דאָרטן מוז דער נתקל אונבאַדינגט אַלס מזיק, וואָס דאַרף באַשטראָפט ווערן, באַטראַכט ווערן, אָט אַזוי מוז אין דעם פאַל דער בעל תקלה אַלס אַזאַ מזיק ווערן באַטראַכט — מחמת דעם זעלבן טעם מוזן מיר אויך, ווען דער נתקל איז אין דעם פאַל דער מזיק, אים באַפרייען דווקא פון שטראָף פאַר דעם היזק, וואָס ער האָט גורם געווען דעם בעל תקלה. ווארום מיר מוזן אָננעמען, אַז טראָץ דעם, וואָס דער בעל תקלה פיגורירט דאָ אַלס דער ניזוק איז אין אמתן דער אמתער מזיק גאָר, דאָס הייסט, דער אמתער גורם פון געשעענעם היזק דאָ, וואָס איז דער עיקר בנוגע דעם, וואָס פאַר אַ פסק דין מיר באַדאַרפן אַרויסטראָגן אין ענייני נזיקין פאַלן — דער בעל תקלה דווקא, ווי דאָס אַלעס וועט ווערן דערקלערט שפּעטער.

מזיק — האָט פאַראורזאַכט, איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך אים אונ־טער אַזוינע אומשטענדן, דורך וועלכע ער מוז באַטראַכט ווערן אַלס אונס — אין דעם זין — אָדער אין גייסט פון דעם דאָזיקן זין — ווי מיר האָבן פריער דעם עניין פון אונס דערקלערט. דער מאָטיוו פון מתכוון אָבער, ווי די אַלע אַנדערע ענלעכע צו אים מאָטיוון, זיינען ניט היינו הך מיט דעם אונס מאָטיוו.

און דעריבער: אויב שוין יאָ אַפּערירן מיט דער נתקל פושע פאָרמולא אין אַזאַ פאַל, וואו דער נתקל איז ניט דער איינציקער גורם פון היזק, וואָס אין אים, וואָרום עס איז אין אים אויך אַ בעל תקלה פאַראַן, איז דאָס,ווירקלעך, מעגלעך צו טאָן נאָר מיט דעם צוועק, ווי מיר האָבן פריער באַהויפּטעט, אויף אַרויסצוברענגען דורך איר, אַז מיר מוזן אין אַזאַ פאַל דורכאויס דעם בעל תקלה באַשטראָפן, וואָרום אויב מיר באַשטראָפן דעם נתקל, וועגן וועלכן די נתקל פושע פאָרמולא רעדט, טראָץ דעם, וואָס אַלעס איז דאָך אין פאַל שלא במתכוון פאָר־געקומען, ווייל מיר זאָגן, אַז די שולד, וואָס ליגט אויף איינעם פאַר־פיגורירן אַלס דער גורם פון היזק אין אַ פאַל, קען אַראָפּגענומען ווערן פון אים נאָר דאַן, ווען דאָס גורם זיין פון היזק פון זיין זייט איז באונס פאָרגעקומען, ווי אין דעם פאַל טאַקע פון נשברה כדו, ווען דער כד זאָל געווען צעבראָכן ווערן ניט אין מאָמענט פון מתכוון זיין זיך לכתף את הכד, נאָר דערפאַר, וואָס זי איז נפשרה בידו; אויב, אַלזאָ, אין דעם פאַל נעמען מיר ניט אַראָפּ די שולד פון נתקל פאַר דעם היזק, וואָס ער האָט פאַראורזאַכט, טראָץ דעם, וואָס עס איז אין פאַל אַלעס קעגן זיין ווילן פאָרגעקומען, נאָר דערפאַר, וואָס עס קען דאָך אין אים אַ געוויסע באַטייליקונג — דורך זיין ניט אָנשטרענגען זיך צו זיין פאָרזיכטיק — אים — דעם גורם פון היזק — צוגעשריבן ווערן, איז שוין על אחת כמה וכמה, אַז אין אַ פאַל פון אַ בעל תקלה, וואָס דער היזק, וואָס עס איז אין אים געשען צום נתקל, איז דורך זיין תקלה פאַראורזאַכט געוואָרן, אַז אין אַזאַ פאַל, וואָס ניט נאָר קען ער ניט אַלס אונס פאַל באַטראַכט ווערן, נאָר ער קען אַפילו ניט אין דער פולער מאָס אַלס אַ שלא במתכוון פאַל באַטראַכט ווערן. וואָרום אַנדערש ווי אין נשברה כדו, וואָס אי דאָס שאַפן פון דער תקלה — דאָס צעברעכן דעם כד — אי דאָס מזיק זיין, זיינען ניט בכיוון געטאָן געוואָרן, איז דאָך דאָ דאָס שאַפן פון דער תקלה אַ גערנוויליקער

טאָט געווען, ווייל אַלס שלא במתכוון אַקט קען ער באַצייכנט ווערן נאָר דערפאַר, וואָס ער — דער בעל תקלה — האָט זיך ניט מתכוון געווען מזיק צו זיין דעם — ווי אויך בכלל קיינעם ניט — וואָס איז פון זיין תקלה געטראָפן געוואָרן; וואָס טראָץ דעם, וואָס ער האָט אייגנוויליק די תקלה געשאַפן, האָט ער זי אָבער דאָך ניט געשאַפן מיט דער כוונה, זי זאָל גורם היזק זיין װעמען — אָבער ניט אין דעם זין, אַז אויך די ערשטע פאַזע אין דעם פאַל — דאָס געפינען זיך פון זיין כד אין רשות הרבים — איז שלא במתכוון פאָרגעקומען; אַז אין אַזאַ פאַל קען מען אוודאי ניט אַראָפנעמען די שולד פון נתקל מחמת דער טענה, וואָס ער זאָל אַרויסשטעלן, אַז ווען דער נתקל זאָל געווען גיין זייער פאָרזיכטיק, וואָלט ער ניט געווען געטראָפן געוואָרן פון דער תקלה. אַזאַ תירוץ קען ניט גילטן. ווי אין יעדן היזק פאַל דאַרף דער מזיק דמי היזק דעם ניזוק באַצאָלן, סיי דאַן, ווען ער האָט דעם היזק גורם געווען במזיד, סיי דאַן, ווען ער האָט אים גורם געווען בשוגג, אָט אַזוי דאַרף דאָ אין דעם דאָזיקן פאַל דער מזיק דעם נתקל דמי היזק באַצאָלן. ער וואָלט געקענט באַפרייט ווערן נאָר דאַן, ווען ער וואָלט געקענט באַווייזן, אַז עס איז — אין אַ געוויסער פאָרם — אין דעם פאַל אַן אונס מאָמענט פאַראַן. וואָרום נאָר דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַל, וואָס מען קען וועגן אים באַהויפּטן, אַז דער היזק, וואָס עס איז אין אים געשען, איז באונס — אָדער: ווי באונס — מצד דעם מזיק געשען, איז מעגלעך פאַר אונדז די שולד פון מזיק פאַר דעם געשעענעם היזק אַראָפּצונעמען. אַזאַ אונס מאָטיוו, למשל, וואָלט מען געקענט קאָנסטאַטירן אין אַ בעל תקלה פאַל, ווען עס זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז דער גאַנג פון נתקל איז אַ ווילדער געווען בשעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען די תקלה, אַזוי, אַז מען קען באַהויפּטן, אַז דאָס אָנשלאָגן זיך אין איר איז כמעט במזיד געטאָן געוואָרן. ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן אַזוי אַ נתקל קען גאָר קיין רעדע ניט זיין וועגן אַן אונס מאָמענט אין אַזאַ פאַל. דאָס, וואָס ווען ניט די אומ־פאָרזיכטיקייט מצד דעם נתקל, וואָלט דער היזק אין דעם פאַל ניט געווען געקענט געשען, קען ניט דינען אַלס מאָטיוו, מיר זאָלן זיין באַרעכ־טיקט אים אַליין צו באַטראַכטן אַלס דעם מזיק אין דעם פאַל, כאָטש ער פיגורירט אין אים אויך אַלס דער ניזוק — ניט נאָר דערפאַר, וואָס אויב עס זאָל זיך אונדז אַפילו אויף אַ ווײַלע אויסדאַכטן, אַז

אַזאַ אומבאַדייטענדע באַטייליקונג, ווי די געוויינלעכע אומפּאָרזיכטיקייט פון איינעם, ביים גיין וואָס האָט אים אַליין שעדיקונג געבראַכט, איז געגנוג דערויף, מען זאָל אים קענען די ראָל פון אַ גורם פון געשעע־נעם היזק צושרייבן, מוז מען זיך באַלד אַרומזען, אַז די פיל מער באַ־דייטענדע באַטייליקונג פון בעל תקלה, מיט וועלכער ער איז אין דעם דאָזיקן פאַל פאַרטראָטן, גיט אונדז אוודאי די מעגלעכקייט צו באַ־טראַכטן אים אַלס גורם פון געשעענעם היזק: ניט נאָר אין דעם זין אַליין דווקא, עס זאָל געשאַפן ווערן אַ פראַגע פאַר אונדז פון יחלוקו, פון באַטראַכטן זיי אַלס גלייכע שותפים אין דער ראָל פון גורמים פון געשעענעם היזק זיין, נאָר אין דעם זין דווקא, מיר זאָלן מוזן באַ־טראַכטן זיין באַטייליקונג אַלס איבערוויגענד, אויף אַזויפיל גרעסער, אַז די צוגעשריבענע באַטייליקונג פון נתקל ווערט דורך זיי אינגאַנצן אַנולירט; ניט נאָר, אַלזאָ, דערפאַר, נאָר אויך דערפאַר, וואָס אויך דאָס וואָלטן מיר געמוזט באַלד איינזען, אַז ווייל די נאָכלעסיקייט, וואָס עס איז מעגלעך פאַר אונדז צוצושרייבן צום נתקל איז ניט קיין פאַר־באָטענע, ווארום עס איז ניטאָ קיין פאָרשריפט אַזוינער, וואָס זאָל פאַר־באָטן די געוויינלעכע מענטשלעכע אומפּאָרזיכטיקייט ביים גיין, קען מען זי פון לכתחילה אָן גאָר אַלס באַטייליקונג ניט באַטראַכטן. כאָטש אינהאַלטלעך קומט אויס, אַז אויך ער — דער נתקל — האָט מיטגעהאָלפן דער היזק זאָל געשען האָט ער אָבער דאָך גאָר ניט געטאָן אַזוינס, וואָס עס איז אים פאַרבאָטן געווען צו טאָן.

אַנדערש איז דאָס אָבער מיט דעם בעל תקלה. ער האָט יאָ געטאָן אַזוינס, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טאָן. ער האָט מיט זיין טאָט אַ מכשול לרבים געשאַפן. דורך דער תקלה זיינער האָט ער גורם געווען ,אַז דער נתקל, וואָס איז דעם וועג זיינעם געגאַנגען, ווי אַלע מענטשן גייען, זאָל געניזוקט ווערן. ווען ניט די תקלה וואָלט דער היזק ניט געווען געקענט געשען, צי דער נתקל וואָלט יאָ אויסער־געוויינלעך פאָרזיכטיק געווען אָדער ניט.

עס האַנדלט זיך ניט דאָ וועגן אַ ספּעציפישן פאַל, וואָס בנוגע אים איז מעגלעך צו באַהויפּטן, אַז געוויסע אומשטענדן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט אים, האָבן אַרויפגעלעגט אַ חוב אויף דעם נתקל, ער זאָל זיין פאָרזיכטיק, ווען ער האָט זיך אין רשות הרבים געפונען, נאָר וועגן דער לכל הדיעות דערלויבאָרער, ניט פאַרבאָ־

טענער געוויינלעכער מענטשלעכער אומפּאַרזיכטיקייט, וואָס יעדער איינער ווייזט אַרויס — און מעג אַרויסווייזן — בשעת ער גייט. אין דעם פאַל פון המניח את הכד, למשל, איז אַרויסשטעלן די טענה צום נתקל, וואָס איז געניזוקט געוואָרן, אַז ווען ער זאָל געווען גאָר פאָרזיכטיק זיין בשעת ער איז פאַרביי געגאַנגען דאָס אָרט, וואָלט ער ניט געווען געניזוקט געוואָרן, איז פונקט ווי טענה'ן, אַמאַי איז ער גאָר אינגאַנצן אין גאַס אַרומגעגאַנגען: ווען ער וואָלט געווען געזעסן אין שטוב, וואָלט דאָך מיט אים דער היזק ניט געווען געטראָפן.

מיט איינעם וואָרט: באַנוצנדיק זיך אין אַזאַ פאַל מיט דער דאָזיקער פאָרמולאַ, וואָלטן מיר מיט דעם געמיינט צו זאָגן נאָר דאָס, אַז אויך אין דעם פאַל פירן מיר זיך לויט דעם זעלבן פרינציפּ, לויט וועלכן מיר פירן זיך אין אַ פאַל פון אַ נתקל, וועגן וועלכן די נתקל פּושע פאָרמולאַ רעדט. פונקט ווי דאָרטן רעכענען מיר זיך ניט מיט די מאָטיוון, וואָס וואָלטן געקענט אָנגעגעבן ווערן פאַר אַראָפּ־נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם היזק, וואָס ער — דער נתקל — האָט פאַראורזאַכט, אָט אַזוי רעכענען מיר זיך אויך ניט אין דעם פאַל — אין דעם בעל תקלה פאַל — מיט די מאָטיוון, וואָס וואָלטן געקענט אָנגעגעבן ווערן פאַר באַפרייען דעם בעל תקלה. פונקט ווי דאָרטן באַשטראָפן מיר די פערזאָן, וואָס פיגורירט אין פאַל אַלס מזיק, אָט אַזוי באַשטראָפן מיר אויך דאָ דעם, וואָס באַדאַרף באַטראַכט ווערן אין פאַל אַלס דער מזיק.

וואָרום אין די בײדע פעלע איז לאוו בנתקל תלייא מלתא, נאָר אין דעם, ווער עס איז דאָ דער ניזוק און ווער דער מזיק.

און דעריבער איז פונקט, ווי עס קען ניט באַשטיין דעם נתקל דער זכות פון זיין אַ נתקל, מיר זאָלן פסקענען לטובת אים אין דעם פאַל פון נשברה כדו, ווייל גלייכצייטיק מיט דעם, וואָס ער פיגורירט אין פאַל ווי אַ נתקל, פיגורירט ער אין אים אויך אַלס דער מזיק, אָט אַזוי קען מען אויך ניט פסקענען קעגן אים אין דעם פאַל פון המניח את כדו דערפאַר, וואָס ער איז אַ נתקל, ווייל גלייכצייטיק מיט דעם, וואָס ער איז אַ נתקל, פיגורירט ניט ער אין פאַל אַלס מזיק, נאָר דער בעל תקלה. ער פיגורירט אין אים נאָר אַלס ניזוק.

נ״ה

עס איז האי כדיניה והאי כדיניה. אין דיביידע פעלע פירן מיר זיך לויט איין לייטענדן פרינציפ, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן היזק פאַל, בנוגע וועלכן עס קען אַנטשטיין אַ פראַגע, לטובת וועלכן צד מיר דאַרפן אין אים פסקענען: לטובת דעם מזיק אָדער לטובת דעם ניזוק, איז שטענדיק יד הניזוק על העליונה. גלאַט טענות מצד דעם מזיק — מעגן זיי אַפילו זיין, ווי עס קען זיך אויסדאַכטן, פון וואָגיקן אינהאַלט — קענען דאָ קיין אַנטשיידענדע ראָלע ניט שפּילן. די איינ־ציקע מעגלעכקייט צו פסקענען קעגן דעם ניזוק איז נאָר דאַן, ווען דער מזיק איז געצוואונגענערהייד געשטעלט געוואָרן אין דער ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט אַלס מזיק, אָדער דער ניזוק האָט מיטגעהאָלפן, אַז דער היזק זאָל געשען דורך אַזאַ אַקט, וואָס ער — דער ניזוק — האָט ניט געטאָרט באַגיין. אין דעם פאַל, למשל, פון המניח את הכד, וואו עס פיגורירט אי אַ בעל תקלה אי אַ נתקל, וואָלטן מיר געמוזט פסקענען קעגן אים — דעם ניזוק — אויב דער אופן — ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן דערויף — ווי ער איז געגאַנגען בשעת ער איז געניזוקט געוואָרן ,וואָלט געמוזט אומפאַרמיידלעך ברענגען צו דעם, ער זאָל זיך אין כד אָנשלאָגן. דאָס גיין משוגענערווייז וואָלט גע־מאַכט אויסזען דעם היזק ווי אַ דורכאויס אַרויפגעצוואונגענער אויף דעם בעל תקלה. די ראָל פון בעל תקלה אַלס דער גורם פון געשעע־נעם היזק וואָלט דורך דער אויפפירונג פון נתקל אַנולירט געוואָרן אינגאַנצן. אַלס דער איינציקער גורם פון דעם היזק וואָלט דאָ אַרויס־געטראָטן דער ניזוק. ער וואָלט אין אַזאַ פאַל געווען אי דער ניזוק, אי דער מזיק. מיר וואָלטן דאָ געהאַט צו טאָן מיט אַ געניזוקט ווערן, וואָס איז, כמעט, במזיד דורכגעפירט געוואָרן מצד דעם ניזוק.

דאָס זעלבע וואָלט אויך געווען, למשל, אין פאַל פון נשברה כדו — וואָס דאָ דאַרף דאָך לכל הדיעות דער נתקל חייב זיין — לויט דער פאָרמולאַ פון נתקל פושע — אין דעם היזק, וואָס ער האָט פאַר־אורזאַכט דעם ניזוק — פונדעסטוועגן, אויב דאָס אַרויספאַלן פון כד וואָלט געווען פאַראורזאַכט געוואָרן דערפון וואָס ער — דער כד — איז צעשמאָלצן געוואָרן אין זיין — פון נתקל — האַנט פון דער היץ, וואָלטן מיר פון אים אַראָפּגענומען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ווייל אויך דאָ וואָלטן מיר פאַר זיך אַ פאַל פון אונס געהאַט. וואָרום או־

סער, וואָס ער — דער בעל הכד — האָט געטראָגן דעם כד, וואָס דאָס האָט ער דאָך געמעגט טאָן, האָט ער אַליין גאָר ניט געטאָן אַזוינס, וואָס זאָל פאַראורזאַכן דעם היזק.

אַזוי, ווידער, למשל, ווען דער נתקל וואָלט ניט געווען צעבראָכן דעם כד בשעתן גיין דורך דעם, וואָס ער האָט אים געפּרואווט בעסער איינצואָרדענען אויף די אַקסלען זיינע אָדער דורך אַנאַנדער אומשול־דיקער אורזאַכע, נאָר ער וואָלט אים געווען צעבראָכן דורך דעם, וואָס ער האָט אים גאָר נאַכלעסיק געטראָגן, ווי ער וואָלט זיך אַרומ־געשפּילט מיט אים, וואָלטן אַפילו די חכמים, וואָס האַלטן ניט פון נתקל פושע, אויך געפּסקענט, אַז ער באַדאַרף תשלומי היזק צאָלן.

וואָרום דער עיקר פּלוגתא איז ביי זיי — ביי רבי מאירן און די חכמים — צי דער נתקל — דער נתקל אין אַזאַ פאַל, וועגן וועלכן די נתקל פושע פאָרמולאַ רעדט — קען פאַררעכנט ווערן פאַר אַן אונס, צי ניין. זיי אַלע האַלטן אָבער, אַז אויב דער היזק פאַל איז פאָרגעקומען מחמת אונס, דאַרף מען דעם מזיק ניט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן היזק. פונקט ווידער ווי זיי אַלע זיינען מודה, אַז ווי באַלד דער מאָמענט פון אונס איז ניט פאַראַן אין אַ היזק פאַל, דאַרף מען דעם מזיק — דער וואָס באַדאַרף באַטראַכט ווערן אַלס דער גורם פון היזק אין דעם פאַל, וועגן וועמען עס רעדט זיך — מחייב זיין, אין וואָס פאַר אַ פאַל עס זאָל ניט זיין, צי אַ פאַל פון אַ נתקל אַליין, צי אין אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירן צוויי באַזונדערע פערזאָנען: איינער אַלס נתקל און איינער אַלס בעל תקלה. די גאַנצע פּלוגתא צווישן זיי באַשטייט נאָר אין דעם, צי אַ נתקל, ווען ער פיגורירט אַלס מזיק אין אַזאַ פאַל, וואָס דערויף מען זאָל קענען באַפרייען דעם מזיק, באַדאַרף מען האָבן, אַז אין דעם פאַראורזאַכן דעם היזק זאָל דער מאָמענט פון אונס זיין — קען אַלס אונס באַטראַכט ווערן, צי ניט. און אין דעם פאַל פון "נשברה כדו מחמת לכתף — איז אין פּרינציפּ זיינען זיי אַלע איינשטימיק, אַז מען באַדאַרף דעם נתקל מחייב זיין. וואָרום ער איז דאָך דער מזיק. מער ניט אַזוי ווי די רבנן האַלטן, אַז אַפילו גלאַט אַ נתקל דאַרף פאַררעכנט ווערן אַלס אונס, דעריבער זאָגן זיי, אַז מען באַדאַרף אים באַפרייען פון תשלומי ממון. וואָרום כאָטש ער איז דער מזיק, קען ער אָבער אַלס דער גורם פון היזק ניט באַטראַכט ווערן. וואָרום פונקט ווי דער ניזוק אין דעם פאַל איז ניט דער גורם פון היזק,

אַט אַזוי איז ער אויך ניט דער גורם פון היזק. מיר האָבן דאָ אַ פאַל, אין וועלכן עס האָט זיך, כמעט, ווי אַן אויסערער כוח אַריינגעמישט, אין וועלכן עס איז אַלעס קעגן זיין ווילן געטאָן געוואָרן. ער האָט גאָר ניט געטאָן דערויף, אַז דער היזק זאָל געשען אויסער דאָס, וואָס ער האָט דעם כּד געטראָגן — אַ זאַך, וואָס קען ניט באַטראַכט ווערן אַלס מיטווירקונג דער היזק זאָל קענען געשען. זיי האָבןביידע בהיתר געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן.

רבי מאיר אָבער, וואָס האַלט ניט, אַז גלאָט אַ נתקל פאַל קען באַטראַכט ווערן אַלס אונס, מוז פסקענען לטובת דעם ניזוק. וואָרום אין אַזאַ פאַל, וואו דער נתקל פיגורירט אי אַלס מזיק אי אַלס בעל תקלה, קען מען נאָר דאַן באַפרייען דעם מזיק פון פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט, ווען די ראָל זיינע אַלס גורם פון היזק ווערט אַנולירט דורך דעם, וואָס דער היזק פאַל מוז אַלס אונס פאַל באַטראַכט ווערן. דאָ אָבער בלייבט ער — דער נתקל, וואָס פיגורירט אין פאַל אויך אַלס מזיק — אַלס גורם פון היזק. וואָרום דער פאַל איז ניט קיין אונס פאַל. דאָס, וואָס דער מזיק דאָ איז אַ נתקל קען דעם היזק פאַל ניט מאַכן פאַר קיין אונס פאַל. מיר מוזן זיך דעריבער פירן לויט דעם פרינציפּ, אַז אין יעדן היזק פאַל מוזן מיר לטובת דעם ניזוק פסקענען, סיידן ער אַליין האָט מקפּח שכרו געווען דורך דעם, וואָס ער האָט דורך זיין אויפפירונג זיך אַליין אין דער ראָל פון גורם זיין דעם היזק זיך אַרויסגעשטעלט. צי מען קען, אָביעקטיוו גענומען, צושרייבן גאָר אַ גרויסע מאָס פון שולדיקייט אין אַזאַ פאַל צום מזיק אָדער אַ קלענערע — דאָס קען ניט אַלס ענטשיידנדיקער פאַקטאָר אָנגענומען ווערן. דער עיקר איז דאָ, וואָס דער ניזוק איז גאָר אינגאַנצן אומשולדיק. ער האָט אַ רעכט צו טענה'ן צום נתקל: דער תירוץ דיינער, אַז דו ביזט געווען אַ נתקל קען ניט אָנגענומען ווערן. אמת, דו האָסט זיך ניט מתכוון געווען מיך מזיק צו זיין. מזיק געווען האָסטו דאָך אָבער מיך — דאַרפסטו ליידן דעריבער, ניט איך, וואָרום דאַן, ווען איך בין גאָר אינגאַנצן אומשולדיק, ווייל איך האָב דאָך גאָר ניט געטאָן אזוינס, וואָס זאָל מיך קענען אַרויסשטעלן אַלס דעם גורם פון דעם היזק אין דעם פאַל, ווייל איך האָב ניט קעגן קיין פליכט, וואָס איז געלעגן אויף מיר, פאַרבראָכן, איז מיט דיר אָבער דאָס כלל ניט אַזוי. דו ביזט ניט גאָר אינגאַנצן אומשולדיק. טראָגנדיק אַ קרוג אין אַ רשות

הרבים, וואָלסטו געווען באַדאַרפט גאָר שטאַרק פאַרזיכטיק זיין, דער כד זאָל ניט צעבראָכן ווערן. דאָס, וואָס ער איז ניט צעבראָכן געוואָרן מתוך אונס דווקא, איז שוין גענוג דערויף, אַז די מאָס אומשולדיקייט דיינע זאָל ניט זיין גלייך מיט מיינער.

דאָקעגן ווידער — אין דעם פאַל פון המניח את הכד מוזן מיר, אין אנקלאַנג מיט אָט דעם פרינציפ, וועגן וועלכן מיר האָבן פריער גע־רעדט, איןביידע פעלע, אי דאַן, ווען דער נתקל איז דער מזיק, אי דאַן, ווען ער איז דער ניזוק, אַליבא דכולא עלמא, נאָר לטובת דעם נתקל פסקענען.

דאָס מוז אויסקומען אַזוי, אַפילו לויט רבי מאירן, שוין ניט רע־דענדיק וועגן די רבנן, אַלץ צוליב דעם זעלבן פרינציפ, אַז אין אַ היזק פאַל פסקענען מיר שטענדיק לטובת דעם ניזוק, סיידן דאַן, ווען דער מזיק טרעט אַרויס אין פאַל נאָר אַלס מזיק אַליין, אָבער ניט אַלס גורם פון היזק דערפאַר, וואָס די דאָזיקע ראָל זיינע — די ראָל אַלס גורם פון היזק ווערט אַנולירט: צי מחמת דעם וואָס עס איז מתוך אונס דורך אים דער געשעענער היזק פאַראורזאַכט געוואָרן, אָדער מחמת דער אויפפירונג פון ניזוק האָט ער — דער ניזוק אַליין די דאָזיקע ראָל איבערגענומען.

מיר פסקענען לטובת דעם נתקל אין פאַל פון המניח את הכד, אויב ער פיגורירט אין אים אַלס ניזוק, ווייל, כאָטש אַ נתקל איז ניט קיין אונס, קען ער אָבער נאָך אַלץ ניט באַטראַכט ווערן אַלס דער גורם פון געשעענעם אין דעם פאַל היזק, וואָס דאָס איז דער עיקר דערויף, מען זאָל קענען באַפרייען די פערזאָן, וואָס פיגורירט אין אַ היזק פאַל אַלס מזיק. דעם עניין פון קענען באַטראַכט ווערן אַלס אונס אין דעם פאַל דאַרף מען פאַרבונדן מיט דעם מזיק. קעגן דעם נתקל וואָלט מען אין דעם פאַל געקענט פסקענען נאָר דאַן, ווען מען וואָלט געקענט באַהויפטן, אַז נאָר מתוך אונס איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך אים — דורך דעם בעל תקלה — דער היזק. אַזוי ווי דאָס אָבער קען ניט געטאָן ווערן, דאַרפן מיר דעם בעל תקלה דמי היזק מחייב זיין.

דאָס אָבער, וואָס מיר קענען ניט טאָן לטובת דעם מזיק אין דעם פאַל, אויב דער מזיק איז דער בעל תקלה קענען מיר אָבער יאָ טאָן דאָ לטובת אים, אויב דער מזיק איז דער נתקל אין דעם פאַל.

דאָ קענען מיר יאָ דעם געשעענעם היזק אַלס אַן אונס פאַל באַ־
טראַכטן. וואָרום אַנדערש ווי פריער איז טראָץ דעם, וואָס דער נתקל
פיגורירט דאָ אַלס מזיק, פיגורירט ער אָבער ניט אַלס גורם פון היזק.
אַלס דער גורם פון היזק פיגורירט גאָר דאָ דער בעל תקלה. אויב דער
מזיק — דער בעל תקלה קען ניט אין יענעם פאַל אַרויפלעגן די
שולד פון גורם זיין דעם היזק אויף דעם ניזוק, קען דער מזיק
אין דעם פאַל יאָ דאָס טאָן. דאָרטן קען ער ניט זאָגן צום ניזוק:
ווען ניט דו וואָלט דער היזק ניט געווען געשען. דאָ אָבער — אין דעם
פאַל — קען דער מזיק דאָס יאָ טאָן. ער קען צו אים טענה'ן: ווען
דו וואָלסט ניט געווען געשאַפן די תקלה, וואָלט דער היזק ניט געווען
געקענט פאָרקומען. די תקלה האָט מיך פאַר אַ נתקל געמאַכט. איך
האָב דערמיט, וואָס איך האָב זיך אָנגעשלאָגן אין איר גאָר ניט געטאָן
אַזוינס, וואָס איך האָב ניט געטאָרט טאָן. דער היזק דעריבער, וואָס
איז געשען דאַרף באַטראַכט ווערן, ווי אַן היזק, וואָס איז געטאָן גע־
וואָרן מתוך אונס. טראָץ דעם, וואָס איך בין דער מזיק, בין איך
אָבער ניט דער גורם פון היזק. דער גורם פון היזק ביזטו טראָץ
דעם, וואָס דו ביזט דער ניזוק.

---

שוין אַן אויבנאויפיקער אַנאַליז פון דער פאַרבינדונגס שייכות,
וואָס קען קאָנסטאַטירט ווערן צווישן די דאָזיקע צווייי טערמינען —
דער טערמין נתקל און דער טערמין פושע, איז גענוג דאַרויף, מיר
זאָלן זיך קענען איבערצייגן, אַז אין עצם עיקר אירן ווערט גערעדט
אין דער נתקל פושע פאָרמולא נאָר וועגן אַזאַ נתקל, וואָס איז אויך
דער מזיק, ניט דער ניזוק, און ער פיגורירט אין דעם פאַל אַלס מזיק
ניט נאָר מיט דעם אַליין, וואָס ער האָט דירעקט דעם געשעענעם
היזק גורם געווען, ווען ער האָט זיך אין דער לאַגע פון אַ נתקל גע־
פונען, נאָר אויך מיט דעם, וואָס ער איז דער איינציקער גורם פון היזק
אין פאַל. וואָרים עס געפינט זיך ניט אין דעם פאַל נאָך אַן אַנדער
פערזאָן, וואָס מיר זאָלן אויך אים אַלס שותף קענען באַטראַכטן צום
נתקל בנוגע דעם עניין פון גורם זיין דעם געשעענעם היזק. וואָרים
דער נתקל אַליין פיגורירט דאָ אי אַלס דער דירעקטער מזיק און אי
אַלס דער בעל תקלה: קיין אַנדער בעל תקלה געפינט זיך דאָ ניט.

ווארים נאר ווען אנגעווענדעט אין אזא פאל, קען מען לאגישען איינ־האלט איר צושרייבן. דער פושע דא איז ווי א געעריק צוגעפאסטער אטריבוט צום נתקל. מיר מיינען מיט אים צו זאגן, אז אין דעם דאזיקן פאל רעכענען מיר זיך נאר דערמיט, וואס דער נתקל טרעט ארויס פאר אונדז אלס דער, וואס האט, אן א שותפותדיקער מיט אים באטייליגונג פון אן אנדער פערזאן, פאראורזאכט דעם געשעענעם אין דעם פאל היזק. מיר רעכענען זיך אבער ניט מיט דעם נתקל מאמענט, וואס אין אים, דאס הייסט, דערמיט: וואס גורם געווען דעם היזק האט ער גאר איינגאנצן שלא במתכוון. ווארים כאטש ער האט נאר גאר איינגאנצן שלא במתכוון גורם געווען דעם היזק, מוזן מיר דאך אין דעם היזק, וואס ער האט פאראורזאכט אן אקט פון פשיעה זען. ווארים מיר האבן א רעכט צו זאגן, אז ווייל עס האנדלט זיך דא ניט וועגן אן היזק, וואס ער האט גורם געווען אין זיינע אייגענע ד"ד אמות, נאר וועגן אן היזק, וואס ער האט גורם געווען אין א רשות הרבים, ווי אין א פאל, למשל, פון נשברה כדו, לויט רבי מאירן איז די נאכ־לעסיקייט זיינע, וואס האט אים געבראכט דערצו, ער זאל גורם זיין דעם היזק אין דעם פאל, מאכט אים פאר א פושע; אז דערמיט, וואס ער האט ניט אכטונג געגעבן גענוג, ווען ער האט דעם כד געטראגן, אז עס זאל דורך אים קיין תקלה ניט ארויסקומען פאר וועמען, האט ער פארבראכען קעגן דער געזעלשאפטלעכער פליכט, וואס עס איז אויף אים געלעגן, ער זאל יא אכט לעגן דארויף — און דעריבער איז כאטש דער היזק אקט איז גאר איינגאנצן שלא במתכוון געווען, באדארף מען אים ניט באפרייען פון שטראף.

וואס פאר א פארבינדונג אבער קענען מיר פעסטשטעלן צווישן דעם נתקל און דעם פושע, ווען מען מיינט מיט דעם פושע דעם, וואס פיגורירט אלס נתקל, וואס איז גלייכצייטיק אויך דער ניזוק? דאס הייסט: וועגן א נתקל פון א פאל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך א בעל תקלה. פאר וואס איז דער, וואס איז אריינגעפאלן אין א גרוב, למשל, א פושע. עס קען זיך דא האנדלען, צי מען זאל יא באפרייען דעם בעל הבור, צי ניט, אבער פאר וואס עפעס פארמולירן דאס פראבלעם אזוי, אז עס זאל אויסקומען, אז עס האנדלט זיך אין דעם פאל וועגן דעם, צי מען באדארף דעם נתקל אלס פושע באצייכענען? ווי פאסט זיך דא דער דאזיקער עפיטעט פושע. ווי אזוי קען מען

דעם נתקל אין דעם פאַל אַלס פּושע באַטראַכטן? קעגן וועמען און מיט וואָס איז ער אַ פאַרברעכן באַגאַנגען דערמיט, וואָס ער איז אַריינ־געפאַלן אין גרוב? מען קען רעדן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָ־זיקן פאַל וועגן דעם פאַרברעכן, וואָס דער בעל הבור איז באַגאַנגען דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעגראָבן דעם גרוב אין רשות הרבים? ווי קען מען אָבער אין באַצוג צום אַריינגעפאַלענעם וועגן אַ באַגאַנגע־נעם פאַרברעכן רעדן. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַן אומגליק, וואָס איז מיט איינעם געשען, אָבער כּלל ניט וועגן אַ פאַרברעכן, וואָס איי־נער איז באַגאַנגען.

---

איך האָב אומיסטן זיך באַנוצט מיט דעם משל, ווייל ביי עלענען איז רעכט — ווי דער לעזער האָט געהאַט די געלעגנהייט שוין צו זען — אַריינצופּלאָנטערן דעם עניין פון נתקל פּושע אין באַצוג צום נופל, אויף צו דערקלערן דעם פּטור ביי נפילת אדם לבור, שהביאה לידי מיתה. אמת, ער קומט צו דער מסקנה, אַז מיט אָט דעם מאָטיוו קען דער פּטור ניט דערקלערט ווערן. אָבער, אַז מען קען רעדן אין דער טער־מענאָלאָגיע פון נתקל פּושע אין באַצוג צום נופל — אין דעם, זעט אויס, איז ער זיכער.

אַזאַ זיכערקייט אָבער וואָלט געקענט זיין דערלויבבאַר נאָר דאַן, ווען דעם עטימאָלאָגישן אינהאַלט פון טערמין פּושע, וואָלט מען גע־קענט אויסטייטשן ניט מער ווי נאָר אין פּשוטן זין פון טראָגן אַ פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט; ווען די פאָרמולא וואָלט געמיינט ניט מער, ווי נאָר צו אינפאָרמירן אונדז, ווי אַזוי מען דאַרף פּסקענען אין אַ פאַל, ווען דער מזיק אָדער ניזוק, וואָס פיגורירט אין אים, קען באַצייכענט ווערן אַלס נתקל; צו אינפאָרמירן אונדז, אַז אין אַזאַ פאַל איז דער נתקל דער איינציקער, אויף וועלכן מען באַדאַרף די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט אַרויפוואַרפן פאַר דעם אומגליק, וואָס איז געשען: זי מיינט אָבער כּלל ניט צו דערקלערן אונדז גלייכצייטיק אויף דעם „פאַר וואָס" פון דעם דאָזיקן פּסק דין; זי אַנטהאַלט אָבער אין זיך ניט קיין אָנווייזונג צו וואָס פאַר אַ קלאַס אָדער גרופּע צווישן די גרופּן, אויף וועלכע עס טיילן זיך די פאַרשיידענע פאַלן, וואָס האָבן מיט די ענינים פון נזקי גוף און נזקי ממון צו טאָן, דער דאָזיקער נתקל פאַל באַדאַרף צוגעטיילט ווערן. איך מיין דערמיט צו זאָגן: אַן אָנווייזונג, אַז כאָטש דער פאָרפאַל אין אָט יענע פעלע, אין וועלכע מיר אָפּערירן מיט דער פאָרמולא

„נתקל פושע", איז פאַראורזאַכט געוואָרן נאָר דורך דער נאַכלעסיקייט מצד דעם נתקל, וואָס זי אַליין, פאַר זיך גענומען, קען ניט, ווי יעדער אַנדערע נאַכלעסיקייט, מיט דעם עניין פון פאַרברעכן פאַרבונדן ווערן, דאַרף זי — די נאַכלעסיקייט — דאָ דאָך אַלס אַזאַ באַטראַכט ווערן, אין וועלכער עס איז אויך אַ קרימינעלער עלעמענט פאַראַן, אַזוי, אַז מיר מוזן דעם נתקל אַלס שולדיקן דערקלערן — דאָס הייסט, ניט נאָר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף אים אַרויפוואַרפן — נאָר אויך אַלס זינ־דיקן אים באַטראַכטן.

ווי איך האָב שוין אָבער באַוויזן מוז דער טערמין פושע דווקא אַלס אַזאַ, וואָס אין עצם עיקר אינהאַלט זיינעם אַנטהאַלט ער אַ באַ־צייכנונג פון מאָראַלן כאַראַקטער אין באַצוג צום נתקל. וואָס די דאָ־זיקע פאָרמולא קומט אונדז הויפּטזעכלעך צו זאָגן — איז, אַז דער נתקל, וואָס מיר האָבן פאַר זיך אין דעם אָדער אין יענעם פאַל, אין וועלכן מיר אַפּערירן מיט איר — מיט דער נתקל פושע פאָרמולאַ — מוז אַלס פאַרברעכער — אַלס אַזעלכער וואָס האָט פאַרבראָכן קעגן אַ פליכט, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיך באַטראַכט ווערן פון אונדז. דער אימפּליצירטער געדאַנק, אַז מיר באַדאַרפן אים באַשטראָפן, איז ניט דער עיקר אינהאַלט אירער, נאָר אַ פּועל יוצא פון דער באַצייכנונג, מיט וועלכער דער נתקל ווערט אין איר כאַראַקטעריזירט. און ווייל אַזוי קען שוין דער נתקל פון דער נתקל פושע פאָרמולא בשום אופן ניט פאַרשטאַנען ווערן אויף דעם אופן, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט אָט ערשט.

נ"ז

און נאָך דעם אַלעם באַדאַרף אויך צוגעגעבן ווערן, אַז דאָס, וואָס איך האָב גערעדט אָט ערשט וועגן דער מעגלעכקייט צו באַהויפּטן, אַז, ווען ניט דער אָפּהאַלט, וואָס מען מוז אָננעמען, אַז דער פושע באַציי־כענט דעם אַקט פון נתקל, וועגן וועלכן די פאָרמולא פון נתקל פושע רעדט, אַלס אַן אַקט, אין וועלכן עס איז דער עלעמענט פון פשיעה פאַראַן, וואָלט מען געקענט אָננעמען, אַז דער פושע באַציט זיך אויף דעם נתקל, אין דעם זין, ווי עלען פאַרשטייט אים, איז ניט מער ווי נאָר אַ צוג פון גרויסמוטיקייט פון מיין זייט געווען. וואָרים דער אמת איז, אַז אַפילו דאַן, אָן דעם דאָזיקן אָפּהאַלט, וואָלט מען דאָס ניט גע־קענט טאָן. מען וואָלט דאָס ניט געקענט טאָן מחמת דעם אינהאַלט,

וואָס מען מוז אין איר — אין דער פאָרמולא — דאַן אַריינלעגן, דעם אינהאַלט, וועגן וועלכן מיר האָבן פריער גערעדט, אַז די דאָזיקע פאָר־מולא לערנט אונדז, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ לייטנדער פּרינציפּ בנוגע נזקי גוף וממון, אַז שוין אָט דער פאַקט אַליין פון געפינען זיך פון איינעם אין אַ סיטואַציע, דורך וועלכער ער קען באַצייכענט ווערן אַלס נתקל אין דעם סאַמע נאָענסטן, קאָנקרעטן זין פון דעם דאָזיקן טערמין, אַז אָט דער פאַקט אַליין שוין איז גענוג דאַרויף, מיר זאָלן מוזן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם היזק — צי ער האָט זיך אַליין דעם היזק גורם געווען אָדער אַן אַנדערן — וואָס איז דורך אים פאַר־אורזאַכט געוואָרן, ווען ער האָט זיך אין אָט יענער סיטואַציע געפונען, אויף אים אַרויפוואַרפן. ווארים שוין דער עצם פאַקט, וואָס ער איז ניט געווען פאָרזיכטיק, מאַכט מעגלעך פאַר אונדז פאַראַנטוואָרט־לעך אים צו האַלטן פאַר דעם שאָדן, וואָס ער האָט פאַראורזאַכט.

קיין אַנדער אינהאַלט קען מען ניט אַריינלעגן דאַן אין דער דאָזי־קער פאָרמולא. ווארים אויב מען זאָל קענען באַשולדיקן דעם נתקל אין מער ווי אין גלאַט אומפאָרזיכטיקייט, קען ער דאָך שוין קיין נתקל ניט זיין. אין אַזאַ פאַל איז דאָך אַפילו לויט די, וואָס האַלטן ניט פון נתקל פושע, קען מען ניט באַפרייען די פערזאָן, וואָס באַדאַרף אַלס דער דירעקטער גורם פון היזק באַטראַכט ווערן: פונקט, ווי די אַפילו, וואָס האַלטן יאָ פון נתקל פושע, זיינען מודה, אַז אין אַ פאַל פון גורם היזק זיין, אין וועלכן מען קען דעם נתקל ניט באַשולדיקן נאָר אין נאָך ווייניקער ווי אין גלאַט אומפאָרזיכטיקייט, קען מען אויף דעם נתקל קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט ניט אַרויפוואַרפן. נאָר ווען אין דער פאָר־מולא זאָל זיך האַנדלען נאָר וועגן גלאַט אומפאָרזיכטיקייט, קען מעג־לעך זיין, אַז עס זאָל זיין אַ מחלוקת בנוגע איר, אַז אייניקע זאָלן האַלטן, אַז אומפאָרזיכטיקייט ביים גיין איז גענוג דערויף, מען זאָל דאַרפן דעם נתקל אַלס שולדיקן באַטראַכטן, און אַנדערע זאָלן האַלטן, אַז עס איז ניט גענוג.

קיינע באַגרעניצונגען פאַר דעם באַגריף נתקל, ווען מען נעמט אים אין דער אויסטייטשונג, קען גיט געגעבן ווערן. די פאָרמולא אין דער דאָזיקער אויסטייטשונג מוז מיינען, אַז אין וואָס פאַר אַ פאַל עס זאָל זיך ניט האַנדלען וועגן אַן היזק, וואָס איז דירעקט פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דער אומפאָרזיכטיקייט פון איינעם, דאַרף אָט יענער אַלס

דער, וואָס איז שולדיק אין דעם היזק באַטראַכט ווערן; מוז אויסגע־טייטשט ווערן אויף אַן אופן, אַז זי אַנטהאַלט אין זיך אָט יענעם לייטענדן פרינציפּ, וועלכן איך האָב פריער פאָרמולירט. דערלאָזן אָבער די מעגלעכקייט, אַז עס זאָל קענען עקזיסטירן אַ פאָרמולא, וואָס זאָל טראָגן אין זיך אָט אַזאַ לייטנדן פּרינציפּ, איז אַן אמתער אונזין. דאָס וואָלט הייסן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַן עטאַבלירטן לייטענדן פרינציפּ, לויט וועלכן מיר דאַרפן זיך פירן אין יעדן פאַל, וואו מיר האָבן מיט אַ נתקל צו טאָן, און צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז אין יעדן אַזאַ פאַל פסקענען מיר פונקט פאַרקערט, ווי אָט יענער לייטענדער פרינציפּ דיקטירט אונדז צו פסקענען. אין די אַלע פעלע, וואו צוזאַמען מיט אַ נתקל, פיגורירט נאָך אַ פערזאָן אַלס אַ בעל תקלה — האַלטן מיר פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם געשעענעם היזק ניט דעם נתקל, נאָר דעם בעל תקלה דווקא. און מיר פסקענען אַזוי ניט לויט די רבנן דווקא, נאָר אויך לויט רבי מאירן; אַז מיר האָבן מיט אַ מאָדנעם לייטענדן פרינציפּ דאָ צו טאָן, וואָס בלייבט טויט ווי אַלע טויטע, ווען עס קומט צו באַנוצן זיך מיט אים; מיט אַ מאָדנעם לייטענדן פרינציפּ, וואָס לויט אים נאָך קען גאָר ניט אויסקומען, אַז מען זאָל ווען עס איז קענען באַשטראָפן אַ בעל תקלה, אַז דער גאַנצער עניין פון באַשטראָפן ווען פאַר גורם היזק זיין דורך זיין תקלה טאָט זאָל גאָר ניט קענען פאָרקומען.

לויט רבי מאירן, למשל, וואָס ער האַלט פון נתקל פושע, וואָלט באַדאַרפט אויסקומען, אַז ניט נאָר אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נפילה שהביאה לידי מיתה, און סיי ווען עס האַנדלט זיך — ווי עלען אַליין האָט שוין דאַרויף אָנגעוויזן — אין אַ נפילה, שהביאה לידי היזק גופו של אדם, נאָר אַפילו, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אַ נפילה פון אַ בעל חי שאינו פקח, זאָל קיינמאָל ניט מעגלעך זיין, מען זאָל קענען מקיים זיין דעם פאָרשריפט פון דער תורה צו באַשטראָפן דעם בעל הבור. וואָרים אויב מיר זאָגן, אַז דער נתקל איז דער פושע — ווי מען באַדאַרף איצט פאַרשטיין דאָס וואָרט „פושע", דער, וואָס באַדאַרף באַטראַכט ווערן אַלס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער נפילה — שוין נאָר דערפאַר אַליין, וואָס ער איז דער נתקל, דער דירעקטער גורם פון דעם היזק, וואָס איז געשען אין דעם פאַל, דער, וואָס דורך אים איז דער תקלה טאָט פון בעל תקלה רעאַליזירט געוואָרן —

און מען באַדאַרף ניט האָבן אַ באַזונדער אופן, דורך וועלכן זי — די דאָזיקע רעאַליזירונג — זאָל דורך אים — דורך דעם נתקל — האָבן געווען פאָרגעקומען, זי דאַרף ניט זיין אַזאַ, וואָס זאָל מוזן פאַרוואַנדלען די נפילה אין אַן אויסערגעוויינלעכן פאַל — דאַרף דאַן, ווירקלעך, אויסקומען, אַז אין אַ פאַל פון נפילה לבור וואָלט מען ניט נאָר דאַן, ווען דער נופל איז אַ מענטש, באַדאַרפט אונטער אַלע אומשטענדן באַ־פרייען דעם בעל הבור פון שטראָף, נאָר אויך, ווען דער נופל איז אַ בהמה שאינה פקחית. וואָרים אויב לויט דעם דאָזיקן פרינציפ מוז אויסקומען, אַז מען קען אַרויסשטעלן אַ טענה צום מענטשן אַליין, אמאי ער איז ניט געגנוג פאָרזיכטיק געווען, ווען ער איז אין גאַס געגאַנגען, דאַרף מען דאַן קענען אַרויסשטעלן די דאָזיקע טענה פון פאָרזיכטיקייט אויך בנוגע זיין שור שאינו פקח. אַ נתקל איז דאָך דאָ אויך אין דעם פאַל. דאַרף דאָס אַלענפאַלס מאַכן אוממעגלעך פאַר אונדז אַרויפ־צוואואַרפן די שולד אויף דעם בעל הבור. אַזוי, אַז מיר נעמען אָן, אַז דורך דעם עצם פאַקט, וואָס דער בעל הבור איז דער גורם געווען — דורך זיין תקלה — פון דער נפילה, דאַרפן מיר נאָר אים באַטראַכטן אַלס דעם שולדיקן, און נאָר דערפאַר דעריבער באַשטראָפן מיר דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור שהביאה לידי היזק גופו, כאָטש די נפילה זיינע — פון דעם נופל — ווי יעדע נפילה, איז פון אומפאָר־זיכטיקייט פאַראורזאַכט געוואָרן. וואָרים מיר זאָגן, אַז עס איז דאָס רעכט פון יעדן איינעם דורכצוגיין די גאַסן פון שטאָט אָן איבעריקער אָנשטרענגונג — אַכטונג צו געבן, צי געפינט זיך ניט ערגעץ אַ גרוב אין שטאָט — טראָגן מיר איבער דאָס דאָזיקע רעכט זיינס אויך אויף דעם שור שאינו פקח, און מיר פאָדערן פון אים — פון בעל השור — ניט, ער זאָל ווערן אַ שומר ביי דעם שור זיינעם, ער זאָל אים ניט אַרויסלאָזן אין גאַס אַליין, מחמת טאָמער האָט זיך דאָרטן וועמען פאַר־גלוסט אַ גרוב אויסצוגראָבן אין שטאָט. ווי באַלד אָבער, אַז צוליב אָט יענער פאָרמולאַ פון נתקל פושע מוזן מיר אַוועקגיין פון דעם דאָזיקן פרינציפ; ווי באַלד אַז זי מוז אונדז צווינגען ניט צו געבן קיינעם אָט יענע רעכט, וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט, איז דאָך במילא שוין ניטאָ וואָס איבערצוטראָגן אויף דעם שור שאינו פקח זיינעם. פונקט דעריבער, ווי עס איז מוז איצט אויסקומען, אַז מען באַדאַרף באַפרייען דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת אדם דערפאַר, וואָס ער — דער

נופל — איז אַ נתקל, דערפֿאַר, וואָס ער האָט ניט אַרויסגעוויזן איבע־ריקע אָנשטרענגונג, ער זאָל ניט אַריינפֿאַלן, דאַרפֿן מיר אין דעם פֿאַל פֿון שור שאינו פּקח אויך באַפֿרייען דעם בעל הבור דערפֿאַר, וואָס ער — דער בעל השור — האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט, דער שור זיי־נער זאָל קיין נתקל ניט זיין.

אַלענפֿאַלס איז אָבער דאָך דאָס זיכער, אַז לויט רבי מאירן, וואָס האַלט, אַז אַ נתקל איז אַ פּושע וואָלט בשום אופן ניט געקענט מעג־לעך זיין, אַז ביי נפילת אדם, שהביאה לידי היזק גופו של הנופל, זאָל מען באַשטראָפֿן דעם בעל הבור. וואָרים פֿאַר וואָס זאָל מען דאָ ניט אָנווענדן דעם פּרינציפּ פֿון נתקל פּושע פּונקט ווי מען ווענדעט אים אָן אין אַ פֿאַל, ווען די נפילה האָט געבראַכט לידי מיתה. דער אמת איז אָבער, אַז ניט נאָר לויט די רבנן באַשטראָפֿן מיר דעם בעל הבור אין אַזאַ פֿאַל, נאָר אַפֿילו לויט רבי מאירן.

## נ״ח

אמת, לויט דעם, וואָס ער — עלען — שרייבט, ווען ער קומט צו דער לעצטער מסקנה זיינער, אַז אין אמתן איז דאָס, וואָס מיר באַפֿרייען דעם בעל הבור אין אַ פֿאַל פֿון מיתת אדם, ניט דערפֿאַר, וואָס מיר זאָגן, אַז אַ נתקל איז אַ פּושע נאָר דערפֿאַר, וואָס דאָס לעבן פֿון אַ מענטשן ווערט ניט אין קיין געלט געשאַצט, קומט אויס, אַז אַלעס איז שוין כשר וישר, אַז די אַלע אַלטע קשיות זיינען שוין אויף אַזאַ וואונדערלעכן אופן פֿאַרענטפֿערט, אַז עס קען שוין גאָר ניט גע־מאָלט זיין, מען זאָל נאָך מוזן אין קלעם זיך געפֿינען. דער דאָזיקער פֿריילעכער אָפּטימיזם אָבער האָט קיין יסוד ניט אונטער זיך. ווען ער — עלען — וואָלט זיך ניט געווען פֿאַרפּלאָנטערן אין דעם גאַנצן ענין פֿון נתקל — ווי ער פֿאַרשטייט דעם פּשט פֿון דעם דאָזיקן טער־מין — וואָלט דער אָפּטימיזם פֿאַר אים געווען אַ באַרעכטיקטער. אמת, די דערקלערונג פֿאַרן באַפֿרייען דעם בעל הבור אין אַ פֿאַל פֿון נפילת אדם, וואָלט טאַקע סיי ווי געווען אַ פֿאַלשע. זי וואָלט אָבער געקענט אַריינגענומען ווערן אין דעם אַלגעמיינעם געוועב אירן אין דער דערקלערונג, וואָס מען וואָלט דאַן געקענט געבן אַפֿילו לויט אים נאָך פֿאַר די אַלע פֿעסטגעשטעלטע דינים אין פֿאַרבינדונג מיט די ענינים פֿון נפילה לבור. ווי באַלד אָבער ער האָט זיך יאָ פֿאַרפּלאָנ־

טערט אין איר; ווי באַלד אָבער זי האָט אים געדינט אַלס דער אויס־גאַנגס פונקט, פון וועלכן מיר דאַרפן אָנהויבן זוכן דעם וועג, וואָס קען אונדז פירן צו אַ דערקלערונג פאַר די דיני נפילה, קען מען זיך שוין פון איר ניט באַפרייען. נאָר דורך דעם, וואָס מען דערקלערט דעם פטור ביי נפילת אדם שהביאה לידי מיתה מיט דעם מאָטיוו פון שאין להעריך חיי אדם בכסף, קען מען פון די שוועריקייטן, וואָס זי האָט אונדז פריער פאַרשאַפט, ניט פטור ווערן. זי מוז שוין אונדז אויך איצט צרות גרויסע פאַרשאַפן. דאָס, וואָס מען האָט דעם מאָטיוו פון נתקל פושע פאַרוואָרפן אַלס דערקלערונג פאַר דעם פסק דין בנוגע אַ פאַל פון נפילת אדם לבור, שהביאה לידי מיתה, קען גאָר ניט אויפ־טאָן. אויפגעריכט ווערן אויף אַן אמתן איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען מען ווערט פון איר אינגאַנצן פטור, ווען מען פאַרוואַרפט זי ניט נאָר אַלס פאַסיקע דערקלערונג פאַר אָט יענער נפילה, נאָר ווען מען קומט צו די איבערצייגונג, אַז אָט אַזאַ פאָרמולא — אין דעם זין, אין וועלכן ער אַפּערירט מיט איר — עקזיסטירט גאָר ניט.

ווען ער זאָגט אונדז, אַז די ענינים פון נפילה קענען בכלל ניט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דעם באָדן פון דער פאָרמולא פון נתקל פושע, וואָרים עס איז דאָ קיין נתקל ניטאָ אין דעם זין, ווי דער נתקל פון דער נתקל פושע פאָרמולא באַדאַרף פאַרשטאַנען ווערן, וואָלטן מיר אַלעס דאַן, אויך מיטגייענדיק מיט אים, געקענט ווי גע־העריק איינאָרדענען. צי דעם בעל הבור באַפרייט מען דערפאַר וואָס שאין הערכת כסף לחיי האדם, אָדער מחמת אַן אַנדער טעם — דאָס וואָלט דאַן גאַנץ עגאַל געווען. דער עיקר וואָלט דאַן געווען דאָס, וואָס ער איז ניט געקומען דורך דער קשייא אויף דעם פטור לכלל טעות צו פרואוון זי צו פאַרענטפערן מיט דעם תירוץ פון דער נתקל פושע פאָרמולא; מיט דעם תירוץ, אַז לויט איר נאָך מוז אויסקומען אַז מיר דאַרפן אַרויפוואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין דעם פאַל און אין ענלעכע צו אים פעלע אויף דעם נופל. דער עיקר איז דאָס, וואָס ער וואָלט דאַן געוועזן געקענט געפירט ווערן צוזאַמען מיט אונדז צו געפינען דעם אמתן הויפט פרינציפ, וואָס אויף אים זענען באַזירט די אַלע פאַרשיידענע דינים, וואָס מיר האָבן וועגן די ענייני נפילה לבור; דעם הויפט פרינציפ, וואָס לויט אים נאָך באַדאַרפן מיר זיך ריכטן, ווען מיר זוכן צו דערקלערן, ווי געעריק, די דאָזיקע דינים:

דעם הויפט פרינציפ, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז אין די אַלע פעלע, וואָס האָבן מיט עניני נפילה לבור צו טאָן, ווי אויך אין די אַלע אַנדערע ענלעכע צו זיי פעלע — אַז דער, וואָס דורך זיין תקלה איז אַ היזק געשען, מוז, אויב נאָר עס איז דעם היזק פאַל דער מאָמענט פון אַ געוויסער פאָרם פון אונס ניט פאַראַן, געהאַלטן ווערן פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דעם היזק; אַז אין יעדן תקלה פאַל מוזן מיר האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל התקלה פאַר דעם געשעענעם היזק אין פאַל, סיידן עס איז פאַראַן אַן אורזאַכע צו באַהויפטן, אַז דער היזק איז רעאַליזירט געוואָרן דורך דער שולד פון נתקל: נאָר אין דעם פאַל באַשטראָפט מען ניט דעם בעל תקלה. אָט דעם הויפט פרינ־ציפ וואָס לויט אים נאָך קען אַנדערש ניט אויסקומען, אַז אין אַ פאַל, ווען אַ מענש פאַלט אַריין אין גרוב און ווערט געניזוקט אָדער גע־הרגעט, איז אין פרינציפ מוז אין דיביידע פעלע אַ שטראָף אַרויפ־געלייגט ווערן אויף דעם בעל הבור. אויב אין אַ געוויסן פאַל באַ־שטראָפט מען אים ניט, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס מען האַלט אים ניט אין יענעם פאַל פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס עס איז געשען, נאָר דערפאַר, וואָס איבער אַ געוויסן זייטיקן מאָטיוו, קען מען דאָס באַשטראָפן אים ניט דורכפירן. עס מוז אַזוי אויסקומען, פונקט ווי עס מוז לויט אָט דעם פרינציפ אויסקומען. אַז ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ נפילה פון אַ בהמה פקחית, דאַרף מען דעם בעל הבור ניט באַשטראָפן. אין ערשטן פאַל קען מען דעם בעל הבור ניט באַפרייען דערפאַר, וואָס די נפילה פון מענטשן קען מען בשום אופן ניט באַ־טראַכטן אַלס אַזאַ, וואָס איז פאָרגעקומען מחמת דער אייגענער שולד פון נופל. אמת, מען קען אָננעמען, אַז ער איז ניט גענוג פאָרזיכטיק געווען, ווען ער איז דעם בור פאַרבייגעגאַנגען. וואָרים ווען ער זאָל יאָ געווען פאָרזיכטיג זיין, וואָלט ער ניט געווען אַריינגעפאַלן. די דאָזיקע אומפאָרזיכטיקייט אָבער איז ניט גענוג, אַז מיר זאָלן קענען באַהויפטן, אַז דער נופל איז אַליין שולדיק אין דער נפילה זיינער. וואָרים ער האָט זיך ניט אויפגעפירט אנדערש, ווי אַלע אַנדערע מענטשן פירן זיך אויף גייענדיק. מענטשן זענען ניט קיין מתבוננים בדרכים. וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן האָט געקענט מיט יעדן אַנדערן טרעפן. אַנדערש איז אָבער אין צווייטן פאַל. בעלי חיים זענען יאָ מתבוננים בדרכים. געוויינלעך איז אַ בהמה אויף אַזויפיל פאַר־

זיכטיק, ווען זי גייט אין וועג, אַז עס זאָל מיט איר ניט קענען טרעפן, זי זאָל אין אַ גרוב אַריינפאַלן. די, וואָס איז אַריינגעפאַלן, איז אַן אויסנאַם פון די אַלע אַנדערע בהמות. מען קען דעריבער אַראָפּנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת בהמה פקחית. מען קען זאָגן, אַז די בהמה אַליין איז שולדיק אין דעם, וואָס זי איז אין גרוב אַריינגעפאַלן. וואָרים ווען זי וואָלט געווען געגאַנגען, ווי אַלע אַנדערע בהמות, וואָלט מיט איר ניט געווען געטראָפן דער אומגליק.

---

ווען, אַלזאָ, ער זאָל זיך ניט געווען פאַרפּלאָנטערן אין דער דאָזיקער פאָרמולא פון נתקל פושע אין דעם זין, אַז עס באַדאַרף פאַרשטאַנען ווערן פון איר, אַז לויט איר נאָך וואָלט מען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער נפילה אין אַ פאַל פון נפילת אדם באַדאַרפט אַרויפוואַרפן אויף דעם נופל; ווען עס וואָלט אָט אַזאַ אויסטייטשונג פון דער פאָרמולא ניט געווען אַרויסגעבראַכט געוואָרן, וואָלט מען באמת אויך אין אָנקלאַנג מיט זיין מאָטיוו פאַר אָט יענעם פטור ניט נאָר אליבא אין געוויסער שיטה די אַלע דינים פון ענייני נפילה געקענט איינאָרדענען, ווי געעריק, נאָר אליבא דכולי עלמא, און מיר וואָלטן זיך באַדאַרפט גאָר ווייניק קימערן וועגן דער נתקל פושע פאָרמולא. איצט אָבער, ווען אָט יענע אויסטייטשונג פון דער פאָרמולא איז יאָ אין עקזיסטענץ אַרויסגעבראַכט געוואָרן; איצט ווען די איינציקע מעגלעכקייט פאַר אונדז, מיר זאָלן זיך קענען ניט קימערן וועגן איר, געפינט זיך נאָר אין דעם, מיר זאָלן זי גאָר אינגאַנצן פאַרוואַרפן, איז די, וואָס טוען דאָס ניט, מוזן זיך שוין גאָר קימערן וועגן איר. איצט קען אונדז דער אויפטו, אַז מיר באַשטראָפן דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור, שהביאה לידי מיתה, דערפאַר, וואָס דאָס לעבן פון אַ מענטשן קען ניט אין קיין געלט געשאַצט ווערן — גאָר ניט העלפן. עס בלייבט נאָך אַלץ אַן אָפענע טיר פאַר די אַלע פריערדיקע קשיות. וואָרים די באַהויפּטונג, אַז דאָס, וואָס מיר באַשטראָפן ניט דעם בעל הבור, איז דערפאַר, וואָס שאין להעריך את חיי האדם בכסף, קען דאָך איצט דורכאויס ניט מיינען ווי נאָר דאָס, אַז אין דער מחלוקת צווישן די רבנן און רבי מאירן וועגן דעם עניין פון נתקל פושע, פסקענען מיר

ווי די רבנן, וואָס האַלטן ניט פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ. און דעריבער פאַלן שוין במילא אַראָפּ די אַלע קשיות, אויף וועלכע ער — עולא — האָט זיך פריער אָפּגעשטעלט.

וואָס קומט אונדז אָבער אַרויס דערפון, וואָס לויט די רבנן זענען די אַלע קשיות פאַרענטפערט? זיי זענען דאָך אַזוינע, וואָס מוזן אליבא דכולי עלמא פאַרענטפערט ווערן. ווארים בנוגע די דינים אַליין אין צוזאַמענהאַנג מיט ענייני נפילה לבור געפינען מיר דאָך ניט קיין מחלוקת צווישן די רבנן און רבי מאירן. עס מוז דעריבער קלאָר זיין, אַז ווי באַלד זיי קענען אליבא דרבי מאיר ניט פאַרענטפערן ווערן, קענען זיי בכלל ניט פאַרענטפערט ווערן.

וואָס מיר באַדאַרפן נויטיק האָבן איז ניט קיין היתר — גלאַט אַן היתר — מיר זאָלן קענען פסקענען פטור אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור שהביאה לידי מיתה, נאָר צו געפינען אַ וועג, ווי אַזוי צו פאַרענטפערן די סתירה, וואָס מיר געפינען צווישן דעם פסק דין אונדזערן און דער פאָרמולא פון נתקל פושע, וואָס לויט איר מוז אויס־קומען, אַז מען באַדאַרף פסקענען אין אַזאַ פאַל קעגן דעם נופל. מיר נויטיקן זיך אין אַזאַ היתר, וואָס זאָל זיין לכל הדיעות. ווארים, ווי שוין געזאָגט, קען מען רבי מאירן אויך ניט לאָזן אויף הפקר. ווארים אויב מיר זאָגן, אַז די פאָרמולא נתקל פושע, וואָס ער — רבי מאיר — איז דער גורם פון איר געבורט געווען, רעדט אויך וועגן אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה, וואָלט ער בשום אופן ניט געקענט פסקענען פטור אין נפילה לבור פאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן. עס וואָלט פאַר אים מעגלעך געווען צו פסקענען אַזוי, נאָר דאַן, ווען מען וואָלט אויסגעטייטשט די פאָרמולא אויף אַן אופן, זי זאָל ניט שטיין אין קאָנפליקט מיט דעם פסק דין פטור, צו וועלכן אויך ער איז מסכים, ווען מען פאַרוואַרפט די אויסטייטשונג, וואָס נאָר דורך איר ווערט דער דאָזיקער קאָנפליקט געשאַפן. כל זמן אָבער זי בלייבט אין קראַפט קען בשום אופן ניט אויסקומען, אַז מיר זאָלן אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור, שהביאה לידי היזק גופו של אדם, קענען פסקענען לטובת דעם נופל.

נ"ט

אויבענאויף קען דאָס אַפילו אויסזען, אַז ווען מיר זאָלן פאַרזען דאָס, וואָס לויט עלענען מוז אויסקומען, אַז ווי באַלד מיר נעמען אָן, אַז אין איר — אין דער פאָרמולא נתקל פושע — רעדט זיך אויך וועגן אַזאַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה, מוזן מיר דעם בעל תקלה באַפרייען אויך אין אַ פאַל וואו דער ניזוק איז דער נתקל, ווי אין פאַל פון נפילת אָדם לבור, וואָלט מען געקענט דאַן ווי עס איז צו אַ געוויסן עמק השווה קומען. מיר וואָלטן געקענט דאַן אָנ־נעמען, אַז כאָטש מיר האַלטן, אַז די נתקל פושע פאָרמולא רעדט אויך וועגן אַ פאַל, וואָס אויסער דעם נתקל פיגורירט אין אים אויך אַ בעל תקלה קען מען דאָך אין אַזאַ פאַל — אין אַ פאַל פון דער נפילה, וועגן וועלכער מיר רעדן — לטובת דעם נתקל פסקענען. וואָרים כאָטש בכלל גענומען קען מען צושרייבן אַ געוויסע מאָס פון שולדיקייט — אין זין פון קענען באַטראַכטן אים אַלס גורם פון דער נפילה — דעם נופל פאַר דער נפילה זיינער, קען מען דאָך דאַן פסקענען צום גינסטן פון אים, ווייל מיר באַטראַכטן די שולדיקייט פון בעל תקלה אַלס גורם פון דער נפילה אַלס אַ פיל שווערערע, ווי די שולדיקייט, וואָס מיר קענען דעם נופל צושרייבן, וואָס דאָס מיינט, אַז מיר טייטשן אויס די נתקל פושע פאָרמולא אין דעם זין, אַז אין אַלגעמיין ווערט אין איר איינגעשלאָסן אויך אַזאַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה. דער דאָזיקער פאַל מוז אָבער זיין אַזאַ, וואָס דער בעל תקלה אין אים איז דער מזיק. אַזאַ פאַל אָבער, אין וועלכן דער בעל תקלה איז דער ניזוק, שליסט זי ניט איין אין זיך. וואָרים די דאָזיקע פאָרמולא קומט אונדז ניט צו לערנען, אַז אין יעדן פאַל, וואו עס פיגו־רירט אַ נתקל, מוז מען נאָר לטובת דעם בעל תקלה פסקענען, נאָר, אַז אין יעדן פאַל, וואו דער נתקל, וואָס פיגורירט אין אים, איז דער מזיק, ווי עס איז דער נתקל אין פאַל פון נשברה כדו ברשות־הרבים, וואָס ער איז דער געבורט גורם פון דער דאָזיקער פאָרמולא, בנוגע וועלכן מיר האָבן אַ רעכט צו באַהויפטן, אַז ער איז דער פּראָטאָטיפּ פון די אַלע פעלע בנוגע וועלכע עס קען אונדז געגעבן ווערן צו באַטראַכטן דעם נתקל, וואָס פיגורירט אין זיי אַלס פושע, דאַרפן מיר דאַן קעגן אים פסקענען. וואָרים אין אַ פאַל פון גורם היזק זיין קען ניט אָפּ־הענגיג זיין אונדזער פסק דין פון דעם, ווער עס פיגורירט אין אים

אַלס אַ נתקל אָדער בעל תקלה, נאָר פון דעם, ווער עס פיגורירט אין אים אַלס דער מזיק אָדער ניזוק. ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה, איז אי דאַן, ווען מיר פסקענען לטובת דעם בעל תקלה, אי דאַן, ווען מיר פסקענען קעגן אים, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס בנוגע דעם צווייטן צד, דעם וואָס מיר פסקענען לטובת אים, קענען מיר בשום אופן ניט באַהויפּטן, אַז אויך אים קען מען צושרייבן אַ געוויסע מאָס פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער נפילה, נאָר דערפאַר, וואָס דער אָדער יענער איז דער מזיק.

פונקט ווי אַז מיר פסקענען לטובת דעם בעל תקלה, ווען ער איז דער ניזוק, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס מיר מוזן אים באַטראַכטן גאָר אינגאַנצן אַלס אונשולדיק, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז דער ניזוק — וואָרים אין דעם פאַל איז דאָך זיכער פאַראַן די מעגלעכקייט אַלס מיט־שולדיקן אין גורם זיין דעם היזק דעם ניזוק צו באַטראַכטן; ער איז דאָך דער בעל תקלה — אָט אַזוי איז אויך דאַן, ווען מיר פסקענען — אין אַ פאַל, ווען דער נתקל איז דער ניזוק — לטובת דעם נתקל — איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס אין דעם פאַל איז ער — דער נתקל — דער ניזוק, ניט אָבער דערפאַר, וואָס ער פיגורירט אַלס נתקל אין דעם פאַל, און אַ נתקל, ווי עס באַדאַרף הייסן, אין אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה, קען מען אונטער קיינע אומשטענדן אַלס שולדיקן מיטגורם צום געשעענעם היזק אין יענעם פאַל — באַטראַכטן.

אין די ביידע פעלע: אי דאַן, ווען דער נתקל איז דער מזיק, אי דאַן, ווען דער בעל תקלה איז דער מזיק, האַנדלט זיך ניט אין דעם, וועמען מען קען פון די ביידע צדדים אַבסאָלוטע שולדיקייט אָדער אַבסאָלוטע אונשולדיקייט צושרייבן, נאָר אין דעם, וועמען פון זיי באַדאַרף מען אין דעם פאַל אַ גרעסערע מאָס שולדיקייט צושרייבן, וואָס קען אָבהענגיג זיין נאָר פון דעם: ווער עס איז אין דעם פאַל דער ניזוק, און ווער עס איז אין דעם דער מזיק. אין אַ פאַל, ווען דער נתקל איז דער ניזוק, שרייבן מיר אים צו אַ גרעסערע מאָס שולדיקייט, און אין אַ פאַל, ווען דער בעל תקלה איז דער מזיק — שרייבן מיר אים אַ גרעסערע מאָס פון שולדיקייט צו.

מען מוז אָבער באַלד איינזען, אַז מען קען דאָס אַלעס נישט טאָן. מען מוז באַלד איינזען, אַז אויב מען טייטשט אויס די נתקל פושע פאָרמולא, אַז אין פרינציפּ גייט דער פאַל פון נפילת אדם לבור

אַרײַן אין איר קען מען שוין בשום אופן ניט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז אַפילו לויט איר נאָך באַדאַרף מען ניט באַפרייען דעם בעל הבור. וואָרים דער עיקר אורזאַכע, וואָס ברענגט אונדז צו דער באַהויפטונג, אַז די נתקל פושע פאָרמולא רעדט וועגן אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה, איז דאָך נאָר דערפאַר, וואָס מיר ווילן דורך דער דאָזיקער פאָרמולא דערקלערן דעם פטור, וועגן וועלכן מיר רעדן. ווי באַלד אָבער מיר געבן צו, אַז אַפילו לויט דער דאָזיקער באַהויפטונג מוז נאָך אַלץ אויסקומען, אַז לויט דער נתקל פושע פאָרמולא קען מען דעם בעל הבור ניט באַפרייען, טאָ פאַר וואָס דאַרף מען גאָר אינגאַנצן די אויסטייטשונג, וואָס מיר געבן איר? פאַר וואָס זאָלן מיר זי ניט אויסטייטשן, אַז זי רעדט דווקא וועגן אַזאַ נתקל, אין וועלכן עס פיגורירט ניט קיין בעל תקלה?

עס האַנדלט זיך אָבער ניט נאָר אין דעם, וואָס מען דאַרף ניט, נאָר, פשוט, אין דעם, וואָס מען קען ניט. וואָרים אויב מיר נעמען אָן, אַז אויך וועגן אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה רעדט זיך אין דער פאָרמולא, מוז מען דאַן שוין אויך אָננעמען, אַז ניט נאָר וועגן אַ נתקל אַ מזיק רעדט זי, נאָר אויך וועגן אַ נתקל אַ ניזוק, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאָרמולא, וואָס לאָזט זיך ניט לחצאין טיילן, וואָס מען קען פון איר גאָר ניט אָפּדינגען. מיר קענען זיך ניט העלפן. מיר האָבן פאַר זיך קיין אַנדער וועג ניט, אויסער נאָר דעם ענטוועדער אָדער וועג: אָדער מיר נעמען אָן, אַז סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נתקל אַ ניזוק און סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נתקל אַ מזיק, דאַרפן מיר לויט איר נאָך לטובת דעם בעל תקלה פסקענען, אָדער מיר נעמען אָן, אַז לויט איר נאָך דאַרפן מיר אין די ביידע פעלע דווקא לטובת דעם נתקל פסקענען. אויב מיר טוען דאָס ניט, וועלן מיר צוברענגען די פאָרמולא, מיט וועלכער מיר אָפּערירן, זי זאָל נאָר מעשי חוזק אויסזען, וועלן מיר זיך נאָר פאַרפּלאָנטערן אין באַהויפטונגען, וואָס שטעלן מיט זיך אָן אומקאָמפּראָמיסלעכן „תרתי דסתרי" פאָר, וואָס אין דער קאָמבינירונג אין איר פון די ביידע העלפּ־טען, פון וועלכע זי איז צוזאַמענגעשטעלט, מוז זי נאָר, ווי אַן אַבסורד באַטראַכט ווערן, טראָץ דעם, וואָס יעדע איינע פון זיי וואָלט בכבוד גדול געקענט אויפגענומען ווערן פון אונדז, ווען מען זאָל נאָר ניט דאַרפן צוזאַמען מיט איר אויך די צווייטע אויף קעסט נעמען.

צי מיר פאַרוואַרפן גאָר אינגאַנצן די נתקל פושע פאָרמולאַ, צי מיר נעמען זי אָן — אין איינער פון די צוויי אויסטייטשונגען, וועגן וועלכע מיר רעדן די גאַנצע צייט — קען ניט זיין דער רעזולטאַט דער־פון, אַז אין אַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה — אויב עס פיגורירט אין אים ניט קיין בעל תקלה קען דאָך אוודאי קיין רייד ניט זיין וועגן דעם — זאָל דער פסק דין אונדזערער — וואָס דער פסק דין זאָל ניט זיין — וואָס מוז אין אַזאַ פאַל שטענדיק אָפּ־הענגיק זיין פון דער־דאָזיקער פאָרמולאַ, וואָס באַדאַרף שטענדיק אין פאָלקאָמער האַרמאָניע זיין מיט דעם אופן פון אונדזער באַציאונג צו איר, אַ דירעקטער פועל יוצא פון דעם, צי מיר פאַרוואַרפן זי יאָ אָדער ניט, וואָרים קיין אַנדער יסוד פאַר אים קענען מיר ניט אַוועקלייגן — דאַרפן און קענען פאַרבונדן ווערן מיט אַ מאָטיוו פון צושרייבן דעם נתקל אין דעם אָדער יענעם נתקל פאַל, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע מאָס פון שולדיקייט אַלס נתקל, ווי די, וואָס מען וואָלט אים געקענט צושרייבן אַלס נתקל אין אַן אַנדער נתקל פאַל; אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע מאָס פון שולדיקייט, וואָס וועגט איבער אָדער וועגט ניט איבער אין אָט יענע פעלע די שולדיקייט פון בעל תקלה. דער איינציקער מאָטיוו, מיט וועלכן עס מוז יעדער פסק דין אין אַ נתקל פאַל פאַרבונדן זיין, איז דער מאָטיוו פון באַטראַכטן דעם נתקל — כאָטש עס האַנדלט זיך אין אַ געוויינלעכן נתקל — שוין נאָר דערפאַר אַליין, וואָס ער איז אַ נתקל אַלס דעם איינציקן שולדיקן אין דעם געשעענעם היזק — מיט אים אָדער מיט דעם בעל תקלה — אין דעם פאַל, אָדער באַטראַכטן אים טאַקע דערפאַר, וואָס ער פיגו־רירט אין פאַל אַלס נתקל, ניט אַלס אַ בעל תקלה, אַלס גאָר אינגאַנצן אומשולדיק.

ווען מיר נעמען אָן די נתקל פושע פאָרמולאַ, אין דער אויסטייט־שונג, אַז זי באַציט זיך אויך אויף אַזאַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגו־רירט אויך אַ בעל תקלה, מוז דער פסק דין אונדזערער אין יעדן נתקל פאַל נאָר לטובת דעם בעל תקלה זיין. וואָרים, אַז מיר נעמען זי אָן, מיינט דאָס, אַז מיר האַלטן, אַז אין יעדן נתקל פאַל דאַרף דער נתקל אַלס דער איינציקער שולדיקער באַטראַכט ווערן. נעמען מיר זי ניט אָן, מוזן מיר דאַן, פאַרקערט, אין יעדן נתקל פאַל דווקא לטובת דעם נתקל פסקענען. וואָרים, אַז מיר נעמען זי ניט אָן, מיינט דאָס, אַז

מיר האַלטן, אַז אין יעדן נתקל פאַל באַטראַכטן מיר דעם בעל תקלה אַלס דעם איינציקן שולדיקן.

די נתקל פּושע פאָרמולא, ווען מיר טייטשן זי אויס, אַז זי נעמט אין זיך אַריין אויך אַ נתקל פאַל, וואָס איז מיט אַ בעל תקלה פאַרבונדן, קען זיך ניט באַציען נאָר אויף איין נתקל טיפּ פון די נתקל פעלע. זי מוז זיך אויף זיי אַלע באַציען. דער אינהאַלט פון דער מחלוקת אַרום איר קען ניט באַשטיין נאָר אין דעם, וואָס נאָר אין באַצוג צו אַ געוויסן פאַל זאָגן די, וואָס האַלטן פון דער דאָזיקער פאָרמולא, אַז טראָץ דעם, וואָס אין אַן אַנדער פאַל פּסקענען מיר ניט לטובת דעם בעל תקלה, נאָר לטובת דעם נתקל דווקא, איז דאָ פּסקענען מיר יאָ לטובת אים; און די, וואָס האַלטן ניט פון איר, זאָגן, אַז אויך אין דעם פאַל דאַרפן מיר, ווי אין אַלע אַנדערע פעלע פּסקענען לטובת דעם נתקל — נאָר אין דעם, וואָס די, וואָס האַלטן פון נתקל פּושע, זאָגן, אַז אין אַלע נתקל פעלע דאַרפן מיר לטובת דעם בעל תקלה פּסקענען, און די, וואָס האַלטן ניט פון דעם, זאָגן, אַז אין אַלע אַזוינע פעלע דאַרפן מיר נאָר לטובת דעם נתקל פּסקענען. אין פאַרבינדונג מיט דעם ענין פון גרעסערע אָדער קלענערע שולדיקייט צו וועמען פון זיי צושרייבן קען די דאָזיקע פאָרמולא ניט געשטעלט ווערן. וואָרים די פאָרמולא באַצייכנט דעם נתקל אַלס פּושע ניט דערפאַר, וואָס זיין שולדיקייט באַטראַכט זי פאַר אַ גרעסערע, ווי דעם בעל תקלהס, נאָר דערפאַר, וואָס ווייל ער איז דער נתקל אין דעם פאַל באַטראַכט זי אים אַלס דעם איינציקן שולדיקן, דערפאַר, וואָס דעם בעל תקלה באַטראַכט זי גאָר אינגאַנצן ניט אַלס שולדיק, פּונקט, ווי די רבנן וואָס האַלטן ניט פון דער נתקל פאָרמולא, האַלטן דורך אויס אין אַזאַ נתקל פאַל — צי מיר האַלטן אַז די פאָרמולא נעמט יאָ אַריין אַזאַ נתקל אָדער אַז וועגן אַזאַ נתקל רעדט זי גאָר ניט — נאָר דעם בעל תקלה אַלס דעם איינציקן שולדיקן, און דעם נתקל אַלס גאָר אינגאַנצן אומשולדיק. וואָרים זיי פּסקענען דאָך לטובת דעם נתקל, ווען ער אַליין איז אויך דער בעל תקלה.

אין די ראַמען פון דער פאָרמולא, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, קען גאָר ניט געמאָלט זיין, מיר זאָלן קענען האָבן אין אַ נתקל פאַל פאַר זיך אַ פּסק דין, לויט איר נאָך, וואָס זאָל קענען זיין אָבהענגיק פון אַ מאָטיוו פון יאָ צושרייבן אָדער ניט צושרייבן אין אים אַ גרעסערע אָדער

אַ קלענערע שולדיקייט פון דער שולדיקייט, וואָס מיר דאַרפן צושרייבן אין אים דעם בעל תקלה. אין די ראַמען פון דער דאָזיקער פאָרמולא מוז, אָפּהענגיק פון דעם, מיט וואָס פאַר אַן אויסטייטשונג פון די איינציקע צוויי מעגלעכע פאַר איר אויסטייטשונגען מיר געבן איר, אויסקומען, אַז אָדער: א) מען קען דעם נתקל אין קיין שום בעל תקלה פאַל קיין שום שולדיקייט ניט צושרייבן; אָדער: ב) אויב מען שרייבט אים יאָ שוין צו שולדיקייט, מוז זי — די דאָזיקע שולדיקייט — דורכ־אויס זיין אַזאַ, וואָס קען בשום אופן ניט געטיילט ווערן אויף איבער־וויגענדער און ניט איבערוויגענדער.

דאָס הייסט: אָדער מיר נעמען אָן, אַז די נתקל פושע פאָרמולאַ רעדט גאָר אינגאַנצן ניט וועגן אַזאַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגו־רירט צוזאַמען מיטן נתקל אויך אַ בעל תקלה, אַזוי, אַז עס מוז דאַן אויסקומען, אַז פונקט ווי מע באַדאַרף אין אַזאַ פאַל לטובת דעם נתקל פסקענען, ווען ער איז דער ניזוק, אַט אַזוי דאַרפן מיר פסקענען לטובת אים אויך דאַן, ווען ער איז דער מזיק אין אים. וואָרים עס קען דאָך דאַן גאָר ניט מעגלעך זיין צו אַרגומענטירן, אַז טראָץ דעם, וואָס, ווען דער נתקל איז אַ ניזוק פסקענען מיר לטובת אים, דאַרפן מיר דאָך, ווען ער איז דער מזיק קעגן אים פסקענען, ווייל דורך דעם, וואָס ער איז דער מזיק אין דעם תקלה פאַל ווערט די שולדיקייט פון בעל תקלה אָפּגעשוואַכט אין אַ געניגענדער מאָס, מען זאָל אים קענען פון שטראָף באַפרייען. וואָרים ווי קען זי ווערן אָפּגעשוואַכט, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין קעגן כוח, וואָס זאָל זיין ביכולת זי אָפּצושוואַכן. פון דער פאָר־מולאַ — די פאָרמולא נתקל פושע — אין וועלכער עס רעדט זיך וועגן דער שולדיקייט פון נתקל ווערט דאָך אַזאַ נתקל — אַ נתקל פון אַ תקלה פאַל — בפירוש אויסגעשלאָסן דורך אונדז.

אָדער מיר נעמען אָן, אַז זי רעדט אויך וועגן אַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה, און דאַן מוז שוין ווידער אויסקומען, אַז מען קען קיין אונטערשייד ניט מאַכן צווישן אַ נתקל אַ ניזוק און אַ נתקל אַ מזיק. מער ניט דאָרטן — לויט דער ערשטער אויסטייט־שונג — איז דאָס ניט מאַכן קיין אונטערשייד לקולא, אין דאָ — לויט דער צווייטער אויסטייטשונג — איז דאָס ניט מאַכן קיין אונטערשייד לחומרא. לויט דער ערשטער אויסטייטשונג מוז מען אין אַ נתקל פאַל — סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ ניזוק אַ נתקל, סיי ווען עס האַנדלט

זיך וועגן אַ נתקל אַ מזיק, נאָר לטובת דעם נתקל פּסקענען. און לויט דער צווייטער אויסטייטשונג מוז מען קעגן אים פּסקענען אויך אָן אונ־טערשייד, צי ער איז דער ניזוק אָדער דער מזיק.

און אין נאָך שאַרפערן אויסדרוק קען מען דאָס אַלעס געבן אין דער פאָלגענדער פאָרמולירונג: לויט דער צווייטער אויסטייטשונג איז עס אַבסאָלוט אונמעגלעך, אַז עס זאָל קענען וווען עס איז לטובת אַ נתקל נעפּסקענט ווערן, אַז מען זאָל זיך קענען פאָרשטעלן אַ מעג־לעכקייט פאַר דער עקזיסטענץ פון אַזאַ דין. אין אַ תקלה פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה מוז דאָך דורכאויס לויט איר אויסקומען, אַז אַפילו ווען דער נתקל איז דער ניזוק אין פאַל פּסקענט מען קעגן אים. אין אַ נתקל פאַל ווידער, אין וועלכן עס פיגורירט ניט קיין בעל תקלה, אין וועלכן דער נתקל איז אויך דער בעל תקלה, קען מען דאָך אוודאי, לויט דער דאָזיקער פאָרמולא ניט פּסקענען לטובת דעם נתקל. וואָרים צי מען קען אָננעמען, אַז די פאָרמולא נעמט אַריין אין זיך אויך אַזאַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה, אָדער ניט, קען דאָך וועגן דעם, אַז וועגן אַ נתקל וואָס איז אַליין אויך דער בעל תקלה, רעדט זי יאָ, גאָר קיין ספק ניט זיין. וועגן וואָס פאַר אַ נתקל קען זי דען שוין רעדן, אויב וועגן אַזאַ נתקל רעדט זי אויך ניט? ווי קען דען זיין אַ ספק וועגן דעם, אַז אין בפירושער פאַרבינדונג קומט זי אין עצם עיקר אירן נאָר מיט אַזאַ נתקל פאַל.

ס

אין די ראַמען, אַלזא, פון דער נתקל פושע פאָרמולא וואָלטן מיר געקענט פּסקענען לטובת דעם נתקל אין אַ תקלה פאַל, וואָס מיר וואָלטן געהאַט פאַר זיך, נאָר דאַן, ווען מיר וואָלטן אין אמתן דאָס זעלבע געטאָן אויך דאַן, ווען ניט ער וואָלט דער ניזוק געווען אין פאַל, נאָר דער בעל תקלה. דאָס הייסט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַ נתקל, אָבער ניט אויף דעם סמך, וואָס ער איז אַ ניזוק, ניט קיין מזיק. די מאָטיווירונג פאַר אונדזער פּסק דין וואָלט דאַן געווען פאַרבונדן ניט מיט קיין טראָץ, נאָר מיט אַ דערפאַר. מיר וואָלטן געפּסקענט לטובת אים ניט טראָץ דעם, וואָס מיר שרייבן אַ געוויסע מאָס שולדיקייט צו — מחמת דעם, וואָס די דאָזיקע מאָס שולדיקייט קען זיך דאָך ניט פאַרגלייכן מיט דער מאָס שולדיקייט, וואָס מיר שרייבן דעם בעל תקלה

צו, נאָר דערפֿאַר, וואָס מיר שרייבן אים גאָר אינגאַנצן קיין שולדיקייט ניט צו.

ווארים אין דעם מאָמענט, ווען, געשטיצט אויף דער פֿאָרמולא פֿון נתקל פּושע נעמען מיר אָן, אַז אַ געוויסע מאָס שולדיקייט שרייבן מיר צו דעם נתקל אויך דאַן, ווען ער איז אַ ניזוק, מוז מען שוין פּסקענען קעגן אים ניט נאָר דאַן, ווען ער איז דער מ זיק, נאָר אויך דאַן, ווען ער איז דער ניזוק. פּונקט ווי דאַן, ווען מיר וואָלטן גאָר אינגאַנצן ניט געהאַט די פֿאָרמולא פֿון נתקל פּושע, וואָס דאַן וואָלטן מיר דאָך גאָר אינגאַנצן ניט געקענט אַריינטראָגן דעם עלעמענט פֿון צושרייבן שולדיקייט דעם נתקל, אין אַ פֿאַל, אין וועלכן עס פֿיגורירט אויך אַ בעל תקלה. ווארים אויב אַפֿילו מיר וואָלטן אויך דאַן גע־פּסקענט אין אַ פֿאַל פֿון אַ נתקל, אין וועלכן עס פֿיגורירט ניט קיין בעל תקלה לטובת דעם ניזוק, וואָלטן מיר דאָך דאָס ניט געטאָן דער־פֿאַר, וואָס דער, וואָס דורך אים איז דער היזק געקומען צום ניזוק, איז אַ נתקל, נאָר דערפֿאַר, וואָס ער איז דאָ אויך דער בעל תקלה — פּונקט, ווי דאַן, אַלזא, וואָלטן מיר אין אַ נתקל פֿאַל, אין וועלכן עס פֿיגורירט אויך אַ בעל תקלה געמוזט אָננעמען, אַז דין מזיק כדין ניזוק, פּונקט ווי דאַן וואָלטן מיר אין יעדן נתקל פֿאַל נאָר לטובת דעם נתקל געפּסקענט, אָן אונטערשייד, צי דער נתקל איז דער ניזוק אָדער דער מזיק, אָט אַזוי איז איצט, אַז מיר האָבן זי יאָ — און מיר באַהויפּטן, אַז עס רעדט זיך אין איר וועגן אַ נתקל פֿון אַ בעל תקלה פֿאַל — מוזן מיר אָננעמען, אַז דין ניזוק דאַרף כדין מזיק זיין; אַז פּונקט ווי־דאָרטן וואָלטן מיר אין ביידע פֿעלע געמוזט לטובת דעם נתקל פּסקע־נען, אָט אַזוי איז איצט, ווען מיר נעמען אָן, אַז די דאָזיקע פֿאָרמולא צווינגט אונדז דעם עלעמענט פֿון שולדיקייט צושרייבן צו אַ נתקל, מוזן מיר די דאָזיקע צוגעשריבענע שולדיקייט באַטראַכטן אַלס אַזאַ, וואָס וועגט איבער די שולדיקייט פֿון בעל תקלה אין ביידע פֿעלע: אי דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נתקל אַ מזיק און אי דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נתקל אַ ניזוק.

אין פֿאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער פֿאָרמולא קען מען אין אַ נתקל פֿאַל פּסקענען לטובת דעם נתקל נאָר דאַן, ווען מען פֿאַר־וואַרפֿט די אויסטייטשונג, אַז זי רעדט אויך וועגן אַזאַ נתקל פֿאַל, אין וועלכן עס פֿיגורירט אויך אַ בעל תקלה, ווען מען נעמט אָן, אַז וועגן

אַזאַ נתקל רעדט זי גאָר ניט. וואָרים, ווי געזאָגט, מיר האָבן דאָ פאַר זיך קיין אַנדער אויסוועג ניט, ווי נאָר אײנע פון די פאָלגענדע צוויי באַהויפּטונגען צו מאַכן: אָדער מיר באַהויפּטן, אַז זי רעדט נאָר וועגן אַזוינע נתקל פעלע, וואָס אין זיי איז קיין בעל תקלה ניטאָ, און זי מיינט אונדז צו זאָגן, אַז מיר מוזן באַשטראָפן דעם נתקל אין אַזוינע פעלע דערפאַר, וואָס ער האָט גורם געווען דעם היזק, טראָץ דעם, וואָס ער איז אַ נתקל. וואָרים אַ נתקל אַ גורם היזק אין אַזאַ פאַל קען ניט אַלס גרעסער מיוחס באַטראַכט ווערן פון אונדז ווי גלאַט אַ שוגג אַ מזיק, וואָס דאָס אַלעס מיינט, אַז אַ נתקל פון אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה, האָט גאָר קיין שום שייכות ניט מיט דעם נתקל, וועגן וועלכן די פאָרמולאַ רעדט. אָדער מיר באַהויפּטן, אַז זי רעדט דווקא יאָ וועגן אַזוינע פעלע, אין וועלכע עס פיגורירט אַ בעל תקלה, און זי מיינט אונדז צו זאָגן, אַז כאָטש דעם גורם ראשון פון געשעענעם היזק אין דעם פאַל, איז דאָך דער בעל תקלה, דערפאַר אָבער, וואָס ער איז דער נתקל, דער דירעקטער גורם דורך זיין נאַכ־לעסיקייט פון געשעענעם היזק, באַדאַרף מען נאָר אים אַלס דער גורם באַטראַכטן.

לויט דער הנחה, אַז זי — די נתקל פושע פאָרמולאַ — רעדט יאָ וועגן נתקל פושע פאַלן, אין וועלכע עס פיגורירט אַ בעל תקלה, מוז אונבאַדינגט אויסקומען, אַז פונקט ווי זי צווינגט אַרויף אויף אונדז אַ באַהויפּטונג, אַז אין אַ פאַל, ווען דער נתקל איז דער מזיק, מוזן מיר לטובת דעם בעל תקלה פסקענען, אָט אַזוי ווערט דורך איר — ווען אַפילו ניט אויף אַ בפירושן אופן, ווי אין ערשטן פאַל, אַרויפגעצווינגען אַ באַהויפּטונג, אַז אויף דעם זעלבן אופן דאַרפן מיר אויך פסקענען, ווען דער נתקל איז גאָר דער ניזק, ניט דער בעל תקלה.

ס״א

מיט איינעם וואָרט נאָר ווען עס וואָלט מעגלעך געווען גאָר אינ־גאַנצן קיין אונשולדיקייט צושרייבן צום נתקל, נאָר דאַן וואָלט מעגלעך געווען פאָרצושטעלן זיך אַ נתקל פאַל, אין וועלכן מען וואָלט געקענט קעגן דעם בעל תקלה פסקענען. ווען מען שרייבט אים אָבער יאָ אַזאַ שולדיקייט צו, קען מען דאָס שוין ניט טאָן, מוז מען שוין דאַן שטענדיק נאָר לטובת דעם בעל תקלה פסקענען, סיי ווען מיר האָבן

צו טאָן מיט אַ נתקל אַ ניזוק, סיי ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַ נתקל אַ מזיק. וואָרים אויב מיר שרייבן שולדיקייט צו צו אַ נתקל אַ מזיק, מוזן מיר שוין אויך צו אַ נתקל אַ ניזוק שולדיקייט צושרייבן, וואָס מוז דערביי אויך פון זעלבן איבערוויגענדן כאַראַקטער באַטראַכט ווערן, ווי די שולדיקייט פון אַ נתקל אַ מזיק.

וואָרים פונקט ווי דאָן, ווען מיר וואָלטן אַפילו שוין גרייט געווען צו מאַכן אַ באַהויפּטונג — אַ זאַך, וואָס קען אין אמתן בשום אופן ניט געטאָן ווערן — אַז אַפילו, ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט די נתקל פּושע פאָרמולא, וואָלט ניט באַדאַרפט אַלס אויסערן וועג באַטראַכט ווערן דאָס צושרייבן שולדיקייט צום נתקל — וואָלט קודם כל פאראויס דער דאָזי־קער באַהויפּטונג געמוזט אַ פאָרבאַדינג אַרויסגעשטעלט ווערן, אַז די שולדיקייט, וואָס מיר וואָלטן דאַן אים — דעם נתקל — צוגעשריבן, זאָל ניט קיין טיילווייזע זיין, נאָר אַ טאָטאַלע. דאָס הייסט, אַז אויב מיר וואָלטן דאַן, ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט די פאָרמולא דאָך צו־געשריבן שולדיקייט צום נתקל, וואָלט שוין בשום אופן ניט געקענט מעגלעך זיין פאַר אונדז צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן אַ נתקל אַ מזיק און אַ נתקל אַ ניזוק. וואָרים נאָר איין ברירה פון די צוויי ברירות וואָס מיר וואָלטן דאַן געהאַט פאַר זיך, וואָלטן מיר געקענט אויסקלייבן. אָדער אָנגעמען, אַז מען דאַרף צושרייבן שולדיקייט דעם נתקל, און דאַן וואָלטן מיר שוין געמוזט פּסקענען לטובת דעם בעל תקלה סיי ווען דער נתקל איז דער מזיק און סיי ווען ער איז דער ניזוק. וואָרים פּונקט ווי דאָס ניט צושרייבן פון די רבנן, איצט קיין שולדיקייט צום נתקל באַ־ציט זיך ניט נאָר אויף אַ נתקל אַ ניזוק, וואָרים זיי פּסקענען דאָך לטובת דעם נתקל אַפילו ווען ער איז אַ מזיק, אָט אַזוי וואָלט אונדזער יאָ צושרייבן שולדיקייט צום בעל תקלה באַדאַרפט ניט נאָר אויף נתקל אַ מזיק זיך באַציען, גאָר אויך דווקא אויף אַ נתקל אַ ניזוק. אָדער אָננעמען, אַז מע באַדאַרף כלל גאָר ניט צושרייבן קיין שולדיקייט צום נתקל, און דאַן וואָלטן מיר שוין געמוזט, פאַרקערט, פּסקענען לטובת דעם נתקל, ווידעראַמאָל, סיי ווען ער איז אַ ניזוק, סיי ווען ער איז אַ מזיק. קיין האַלבן וועג וואָלטן מיר דאַן ניט געקענט גיין. פּסקענען לטובת דעם נתקל, ווען דער נתקל איז אַ ניזוק, און גלייכצייטיק דערמיט פּסקענען קעגען אים, ווען ער איז אַ מזיק — דאָס וואָלטען מיר דאַן ניט געקענט טאָן. ווען מיר וואָלטען געפּסקענט לטובת דעם נתקל, וואָלטן

מיר דאַן שוין אויך געמוזט פסקענען לטובת אים אויך דאַן ווען ער וואָלט געווען אַ מזיק. אַנדערש, וואָלט גאָר ניט געקענט אויסקומען דאַן. און ווידעראַמאָל דער זעלבער ביישפּיל מיט די רבנן. אָט פּונקט, למשל, ווי די רבנן, וואָס פסקענען לטובת דעם נתקל אין אַ פאַל פון נפילת אדם לבור * נאָר דערפאַר, וואָס, ווייל עס האַנדעלט זיך אין דעם פאַל וועגען אַ מענטשען, קען מען ניט בשום אופן באַטראַכטן דעם נתקל אין דעם פאַל אַלס מיטשולדיקן אין דעם געשעענעם אומ־גליק, וואָלטן געפסקענט לטובת דעם בעל הבור אין דעם פאַל, כאָטש דער נתקל איז אַ ניזוק, ווען מען וואָלט יאָ געקענט אים אַלס מיט־שולדיקן באַטראַכטן, ווייל אין אַ פאַל, וואו מען קען יאָ צושרייבן מיט־שולדיקייט דעם נתקל וויגט דאַן זיין מיטשולדיקייט איבער די מיט־שולדיקייט פון בעל תקלה, אָן אונטערשייד, צי דער נתקל איז דער ניזוק אָדער דער בעל תקלה, ווי זיי טוען דאָס טאַקע אין אַ פאַל פון נפילת בהמה פקחית לבור, אָט אַזוי וואָלט אין יענעם פאַל באַדאַרפט אויס־קומען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, אַז ווי באַלד מיר וואָלטן אין יענעם פאַל ניט צוגעשריבן קיין פאַראַנטוואָרטלעכע שולדיקייט אַ נתקל אַ ניזוק, וואָלטן מיר אויך אין באַצוג צו אַ נתקל אַ מזיק דאָס זעלבע באַ־דאַרפט טאָן; אַז פונקט ווי מיר וואָלטן לטובת דעם נתקל געפסקענט, ווען ער וואָלט פיגורירט אין אַ פאַל אַלס ניזוק, אָט אַזוי וואָלטען מיר לטובת אים געפסקענט אויך דאַן ווען ער וואָלט געווען אַ מזיק.

פונקט, אַלזאָ, ווי דאַן, ווען די פאָרמולא נתקל פושע וואָלטן מיר ניט געהאַט, וואָלט מעגלעך געווען צו פסקענען לטובת אַ נתקל אַ ניזוק נאָר דאַן, ווען מיר וואָלטן גאָר אינגאַנצן קיין שולדיקייט ניט צוגעשריבן צו אַ נתקל, דאָס הייסט: נאָר דאַן, ווען מען וואָלט אויך ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ נתקל אַ מזיק נאָר לטובת אים געפסקענט; ווען אָבער מען וואָלט דאַן אָנגענומען, אַז מען באַדאַרף יאָ צושרייבן שולדיקייט אַ נתקל, וואָלט שוין ניט געקענט אויסקומען, אַז מען זאָל לטובת אַ נתקל פסקענען אַפילו ווען ער איז אַ ניזוק — אָט אַזוי איז איצט, ווען מיר האָבן יאָ די פאָרמולא, וואָס צוליב איר קען שוין פון ניט שולדיקייט פון לכתחילה אָן גאָר קיין רעדע ניט זיין, וואָס, ווייל מיר האָבן זי, קען שוין בשום אופן ניט מעגלעך זיין, ווען מיר ווילן זיך לויט איר פירן, אַז מיר זאָלן קענען לטובת דעם נתקל פסקענען,

---

* שהביאה לידי היזק גופו.

ווען ער איז אַ מזיק, קען שוין במילא ניט אויסקומען, אַז האַלטענדיק זיך אין אירע ראַמען, זאָלן מיר קענען לטובת אַ נתקל אַ ניזוק פסקענען.

פונקט ווי אין יענעם פאַל וואָלטן מיר געמוזט פסקענען לטובת דעם בעל תקלה, ווען מיר וואָלטן נאָר אָנגענומען, אַז מען קען צושרייבן שולדיגקייט דעם נתקל — אַפילו, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגן אַ נתקל אַ ניזוק, אָט אַזוי מוז דאָס אויך איצט זיין.

מאַכן אַ באַהויפּטונג אין פאַרבינדונג — די איינציקע פאַרבינדונג, אין וועלכער זי קען געשטעלט ווערן — מיט דער נתקל פושע פאָרמולאַ, אַז אין אַ פאַל פון אַ נתקל אַ ניזוק פסקענען מיר לטובת דעם נתקל, און אין אַ פאַל, ווען ער איז דער מזיק פסקענען מיר לטובת דעם בעל תקלה, הייסט, ווירקלעך, מאַכן אַזאַ באַהויפּטונג, וואָס ענטהאַלט מניה וביה אַ סתירה אין זיך, הייסט מאַכן אַ באַהויפּטונג, וואָס אייך העלפט פון איר, האָט דעם יסוד אירן אין דער אויסטייטשונג, אַז די נתקל פושע פאָרמולאַ רעדט גאָר אינגאַנצן ניט וועגן אַ נתקל; און די צווייטע האָט דעם יסוד אירן אין דער אויסטייטשונג, אַז די דאָזיקע פאָרמולאַ רעדט יאָ וועגן אַ נתקל. וואָרים נאָר דאַן, ווען מיר טייטשן אויס די דאָזיקע פאָרמולאַ, אַז זי רעדט ניט וועגן אַ נתקל, קען מען פסקענען, אַז לויט איר נאָך באַדאַרף מען לטובת אַ נתקל אַ ניזוק פסקענען, פונקט, ווי אויך נאָר דאַן, ווען מיר נעמען אָן, אַז זי רעדט יאָ וועגן אַ נתקל, קען מען לטובת דעם בעל תקלה פסקענען, אַפילו ווען ער איז דער ניזוק.

וואָרים עס קען זיך דאָך ניט האַנדלען אין גלאַט באַהויפּטונגען. רבי מאירס באַהויפּטונג, אַז אַ נתקל באַדאַרף אַלס פושע באַטראַכט ווערן מוז דאָך האָבן אַ פונדאַמענט, אויף וועלכן ער זאָל זיך קענען האַלטן. און דאָס זעלבע דאַרף אויך געזאָגט ווערן וועגן די רבנן, וואָס פאַרוואַרפן די דאָזיקע פאָרמולאַ. עס מוז דאָך זיין אַ סיבה פאַר דער מחלוקת זייערע. און ווירקלעך: מען דאַרף גאָר קיין גרויסער עמקן ניט זיין אויף צוקענען איינזען, אַז ווי באַלד מיר נעמען אָן, אַז די מחלוקת זייערע נעמט אַריין אין זיך אַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה, מוזן מיר פאַרבינדן די דאָזיקע מחלוקת זייערע מיט אַן אַנדער מחלוקת פון זייער זייט בנוגע דעם עניין פון אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים. אויב מיר נעמען אָן, אַז די פאָרמולאַ

נעמט אויך אַריין אַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה, מוזן מיר שוין אויך אָננעמען, אַז רבי מאיר האַלט ניט, אַז אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים, דאַן, ווען די רבנן האַלטן יאָ פון דעם דאָזיקן פרינציפּ.

און דאָ קומען מיר צו אַ דריטן פרינציפּ, וואָס בנוגע אים קען ניט זיין — און עס איז ניטאָ — קיין מחלוקת צווישן זיי. און דאָך מוז די מחלוקת זייערע בנוגע נתקל פושע, ווי אויך זייער מחלוקת בנוגע דעם עניין פון „אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים" מיט אים פאַרבונדן ווערן. וואָרים נאָר דורך אים קען דערקלערט ווערן, פאַר־וואָס, אַז ווייל עס איז ביי זיי פאַראַן אַ מחלוקת בנוגע „אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים" מוז ביי זיי אויך זיין אַ חלוקי דעות בנוגע אַ נתקל — בנוגע דעם נתקל, וועגן וועלכן מיר רעדן די גאַנצע צייט — אין פאַל מיר נעמען אָן, אַז די נתקל פושע פאָרמולאַ רעדט אויך וועגן אַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה. אָדער: פאַר וואָס, אַז ווייל עס איז ביי זיי פאַראַן אַ חלוקי דעות אין עניין פון נתקל פושע מוז ביי זיי אויך אַ מחלוקת זיין בנוגע אין דרכם של בני אָדם.

איך שרייב דאָס אַלעס, ווייל ווי ריכטיק אונדזער באַהויפּטונג וועגן דעם אָפּשטאַם פון דער מחלוקת וועגן דער נתקל פושע פאָר־מולאַ זאָל ניט זיין, ווי זיכער עס זאָל ניט זיין אונדזער רעכט צו פאַר־בונדן די דאָזיקע צוויי ענינים צוזאַמען, גיט אונדז די דאָזיקע פאַר־בינדונג נאָך אַלץ ניט די דערקלערונג, אין וועלכער מיר נויטיקן זך.

אוודאי וואָלט ניט מעגלעך געווען לויט רבי מאירן צו האַלטן, אַז אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים, ווי באַלד ער האַלט פון נתקל פושע. וואָרים ווי וואָלט מען דאַן געקענט פסקענען קעגן דעם נתקל, ווי באַלד ער האָט אויף גאָר ניט עובר געווען, ווען ער איז געגאַנגען, ווי אַלע מענטשן גייען, אַז ער האָט ניט געטאָן אַזוינס, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טאָן, אַז עס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך אַלס דעם גורם פון געשעענעם היזק אין פאַל אים צו באַטראַכטן, פונקט, ווי עס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך ניט אַלס אַזאַ גורם דעם בעל תקלה צו באַ־טראַכטן. עס ווערט אָבער דורך דעם נאָך אַלץ ניט קלאָר פאַר וואָס אַפילו, אַז ער האַלט דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים, זאָל ער מוזן דווקא — אַפילו מיט באַגרעניצונגען — קעגן דעם נתקל פסקענען.

וואָרים „מאי חזית דדמא דבעל תקלה סמיך טפי מדמא דנתקל?"

פאַר וואָס דאַרפן מיר לטובת דעם בעל תקלה פסקענען דערפאַר, וואָס מען קען אויך אים * אַלס ניט בהתירדיקן גורם פון היזק באַטראַכטן? פאַר וואָס זאָל מען לטובת דעם נתקל ניט פסקענען מחמת דעם זעלבן טעם, וואָס מען קען אים ** אַלס ניט בהתירדיקן גורם פון געשעענעם היזק באַטראַכטן. ווארים צי מען קען דעם נתקל אַלס אַזאַ גורם באַ־טראַכטן, צי מען קען יאָ זאָגן, אַז אין דרכם של בני אדם להתבונן בדרכים, צי מען קען דאָס ניט זאָגן, צי מען קען יאָ זאָגן אָדער ניט זאָגן, אַז ער האָט געטאָן אַ זאַך, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טאָן — ער אָבער — דער בעל תקלה — האָט דאָך זיכער געטאָן אַ זאַך, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טאָן. ער האָט דאָך אַ תקלה לרבים געשאַפן.

דער איינציקער אינהאַלט פון דער מסקנה, צו וועלכער די פאַר־בינדונג צווישן דעם נתקל פושע און דעם עניין פון אין דרכם של בני אדם להתבונן בדרכים קען אונדז צופירן, איז נאָר דאָס, אַז, ווען מיר האַלטן, אַז אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים, קענען מיר שוין זיכער ניט האַלטן, אַז אַ נתקל דאַרף אַלס אַ פושע באַטראַכט ווערן, אַז רבי מאיר, וואָס האַלט פון נתקל פושע, מוז על כל פנים, ווי שוין גע־זאָגט, ניט האַלטן, אַז „אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים". עס קען אָבער ניט איינגעשלאָסן ווערן אין איר אַ באַהויפּטונג, אַז ווייל מען נעמט אָן, אַז דרכם של בני אָדם איז יאָ להתבונן בדרכים, מוז מען שוין דווקא האַלטן, אַז אַ נתקל מוז אַלס פושע באַטראַכט ווערן.

מיט דער פאַרבינדונג אָדער אָן איר פעלט אונדז נאָך אַלץ די דערקלערונג, אין וועלכער מיר האָבן זיך גענויטיקט. ווייסן מיר נאָך אַלץ ניט, וואָס עס איז דער פּרינציפּיעלער באַזיס פאַר דער מחלוקת, צווישן די רבנן און רבי מאירן, וואָס איז די עקזיסטענץ באַרעכטי־קונג, וואָס יעדער איינער פון זיי קען אָנגעבן פאַר דער מיינונג זיי־נער. אויב פריער האָבן מיר זיך גענויטיקט אין אַ דערקלערונג, וואָס זאָל זיך דירעקט באַציען אויף דער מחלוקת צווישן די רבנן און רבי מאירן בנוגע דער פאָרמולאַ פון נתקל פושע, נויטיקן מיר זיך שוין איצט אין אַ דערקלערונג אויף דער דערקלערונג, וואָס מיר האָבן אָט אויף יענער מחלוקת געגעבן; אין אַ דערקלערונג, פאַר וואָס מוז דאָס אויסקומען, אַז ווי באַלד מיר נעמען אָן, אַז דרכם של בני אָדם איז

* דעם נתקל.

** דעם בעל תקלה.

להתבונן בדרכים מוזן מיר שוין אויך אָננעמען, אַז אַ נתקל באַדאַרף אַלס פּושע באַטראַכט ווערן, ווען אין פּלוג וואָלט באַדאַרפט אויסקומען, אַז דאָס וואָלט אונדז באַדאַרפט ברענגען נאָר דערצו, מיר זאָלן זיך מוזן פּילן הילפלאָז, ווען מיר וואָלטן געהאַט פאַר זיך אַ פאַל פון אַ נתקל, אין וועלכן עס וואָלט אויך פיגורירט אַ בעל תקלה; נאָר צו דעם, מיר זאָלן ניט קענען צו קיין שום באַשלוס קומען. וואָרים מיר וואָלטן ניט געוואוסט לטובת וועמען פון די צוויי, וואָס מיר דאַרפן בײדע גלייך אַלס גורמים פון געשעענעם היזק באַטראַכטן, מיר זיינען באַ־רעכטיקט צו פּסקענען.

סיי ווי, לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו אָט יענעם דריטן פּרינציפּ, וועגן וועלכן איך האָב פריער גערעדט, און וואָס נאָר דורך אים קענען מיר אויסגעפינען די דערקלערונג, אין וועלכער מיר נויטיקן זיך. איך מיין מיט אים דעם קאַרדינאַלן פּרינציפּ, אַז נאָר דאַן קענען מיר האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם בעל תקלה אין אַ תקלה פאַל, ווען מצד דעם נתקל איז גאָר ניט געטאָן געוואָרן אַזוינס, וואָס זאָל אים מוזן מאַכן אַלס מיטגורם פון געשעענעם היזק, אַז ווען מען קען אים יאָ באַטראַכטן אַלס אַזעלכן מחמת דעם, וואָס ער האָט זיך ניט געהאַלטן אין געהע־ריקן שטאַט בשעת ער איז פון דער תקלה געטראָפן געוואָרן, ווען מען קען אָננעמען, אַז ווען ער זאָל זיך געווען באַנעמען דאַן ווי אַלע מענטשן באַנעמען זיך, וואָלט מיט אים דער אומגליק ניט געווען געטראָפן, דאַן ווערט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אינגאַנצן אַראָפּגענומען פון בעל תקלה און ווערט אויף דעם נתקל איבערגעטראָגן.

און דאָ קומען מיר צום אולטימאַטיוון מקור, צום גאָר לעצטן פּרינ־ציפּ, מיט וועלכן די מחלוקת דאַרף פאַרבונדן ווערן, צום גאָר לעצטן, וואָס איז איינער פון די פיר פּרינציפּן, וועלכע רעגולירן אונדזערע באַציאונגען צו וואָס פאַר אַ פאַל פון די פאַרשיידענע מעגלעכע נזיקין פאַלן, וואָס מיר קענען האָבן פאַר זיך: צום פּרינציפּ פון אונס, אַז ווי באַלד דער היזק, וואָס ער — דער מזיק — האָט גורם געווען, איז באונס פאָרגעקומען, וואָס אין באַצוג צו אונדזער פאַל מוז דאָס מיינען, אַז די נפילה לבור איז ניט פאָרגעקומען נאָר דורך דעם עצם פאַקט, וואָס דער נופל האָט אויף זיין וועג באַדאַרפט פאַרביי אַ בור דורכגיין, נאָר מחמת די אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן, וואָס ער — דער נופל — איז דער שאַפער זייערער געווען — האַלטן מיר דעם בעל תקלה ניט

פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם געשעענעם היזק. אויף דעם סמך פון דעם דאָזיקן פרינציפּ מוז אויסקומען, אַז אין אַ פאַל פון נפילת אָדם לבור מוז מען פסקענען לטובת דעם בעל תקלה, אויב מיר נעמען אָן, אַז דרכם של בני אָדם איז להתבונן בדרכים. וואָרים, ווי באַלד מיר זאָגן אַזוי, קומט דאָך אויס, אַז בעיקר איז די נפילה פאַראורזאַכט געוואָרן פון דעם, וואָס דער נופל איז ניט געגאַנגען, ווי אַלע מענטשן גייען, אַז דער פאַל איז אַן אויסנאַם פאַל, אַז דאָס גורם זיין אַן היזק מיט זיין תקלה איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף אים.

ווען ער — דער נופל — זאָל געווען גיין, ווי אַלע גייען, וואָלט דורך דעם בור זיינעם דער אומגליק ניט געווען געשען.

און דעריבער מוז שוין ניט נאָר אויסקומען, אַז רבי מאיר, וואָס האַלט פון נתקל פושע, קען שוין ניט האַלטן, אַז אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים, נאָר אויך, אַז ווייל ער האַלט, אַז דרכם של בני אָדם איז יאָ להתבונן בדרכים, מוז ער שוין דורכאויס האַלטן, אַז אַ נתקל באַדאַרף אַלס פושע באַטראַכט ווערן. וואָרים ווען מיר האַלטן, אַז דרכם של בני אָדם איז יאָ להתבונן בדרכים, קען שוין אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פּרינציפּ, אַז דאָרטן, וואו מען מוז באַטראַכטן דעם נתקל אַלס פאַראַנטוואָרטלעכן מיטגורם בנוגע דעם היזק, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דעם בעל תקלה, ווערט די שולדיקייט פון בעל תקלה אַנולירט אויף דעם סמך פון אונס פרינציפּ — גאָר אַנדערש ניט אויס־קומען.

ס״ב

דער היוצא לנו מזה, אַלזא, פון דעם אַלעם, וואָס עס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, איז, אַז ווען מיר נעמען אָן, אַז דער נתקל פושע נעמט אַריין אין זיך אויך אַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אַ בעל תקלה, קען דאָן בשום אופן ניט, צי מיר נעמען אָן די פאָרמולאַ, צי מיר נעמען זי ניט אָן, אונדזער אַ פּסק דין וועגן אַ נתקל פאַל, אָפּהענגיק זיין פון דעם, צי מיר האָבן אין דעם פאַל מיט אַ נתקל אַ ניזוק צו טאָן אָדער מיט אַ נתקל אַ מזיק; איז בשום אופן ניט מעגלעך, ער זאָל קענען פאַראורזאַכט ווערן פון דעם, וואָס אין די פעלע זאָלן מיר מוזן יאָ איבערוויגענדע שולדיקייט אין פאַרגלייך מיט דער שולדיקייט פון בעל תקלה, דעם נתקל צושרייבן, און אין אַנדערע פעלע ניט, נאָר פון דעם,

צי מיר נעמען אָן, אַז אַ נתקל, ווייל ער איז אַ נתקל, באַדאַרף מען די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף אים אַרויפוואַרפן, אָדער, פאַרקערט, ווייל ער איז אַ נתקל, באַדאַרף מען די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט נאָר אויף דעם בעל תקלה אַרויפוואַרפן.

פון דער דערקלערונג, וואָס באַדאַרף און קען געגעבן ווערן פאַר דער עקזיסטענץ באַרעכטיקונג פון דיביידע מיינונגען, איז קלאָר, אַז עס איז קיין מעגלעכקייט ניט פאַראַן אַ „חלוקה" צווישן אַ ניזוק און אַ מזיק אין איר אָנצוהענגען, אַז פאַר אַזעלכע רייד, ווי די רייד פון אַ נתקל, וואָס מוז פון אונדז באַטראַכט ווערן אַלס מער שולדיק אין פאַרגלייך מיט אַ בעל תקלה, און אַזאַ, וואָס באַדאַרף פון אונדז אַלס ווייניקער שולדיק באַטראַכט ווערן, זיינען אין איר טיר און טויער פאַרשלאָסן. ווארים זיי זיינען פונקט דער היפך פון דעם אינהאַלט, וואָס זי ענטהאַלט באמת אין זיך.

דער לעצטער סך הכל, אַלזאָ, פון דער גאַנצער שקלא וטרייא אונדזערער איז, אַז אויב מיר נעמען אָן, אַז די נתקל פושע פאָרמולאַ רעדט אויך וועגן אַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה, מוז די דאָזיקע פאָרמולאַ פאַרשטאַנען ווערן אַלס אַ לייטענדער פרינציפ, וואָס דער אינהאַלט זיינער איז, אַז אין יעדן פאַל, וואָס פאַר אַ פאַל דאָס זאָל ניט זיין, מוז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם היזק, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך אַ תקלה, אַרויפגעוואָרפן ווערן אויף דעם נתקל. ווארים שוין די אומפאָרזיכטיקייט אַליין, וואָס האָט אים געבראַכט צו ווערן אַ נתקל, איז גענוג דערויף, מיר זאָלן נאָר אויף אים אַרויפוואַרפן די שולד, ניט נאָר דאָן, ווען ער האָט גורם היזק געווען דעם בעל תקלה, נאָר אויך דאָן, ווען ער האָט זיך אַליין גורם היזק געווען. קיין אַנדער אינהאַלט, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, קען מען אין איר ניט אַריינלעגן. אָדער זי קען נאָר דעם דאָזיקן אינהאַלט האָבן, אָדער זי קען גאָר אינגאַנצן קיין אינהאַלט ניט האָבן. און דאָס אַלעס מיינט, אַז טראָץ דעם, וואָס מיר האָבן זיך סוף כל סוף דערטראַכט צום געדאַנק, אַז דער פטור אין אַ פאַל פון נפילת אָדם לבור, שהביאה לידי מיתה, איז ניט דערפאַר, וואָס מיר האַלטן פון דער נתקל פושע פאָרמולאַ, אַז טראָץ דעם, וואָס אויגענשיינלעך זעט דאָס אויס, גלייך ווי מיר וואָלטן זיך באַפרייט שוין פון די אַלע קשיות, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר זיך, ווען מיר האָבן געדענקט, אַז דער אויבנ־

דערמאָנטער פּטור מוז דערקלערט ווערן נאָר דורך דעם, וואָס אַ נתקל מוז פאַר אונדז אַלס פּושע באַטראַכט ווערן, וואָרים מיר האָבן איצט איינגעאָרדענט די אַלע דינים וועגען די ענינים פון נפילה לבור לויט די רבנן, וואָס האַלטן ניט, אַז אַ נתקל איז אַ פּושע, זיינען מיר אין אמתן נאָך אַלץ ניט פון אָט יענע אַלע קשיות באַפרייט. דאָס, וואָס דורך דעם, וואָס מיר האָבן זיך דערקלערט אַלס אָנהענגער פון די רבנן, וואָס האַלטן ניט, אַז אַ נתקל דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס פּושע און דערמיט באַוויזן די גערעכטיקייט פון אונדזער פּסק דין לטובת דעם נופל אין אַ פאַל פון נפילת אָדם לבור, שהביאה לידי היזק גופו — איז זייער פיין פון אונדזער זייט. וואָס טוט מען אָבער מיט רבי מאירן? וואו נעמט מען פאַר אים דאָס ביסל גערעכטיקייט, אין וועלכן אויך ער נויטיקט זיך? וואו איז דאָס מעגלעך, אַז ער, וואָס האַלט, אַז אַ־נתקל דאַרף יאָ אַלס פּושע באַטראַכט ווערן, זאָל דאָך אין דעם זעלבן פּסק דין זיך האַלטן. פּונקט ווי מיר קענען פּסקענען לטובת דעם נתקל נאָר דערפאַר, וואָס מיר האַלטן, אַז אַ נתקל איז ניט קיין פּושע, אָט אַזוי וואָלט ער דאָך מחמת דעם, וואָס ער האַלט ניט, ווי מיר, דווקא נאָר לטובת דעם בעל תקלה גאָר באַדאַרפט פּסקענען.

באַפרייען זיך פון אָט יענע אַלע קשיות וואָלט מען, ווירקלעך, גע־קענט נאָר דאַן, ווען מען פאַרוואַרפט אָט יענע אויסטייטשונג, אַז דער נתקל פּושע שליסט איין אין זיך אויך אַזאַ נתקל פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה. וואָרים לויט איר נאָך קען לויט רבי מאירן משום אופן ניט אויסקומען, אַז מען זאָל באַדאַרפן באַשטראָפן דעם בעל הבור — אַפילו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ נפילת אָדם, שהביאה לידי היזק גופו.

דאָס, וואָס דער בעל הבור איז דער, וואָס האָט דעם מכשול אין אַ רשות הרבים געשאַפן, דאַרף ניט זיין בכוח די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מען באַדאַרף אַרויפלעגן אויף דעם נופל, אויף דעם בעל הבור — מחמת דעם מאָטיוו, וואָס דער נתקל איז דאָ דער ניזוק — שוין אויך נאָר דערפאַר אַליין, וואָס, פּונקט ווי די רבנן, וואָס, לויט זיי נאָך, קען מען פון לכתחילה אָן — ווען מיר זאָלן אַפילו אָננעמען, אַז די נתקל פּושע פאָרמולאַ רעדט אויך וועגן אַ נתקל פון אַ פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אין אים אויך אַ בעל תקלה — גאָר קיין פראַגע ניט זיין וועגן דעם, צי מען באַדאַרף אויף דעם בעל הבור אַ שטראָף אַרויפ־

לעגן אין אַ פאַל פון נפילת אָדם, שהביאה לידי היזק גופו של הנופל. ·וואָרים, ווייל זיי האַלטן ניט פון נתקל פושע — לויט זיי נאָך, באַ־שטראָפט מען דאָך ניט דעם נתקל אַפילו אין אַ פאַל, אין וועלכן ער איז דער אייניציקער גורם פון היזק; אין וועלכן עס פיגורירט גאָרניט קיין אַנדער בעל תקלה — קען דאָך לויט זיי נאָך גאָר אַנדערש ניט אויסקומען, ווי נאָר, מען זאָל מוזן אין יעדן תקלה פאַל דעם בעל תקלה, דערפאַר, וואָס ער האָט מיט זיין תקלה אַ מכשול לרבים געשאַפן, פאַראַנטוואָרטלעך האַלטן פאַר דעם היזק, וואָס עס איז געשען אין פאַל, ניט נאָר דאַן, ווען דער נתקל איז דער ניזוק, נאָר אויך דאַן, ווען ער — דער בעל תקלה אַליין — איז דער ניזוק, פסקענען פונדעסטוועגן, אַז אין אַ פאַל פון אַ בהמה פקחית, וואָס דער נופל דאָ קען באַטראַכט ווערן אַלס מיטשולדיקער מחמת דעם, וואָס מיר זאָגן, אַז דרכן של בהמות איז יאָ להסתכל בדרכים, באַדאַרפן מיר אים — דעם בעל הבור — מחמת אָט דעם טעם פון שטראָף באַפרייען, און מיר זאָגן ניט, אַז דאָס, וואָס דער בעל הבור איז דער, וואָס האָט דעם מכשול אין אַ רשות הרבים געשאַפן וויגט איבער דעם עלעמענט פון שולדיקייט מצד דעם נופל מחמת דעם מאָטיוו, וואָס דער נתקל — דער נופל — איז אַ ניזוק. וואָרים דער אייניציקער טעם, פאַר וואָס מען באַפרייט ניט דעם בעל הבור אין אַ פאַל פון נפילת אָדם, שהביאה לידי היזק גופו, איז נאָר דערפאַר, וואָס ווייל מיר זאָגן אין דרכו של בני אָדם להתבונן בדרכים, האָבן מיר צו טאָן דאָ מיט אַזאַ פאַל וואָס דער עלעמענט פון שולדיקייט איז גאָר אינגאַנצן אַבוועזענד אין אים — אָט אַזוי וואָלט רבי מאיר, וואָס לויט אים נאָך איז בנוגע דער מעגלעכקייט פון צושרייבן מיטשולדיקייט אַ נופל לבור איז אַ מענטש ניט קיין גרעסערער יחסן פון אַ בהמה פקחית, וואָרים ער האַלט דאָך, אַז דרכן של בני אָדם איז יאָ להתבונן בדרכים — אין אַ פאַל פון נפילת אָדם לבור שהביאה לידי היזק גופו ניט באַדאַרפט באַטראַכטן די מיטשולדיקייט פון בעל הבור אַלס אַ שווערערע פון דער מיט־שולדיקייט פון נופל, און וואָלט באַדאַרפט דווקא נאָר לטובת דעם בעל תקלה פסקענען. ער וואָלט באַדאַרפט פסקענען לטובת דעם בעל תקלה, טראָץ דעם, וואָס דער נופל איז אַ ניזוק, פונקט, ווי ער וואָלט אין יעדן תקלה פאַל באַדאַרפט נאָר לטובת דעם בעל תקלה פסקענען, אָן אונטערשייד, צי דער נתקל איז אַ ניזוק אָדער אַ מזיק.

דאַן ווידער; אויב עס קען אויסקומען אויך לויט רבי מאירן, אַז מען זאָל דאַרפן דעם בעל הבור מחייב זיין אין אַ פאַל פון נפילת אָדם, שהביאה לידי היזק גופו טראָץ דעם, וואָס ער האַלט, אַז נתקל פושע, ווייל די שולדקייט, וואָס ליגט אויף דעם בעל הבור אַלס דער שאַפער פון אַ מכשול אין אַ רשות הרבים וויגט איבער די שול־דיקייט פון נופל מיט דעם, וואָס ער איז ניט פאָרזיכטיק געווען גייענ־דיק, וואָלט ער דאָך ניט באַדאַרפט פסקענען לטובת דעם בעל הבור אויך אין אַ פאַל פון נפילת בהמה פקחית לבור? פאַר וואָס זאָל דאָ ניט איבערוויגן די האַרבערע שולדיקייט פון זיין אַ שאַפער פון אַ מכשול אין אַ רשות הרבים די גרינגערע שולדיקייט פון דער בהמה פקחית אין איר נאַכלעסיקייט ביים גיין. לויט די רבנן, וואָס האַלטן ניט פון נתקל פושע איז קיין קשיא ניט בנוגע אָט דעם פאַרשיידענעם אופן פון פסקענען דעם דין אין די דאָזיקע ביידע פעלע. ווי מיר האָבן שוין אייניקע מאָל דערקלערט דעם עניין. אין ערשטן פאַל באַשטראָפן מיר דעם בעל הבור, ווייל ער איז דער איינציקער, וואָס פיגורירט דאָ אַלס שולדיקער. וואָרים דער נופל קען ניט באַטראַכט ווערן אַלס אַזעלכער, ווייל מיט זיין אומפאָרזיכטיקן גיין האָט ער גאָר ניט געטאָן אַזוינס, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טאָן. ער איז ניט געגאַנגען אַנדערש ווי עס גייען אַלע אַנדערע מענטשן. גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער אין צווייטן פאַל. דאָ קענען מיר ניט זאָגן, אַז דער בעל הבור איז דער איינציקער שולדיקער, אַז די בהמה איז גאָר אינגאַנצן ניט שולדיק. וואָרים אַנ־דערש ווי ביי אַ מענטשן, וועגן וועלכן מיר זאָגן „אין דרכם של בני אדם להתבונן בדרכים", איז ביי אַ בהמה זאָגן מיר, אַז דרכה איז יאָ להתבונן בדרכים. דעריבער זיינען מיר באַרעכטיקט צו זאָגן, אַז זי איז אַליין שולדיק אין דער נפילה. וואָרים ווען זי וואָלט געגאַנגען ווי אַלע בהמות גייען וואָלט זי ניט געווען אַריינגעפאַלן. דאָס, וואָס דער בעל הבור האָט געשאַפן אַ מכשול אין אַ רשות הרבים דאַרף ניט פאַרבונדן ווערן מיט דעם פאַל. אוודאי האָט ער געטאָן אַ זאַך, וואָס ער וואָלט ניט געווען באַדאַרפט טאָן. באַשטראָפן אָבער אים דערפאַר — באַשטראָפן מיר אים נאָר דאַן, ווען ער איז געוואָרן אַ גורם דורך דעם, עס זאָל ווער אַריינפאַלן אין גרוב. אין דעם פאַל אָבער פיגורירט ער ניט אַלס אַזאַ גורם. וואָרים ווען זי — די בהמה — וואָלט געווען פאָרזיכטיק, ווען זי איז געגאַנגען — וואָלט זי ניט געווען אַריינגעפאַלן.

לויט רבי מאירן אָבער, וואָס בנוגע צום ענין פון קענען באַ־
טראַכטן די נפילה אַלס אַ פּראָדוקט פון אייגענער שולדיקייט איז קיין
אונטערשייד ניט פאַראַן צווישן נפילת בהמה פקחית און נפילת אָדם,
וואָלטן מיר דאָך, ווירקלעך, נאָר איין מאָס באַדאַרפט האָבן בנוגע דעם
דין, וואָס באַדאַרף געפּסקענט ווערן אין דיביידע פעלע. אָדער מיר
וואָלטן זיך אין זיי ביידע באַדאַרפט ריכטן לויט דעם פּרינציפּ פון נתקל
פושע, און באַפרייען דעם בעל הבור אָדער לויט אַ נייעם אַרויסגע־
בראַכטן פּרינציפּ, אַז די שולדיקייט פון בעל הבור אַלס שאַפער פון אַ
מכשול לרבים וויגט איבער די שולדקייט פאַר דער נפילה וואָס מען
קען אַרויפוואַרפן אויף דעם נופל און דעריבער דאַרף מען — ווידער
אַמאָל אין ביידע פעלע — די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער נפילה
אויף דעם בעל הבור אַרויפוואַרפן.

ס״ג

און אָט דאָס אַלעס פירט צו דעם, אַז אין אמתן קען די פאָרמולאַ
פון נתקל פושע גאָר ניט האָבן — און האָט טאַקי ניט — צו טאָן מיט די
ענינים פון נפילת אָדם לבור; אַז וועגן אַזאַ תקלה פאַל, אין וועלכן
עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה, רעדט זי גאָר ניט. וואָרים אויך רבי
מאיר האַלט, אַז אין דרכם של בני אָדם להתבונן בדרכים, אַז אַז עס
קען גאָר קיין רעדע ניט זיין וועגן האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך דעם נופל
פאַר דער נפילה זיינער. דער איינציקער, וואָס באַדאַרף אויף זיך טראָגן
די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז דער בעל תקלה. וואָרים ער פּי־
גורירט אין פאַל ניט נאָר אַלס מזיק, נאָר אויך אַלס דער איינציקער גורם
פון היזק, אָט פּונקט, ווי ווען מיר וואָלטן געזאָגט, אַז דרכם של בני
אָדם איז יאָ להתבונן בדרכים, וואָלטן מיר דאַן דעם נופל, כאָטש ער
פיגורירט אין פאַל אַלס ניזוק, כאָטש דער בעל תקלה פיגורירט אין אים
אַלס בעל תקלה, אים, דעם נתקל, אַלס גורם פון היזק באַטראַכט.

און אַזוי אַרום ווערן די אַלע דינים, וואָס האָבן מיט די ענינים
פון נפילה לבור צו טאָן, אויך לויט רבי מאירן, ווי געהעריק איינגע־
אָרדענט, אויף דעם זעלבן אופן, ווי זיי ווערן לויט די רבנן איינגע־
אָרדענט. וואָרים די גאַנצע מחלוקת צווישן זיי איז ניט בנוגע אַ פאַל,
אין וועלכן אויסער אַ נתקל פיגורירט אויך אַ בעל תקלה אין אים, נאָר

וועגן אַ פאַל, אין וועלכן דער נתקל איז אויך דער בעל תקלה. דאָס הייסט: ער איז ניט נאָר דער מזיק אין פאַל, נאָר ער איז אויך — וואָס דאָס איז דער גאַנצער עיקר — דער איינציקער גורם פון היזק. נאָר וועגן אַזאַ נתקל קריגן זיי. די רבנן האַלטן, אַז טראָץ דעם, וואָס ער איז דער בעל תקלה, טראָץ דעם, וואָס ער פיגורירט דאָ אַלס מזיק, קען מען דאָך ניט אַלס גורם פון היזק אים באַטראַכטן אין דעם זין, ווי דער עניין פון זיין אַזאַ גורם באַדאַרף פאַרשטאַנען ווערן, ווען מיר פאַרבינדן די דאָזיקע באַצייכענונג מיט דעם עניין פון אַ שטראָף אַרויפ־לעגן. וואָרים אַ נתקל באַדאַרף אַלס אונס באַטראַכט ווערן — און דערי־בער בדאַרף מען אים פון שטראָף באַפרייען. און רבי מאיר זאָגט, אַז אַ נתקל קען ניט אַלס אונס באַטראַכט ווערן אין אַזאַ פאַל. עס מוז דע־ריבער דינו כדין פושע זיין, און מען בדאַרף אים באַשטראָפן.

און עס איז באמת צו שטוינען, ווי אַזוי אַ מענטש קען זיך פאַר־פלאַנטערען אין אַזאַ אומגעלומפּערטן פאַרזוך, ווי עלענס פאַרזוך צו דערקלערן דעם פטור פון נפילת אָדם לבור, שהביאה לידי מיתה, מיט דעם עניין פון נתקל פושע — מוז אַלס אַזאַ באַטראַכט ווערן. און ניט דערפאַר, וואָס נאָך אַ ביסל איינטראַכטן זיך, מוז מען איינזען, אַז אין דער נתקל פושע פאָרמולאַ רעדט זיך נאָר וועגן אַזאַ נתקל, וואָס איז אויך דער מזיק, נאָר שוין אויך נאָר דערפאַר אַליין, וואָס פון לכתחילה אָן וואָלט ער דאָס ניט באַדאַרפט געוועזן קענען טאָן. אַפילו ווען מיר וואָלטן געמוזט אָננעמען, אַז די נתקל פושע פאָרמולאַ באַציט זיך ווירקלעך אויך אויף אַ תקלה פאַל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בעל תקלה, וואָלט גאָר ניט באַדאַרפט מעגלעך זיין, עס זאָל קענען אַרויפקומען וועמען אויפן געדאַנק, אַז דער פטור, וועגן וועלכן מיר רעדן, זאָל קענען דערקלערט ווערן מיט דער דאָזיקער פאָרמולאַ: פשוט דערפאַר, וואָס מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזאַ פאָרמולאַ, וואָס איז במחלוקת שנוייה. די רבנן האַלטן דאָך ניט, אַז אַ נתקל איז אַ פושע — און דער דרש שור ולא אדם איז אליבא דכולא עלמא.

---

און מען קען זיך ניט פריי האַלטן פון פאַרדרוס האָבן, ווען מען זעט צו מיט וואָס פאַר אַ נאַכלעסיקייט זיי אָפּערירן מיט די פאָרמולאָס, מיט וועלכע זיי באַנוצן זיך, ווי ווייניק אויפמערקזאַמקייט זיי שענקען דער נויטווענדיקייט צו אַנאַליזירן, ווי עס באַדאַרף צו זיין דעם אינהאַלט

זייערן, זייער גענעאָלאָגישן יחוס, דעם אָפּשטאַם זייערן, ווען זיי וואָלטן דאָס יאָ געטאָן, וואָלטן זיי געקענט גאַנץ לייכט אויסגעפינען, אַז דער אופן, ווי זיי פאַרשטייען דעם עניין פון נתקל פושע איז דורכאויס אַ פאַלשער. זיי וואָלטן דאַן געוואוסט, אַז אין דעם עיקר אינהאַלט זיי־נעם איז ער פון דער תורה גענומען, אַז דער טערמין פושע פאַר איי־נעם, וואָס האָט אויף אַ געוויסן אופן גורם היזק געווען אַ צווייטן, האָט זיין אָפּשטאַמונג פון דאָרטן. זי האָט אַרויסגעבראַכט דעם באַגריף פון פשיעה אין צוזאַמענהאַנג מיט די דינים, וואָס זי שרייבט פאַר בנוגע די פאַרשיידענע ענינים פון שומרים, וועגן וועלכן זי רעדט אין פרשת „משפטים”. דער עניין פון פשיעה ווערט דאָרט פאַרבונדן מיט אַ שומר חנם אָדער אַ שומר שכיר, ביי וועלכע דאָס אייגנטום, וואָס איז פון אייגנטימער זיינעם אונטער זיין השגחה געשטעלט געוואָרן, איז פאַר־פאַלן געוואָרן, אָדער עס האָט מיט דעם אַן אַנדער סיבה געטראָפן.

נאָכדעם, וואָס זי דערקלערט דאָרטן געננוי פון וואָס פאַר אַ כאַ־ראַקטער עס באַדאַרפן זיין די סיבות דערויף, מען זאָל קענען באַ־פרייען דעם שומר לויט דעם, צו וואָס פאַר אַ קלאַס פון שומרים ער באַלאַנגט, גיט זי צו, אַז ער קען ניט באַפרייט ווערן ביז ער וועט ניט געבן קיין שבועה, אַז דער היזק איז, ווירקלעך, אויף אַן אָביעקטיוון אופן נאָר דורך אָט יענער סיבה — לויט יענער סיבה, וואָס דער אָדער יענער שומרים קלאַס קען ניט לויט דער תורה קיין פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַר איר טראָגן — פאַרגעקומען, וואָס דאָס אַלעס מיינט אויך, אַז ניט דורך אַן אַקט פון זיין זייט איז אָט יענע סיבה פאָר־געקומען. דאָס הייסט, אַז ער האָט מיט גאָר ניט מיטגעווירקט דערויף, אַז אָט יענע סיבה זאָל געשען. דער עניין פון פשיעה, אַלזאָ, גייט דאָרטן צוזאַמען מיט גורם זיין אַן היזק מצד דעם איינציקן באַטייליקטן אַלס אַזעלכן אין דעם דאָזיקן פאַל. ער באַציט זיך אויף אַ מזיק פון אַ היזק פאַל, און ער — דער מזיק — ווערט באַצייכנט אַלס אַזעלכער פאַר דער אַקציע זיינער, וואָס האָט מיטגעווירקט דערויף, די סיבה זאָל קענען טרעפן. אָט מיט דער אַקציע האָט ער פאַרבראָכן קעגן די פליכטן, וואָס זיינען אויף אים געלעגן. עס איז אין איר דער עלעמענט פון פשיעה פאַראַן. עס איז קלאָר דעריבער, אַז אויך דאַן, ווען דער דאָזי־קער פשיעה באַגריף איז איבערגעטראָגן געוואָרן דורך די חז”ל פון דער תורה, אין וועלכער עס ווערט אָפּערירט מיט אים אין באַצוג צו

היזק פאַלן, אין וועלכע אַ שומר פיגורירט אַלס גורם פון דעם היזק אין זיי, צו אַפּערירן מיט אים אויך אין באַצוג צו אַלגעמיינע היזק פאַלן, מוז דער עניין פון פשיעה פאַרשטאַנען ווערן אין דעם זעלבן זין, ווי דער דאָזיקער עניין ווערט אין דער תורה פאַרשטאַנען. דאָס הייסט, אַז עס רעדט זיך דאָרטן, ראשית כול, וועגן אַ מזיק, און וועגן אַזאַ מזיק דווקא, וואָס ער איז נאָך דערצו דער איינציקער גורם פון געשעענעם היזק אין פאַל, און ער ווערט באַצייכנט אַלס פושע, ווייל מיר באַטראַכטן די נאַכלעסיקייט אין דעם פאַל, וואָס האָט גורם געווען ער זאָל אַ נתקל זיין אַלס אַזאַ, אין וועלכער עס איז אַן עלעמענט פון פשיעה פאַראַן, אַן עלעמענט פון פאַרברעכן קעגן אַ פליכט, וואָס איז אויף אים געלעגן, ער זאָל ניט אַזוי נאַכלעסיק זיין אין אַ רשות הרבים. מיט אַ ביסל נאָר מער ברייטער אָריענטאַציע אין דעם גאַנצן עניין, וואָלטן זיי אָט דאָס אַלעס געוווען געקענט זייער לייכט אויסגעפינען.

זיי וואָלטן אויך געוווען געקענט איינזען דעם אונזין פון זייער דערקלערן דעם פטור פון נפילת אדם לבור שהביאה לידי מיתה, ווען זיי וואָלטן געוווען אַ טראַכט טאָן, אַז אין די אַלע סוגיות, וואָס דער ענין פון נתקל פושע ווערט דערמאָנט, קומט ער אין שייכות נאָר מיט אַזאַ נתקל, אין וועלכן דער נתקל איז ניט נאָר דער מזיק שטענדיק, נאָר אויך דער איינציקער גורם פון היזק אין פאַל. וואָרים דער נתקל איז ניט נאָר דער מזיק אין זיי, נאָר אויך דער בעל תקלה. קיין אַנדער פערזאָן פיגורירט דאָ ניט אַלס בעל תקלה. און אין די מערסטע פעלע איז דער נתקל אַפילו ניט קיין נתקל אין ריינעם קאָנקרעטן זין. דאָס מיינט: עס האַנדלט זיך כלל ניט אין זיי וועגן איינעם, וואָס שטויסט זיך אומגערן אָן אין עפּעס אָדער גליטשט זיך אויס. דער מזיק אין דעם פאַל ווערט באַצייכנט אַלס נתקל אין פיגוראַטיוון זין. די באַצייכענונג איז פון אַן אַנאַלאָגישן כאַראַקטער. דער מזיק פון פאַל ווערט באַצייכנט אַלס נתקל דערפאַר, וואָס דער היזק, וואָס ער האָט גורם געווען, איז אינגאַנצן שלא במתכוון געווען, אָט פונקט, ווי איינער שטויסט זיך אָן אומגערן אין עפּעס. דער טערמין נתקל האָט אין יענע פעלע אַ מער אַבסטראַקטן כאַראַקטער. אין פאַל פון נשברה כדו, אין פאַל פון אבנו וסכינו שנפלו מן הגג, און ענלעכע צו זיי פעלע — אין אָט יענע פעלע קען מען גאָר מער רעדן וועגן דעם גורם פון היזק אַלס בעל תקלה, ווי אַלס נתקל. וואָרים פון זיין זייט האָט ער גאָר ניט געטאָן אַזוינס, וואָס זאָל מאַכן מעגלעך פאַר אונדז — אין טעכנישן זין — אים נתקל צו רופן.